ביבליאָטעק פון ייוואָ
יידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט
היסטאָרישע סעקציע

שמעון דובנאָוו

# געשיכטע פון חסידיזם

אויפן יסוד פון אָריגינעלע מקורים, געדרוקטע און כתב־ידן

אין דריי בענד

ערשטער באַנד

ווילנע — 1930

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

איבערגעזעצט פון העבּרעיִשן אָריגינאַל,
אונטער דער רעדאַקציע פון מחבר,
פון ז. קלמנאָוויטש.




דעם האָנאָראַר פון דער ערשטער אויפלאַגע
האָט דער מחבר איבערגעגעבן אַלס מתנה
דעם יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

PRINTED IN POLAND

SZYMON DUBNOW.
HISTORJA CHASYDYZMU. Tom I.

Drukarnia B. Kleckina, Wilno.

# הקדמה צו דער יידישער אויסגאַבע

עס איז מיר באַשערט מיין גרעסערע יוגנט=אַרבעט, די „געשיכטע פון חסידיזם”, אויף דער עלטער איבעראַרבעטן און צוצוטראָגן זי אַ נייעם דור אין אַ נייער פאָרם. אַרום פערציק יאָר צוריק, פון 1888 ביז 1893, האָבן זיך אין דער פעטערבורגער צייטשריפט „וואָסכאָד” (רוסיש) געדרוקט לאַנגע היסטאָרישע אַרטיקלען אונטער פאַרשיידענע נעמען: „אַריינפיר אין דער געשיכטע פון חסידיזם”, „דער אָנהייב פון חסידות: דער בעל=שם=טוב”, „דער אָנהייב פון צדיקיזם: בער מעזריטשער און זיינע חברים”, „געשיכטע פון דער חסידישער צעשפּאַלטונג”, „רעליגיעזער קאַמף צום סוף 18טן יאָרהונדערט”. צו זיי זיינען צוגעקומען נאָך אַ פּאָר קליינע העברעיש געשריבענע אַרטיקלען („החסידים הראשונים בארץ ישראל”, „פרדס” II, אַדעס 1894; „חסידים פורצי גדר”, אין „השלוח” 1901). איך האָב געהאַט בדעה אַלע די דאָזיקע טיילן צו פאַראייניקן און אַרויסגעבן אין אַ בוך=פאָרם מיט אַ סך ערגאַנצונגען, וואָרעם בשעת דער פּיליאָריקער אַרבעט און שפּעטער האָט זיך ביי מיר אָנגעזאַמלט נאָך האַנטשריפטלעכער מאַטעריאַל. אָבער צו יענער צייט בין איך שוין געווען אַריינגעצויגן אין אַ ברייטערן אַרבעטס=פּלאַן: צוערשט די פאָראַרבעטן צו דער יידישער געשיכטע אין פּוילן און רוסלאַנד און דערנאָך די אַלגעמיינע יידישע געשיכטע, וואָס איז אין משך פון דרייסיק יאָר אויסגעוואַקסן און איז לעצטנס פאַרענדיקט אין דער צענבענדיקער „וועלטגעשיכטע פון יידישן פאָלק”. מער ווי דרייסיק יאָר האָט געמוזט וואַרטן די מאָנאָגראַפישע „געשיכטע פון חסידיזם”, ביז וואַנען איך האָב באַקומען די מעגלעכקייט אומצוקערן זיך צו איר. איצט איז געקומען איר צייט: זי דערשיינט אין אַ בוכפאָרם, באַרייכערט מיט זאַמלונגען און דערפאַרונגען פון עטלעכע צענדליק יאָר.

בעת איך בין אין יאָר 1887 צוגעטראָטן צו דער פאָרשונג פון חסידיזם, האָב איך געהאַט פאַר זיך אין דער היסטאָרישער ליטעראַטור נאָר עטלעכע פאָלעמישע אָדער אַפּאָלאָגעטישע זאַכן: די קאַפּיטלעך אין די געשיכטע־ווערק פון יאָסט און גרעץ, אין צעדערבוימס „כתר כהונה“, צווייפעלס „שלום על ישראל“ און גאָטלאָבערס „זכרונות“. איך האָב געמוזט אַליין זאַמלען בוי־מאַטעריאַל, גראָבן זאַמד, קנעטן ליים, מאַכן ציגל און דערנאָך בויען לויט אַ געוויסן אַרכיטעקטור־פּלאַן. איך האָב באַנוצט די גאַנצע חסידישע ליטעראַטור, סיי די דאָגמאַטישע סיי די לעגענדאַרישע, און זיך באַמיט אויסצוזוכן אַ שטיקל סיסטעם אין דעם פּלאָנטער פון חסידישע „תורות“, אַ קערנדל אמת אין נאַיווע פאָלק־לעגענדעס. צום קאָנטראָל האָב איך צוגעצויגן די אַלטע מתנגדישע ליטעראַטור, וואָס איר גרעסטער טייל איז דערגאַנגען צו אונז אין מאַנוסקריפּטן, וואו עס געפינען זיך אַחוץ פּאָלעמיק זייער פיל וויכטיקע דאָקומענטן: בריוו און כרוזים פון די רבנים קעגן דער חסידישער „אפּיקורסות“. אַזוי אַרום האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַראייניקן די סטאַטיק מיט דער דינאַמיק פון חסידיזם און געבן אַ קריטיש געלייטערט בילד פון זיין אַנטוויקלונג, אָן יעדער פּניה צו דעם אָדער יענעם צד.

נאָכדעם ווי עס איז אַזוי געוועזן דורכגעבראָכן אַ וועג אין דעם געדיכטן וואַלד פון דער חסידישער געשיכטע, האָבן זיך אַהין אַ לאָז געטאָן אַנדערע פאָרשער. ש. א. האָראָדעצקי, אַן אייניקל פון באַרימטע צדיקים, האָט סיסטעמאַטיזירט דעם דאָגמאַטישן און לעגענדאַרישן מאַטעריאַל אין צענדליקער צדיקים־ביאָגראַפיעס, וואָס ער האָט שפּעטער געזאַמלט אין זיין פיר־בענדיקן ספר „החסידים והחסידות“ (בערלין 1922). אין אַ קורצער אַנטאָלאָגישער פאָרם האָט דאָס געמאַכט אברהם כהנא אין זיין „ספר החסידות“ (וואַרשע 1922). מאַרטין בובער האָט אויפגעהויבן דעם חסידישן מיטאָס צו דער הייך פון אַ מאָדערנער וועלט־אָנשויונג דורך דעם, וואָס ער האָט סטיליזירט חסידישע לעגענדעס און צדיקישע אַפאָריזמען אין זיין פיינסטער דייטשער שפּראַך („די געשיכטן דעם רבי נחמן“, 1906; „די לעגענדע דעם בעל־שם“,

1907; „דער גראָסס׳ע מגיד אונד זיינע נאַכפאָלגער״, 1921, און נאָך אַנדערע ווערק, פאַראייניקט אין זאַמלבאַנד „די חסידישע ביכער״, 1928). דאָס אַלץ האָט געוויס פאַרטיפט די פאָרשטעלונגען וועגן חסידות, וואָס מען האָט פריער געהאַלטן פאַר עפעס אַ פינסטערער לערע פון ווילדע פאַנאַטיקער, אָבער האָט זייער ווייניק צוגעגעבן אויפצוקלערן די דינאַמיק פון חסידיזם, אַלס פאָלקסבאַוועגונג, און זיין לאַגע צווישן פאַרשיידענע קולטור-שטרעמונגען.

די הויפט-אויפגאַבע פון מיין בוך איז געווען און געבליבן — איינשליסן די חסידישע באַוועגונג אין דער קייט פון דער אַלגעמיינער יידישער געשיכטע, דערקלערן אירע סאָציאַלע און גייסטיקע סיבות און רעזולטאַטן, כדי צו געבן איר דעם פאַסיקן אָרט אין דער אַנטוויקלונג פון אונזער קולטור. איך דערפיר די געשיכטע ביז צום יאָר 1815, ווייל דאָ ענדיקט זיך די תקופה פון קאַמף צווישן חסידות און רבנות, און עס הייבט זיך אָן דער קאַמף צווישן חסידות און השכלה. דאָ ענדיקט זיך אויך די שאַפונגס-צייט פון חסידיזם, וואָס ווערט אינגאַנצן פאַרשלונגען פון דעם פראַקטישן צדיקיזם: די חסידישע תורה אַנטוויקלט זיך מער ניט און עס וואַקסט נאָר דער רבי׳שער קולט מיט דער קאָנקורענץ צווישן רבי׳שע דינאַסטיעס. דאָס איז די ירידה-צייט, וואָס איז אינטערעסאַנט נאָר פון דער נעגאַטיווער זייט — דער רעאַקציאָנערער קראַפט, וואָס האַלט אויף די מאַסן אין גייסטיקע קייטן. אויב מיר וועט ניט באַשערט זיין צו שרייבן דעם דאָזיקן צווייטן טייל פון דער חסידישער געשיכטע (ביי מיינע יאָרן קאָן מען דאָ ניט זיכער זיין), וועט דאָס אַן אַנדערער שרייבן; דאָ זיינען שוין די מאַטעריאַלן צוגענגלעכער: השכלה-ליטעראַטור, צייטונגען, לעבעדיקע טראַדיציעס, טיילווייז אָפיציעלע אַקטן.

דער ערשטער טעקסט פון מיין ווערק (אין „וואָסכאָד״) איז געווען געשריבן רוסיש. איצט האָב איך דאָס בוך געשריבן העברע׳יש מחמת צוויי טעמים: ערשטנס ווייל דער גאַנצער מאַטעריאַל איז גענומען פון העברע׳ישע קוועלן — חסידישע און מתנגדישע, און עס איז וויכטיק, אַז די איבערזעצער אין אַנדערע שפראַכן זאָלן נעמען די ציטאַטן פון ערשטן מקור; צווייטנס ווייל איך

האָב שוין לאַנג געוואָלט שרייבן ווייניקסטנס איין גאַנץ ווערק אין אונזער אַלטער נאַציאָנאַלער שפּראַך, וואָס איך האָב זי נאָר זעלטן באַנוצט אין מיין ליטעראַרישער טעטיקייט ניט חלילה פון גרינגשעצונג צו איר, נאָר וויל ביי מיין פּיליעריקער היסטאָרישער אַרבעט וואָלט איך געדאַרפט האָבן נאָך אַזוי פיל יאָרן כדי צו בילדן די אַלטע שפּראַך און צופּאַסן זי צו די מאָדערנע וויסנשאַפטלעכע באַגריפן (דאָס מוז טאָן יעדער העברעישער שרייבער, וואָס וויל ניט צופּאַסן דעם אינהאַלט צו דער פאָרם, דעם מענטשן צו דעם קלייד). מיין פריינד אחד־העם עליו השלום פלעגט מיך אָפט פירהאַלטן פאַר דער „גוישער" פאָרם פון מיינע ווערק און האָט איינמאָל גענומען ביי מיר אַ וואָרט, אַז איך וועל לכל־הפחות מיין „חסידיזם" שרייבן העברעיש אין דער נייער אויסגאַבע. דאָ בין איך מקיים דעם נדר, וואָס איז געווען אויך מיין אינעווייניקסטער ווונטש. איך האָב אָבער געהאַלטן פאַר מיין חוב צו רעדאַגירן אויך די איבערזעצונג אין יידיש, וואָס מיין פריינד ז. קאַלמאַנאָוויטש האָט מייסטערהאַפט געמאַכט, האַלטנדיק דעם סטיל וואָס נעענטער צום העברעישן מקור.

צו דער מעטאָדאָלאָגיע און קוועלן־פאָרשונג וועט דער אויפמערקזאַמער לעזער געפינען גענוג מאַטעריאַל אין טעקסט פון בוך און באַזונדערס אין די באַמערקונגען, וואָס באַגרינדן מיינע הנחות אויף יעדער זייט. אַ קריטישן איבערבליק איבער דער גאַנצער ליטעראַטור, געדרוקטער און האַנטשריפטלעכער, קומט אין די „תוספות" צום סוף פון בוך, ווי אויך גרעסערע קוועלן־ און פּראָבלעמען־פאָרשונגען.

ש. דובנאָוו.

בערלין, תשרי תרצ"א
(סעפּטעמבער 1930).

---

# אינהאַלט פון ערשטן באַנד

זייט



## אַריינפיר



## דאָס ערשטע בוך

## די תקופה פון שפּראָצונג און די ערשטע מחלוקתן

(1780—1740)

### ערשטער קאַפּיטל

### דער אָנהייב פון חסידיזם: דער בעל־שם טוב און דער צענטער אין פאָדאָליע

(ביז צום יאָר 1760)

## צווייטער קאַפּיטל

# דער מעזריטשער מגיד און זיינע חברים און דער צענטער אין וואָלין

(תק"ב—תקלב, 1760—1772)

## דריטער קאַפּיטל

# די ערשטע מחלוקת און אירע רעזולטאַטן

(1772—1780, תקל״ב—תקמ״)

# אַ ר י י נ פ י ר

## § 1. חסידות און איר אָרט אין דער יידישער געשיכטע.

צוויי ווידעראַנאַנדיקע יסודות האָבן זינט אַלטע צייטן זיך געראַנגלט אין דער היסטאָרישער יהדות: דער יחידישער (אינדיווידועלער) און דער קאָלעקטיווער אָדער נאַציאָנאַלער. דער קוואַל פון גלויבן איז, ווי באַוואוסט, פאַרבאָרגן אין די טיפענישן פון מענטשנס נשמה, אין איר שטרעבן צו דערגיין, פון וואַנען זי קומט און וואו אַהין גייט זי אַוועק, אין איר ווילן משיג צו זיין דעם מהות פון לעבן און זיך צונויפגיסן מיט דער ג אָ ט ה י י ט אין געדאַנק און געפיל. פון אָט דעם פסיכאָלאָגישן קוואַל איז אַרויסגעפלאָסן אויך די יידישע אמונה. אָבער ווייבאַלד דאָס יידישע פאָלק איז אין זיין מאָנאָטעיסטישן וועלט-קוק געוואָרן אַן אָפגעזונדערטע, אייגנאַרטיקע איינהייט אינמיטן דער אַנטיקער וועלט פון געצנדינעריי און האָט געמוזט זיך באַשיצן, כדי ניט צונויפצומישן זיך מיט דער פרעמדער סביבה, האָט גאָר אַנדערש ניט געקאָנט געמאָלט זיין, ווי אַז זיינע פירער זאָלן אויסנוצן דעם כוח פון דער רעליגיע, כדי צו באַשיצן דעם קיום פון דער אומה. אַזוי האָבן זיך אין דער יידישער תורה צונויפגעפלאָכטן די ביידע יסודות, דער יחידישער און דער נאַציאָנאַלער, ביז עס איז געוואָרן שווער אָפצושיידן, וואָס עקסיסטירט צוליב וואָס: צי יידישקייט איז נייטיק צוליב אויפהאַלטן די נאַציע אָדער די נאַציע מוז זיין צוליב דער יהדות ווי אַ באַשטימטער וועלט-קוק, בכדי זי זאָל קאָנען דינען אין דער צוקונפט ווי אַ מין „אור לגויים“.

שוין אין דער אוראַלטער צייט איז דאָס „יהוה-פאָלק“, דאָס הייסט אַ פאָלק אויסגעזונדערט אין זיין שייכות צו זיין גאָט, געווען אַרומגערינגלט מיט אַ מויער פון אַ „תורת-כוהגים“, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט פאַראַלעל מיט דער תורה פון די נביאים, ווי אַ געזעץ-רעליגיע

לעבן אַ מאָראַל-רעליגיע. אָבער ביידע תורות זיינען געווען צוגעפּאַסט מער צו די באַדערפעניש פון אַ כלל, איידער צו די באַדערפענישן פון יחיד. אין דער ביבלישער יהדות הערשט דער פּרינציפּ פון אַ כלל-השגחה, און ניט פון קיין השגחה פּרטית. דער באַשעפער האַלט זיין אויג אויף די מינים פון זיינע באַשעפענישן, אויף פעלקער, דורות אָדער אויף די פירערס פון פעלקער און דורות, אָבער איטלעכער יחיד פאַר זיך געפינט זיך ניט אונטער כביכולס השגחה. דער קלאָרער ראַציאָנאַליזם פון דער תורה האָט אָנערקענט די השארת-הנפש ניט פון דעם יחיד, וואָס „ער איז שטויב און צו שטויב קערט ער זיך אום“, נייערט נאָר פון דער אומה, וואָס זי איז אייביק אין דער קייט פון די דורות, בתנאי אַז אַלע אירע קינדער זאָלן גיין אין רעכטפאַרטיקן וועג. אויך שכר און עונש האָט די תורה איינגעשטעלט אויף דער וועלט, ווי אַ מין נאַטירלעכן פועל-יוצא פון דעם מענטשנס מעשים. אַנט-קעגן אָט דער קאָלעקטיווער און ראַציאָנאַליסטישער רעליגיע לאָזט זיך הערן אַ שטים, וואָס טענהט זיך אויס אין אַ צאָל מזמורים פון „תהילים“ און אין ספר „איוב“. דער מאמין דער יחיד קאָן זיך ניט צופרידן שטעלן מיט זיין נאַציאָנאַלער רעליגיע, וואָס זי מאַכט אים ניט מער ווי אַ מיטל פאַרן קאָלעקטיוו: ער וויל אַליין צונויפגיסן זיין נשמה מיט איר באַשעפער („צמאה נפשי לאלהים“ — מיין נשמה איז דאָרשטיק נאָך גאָט, תהילים מ״ב), „אויסגיסן זיין האַרץ פאַר גאָט“ (לפני ה׳ ישפוך שיחו, דאָרט ק״ב), אויסבעטן פאַר זיינע אייגענע נייטן; ער וויל גלויבן, אַז פאַר איטלעכן יחיד איז באַשטימט אַ געצאָלט פאַר זיינע מעשים, אַז זיין יחידישע נשמה האָט אַן אייביקן קיום[1]. מיט אַזעלכע טענות זיינען געקומען די ערשטע „חסידים“ אין דער יידישער געשיכטע, אויב מיר זאָלן דעפינירן דעם באַגריף „חסידות“ אין זין פון שטרעבן צו אַ דירעקטער גייסטיקער נאָענט-קייט צווישן מענטשן און גאָטהייט. אַזאַ „חסידות“ געפינען מיר אין דער סעקטע „אסיים“, וואָס האָט געבליט אין דער צייט פון דער גריכישער און רוימישער ממשלה, בעת עס איז אויסגעוואַקסן די סכנה פאַרן קיום פון דער נאַציע, און די פּרושים האָבן זיך געמיט צו פאַרפעסטיקן די יהדות לויט זייער גאַנג: „סיג צו סיג, צוים צו צוים“.

---

1 זע מיין בוך „וועלט-געשיכטע פון יידישן פאלק“, באנד I, § 86.

די רעליגיעזע געזעצן, וואָס זיינען געוואָרן כלי־זיין אויף צו באַשיצן די אומה, האָבן געצוואונגען די דאָזיקע „חסידים" זיך צו דערווייטערן פון דער געזעלשאַפט און זיך אָפּצוזונדערן אין מדבר, וואו זיי האָבן זיך מתבודד געווען אין קליינע גרופּעס „גאָט־זוכערס", וואָס שטרעבן צו מאָראַלישער השתלמות. אין אַ צייט אַרום איז אויסגעבראָכן אַן אָפּענע מרידה קעגן דעם נאַציאָנאַליזם אין דער רעליגיע מצד דעם אור־קריסטנטום, וואָס איז לויט זיין טבע אַ יחידישע רעליגיע[1]. זינט דעמאָלט ווערט די רעליגיע אַלץ מער נאַציאָנאַלער אין אירע פיל דינים און „צוימען". פון דער תורה ווערט אַ תלמוד, אַ וויסנשאַפט פון געזעצגעבער און געלערנטע יוריסטן; דאָס מקיים זיין אַלע תרי"ג מצוות מיט זייערע תולדות ווערט אַ ציל פאַר זיך, עס ווערט געטאָן צוליב דער דיסציפּלינע פון אַ פאָלק, וואָס איז באַוואָפנט מיט גייסטיקן געווער[2]. אַז דער תלמוד איז אין דער צייט פון די גאונים געוואָרן צו אַ צווייטער תורה, זיינען אויפגעשטאַנען די קאַראַימער (קראים) מיט זייער פּראָטעסט, אָבער דער דאָזיקער פּראָטעסט איז געקומען ניט אין נאָמען פון לויטערן גלויבן, נאָר מחמת דער פאַנאַטישער צוגעבונדנקייט צו דער ערשטער תורה, וואָס די קאַראַימער זיינען נוטה געווען זי איינצוטייטשן לויט זייער שטייגער, ווי אַ מין פאַרגליווערטן חוק, מיט פאָרמאַלער פּינקטלעכקייט, אָן זיך צוצופּאַסן צו די פאָדערונגען פון דער צייט און צו די באַדערפעניש פון דער אומה, און מחמת דעם זיינען זיי אַוועק פון כלל־ישראל[3]. סימנים פון דעם צונויפשטויס צווישן די צוויי יסודות פון רעליגיע, דעם יחידישן און דעם נאַציאָנאַלן, געפינען מיר אין שפּעטערע תקופות אין דער מחלוקת פון דער אָרטאָדאָקסישער רבנות מיט דער רעליגיעזער פילאָסאָפיע פון איין זייט און מיט דער מיסטישער קבלה פון דער צווייטער זייט; נאָר דאָ איז די מחלוקת ניט אַרויס פון די קרייזן פון די לומדים און שרייבערס און האָט די פאָלקס־מאַסן ניט אָנגערירט. ערשט אַז די פּראַקטישע קבלה האָט זיך באַהעפט מיט דער משיחיות פון שבתי צבי, וואָס האָט אויפגעשטורעמט אַ וועלט, האָבן אויך די מאַסן דערשפּירט אָט די טאָפּלזייטיקייט פון יהדות;

1 דאָרט, באַנד II, § 98 א"וו.
2 דאָרט, באַנד III, § 1 און אויך 45.
3 דאָרט, §§ 61 — 62.

דאָס תשובה טאָן פון יחיד איז געוואָרן אַ מיטל צוליב דער גאולה פון דער נאַציע, דער תיקון פון יעדער איינציקער נשמה ווי אַ מין צוגרייט צו „משיחס צייטן“[1]. דער מוראדיקער יאוש, וואָס איז געקומען נאָך דער מפלה פון דער משיחישער באַוועגונג, האָט געבראַכט צו אַ גייסטיקער שפּאַלטונג און פאַרשטאַרקט אין די פאָלקס־מאַסן דעם שטרעבן צו אַן אינדיווידועלן, פּערזענלעכן גלויבן, צו אַ האַרץ־תורה (תורה שבלב), צו דער רעליגיעזער השתלמות פון דעם יחיד טאַקע אין די גרענעצן פון דער נאַציע, אָבער צוליב די באַדערפעניש פון יחיד. אָט די דאָזיקע שטרעבונג האָט דאָס אַרויסגערופן צום לעבן די נייע חסידות.

די דאָזיקע רעליגיעזע באַוועגונג איז אויפגעקומען צווישן פּוילישע ייִדן אינמיטן 18טן יאָרהונדערט און אין משך פון גאָר אַ קורצער צייט האָט זי דערגרייכט צו אַזאַ פאַרשפּרייטונג, וואָס איר גלייכן איז נאָך ניט געווען אין דער ייִדישער געשיכטע. נאָר אין די ערשטע צענדליקער יאָר האָט מען געקאָנט מיינען, אַז די באַוועגונג וועט ניט אַרויסגיין פון די גרענעצן פון אַ רעליגיעזער סעקטע („כת“), און אין יענער צייט האָט מען זי טאַקע גערופן מיטן נאָמען „כת“. אָבער אינגיכן האָט די סעקטע דורכגעבראָכן אירע צוימען, און אין אַ סך ערטער אין פּוילן און רוסלאַנד האָבן די חסידים אַריבערגעשטייגט אין צאָל זייערע געגנער. אין אָנהייב 19טן יאָרהונדערט איז שוין געווען פאַרענדיקט די שפּאַלטונג צווישן די חסידים און די „מתנגדים“ (אַזוי האָט מען גערופן יענע ייִדן, וואָס זיינען געבליבן געטריי דער רבנישער שיטה), און דעמאָלט האָבן די ייִדישע קהילות אין פאַרשיידענע מדינות אָנגענומען אַזאַ געשטאַלט: אין דעם צפונדיקן געביט פון מזרח־איראָפּע (גרויס־ליטע און רייסן, אָדער ווייסרוס־לאַנד) זיינען די מתנגדים געווען מער, אין דרום־געביט אָבער, וואָס פאַרנעמט אַ גרעסערן שטח (אוקראַינע און מזרח־גאַליציע), האָט די חסידות איינגענומען כמעט אַלע קהילות, אין צענטראַל־פּוילן דאָס רוב קהילות, און אין רומעניע און אונגאַרן — אַ גרויסן טייל פון זיי. בכן, מעג מען אָננעמען, אַז אין 19טן יאָרהונדערט זיינען דאָס רוב ייִדן אין מזרח־איראָפּע געווען חסידים, דאָס הייסט, אַז די „כת“ האָט דאָרט פאַרנומען אַ גרעסערן אָרט, ווי אירע אָרטאָדאָקסישע געגנער.

---

1 דאָרט, באַנד VI און VII.

די באַוועגונג פון דער חסידות האָט, בכן, גורם געווען צו דער גרעסטער שפּאַלטונג אין יידנטום, אָבער די דאָזיקע שפּאַלטונג איז געווען אַן אינעווייניקסטע, אַ „שפּאַלטונג אין גלויבן" און ניט קיין „שפּאַלטונג פון דער רעליגיעזער עדה" (לויט קאַנטס באַוואוסטער שיטה). דער חסידיזם איז געווען פּונקט דער היפוך פון דער קראים-באַוועגונג, וואָס איז אויפגעקומען מיט אַ טויזנט יאָר פריער. די קראים האָבן געשטרעבט אומצוענדערן דעם אינהאַלט פון דער פּראַקטישער רעליגיע קעגן די רבנים, וואָס האָבן זי געשאַפן אויף זייער שטייגער און לויט זייער נאַציאָנאַלער כוונה, און דערפאַר האָבן זיי געבראַכט צו אַן אויסווייניקסטער שפּאַלטונג, וואָס האָט זיי אַרויסגעשטופּט פון דעם נאַציאָנאַלן כלל, צו אַ „רים, וואָס לאָזט זיך ניט צונויפהעפטן". די באַשעפער פון דער חסידות האָבן קיין מאָל ניט אָנגערירט די רעליגיעזע טראַדיציע און מנהגים (אויב ניט רעכענען קליינע שינויים אין דעם סדר פון די תפילות און אין עטלעכע מנהגים), און אַ פּשיטא שוין, אַז עס איז זיי ניט איינגעפאַלן צו לייקענען אין דעם נאַציאָנאַלן פּרינציפּ פון דער יהדות. זייער ציל איז געווען אַ פּאָזיטיווער און ניט קיין נעגאַטיווער: זיי זיינען געקומען צו פאַרשטאַרקן און אונטערצושטרייכן דעם יחידישן אינעווייניקסטן יסוד פון דער רעליגיע, וואָס איז אינגאַנצן געווען פאַרשלונגען אין דעם כללישן אויסווייניקסטן יסוד אירן. ניט צו פאַרמינערן זיינען זיי געקומען, נייערט מוסיף צו זיין, צוצוגעבן אַ כוונה צו איטלעכער רעליגיעזער האַנדלונג, אַריינצובּרענגען צוריק די נשמה אין פאַרשטיינערטע רעליגיעזע פאָרמעס, וואָס האָבן אָנגעוואָרן זייער אינהאַלט. חסידות איז ניט קיין רעפאָרמע, וואָס רירט אָן די וואָרצלען צי די צווייגן פון דער רעליגיע. ניט די אמונה וויל זי רעפאָרמען, נאָר דעם גייסט פון מאמין: זי וויל שטאַרקן אין אים דאָס געפיל איבערן שכל, די באַהעפטונג מיט גאָט (דבקות) איבער די דערקענטעניש פון גאָט, די תורה פון האַרץ איבער דער תורה פון בוך. אמת, די חסידות האָט אויסגענוצט צוליב דעם דאָזיקן ציל פאַרשיידענע פאַנטאַזיעס און אָבערגלויבנס, מעשיות וועגן נסים ונפלאות, דעם קולט פון „צדיקים", וואונדער-מענטשן, וואָס זיינען די פאַרמיטלער צווישן גאָט און מענטש, און אַזוי אַרום האָט זי אַריינגעטראָגן אין דער געלייטערטער יהדות עלעמענטן, וואָס זיינען איר פרעמד. אָבער גראָד דורך דעם, וואָס די חסידות האָט אַראָפּגעצויגן די יהדות פון דער וועלט פון אַבסטראַקציע אין דער

אונטערשטער וועלט און האָט זי צוגעפּאַסט צו די השגות פון אַ מיטל־מענטשן און אַפילו אַ המון־מענטשן, איז איר געראָטן צוצוציען אַ גרויסע מאַסע, דערוועקן אין איר אַ טיפע נשמה־איבערקערעניש, באַלעבן איר גייסט מיט נייע האָפענונגען.

גרויס און וויכטיק זיינען די ווירקונגען פון דער חסידות און אייגנטימלעך איז די געשיכטע פון איר אויפבלי און אַנטוויקלונג. פאַר די אויגן פון אונזערע אייגענע טאַטעס און זיידעס, אין די דורות, וואָס האָבן נאָך ניט באַוויזן אָפּצוקומען פון אונז, „אינמיטן העלן טאָג" פון אונזער געשיכטע, ווערט געשאַפן אַ גאַנצער מיסטישער קולט, אַ גאַנצער גאַנג וואונדער־מעשיות, וואָס זייערע העלדן זיינען דער באַשעפער פון דער חסידות, זיינע פיל מקורבים און יורשים. עס באַווייזט זיך אַ נייע מיטאָלאָגיע, וואָס אירע העלדן זיינען ניט באַשעפענישן פון דער אור־צייט, נאָר מענטשן, וואָס האָבן געלעבט אין די לעצטע דורות. ניט מער ווי הונדערט מיט זיבעציק יאָר שיידן אונז אָפּ פון דעם באַגרינדער פון דער „חסידישער סעקטע" ר' ישראל בעש"ט — און דער דאָזיקער מענטש איז שוין געוואָרן אַ העלד פון פאַנטאַסטישע לעגענדעס, ענלעך צו די אַלטע לעגענדעס וועגן אינדישן בודאַ אָדער יעזוס קריסטוס. אַפילו די יורשים פון בעש"ט זיינען דערהויבן געוואָרן צו די שפּיצן פון נייעם אָלימפּ, און אויך זיי זיינען געקרוינט געוואָרן מיט אַ קרוין פון קדושה, און די גלאָריע־שיין פון דער לעגענדע לייכט איבער זיי. נאָך ביי היינטיקן טאָג זיינען פאַראַן ניט ווייניק „צדיקים", וואָס חסידים פאַרהייליקן זיי און גלייבן אין זייערע מופתים, זיי ציען צו זיך טויזנטער, וואָס קומען זוכן ביי זיי הילף, און עס טרעפט, אַז נאָך ביי זייער לעבן ווערט געשאַפן וועגן זיי אַ לעגענדאַרישע ביאָגראַפיע.

אין די פריערדיקע שורות האָבן מיר בדרך כלל מרמז געווען אויף יענעם כוח, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט אויף דער היסטאָרישער אַרענע אָט די אַלע וואונדערלעכע „העלדן פון גייסט" און די גרויסע מחנה באַגייסטערטע, פאַרשיכורטע מאמינים. איצט וועלן מיר זיך נעמען אויספאָרשן אין אַלע פּרטים די סיבות, וואָס האָבן גורם געווען צו דער חסידישער באַוועגונג. צוערשט וועלן מיר אויפקלערן דעם אידעאָלאָגישן גענעזיס, דאָס הייסט די טעאָרעטישע שייכות צווישן דער שיטה פון חסידות מיט די צו איר נאָענטע שיטות פון פריערדיקע תקופות; דערנאָך וועלן

מיר קלאָר מאַכן די סאָציאַל־עקאָנאָמישע תּנאים אין דער בלי־צייט פון דער חסידות; און צולעצט וועלן מיר זיך באַקענען מיט דער היסטאָרישער סביבה, וואָס אין איר האָט אויפגעבליט און אויסגעוואַקסן די חסידישע באַוועגונג.

---

## § 2. קבלה און חסידות.

לאָמיר קודם־כל באַטראַכטן דעם „שטאַם־בוים" פון דער חסידות, דאָס הייסט אויפקלערן, צו וואָסער מין רעליגיעזע ערשיינונגען געהער די דאָזיקע שיטה.

געניג צו קענען נאָר די גרונט־שטריכן פון דער חסידישער שיטה, בכדי איינצוזען, אַז זי געהער צו דעם מין מיסטישע תּורות. אַז זי איז אַ שיטה, וואָס איז באַגרינדעט אויף דער חכמת הסוד, אויף דער פאַרבאָרגענער תּורה, וואָס פאַרנעמט אַ זייער וויכטיקן אָרט אין דער יידישער געשיכטע פון מיטלעלטער און שפּעטער. די חסידות איז שטאַרק נאָענט צו צוויי מיסטישע שיטות, וואָס זיינען געוועזן פאַר איר, צו די צוויי מינים קבלה — דער טעאָרעטישער און דער פּראַקטישער. אין איר אַלגעמיינעם פאַרנעם האָט די פאַרבאָרגענע חכמה, די חכמת הנסתּר, זיך אַנטוויקלט, זינט איר גאָלדענער צייט אין שפּאַניע, לויט אַזאַ געאָגראַפישער און כראָנאָלאָגישער סכעמע:

א) די טעאָרעטישע קבלה, וואָס איז אויפגעקומען אין שפּאַניע אין 13טן יאָרהונדערט[1].

ב) די פּראַקטישע קבלה, וואָס איז אויפגעקומען אין ארץ־ישראל אין 16טן יאָרהונדערט;

ג) די חסידות, וואָס איז אויפגעקומען אין פּוילן אין 18טן יאָרהונדערט.

וואָסער איז די גענעטישע שייכות צווישן אָט די דריי צווייגן מיסטיק, וואָס זיינען אויפגעקומען אין פאַרשיידענע לענדער און

---

1 פון לכתחילה אָן נעמען מיר ניט אין אַכט די אַלטע קבלה־ליטעראַטור („ספר יצירה" וכדומה), וואָס איז אויפגעקומען אין די מזרח־לענדער און האָט זיך אַנטוויקלט אין אַנדערע תּנאים.

פאַרשיידענע דורות? אין דער מיסטישער תורה, וואָס זי איז אַרעזולטאַט פון אינטויִציאָן געדאַנק, שפּיגלט זיך אָפּ באַזונדערס בולט דער געמיט-צושטאַנד און דער געפיל פון דער סביבה. צווישן אַ שפּאַנישן יידן פון 13טן י"ה, אַן ארץ-ישראלדיקן יידן פון 16טן י"ה און אַ פּוילישן יידן פון 18טן י"ה זיינען אוודאי געווען טיפישע אונטערשיידן, וועדליג דעם אונטערשייד צווישן די פאַרשיידענע קולטור-סביבות און דעם מצב פון דער יידישער געזעלשאַפט אין איטלעכן לאַנד. און טאַקע, ווען מיר פאַרגלייכן די חסידות מיט ביידע מינים קבלה, זעען מיר קלאָר, אין וואָס זיי זיינען גלייך און אויך מיט וואָס זיי אונטערשיידן זיך פון אַנאַנד.

וואָס איז קבלה? זי איז דער אויפשטאַנד פון דער אַנטיראַציאָנאַליסטישער טעאָסאָפיע קעגן דער הערשאַפט פון שכל, וואָס האָט זיך געשטאַרקט אין דער רעליגיעזער פילאָסאָפיע אין רמב"ם צייט. די קבלה האָט פאַרברייטערט אָן אַ שיעור די טעאָריע פון עמאַנאַציע (אצילות), וואָס זי האָט איבערגענומען פון די נעאָפלאַטאָניקער; זי האָט איינגעריסן די מחיצה צווישן שכל, וואָס איז געבונדן צו אָרדענונג, און צווישן דער פאַנטאַזיע, וואָס פליט אין דער לופטן, אַזוי אַז זיי האָבן זיך צונויפגעגאָסן און זיינען געוואָרן איינס. דורך אָט דער פאַראייניקונג איז אַלץ געוואָרן מסוגל דערקענט צו ווערן: די קבלה האָט אויפגעהויבן דעם זיך פאַרטיפנדיקן שכל פון דער ערד אויפן הימל אַרויף, צו די פאַרבאָרגענישן פון דער אור-צייט. זי האָט אים געוויזן וואונדער: ווי אַזוי פון דער גאָטהייט שטראַלן אַרויס אין ליכט-שטראַלן שאַפונגס-כוחות (די צען ספירות), ווי אַזוי די דאָזיקע כוחות ווירקן אין דער וועלט און זיינען משפיע אויף גאָר דעם באַשאַף, בלאָזן אַריין אַ לעבנס-גייסט אין חומר און גיבן אים צו פאַרשיידענע פאָרמען און פאַרשיידענע אייגנשאַפטן. און צום קיניגרייך פון הימל האָט די קבלה דעם אמת-זוכער אַרויפגעפירט, און געבראַכט אים פאַרן כסא הכבוד, און באַוויזן אים די גאַנצע פמליא של מעלה מיט אירע ממונים און סודותדיקע פאַלאַצן, וואו עס ווערן איינגעשטעלט די געזעצן פון דער וועלט-פירונג, וואו עס ווערן באַשטימט די גורלות פון מענטשן און פעלקער. זי האָט אַראָפּגענומען דעם פאָרהאַנג פון דער פאַרבאָרגענער וועלט, אַריינגעבראַכט אין איר רוחות פון קדושה און רוחות פון טומאה, מלאכים און שדים; פאַר איר זיינען געווען אַנטפּלעקט יענע פאַרבאָרגענע קאַנאַלן

„צינורות“), וואָס פאַרבינדן די איבערשטע, אמתע וועלט (עלמא דקשוט) מיט דער אונטערשטער וועלט, מיט ד ע ר וועלט. דאָס אַלץ איז געווען דורכגענומען און באַטעמט מיט פּסוקים, וואָס אין זיי האָט מען געדרשעט רמזים אויף אַלע די דאָזיקע סודות (דער „ספר הזוהר“ — די הייליקע תורה פון דער קבלה). דורך דער פּסעוודאָ-עפּיגראַפישער מעטאָדע זיינען אָט די אַלע השגות געהייליקט געוואָרן, ווי זעונגען פון אַלטע חכמים, אָנגעהויבן פון אָדם הראשון און אברהם אבינו ביז צו רבי שמעון בן יוחאי, דעם תנא פון 2טן י"ה נאָך קר. אַזוי האָט זיך פונאַנדערגעבליט און אַנטוויקלט די תורה, וואָס איז באַוואוסט אונטערן נאָמען טעאָרעטישע קבלה — אַ תורה, וואָס איז געווען באַשטימט נאָר פאַר גרויסע מבינים, פאַר „יודעי-חן“ (ח"ן איז די ראשי תבות פון „חכמה נסתרה“, פאַרבאָר-גענע חכמה).

די דאָזיקע תורה האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן די יידן אין שפּאַניע און אין דער שכנישער פּראָווינס אין 13 — 15 יאָרהונדערט. היות ווי די טעאָרעטישע קבלה האָט זיך אַנטוויקלט אין אַ סביבה מיט אַ הויכער קולטור און אין לפי ערך גוטע מאַטעריעלע תנאים, דעריבער איז זי געוואָרן אַ טייל פון יענעם גייסטיקן אייגנס, וואָס האָט אין יענער צייט זיך אָנגעקליבן דורך דער רייכער שאַפונג פון יידישן געדאַנק. זי איז געווען אַ מין „איבערוויסנשאַפטלעכע“ וויסנ-שאַפט, וואָס איז נאָר דורך איר מ ד ר ג ה געווען אָפּגעשיידט פון די איבעריקע וויסנשאַפטן: תלמוד, דקדוק, אויסטייטש פון דער ביבל, נאַטורוויסנשאַפט און ראַציאָנאַליסטישע פילאָסאָפיע. די טעאָרעטישע קבלה האָט זיך ניט אַריינגעריסן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן מיט נבואות און זעונגען, חוץ אין אויסנאַם-פאַלן, ווי די „משיחיות“ פון ר' אברהם אבולעפיא וכדומה[1].

דורות זיינען אַוועק און דורות זיינען געקומען. דער יידישער צענטער אויפן פירענעישן האַלב-אינזל איז איינגאַנצן חרוב געוואָרן. די כוואַליעס פון מיטללענדישן ים האָבן צעטראָגן אין אַרבע פינות עולם די אומגליקלעכע פאַרטריבענע פון שפּאַניע. טייל פאַרטרי-בענע זיינען אָנגעקומען קיין טערקיי און ארץ-ישראל, און אין 16טן י"ה האָט דאָ געבליט אַ יידישער גייסטיקער צענטער, וואו עס

1 „וועלטגעשיכטע פון יידישן פאָלק“, ב. V, §§ 18 — 19.

האָבן זיך געטראָפן די פאַרשטויסענע פון שפּאַניע מיט די פאַראָרעמטע אשכּנזים. דער אָרט פון די אַלטע קברים האָט אויפגעלעבט. דאָס היסטאָרישע וויג־לאַנד פון יידישן פאָלק, וואָס איז גראָד אין יענער צייט אַרונטער אונטער דער טערקישער ממשלה, איז געווען פול חורבות. אַרום די פאַרטריבענע האָבן געהערשט חושך און פינסטערניש; פון די חורבות פון ירושלים, צפת און חברון, פון די פאַרוויסטע ברעגעס פון ירדן, איז אַרויסגעגאַנגען אַ בת־קול, וואָס האָט געברומט און געקלאָגט. אָבער אין דער קלאָג גופא, אינמיטן אָט דער וויסטעניש, האָט אָפּגעקלונגען אַ קול פון די אַלטע צייטן, די טעג פון גליק און גלאַנץ. און וואו אַהין האָט זיך געקאָנט ווענדן דער געדאַנק פון אָט די נייע „שבי ציון?" די צייט איז ניט געווען צוגעפּאַסט פאַר שפּאַצירן אין הימלס־קיניגרייך, פאַר פאָרשן דעם אמת לשם אמת: די צעוויטאָגטע נשמה פון כּנסת ישראל האָט זיך געצויגן אַרויף, נאָר בכדי צו מאַכן אויפציטערן די אייבערשטע וועלטן מיט איר ביטער געוויין, אויסצוגיסן איר האַרץ פאַרן גאָט פון אויסדערוויילטן פאָלק, קלאָגן אויף איר פּיין און פּלאָג, דערוועקן רחמים, בעטן אויסלייזונג פון צרות און יסורים, וואָס זיינען דערגאַנגען ביז צום ביין. אַזוי אַרום האָט זיך צונויפגעהעפט רעליגיעזע מיסטיק מיטן באַגייסטערטן נאַציאָנאַלן געפיל און עס איז אַרויסגעקומען אַ נייע תורה: אַז תשובה און תפילה, פּייניקונג פון גוף און אַסקעטיזם (פּרישות) זיינען מיטלען אויסצוקויפן די זינד פון פאָלק און מקרב צו זיין די גאולה. אַ תורה פון גילגולים און דיבוקים, אומריינע רוחות און קליפּות, שדים און מלאכי חבלה, — אַ טרויעריקע, פאַראומערטע תורה, דער רעזולטאַט פון אַ קראַנקהאַפטיקער מרה־שחורה.

די דאָזיקע נייע תורה, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין ארץ־ישראל אין דער צווייטער העלפט פון 16טן יאָרהונדערט (די שיטה פון אר"י, פון ר' אליהו די ווידאש, ר' חיים וויטאַל), ווערט אָנגערופן פּראַקטישע קבלה, אַנטקעגן דער פריערדיקער טעאָרעטישער קבלה. בעת די טעאָרעטישע קבלה האָט געזוכט צו אַנטפּלעקן דעם סוד, ווי אַזוי די אייבערשטע וועלט איז משפּיע אויף דער אונטערשטער, האָט די פּראַקטישע קבלה געזוכט וועגן, ווי אַזוי משפּיע צו זיין אויף דער אייבערשטער וועלט דורך גזירות, פּייניקן דעם גוף, רעשיקער תפילה און אַלע מיני איינווירקונגען אויפן הימלס־קיניגרייך. מתקן זיין דעם יחידס נשמה און אויסלייזן די אומה — דאָס זיינען

די צוויי עיקרים פון דער נייער תורה. געוויין און קלאָג אויף די פּיין פון גלות, אַן אינטענסיווער אויסקוק אויף משיחס קומען, און ניט נאָר אַן אויסקוק אַליין, נייערט אויך פּרווון „דוחק צו זיין דעם קץ", פאַרגיכערן די גאולה דורך מיסטישע „סגולות" — דאָס אַליין האָט אַרויפגעלייגט אַ באַזונדער שטעמפּל אויף דער פּראַקטישער קבלה. די דאָזיקע תורה האָט צוגעגרייט דעם פּלאַץ פאַר יענע משיחישע באַוועגונגען, וואָס האָבן אַזוי שטאַרק אויפגעטרייסלט די יידישע מאַסע אין 17טן און 18טן יאָרהונדערט[1].

די תורה פון דער פּראַקטישער קבלה האָט זיך אויסגעשפּרייט אין אַלע גלות־לענדער, און בפרט אין פּוילן, וואו זי האָט, איבער סיבות, וואָס מיר וועלן ווייטערריידן וועגן זיי, געפונען פאַר זיך אַ באַזונדערס גינסטיקן באָדן. נאָר פונדעסטוועגן האָט זי דאָרט לאַנג זיך ניט געהאַלטן. די משיחיות, וואָס איז פון אָנהייב געווען דער שטיין־זייל פון דער פּראַקטישער קבלה, האָט סוף־כל־סוף גורם געווען צו איר ירידה. נאָכדעם ווי די משיחישע באַוועגונגען, וואָס בראש פון זיי זיינען געשטאַנען מקובלים, האָבן קיין הצלחה ניט געהאַט, איז אין פאָלק אָפּגעשוואַכט געוואָרן דער גלויבן אין דער נאַציאָנאַלער שליחות פון דער קבלה; איז מער ניט געבליבן פאַר איר די פּערזענלעכע השפּעה אין קרייז פון רעליגיעזן לעבן. אָבער דאָרט האָט זי ניט געהאַט געניג אָרט אויף זיך צו אַנטוויקלען. מער ניט יחידי־סגולה, איינציקע בעלי־תורה און רבנים, האָבן אין זייער פּריוואַט־לעבן געקאָנט זיך נוהג זיין לויט דעם „שולחן ערוך" פון דער אַסקעטישער תורה; דער מיטעלער פּוילישער ייד, אַ ייד אַ סוחר, אַ קרעמער אָדער קליינער בעל־מלאכה אין שטאָט, אַן אַרענדאַר, אַ קרעטשמער, אַ שענקער אין דאָרף — זיי זיינען צו אַזאַ לעבן ניט געווען מסוגל. די מאַסע האָט באַדאַרפט האָבן אַ לעבנס־תורה, וואָס זאָל איר זיין נעענטער, אַ וועלט־קוק, וואָס שיידט זיך ניט אָפּ פון לעבן, נייערט זעט דורכצוקומען מיטן לעבן און זוכט אין דער פּשוטער ווירקלעכקייט אַ העכערן גייסטיקן ציל.

און דאָ האָט די אַנטוויקלונג פון דער מיסטיק דערגרייכט צו איר דריטער מדרגה — צו דער חסידות. די חסידות איז אַ פאָלקסטימלעכע באַוועגונג, וואָס האָט אַראָפּגענידערט פון די־

[1] דאָרטן, באַנד VI, §§ 7, 8, 11; VII, §§ 5—9.

הייכן פון דער אידעען-וועלט צו דער אונטערשטער וועלט פון טאָג-טעגלעכן לעבן. פרעמד זיינען דער חסידות סיי דער מעכ-טיקער טעאָסאָפישער פּלי פון דער טעאָרעטישער קבלה און סיי דער קרענקלעכער אַסקעטיזם פון דער פּראַקטישער קבלה; זי האָט פאַרלאָזן סיי די אַבסטראַקטע חקירות פון דער ערשטער און סיי די התלהבות, וואָס קומט פון עצבות און פון משיחישער בענקשאַפט, פון דער צווייטער. אָנשטאָט דער זיך גריבלענדיקער חקירה האָט די חסידות אַוועקגעשטעלט דעם תמימותדיקן גלויבן, זי האָט גערופן זיך צו באַהעפטן מיט דער גאָטהייט דורך דאַווענען מיט כוונה און דורך גוטע מעשים, זי האָט געלערנט, אַז רעליגיעזע התלהבות דאַרף קומען פון שמחה און ניט פון עצבות. די פּראַקטישע קבלה האָט אַוועקגעשטעלט אין צענטער פון דער רעליגיע די נאַציע, די חסידות — דעם מאַסן-מענטש. קעגן דער אָנגענומענער מיינונג האַלט זי, אַז דער גלויבן אין האַרצן איז ניט אַן ערך העכער פאַר דער מעלה פון קענען די תורה, און אין איר פּרינציפּ איז זי לחלוטין קעגן דעם הויפּט-יסוד פון דער רבנות: אַז „תלמוד תורה כנגד כולם" — לערנען די תורה באַשטייט אַנטקעגן אַלע מצוות. אַ פּאַטאַליסטישער גלויבן אין דעם אייבערשטנס השגחה, וואָס אַנטפּלעקט זיך אין אַלע לעבנס-ענינים, אַפילו אין די סאַמע קלענסטע, אַ גלויבן אין ניסים, אין גוטע יידן, אין „צדיקים", וואָס זיינען די פאַרמיטלער צווישן גאָט און מענטשן — דאָס איז גענוג, כדי אויפצוהייבן דעם סאַמע פּשוטסטן מאַסן-מענטש צו דער מדרגה פון אַן אמתן מאמין, וואָס דער בורא טוט אים באַוויליקן.

דאָס איז געווען אַ לעבנס-תורה, באַשטימט פאַרן גאַנצן פאָלק, אַפילו פאַר די „אָרעמע אין גייסט". אויב די קבלה האָט אויפ-געהויבן די ערד ביז צום הימל, האָט די חסידות אַראָפּגעבראַכט דעם הימל אויף דער ערד אַראָפּ, האָט די העכסטע סודות פאַר-קערפּערט אין פּשוטע, אַמאָל אַפילו גראָבע סימבאָלן, און דער-גענטערט דעם רבונו-של-עולם צום מאַסן-מענטש, דורך דעם וואָס זי האָט אַוועקגעשטעלט צווישן זיי אַ פאַרמיטלער — דעם צדיק, דעם וואונדער-מאַן. די רעליגיעזע פאַנטאַזיע האָט אַראָפּגענידערט פון דער אידעען-וועלט אין דער פּראַקטישער וועלט. אויפן אָרט פון דער הלכה פון דער פאַרבאָרגענער תורה איז געקומען איר אגדה: מעשיות וועגן צדיקים, וואָס באַווייזן ניסים איטלעכן טאָג און בייטן אום דעם

מענטשנס גורל דורכן כוח פון זייער גלויבן און זייער באַהעפט־זיין מיט גאָט. דעם מאַסן־מענטש איז געגעבן געוואָרן אַ נייע תורה: אַ האַרצנס־גלויבן און דער קולט פון גרויסן מענטשן, דאָס ecce homo פון דער חסידות.

אַזוי אַרום זיינען די מיסטישע געדאַנקען געוואָרן דאָס אייגנס פון דער מאַסע. די טעאָרעטישע קבלה, ווי אַ מין רעליגיעזע פילאָסאָפיע, האָט געקאָנט אויפגענומען ווערן נאָר פון יחידים, וואָס זיינען פעיִק צו אַבסטראַקטער חקירה; די פּראַקטישע קבלה, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף אַסקעטיזם און אויף דעם משיחישן געדאַנק, האָט געפונען אָנהענגער צווישן די תורה־לערנער; די חסידות, וואָס האָט פון דער פאַרבאָרגענער תורה געמאַכט אַן אַנטפּלעקטע תורה און וואָס האָט זי צוגעפּאַסט צו די פאָדערונגען פון רעאַלן לעבן, האָט פאַר איר געוואונען די הערצער פון די פאָלקסמאַסן.

---

### § 3. דער סאָציאַלער מצב אין פּוילן אין 18טן יאָרהונדערט.

די ערשטע העלפט פון 18טן יאָרהונדערט איז איינע פון די ערגסטע תקופות און געזעלשאַפטלעכן און עקאָנאָמישן לעבן פון די פּוילישע יידן. אין יענער תקופה זיינען קענטיק בפירושע סימנים פון ירידה און דעגענעראַציע, וואָס האָבן זיך אָנגעהייבן אין אַלע לעבנס־צווייגן פון דער פּוילישער מלוכה נאָך דעם קאָזאַקן־אויפשטאַנד און נאָך די איבעריקע מהומות פון דער פריערדיקער תקופה. יענער סאָציאַלער בנין, וואָס אין זיינע מיטלסטע גאָרנס האָבן די יידן געפונען פאַר זיך אַ שטיקל אָפּרו און אָנהאַלט אין משך פון אַ לאַנגער צייט, האָט גענומען פּאַוואָליע איינפאַלן, און דער מצב פון יידן איז פון יאָר צו יאָר געוואָרן אַלץ געפערלעכער. בעת פון אויבן האָבן אויף יידן געדריקט די אייבערשטע קלאַסן, די פּריצים, גלחים און רעגירונגס־באַאַמטע, האָבן זיי אין דער זעלביקער צייט געקראָגן קלעפּ און שטורכן אויך פון זייערע שכנים ביי דער זייט און פון אונטן: מצד די פּוילישע און רוסישע שטאָטלייט און מצד די פינסטערע פּויערים, וואָס זיינען געלעגן פאַרשפּאַרט אין די חושכדיקסטע קעלערן פון דעם סאָציאַלן בנין. אין אָט די אונטערשטע געזעלשאַפטס־שיכטן פלעגן אָפט־

מאָל אויפשטיין שרעקלעכע מאַסן-באַוועגונגען, וואָס אין זייער ווענדונג אַנטקעגן די אייבערשטע קלאַסן פלעגן זיי אָנריִרן די ייִדן און אָנטאָן זיי צרות צרורות. די קאָזאַקן-אויפשטאַנדן אין מיטן 17טן י״ה, וואָס האָבן געמאַכט אויפציטערן דעם גאַנצן פּאָליטישן אָרגאַניזם פון פּוילן, האָבן אינגאַנצן פּאַרטיליקט אַ גרויסן טייל ייִדן פון אוקראַינע, און אין די איבעריקע קאַנטן האָבן זיי אונטערגעגראָבן זייער מאַטעריעלע עקסיסטענץ. נאָך דער קורצער תּקופה, ווען די חורבות הייבן אָן צו ווערן אָפּגעבויט, איז געקומען דער שוועדישער קריג און די פּאַרשלעפּטע אינעווייניקסטע אַנאַרכיע, וואָס אין אָנהייב 18טן י״ה. די מלוכה-קאַסע איז אויסגעליידיקט געוואָרן מחמת אויסווייניקסטע און אינעווייניקסטע מלחמות, וואָס האָבן ניט אויפגעהערט; די שטייער-משא איז געוואָרן אַלץ גרעסער און האָט באַזונדערס געדריקט אויף די ייִדישע קהילות, וואָס פאַר דער פּוילישער רעגירונג זיינען זיי עווגען ניט מער ווי אַפּאַראַטן אַרויסצופּאָמפּען שטייערן ביי ייִדן[1]. און אין דער צייט, ווען דער קאָפּ-שטייער האָט געדריקט אויף די ייִדן אַלץ מער און מער, האָט די רעגירונג גאָרנישט ניט געטאָן אויף צו פאַרבעסערן זייער עקאָנאָמישן מצב, פאַרקערט, זי האָט אַלץ מער און מער פאַרשטאָפּט די קוואַלן פון זייער הוונה. זי האָט אַרויסגענומען פון ייִדישע הענט אַלע גרויסע געשעפטן: די אויס-אַרבעטונג פון די מעטאַל-גרובן און זאַלץ-גרובן און די אַרענדע פון זיי, די אַרענדע פון גרענעץ-אָפּצאָלן און אַקציזן; זי האָט זיי פאַר-באָטן צו קויפן ערד און שאַפן זיך מאַיאָנטקעס אין די דערפער (געמעגט האָבן ייִדן נאָר אַרענדירן אין די פּריצישע מאַיאָנט-קעס געוויסע הכנסה-צווייגן); זי האָט שטאַרק באַגרענעצט זייער רעכט צו האַנדלען און צו פאַרנעמען זיך מיט מלאכות; און אין עטלעכע

1 חוץ די אויסערגעווייניטלעכע שטייערן, וואָס מען פלעגט איינמאָנען ביי ייִדן קריגס-צייט, פלעגט די פּוילישע רעגירונג כּסדר העכערן די קוואָטע פון די שטענדיקע שטייערן. אַ סיים-באַשלוס פון יאָר 1717 האָט באַשטימט דעם סך-הכּל פון יערלעכן קאָפּ-שטייער, וואָס עס דאַרפן צאָלן די ייִדן פון פּוילן און ליטע, אויף 280.000 גילדן; און דער סיים פון יאָר 1764, וואָס האָט באַשטימט דעם דאָזיקן שטייער לויטן חשבון פון 2 גילדן פון איטלעכן ייִדן, האָט געהעכערט דעם סך-הכּל ביז 1.194.898 גילדן (Volum. Legum VI, 289, 319; VII, 44, 67), דאָס הייסט, אַז אין משך פון 47 יאָר זיינען די ייִדישע שטייערן געהעכערט געוואָרן מער ווי פיר מאָל, בעת זייער בירגערלעכער און עקאָנאָמישער מצב איז אַלץ געוואָרן ערגער.

געגנטן (למשל, אין מאַזאָוויע) און אין איניקע שטעט האָט זי פאַרבאָטן יידן אַפילו צו וואוינען. אמת, דאָס איז ניט אַרויס פון דער איניציאַטיווע פון דער רעגירונג, נייערט זי האָט דערין געמוזט נאָכגעבן די פאָדערונגען פון די קריסטלעכע סוחרים און בעל־מלאכות, וואָס האָבן מורא געהאַט פאַר דער יידישער קאָנקורענץ. אָבער אַליץ איינס, די רעזולטאַטן זיינען געווען זייער ביטער: יידן זיינען אַריינגעשטופּט געוואָרן אין קליינעם האַנדל, אין דער אַרענדע פון קרעטשמעס און שענקען אין די מאַיאָנטקעס פון די פּריצים, אין די פּשוטסטע מלאכות און אין דער שלימזלדיקער מעקלעריי.

אויב די פּוילישע רעגירונג האָט ניט געוואָלט געבן יידן קיין בירגערלעכע רעכט און האָט זיי באַטראַכט נאָר ווי שטייער־צאָלערס, האָבן די אייבערשטע קלאַסן — די גלחים און פּריצים — געוואָלט אָפּנעמען ביי זיי אַפילו די מענטשלעכע גרונט־רעכט. דער קאַטוילישער גלח האָט פּיינט געהאַט דעם ייד דעם „כופר בעיקר“ (judaeus in-fidelis — „אומגלויביקער ייד“ — דאָס איז דער געוויינטלעכער אויסדרוק אין אָפיציעלע דאָקומענטן), און דער פאַרריסענער פּריץ פלעגט זיך פאַרהאַלטן מיט פאַראַכטונג צום יידן, זיין פאַקטאָר און משרת. די „פרייע“ פּוילישע שליאַכטע, וואָס איר פרייהייט איז געווען אין דער אמתן נאָר פרייקייט און הפקרות, פלעגט מקרב זיין יידן דעמאָלט, ווען עס האָט איר געפּאַסט, ווען מען האָט געקאָנט זיי עקספּלואַטירן. פּונקט ווי די פּריצים האָבן אויסגענוצט די אַרבעט פון זייערע לייבאייגענע פּויערים אין פעלד, אַזוי האָבן זיי אויסגענוצט די אַרבעט פון דעם ייד דעם סוחר אָדער אַרענדאַר. אַ פּריץ, וואָס פאַרמאָגט אַ בראָנפן־ברענעריי, האַלט פאַר אַ פּחיתת הכבוד צו האַנדלען אַליין מיט בראָנפן, גיט ער איבער דעם עסק אַ יידן; ער פוילט זיך אַליין צו פירן די געשעפטן פון זיינע מאַיאָנטקעס אָדער ער איז ניט געניט אין דעם עסק, גיט ער אָפּ די מאַיאָנטקעס אין אַרענדע דעם יידן, און נעמט אויס, פאַרשטייט זיך די בעסטע תנאים פאַר זיך[1]. און אין האַרצן פלעגט ער פאַראַכטן דעם סוחר

1 איטלעכס מאָל, ווען מען האָט באַדאַרפט באַנייען דעם אַרענדע־קאָנטראַקט, פלעגן די תנאים ווערן אומגעביטן, און אַלע מאָל לרעה פון דעם אַרענדאַר. זע דאָס עדות־זאָגן פון א בן־דור אין בוך פון שאָר Organizacja Żydów w Polsce (לעמבערג 1899), ז. 43, און זע אויך Еврейская Старина ב. II פון יאָר 1909, ז"ז 105 א"וו.

דעם יידן, וואָס איז אים פאַרשקלאַפּט, פונקט ווי ער פלעגט פאַר־אַכטן דעם פאַרשקלאַפּטן ערדאַרבעטער, דעם פּויער.

די פּוילישע פּריצים, אין זייער גלוסט צו פאַרשקלאַפן מענטשן, האָבן געפּרוּווט אַפילו צו מאַכן „זייערע" יידן פאַר שקלאַפן לויטן געזעץ. אויף דער סיים־זיצונג פון יאָר 1740 האָבן דעלעגאַטן פון די פּריצים אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג, אַז די יידן וואָס זיצן אין די מאַיאָנטקעס פון די פּריצים זאָלן פאַררעכנט ווערן פאַר Subjecti hereditati, דאָס איז טייטש פאַרן אייגנס פון דער פּריצישער משפּחה, וואָס גייט איבער בירושה פון פאָטער צום זון[1]. אויב דער דאָזיקער פּראָיעקט וואָלט אָנגענומען געוואָרן, וואָלטן מאַסן יידן, וואָס זיינען געזעסן אין די פּריצישע מאַיאָנטקעס, געוואָרן אָפיציעל צו לייבאייגענע קנעכט, זיי און זייערע קינדער און קינדס־קינדער, און איטלעכער פּריץ וואָלט געמעגט איבער געוואַלד האַלטן דעם יידן אין זיין מאַיאָנטעק, ווייל ער איז אים אַ שקלאַף. אָבער דער דאָזיקער משונהדיקער פּראָיעקט איז אין סיים ניט אָנגענומען געוואָרן, ניט מחמת ער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר צו שווער אָדער פאַר ניט־יושרדיק, נאָר פּשוט ווייל די רעגירונג האָט מורא געהאַט, טאָמער וועלן די יידן ווינציקער אַריינטראָגן הכנסה דער מלוכה־קאַסע, ווען זיי וועלן ווערן קנעכט פון די פּריצים.

אָבער דער יידישער ישובניק איז סיי ווי געווען אַ שקלאַף ביי זיין פּריץ, אויב ניט לויטן געזעץ, איז פאַקטיש. מיר זיינען ביכולת צו ברענגען אַ סך ראיות דערצו פון אָפיציעלע דאָקומענטן, אָבער מיר געפינען פאַר ריכטיק צו באַנוגענען זיך דאָ מיט איין דאָקומענט, וואָס שילדערט מיט אַ באַזונדער קלאָרקייט, ווי אַזוי אַ פּוילישער פּריץ פון 18טן יאָרהונדערט האָט זיך באַצויגן צו „זיין" יידן. דאָס איז אַן אויסצוג פון אַ טאָג־בוך פון אַ פּוילישן־פּריץ, אַ מיטעלן אייגנטי־מער פון אַ מאַיאָנטעק אין וואָלין, אין דער צווייטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט[2].

---

1 וול. סמאָלענסקי: Stan i sprawa żydów polskich w XVIII w., ז. 26 (וואַרשע 1876).

2 Разсказы о польской старинѣ: פאַרצייכענישן פון 18טן יאָרהונדערט פון יאַן דוקלאַן אָכאָטסקי, וואָס זיינען איבערגעשריבן געוואָרן פון מאַנוסקריפּטן, וואָס זיינען געבליבן נאָך אים, און אַרויסגעגעבן דורך

„5 יאַנואַר. דער אַרענדאַר הערשקאָ האָט מיר נאָך ניט גע־סילוקט פאַרן פאַרגאַנגענעם טערמין 91 טאָלער. בין איך געווען גע־צוואונגען צו מאָנען מיט גוואַלד. לויטן אָפּמאַך צווישן אונז מעג איך, אויב ער צאָלט ניט וואָס עס קומט פון אים, אַריינצוזעצן אין תפיסה אים מיט זיין הויזגעזינד, אויף וויפיל צייט איך וויל, ביז ער וועט באַצאָלן דעם חוב. נעכטן האָב איך געהייסן אים בינדן מיט שטריק און פאַרשפאַרן אים אין חזיר־שטעלכל, נאָר זיין ווייב מיט די „בחורים" האָב איך געלאָזן אין קרעטשמע. מער ניט זיין קליין יינגל, לייזיא (לייזער), האָב איך אַריינגענומען צו מיר אין שטוב און גע־הייסן מען זאָל מיט אים לערנען דעם קאַטעכיזים און תפילות. דאָס יינגל איז זייער אַ געראָטנס. איך האָב בדעה אים אָפּצוטויפן, און איך האָב שוין געשריבן מכוח דעם צום בישאָף; ער האָט צוגעזאָגט צו קומען צום טויף און צוצוגרייטן דעם יינגלס נשמה. לייזיא האָט ניט געוואָלט צוערשט זיך צלמען און חזרן אונזערע תפילות; אָבער סטרעלעצקי (דער פאַרוואַלטער פון מאַיאָנטעק) האָט אים געגעבן שמיץ, און היינט האָט ער שוין געגעסן חזיר. דער גייסטלעכער פון אונזער קאָסציאָל באָניפאַטי, אַן אויסגעצייכנטער מאָנאַך, פון די ברידער „Minorum de observantia", האָט שטאַרק גע־שוויצט, אויף בייצוקומען דעם יינגלס עקשנות און אַריינצובריינגען אים אין אונזער קירך[1].

אין דריי וואָכן אַרום פאַרשרייבט דער פריץ אין זיין טאָגבוך מכוח די חזירימלעך, וואָס עס האָט געהאַט זיין אַמעריקאַנער חזירטע, און מכוח דעם, אַז ער האָט חשק צו שעכטן זיי צו זיין שוואָגערס גע־בוירנטאָג; און אויף מאָרגן נאָך אָט דער גוטער בשורה קומט אַזאַ פאַרצייכעניש:

„געקומען יידן פון באַרדיטשעוו, אָפּגעצאָלט הערשקאָס חוב און געבראַכט אַ מתנה אַ זייל צוקער און צען פונט שלעכטע קאַווע. איך האָב באַפוילן אַרויסצולאָזן הערשקאָן אויף דער פריי,

---

י. קראשעווסקי (רוסישע איבערזעצונג אין צוויי בענד, ספ"ב 1874). דער געבראכטער אויסצוג איז גענומען פון דעם טאג־בוך פון דעם פאטער פון מחבר פון די פארצייכענישן, און איז אנגעשריבן אין יאר 1774.

1 אָכאָטסקיס פאַרצייכענישן, באַנד I, ז. 54.

אָבער זיין יינגל האָב איך געוואָלט פאַרהאַלטן ביי מיר, וואָרעם ער האַלט דאָך שוין אַריינצוגיין אין דער קאַטוילישער אמונה; נאָר זיי (די יידן) האָבן אַזוי געבעטן זיך און געמאָנטשעט, אַז איך בין געווען געצוואונגען אים אויך צו באַפרייען. נאָר איך בין זיכער, אַז דער ייד וועט ווידער אַמאָל ניט צאָלן צו דער צייט, און לייזיא וועט סוף-כל-סוף אַריינקומען צו מיר אין האַנט און וועט זיך טויפן. מען מוז וואַרטן ביזן 24טן מערץ[1].

אָט דאָס איז אַן אמת בילד, וואָס שטעלט פאַר אונז פאָר ווי לעבעדיק די פּאַטריאַרכאַלע באַציִונג פון פּוילישן פּריץ צום יידישן ישובניק, וואָס איז פון אים אָפּהענגיק. דער באַלעבאָס פון מאַיאָנטעק האָט דאָס רעכט אַריינצוזעצן אין תפיסה דעם אַרענדאַר מיט זיין הויזגעזינד אָן אַ משפט — לויט זיין אַיינזען, נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט פאַרשפּעטיקט איינצוצאָלן דאָס אַרענדע-געלט, און דרך אגב כאַפּט ער אַריין און וויל נאָך אָפּשמדן זיין יינגל. דער אומגליקלעכער אַרענדאַר און די יידן וואָס זיינען געקומען אים צו הילף קאָנען ניט פּראָטעסטירן קעגן אָט דער לעצטער גוואַלד-מעשה; זיי האָבן מער ניט די העזה צו „בעטן זיך" ביים פּריץ, צו דערוועקן זיין רחמנות, צו פּרווון פועלן ביי אים דורך אַ מתנה, וואָרעם זיי ווייסן, אַז עס איז אַ סכנה אַיינצורייסן מיט דעם וואָס האָט די מאַכט, און אויך דאָס געזעץ איז אויפן צד פון דעם מאַכטהאָבער. מחמת דער פּריץ האָט געהאַט אין זיין נחלה אַן אומבאַגרענעצטע מאַכט, האָט ער זיך געמעגט מאַכן מיט דעם יידן וואָס זיין האַרץ גלוסט, אָן מורא צו האָבן פאַר שטראָף. און אַמאָל האָט דער סטאַראָסטע פון דער שטאָט קאַניעוו, וואָס האָט דערהרגעט דעם יידישן אַרענדאַר פון זיינעם אַ שכן און געוואָלט אים דערפאַר פאַרגיטיקן, געהייסן אָנלייגן אַ פולן וואָגן מיטן יידן, צופירן זיי ביזן טויער פון יענעמס שטוב און אַראָפּוואַרפן זיי דאָרט אויף דער ערד, ווי מען וואַרפט אָפּ זעקלעך קאַרטאָפל. דערזעלביקער פריילעכער סטאַראָסטע איז געפאַלן נאָך אויף אַזאַ המצאהדיקן שפּילכל: ער פלעגט הייסן יידישע

1 דאָרט ז. 55. אויף ממלא צו זיין דאָס דאָזיקע טיפּישע בילד פון די באַציִונגען פון די ווילנער פּריצים צו יידן, באַדאַרף מען ברענגען די באַוואוסטע דערציילונגען פון שלמה מיימון (זיין לעבן באַשריבן דורך אים אַליין, אין די ערשטע קאַפּיטלעך), ווי אַזוי די ליטווישע פּריצים פלעגן זיך לוסטיק מאַכן איבער זייערע יידישע אַרענדאַרן.

פרויען אַרויפקריכן אויף בוימער און שרייען ווי קוקאַווקעס, און דערנאָך פלעגט ער אויף זיי שיסן פון אַ געיעג־ביקס; און אַז די אומגליקלעכע פרויען פלעגן פאַרוואונדעטע אַראָפּפאַלן פון בוים, פלעגט ער מיט אַ פריילעכן געלעכטער צוואַרפן זיי גילדענע רענדלעך[1].

דער ייד דער ישובניק, דעם פריצס אומגליקלעכער קנעכט, וואָס איז געווען צוגעשמידט צום פעסל פון שענק און צו דער קליי־נער אַרענדע, פלעגט אָפטמאָל זיך צונויפשטויסן מיט די אַרומיקע פויערים, באַזונדערס מיט די אוקראַינער. ער איז געשטאַנען אינמיטן, צווישן „פריץ" דעם באַדריקער און צווישן דעם פויער דעם באַדריקטן. דער ערשטער האָט אים פאַראַכט, דער צווייטער האָט אים פיינט געהאַט. דער געדריקטער פויער האָט פאַר זיך געזען על־פּי־רוב ניט זיין אמתן באַדריקער, דעם באַלעבאָס פון מאַיאָנטעק, נייערט זיין געצוואונגענעם פאַרטרעטער, דעם יידישן אַרענדאַר, און צו אים פלעגט ער אויסלאָזן גאָר זיין כעס בעת די פאָלקס־אויפשטאַנדן. אין די דרייסיקער און פופציקער יאָרן פון 18טן יאָרהונדערט קלייבן זיך אין די געגנטן פון קיעוו, וואָלין און פּאָדאָליע באַנדעס „הײַ־דאַמאַקעס" פון קאָזאַקן און פויערים, און ראַבעווען און מאַכן חרוב דערפער און שטעטלעך[2]. די דאָזיקע אומרוען האָבן זיך געענדיקט מיט דער שרעקלעכער „אומאַנער שחיטה" אין יאָר תקכ"ח (1768). וואָס האָט באַדאַרפט פילן יענער הערשקאָ דער אַרענדאַר, וואָס זיין פריץ פלעגט אים אַלע ווילע אַריינוואַרפן אין תפיסה, חוזק מאַכן פון זיין משפחה, צונעמען ביי אים זיין קינד צום שמד, — וואָס האָט אָט דער דערשלאָגענער מענטש געקאָנט פילן, בעת אַ באַנדע הײַדאַמאַקעס פלעגט זיך אַריינרייסן אין זיין שטוב, אויסהרגען זיין הויזגעזינד, אויסרויבן זיין אייגנס? ער האָט געליטן סיי פון פריץ, סיי פאַר ן פריץ. ער האָט געליטן פאַר אַן אָרדענונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון אַנדערע. הערשקאָ האָט געוויס ניט באַנומען זיין אייגענעם גרויסן היסטאָרישן צער און גאָר זיין טיפקייט. ער האָט מער ניט געהאַט עפעס אַ אומקלאָרן באַוואוסטזיין, אַז השם יתברך האָט גוז־

---

1 פון נימצעוויטשעס זכרונות (Pamiętniki czasów moich), ז. 82; געבראַכט אין אויבנדערמאָנטן בוך פון סמאָלענסקי, ז. 25—26.

2 Архив Югозападной Россіи 3טער טייל, 3טער באַנד: די דאָקומענטן וועגן די הײַדאַמאַקעס (קיעוו, 1876).

געווען פּורעניות אויף יידן פאַר זייערע גרויסע זינד און אַז ער, הערשקאָ, איז מחוייב מקבל באהבה זיין די יסורים, ווייל ער איז אַ ייד.

ניט בעסער איז געווען בדרך כּלל אויך דער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער מצב פון דעם יידן דעם שטאָט־מענטש. עס ציט זיך אָן אויפהער דער קאַמף פון די קריסטלעכע סוחרים און בעל־מלאכות קעגן זייערע יידישע קאָלעגן, וואָס „נעמען ביי זיי צו די פּרנסה". אין איטלעכער גרויסער שטאָט שטייען קעגן אַנאַנד צוויי געמיינדעס: די יידישע מיט איר „קהל"־פאַרוואַלטונג און די קריסטלעכע מיט דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, דעם מאַגיסטראַט און די בעל־מלאכהשע צעכן. דער „גוי" שלאָגט דעם יידן מיט באַגרענעץ־געזעצן, דער ייד פאַרטיידיקט זיך דורך סוחרישער בריהשקייט, דורך פאַרקויפן וואָלוול, דורך שתדלנות ביים קיניג און ביי די שררות. דאָ וואָלט ער נאָך געקאָנט בייקומען זיינע שונאים, אויב עס וואָלט זיי ניט געקומען צו הילף דער געפערלעכסטער פיינד: דער פּוילישער גלח. די קאַטוילישע גלחים, בפרט די יעזויטן צווישן זיי, פלעגן אויסקלערן כּלע מיני קונצן, אַבי צו דערנידעריקן יידן און מאַכן זיי עפּעס אַמין פאַרשטויסענע סעקטע. די גלחים זיינען אין זייער אימפּעט אַוועק אַזוי ווייט אין דעם פּרט, אַז זיי האָבן אַפילו דערוועקט אומצופרידנקייט ביי די דעלעגאַטן פון סיים פון יאָר 1720. די דעלעגאַטן האָבן זיך באַקלאָגט, אַז „די מאַיאָנטקעס און פּריצישע שטעט גייען אונטער, ווייל די גייסטלעכע זיינען מער אויסן זייער אייגענע הנאה, ווי די טובה פון דער אמונה, (bardzej lucri praetio niż ex puro zelo), קלערן אויס פאַרשיידענע בילבולים אויף צו דריקן יידן און אַרויסטרייבן זיי פון די שטעט, און דורך דעם טוען זיי אָן אַ גרויסן שאָדן דעם האַנדל"[1].

נאָר די קאַטוילישע קירך האָט געהאַט איר אייגענעם „שולחן ערוך", און אָפטמאָל פלעגט זי צווינגען די מלוכה־רעגירונג מקיים צו זיין אירע געבאָטן. די סינאָדן פון די גייסטלעכע אין פּוילן אין 18טן י"ה באַנייען כּסדר די האַרבסטע געזעצן פון די קירכלעכע קאָנצילן, וואָס זיינען אין מערב באַשלאָסן געוואָרן קעגן יידן אין די ווילדסטע צייטן פון מיטלעלטער. יידן האָבן ניט געטאָרט זיך באַווייזן אין גאַס בעת די קריסטלעכע פּראָצעסיעס און די קאַטוילישע

1 סמאָלענסקי, אין דערמאָנטן בוך ז. 23; זע בער באָליכאָווערס זכרונות, 1723—1805, ווישניצערס אויסגאַבע (בערלין 1922); וועלטגעשיכטע פון ייד. פאָלק, ב. VII, § 16.

עפנטלעכע תפילות, זיי האָבן ניט געטאָרט האַלטן קיין קריסטלעכע דינערס און דינסטן, זיי האָבן ניט געטאָרט וואוינען מיט קריסטן אויף איין הויף און ניט באָדן זיך אין איין באָד[1]. מקבר זיין זייערע טויטע האָבן יידן געמעגט נאָר שפּעט ביינאַכט[2]. און עס האָט אָפט געטראָפן, אַז קריסטן פאַנאַטיקער פלעגן אָנפאַלן אויף אַ יידישער לוויה און שלאָגן די טרעגער פון ארון. דער סינאָד פון גייסטלעכע אין לאָוויטש (Łowicz) פון יאָר 1720 פאַרבאָט די יידן שטרענגסטנס צו בויען נייע שולן אָדער צו פאַר־ריכטן אַלטע און סטראַשעט די וואָס וועלן עובר זיין אויפן פאַרבאָט מיטן „גייסטלעכן געריכט"[3]. נאָר אין אויסנאַם־פאַל פלעגט מען ער־לויבן צו בויען שולן אָדער זיי צו פאַרריכטן, מערניט וואָס די ער־לויבענישן פלעגט מען געבן אין אַ שטאַרק באַליידיקנדיקער פאָרם אנטקעגן די בעטערס און מיט אַ סך באַגרענעצונגען. שולן האָט מען געמעגט בויען ניט קיין הויכע, אָן אַ קופּל איבערן דאַך, אַזוי ווי פּשוטע הייזער, און זייער ווייט פון די קאַטוילישע קאָסציאָלן[4]. עס פלעגט טרעפן, אַז לויטן באַפעל פון אַ קאַטוילישן בישוף פלעגן ווערן געשלאָסן אַלע יידישע שולן אין זיין שטאָט אָדער אַפילו אין דער גאַנצער עפּאַרכיע, און מען פלעגט יידן ניט אַריינלאָזן דאַוונען, ביז זיי פלעגן ניט אַריינטראָגן אָט דעם קירכן־פירשט דאָס אויסלייז־געלט, וואָס ער האָט פאַרלאַנגט. איינער אַ רב, וואָס האָט איבערגעלעבט אַזאַ מעשה, שילדערט אַ מאוימדיק בילד, ווי דער עולם שטייט אין דער ווייבערשער שול אין אויף די טרעפּ פון שול און זעגנט זיך פאַרגעווייז, זיך צוהאָרכנדיק צו דער דרשה פון רב, וואָס „הייבט אויף זיין קול אין גרויסן געוויין, וואָרעם עס גענענט גאָטס טאָג, די ימים־נוראים קומען אָן, און מיר האָבן ניט קיין באַרוטן אָרט צום דאַוונען"[5].

1 באַשלוסן פון לויצקער סינאָד אין יאָר 1726 (סמאָלענסקי, דאָרט).

2 דאָרט; זע Материалы для исторіи евреевъ פון בערשאַדסקי (Евр. Библ. VIII, נומ' 43).

3 גומפּלאָוויטש: Prawodawstwo polskie względem żydów, ז. 105 (קראָקע 1837).

4 Материалы אַזו"ו, נומ' 43: אַ טיפּישע ערלויבעניש צו בויען אַ שול אין האָראָדישץ, געגעבן פון קאַטוילישן בישוף אין קיעוו סאָלטעק, פול מיט זידלערייען קעגן יידן און זייער אמונה (1758).

5 „שער המלך", דרושים פון ר' מרדכי מווילקוטש (הורודנא תקע"ו) דף י"ב; די ערשטע אויסגאַבע אין יאָר תקל"ד (1774).

דער פּלאָצקער סינאָד פון יאָר 1733 האָט אויסגעדריקט זיין גרונטקוק אויף יידן אין אַזעלכע ווערטער: „פון גאַנצן האַרצן מוזן מיר זיך מצער זיין, וואָס אין אונזער פּוילישער עפּאַרכיע, וואָס אין איר איז ניטאָ קיין שום אַפּיקורסות און פאַלשע לערנונג, פאַרנעמט נאָר די שעדלעכע און גאָט־פאַרהאַסטע יהדות אַן אָרט אין די שטעט און בלייבט דאָרט לעבן דער קאַטוילישער אמונה. מיר ווייסן, אַז אויך די איבעריקע מדינות פון אונזער מלוכה און אויך אַנדערע מלוכות דולדן דאָס דאָזיקע פאָלק, אָבער דאָס אַלץ איז ניט מער צוליב דעם, כדי דער רעשט פון ישראל זאָל אַריינגיין אין בונד (פון קריסטנטום). צו וואָס איז דאָס געגליכן — צו אַ בוים־שטאַם, וואָס דאַרף אָפּגעהיט ווערן צוליב דער שיינקייט פון בלום, וואָס בליט אויף אים. די יידן מוזן זיצן מיט אונז, כדי זיי זאָלן אונז דערמאָנען די יסורים פון ישו אונזער האַר; כדי דורך זייער נידעריקן געפאַלענעם מעמד, דעם מעמד פון אונטערטעניקייט, וואָס זיי געפינען זיך אין אים, זאָל זיך אַרויסווייזן באַשיימפּערלעך גאָטס גערעכטיקייט; און צולעצט — כדי ביי זייער צעשפּרייטקייט איבערן גאַנצן כדור הארץ, זאָלן זיי זען אומעטום מיט זייערע אויגן די רעליגיע, וואָס זיי האָבן זי פיינט[1].

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס אַרויסגייענדיק פון אַזאַ קוק פלעגט די קריסטלעכע קירך אויסנוצן אַלע מיטלען אויף צו פאַרביטערן די יידן דאָס לעבן, וואָרעם די שפלות און די פּיין פון די „כופרים" באַווייזט דאָך, אַז די קירך האָט די איבערהאַנט. צוליב דעם צוועק האָט מען אויסגענוצט אַלע אויסגעפּרוווטע מיטלען פון מיטלעלטער. דעם ערשטן אָרט האָט פאַרנומען די עלילת דם. דער געלערנטער ביסקופּ זאַלוסקי רעכנט אָן אַן ערך צוואַנציק פּראָצעסן פון עלילת דם אין משך דער צייט צווישן 1700 און 1760[2]. אין דער אמתן איז זייער צאָל געווען גרעסער. באַזונדערס האָבן אויפגעטרייסלט די פּוילישע געזעלשאַפט דריי פּראָצעסן פון דעם מין: דער סאַנדאָמירער (צויזמערער) אין יאָר 1710, דער זשיטאָמירער אין יאָר 1753, און דער וויסלאָוויצער אין יאָר 1760. דער צויזמערער פּראָצעס, וואָס האָט זיך געצויגן עטלעכע יאָר און וואָס איז דורכגעגאַנגען אַלע געריכטס־אינסטאַנצן, איז דערוועקט גע-

1 גומפּלאָוויטש, אין דערמאָנטן בוך, 106.

2 סמאָלענסקי, 29.

וואָרן דורך דעם פאַנאַטישן גלח סטעפאַן זוכאָווסקי, וואָס האָט מכוח דעם ענין פאַרעפנטלעכט אַ גרויס ווערק, פול מיט סם און רכילות אויף יידן[1]. אין זשיטאָמירער פּראָצעס זיינען אָנגעקלאָגט געוואָרן 24 יידן, אַז זיי האָבן דערהרגעט אַ פיריאָריק קריסטלעך קינד, מיטן נאָמען סטודזינסקי. מחמת די מוראדיקע ענויים, וואָס מען האָט זיי געפּייניקט, האָבן זיי זיך מודה געווען אין אַ פאַרברעך, וואָס זיי האָבן ניט געטאָן, און מען האָט זיי פאַרמשפּט: 12 באַשולדיקטע זיינען באַשטראָפט געוואָרן מיט טויט־שטראָף און די איבעריקע האָבן זיך געראַטעוועט פון טויט דורך שמד[2]. דאָס בילד פון דעם כלומרשט פאַרפּייניקטן סטודזינסקי האָבן די גלחים פאַרשפּרייט אין גאַנצן קאַנט אין דער געשטאַלט פון אַ קרבן, וואָס ווערט געשטאָכן מיט נאָדלען, און האָט געדינט צו וועקן שנאה קעגן יידן. אין וויסלאָוויץ אין דער כעלמער עפּאַרכיע איז די גאַנצע קהילה באַשולדיקט געוואָרן, אַז זי האָט דערהרגעט אַ קריסטלעך קינד, כדי אויסצוזויגן זיין בלוט „צוליב פסח“. אָנגעקלאָגט זיינען געוואָרן די רבנים און די פרנסים פון דער קהילה. איינער פון די אָנגעקלאָגטע רבנים האָט זיך דערוואָרגן אין תפיסה; די איבעריקע (צוויי רבנים און צוויי פרנסים) זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צו צעשניידן זיי אויף שטיקער. פאַרן מקיים זיין דעם פסק־דין האָבן די גלחים איבערגערעדט די אומגליקלעכע, וואָס פון די פיל ענויים זיינען זיי שוין געווען אַראָפּ פון זינען, זיי זאָלן זיך שמדן און דורך דעם ווייכער מאַכן דעם פסק. און אין וואָס איז באַשטאַנען די ווייכקייט? — וואָס מען האָט זיי נאָר געקעפּט, און ניט צעשניטן אויף שטיקער[3]. די פּוילישע יידן,

1 זוכאָווסקי: Process kriminalny (1713); זע דובנאָוו: „וועלט־געשיכטע פון יידישן פאָלק“, ב. VII, § 15.

2 סמאָלענסקי, 31—32; וועלט־געשיכטע פון ייד. פאָלק, דאָרט § 18.

3 א בפרטיותדיקע מאויימדיקע שילדערונג פון דעם, ווי אזוי דער דאָזיקער פסק־דין איז אויסגעפירט געוואָרן, ווערט געבראַכט פון א מקור פון יענער צייט אין פוילישן בוך פון קרייזהאַר „פראַנק און די פראַנקיסטן אין פוילן“ ב. I, ז. 225 (קראָקע, 1895). נאָך א מער רעאַל בילד פון אַן אויספאָרשונג דורך ענויים איז פאַראַן אין אָפיציעלן פּראָטאָקאָל פון דעם אונטערזוך, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין יאָר 1759, אויף זיבן סטופּניקער יידן, וואָס זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין א ריטועלן מאָרד. אין פּראָטאָקאָל ווערן געבראַכט אפילו די געשרייען פון די געפּייניקטע: „אוי, טאַטעלע, אוי, מאַמעלע, אוי ווי מיר!“... זע שאָר: Żydzi w Przemyślu, ז. 239—243 (לעמבערג 1903).

וואָס זיינען שטאַרק אויפגעטרייסלט געוואָרן דורך די דאָזיקע אינקוויזיציע-משפטים, האָבן אַוועקגעשיקט שלוחים קיין רוים צום פויפּס, מיט דער בקשה, ער זאָל פאַרעפנטלעכן אַ כתב, אַז די דאָזיקע מיטלעלטערלעכע באַשולדיקונג איז ניט מער ווי אַן אומזיסטער בלבול (1758 — 1760). האָט דער פויפּס קלעמענס XIII באַפוילן זיין פאַרטרעטער אין וואַרשע, ער זאָל פּראָטעסטירן קעגן אַזעלכע שקר-בילבולים[1]. לויט דער שתדלנות פון יידן, האָט אויך דער קיניג אַווגוסט III אין יאָר 1763 באַשטעטיקט די אַלטע באַפעלן פון די פריערדיקע מלכים, וואָס באַשיצן יידן קעגן עלילת דם[2]. עס איז אָבער שווער געווען אויסצוואָרצלען פון באַוואוסט פון די מאַסן דעם פאָראורטייל, וואָס די גלחים די פאַנאַטיקער האָבן געהאַט איינגעפלאַנצט. אַפילו געבילדעטע פּאָליאַקן האָבן געגלויבט, אַז דער מיאוסער בילבול איז אמת. דער באַוואוסטער קיטאָוויטש, דער מחבר פון דער „באַשרייבונג פון די מנהגים אין פוילן אין דער רעגירונגס-צייט פון אַווגוסט III", זאָגט אַרויס זיין מיינונג מיט די ווערטער: „פּונקט ווי עס קאָן ניט געמאָלט זיין קיין פרייהייט פון דער שליאַכטע אָן דעם liberum veto (דאָס רעכט פון איטלעכן דעלעגאַט אויף דער זיצונג פון פוילישן סיים אָפּצוהאַלטן דורך זיין איינציקער מיינונג די באַשטעטיקונג פון געזעץ, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַ רוב שטימען), אַזוי קאָן די יידישע מצה ניט געמאָלט זיין אָן קריסטלעך בלוט"[3].

נאָך אַ סך משונהדיקע נישט-געשטויגענע מעשיות מכוח יידן זיינען געווען פאַרשפּרייט אין דער פוילישער געזעלשאַפט אין 18טן יאָרהונדערט, און די דאָזיקע פאַרשפּרייטונג האָט געבראַכט רעזולטאַטן. דער פּאָליאַק פלעגט איינזאַפּן אין זיך געפילן פון פאַראַכטונג צום יידן פון זיין קינדהייט אויף און פלעגט די דאָזיקע געפילן אויסדריקן ביי יעדער געלעגנהייט. די שול-יוגנט (בפרט די שילער פון יעזויטישע „קאָלעגיעס") פלעגן פון צייט צו צייט מאַכן אָנפאַלן אויף

---

1 זע דאָס זאַמלבוך: Documenta judaeos in Polonia concernentia (1763); זע שטערנבערג, „געשיכטע דער יודען אין פּאָלען" (דייטש) אין דער הוספה, ז' 175 (1878); יצחק-בער לעווינזאָן, „אפס דמים" (אויסגאַבע פון יאָר 1834), אין דער הוספה.

2 דאָרט; וועלטגעשיכטע פון יידישן פאָלק, ב. VII § 19.

3 קיטאָוויטש: Opis obyczajów za panowania Augusta III, (לעמבערג 1883).

יידן. גייענדיק אין שול אַריין אָדער אומקערנדיק זיך אַהיים, פלעגן אָט די צעווילדעוועטע שילער אָנפאַלן אויף יידן, וואָס זיי פלעגן באַגעגענען אין גאַס, שלאָגן זיי און חוזק מאַכן פון זיי. די חוצפה און די צעלאָזנקייט פון די שילער פלעגן דערגיין אַזוי ווייט, אַז ניט זעלטן פלעגן זיי זיך אַריינרייסן אין יידישן קוואַרטאַל און מאַכן פשוט פאָגראָמען. בכדי זיך צו באַשיצן קעגן אָט דעם „שילער-געלויף“, וואָס איז געוואָרן אַ מנהג, פלעגן די יידישע קהילות אין טייל שטעט צאָלן אַ באַזונדער אָפּצאָל די אָנפירער פון די קאַטוילישע שולן. אויך פשוטע שטאָטלייט פלעגן מאַכן אַזעלכע פאָגראָמען אויף יידן בעת די סעסיעס פון די אויבערשטע געריכטן (טריבונאַלן) אָדער בעת די סעסיעס פון די קרייז-סיימיקעס אין פאַרשיידענע שטעט. מען האָט אין פוילן אַזוי געהאַט זיך צוגעוויינט צו די דאָזיקע פאָגראָמען, אַז דער גרויסער סיים פון יאָר 1717 האָט געפונען פאַר נייטיק מוסיף צו זיין, לויט דער אָנקלאָג פון יידן, אַ באַזונדער פונקט אין זיינע קאָנסטיטוציאָנעלע געזעצן, אַז אַזעלכע געוואַלד-מעשים זיינען פאַרבאָטן[1] נאָר „אַ מנהג ברעכט אַ דין“, און אין משך פון גאַנצן 18טן י״ה הערן ניט אויף די אָנפאַלן פון די שילער און פון אַנדערע שטאָטלייט אויף יידן; דערויף זאָגן עדות מעמואַרן פון פאָליאַקן פון יענעם דור, וואָס שילדערן אין אַ הומאָריסטישן שטייגער די דאָזיקע „שפילכלעך“ פון יענע גוטע צייטן [2].

רעליגיעזער פאַנאַטיזם, קלאַסן-ווידעראַנאַנדן, עקאָנאָמישע קאָנקורענץ — דאָס זיינען די פאַרשיידענע סיבות פון דער שנאה צו יידן, וואָס האָט געהערשט אין פוילן. דער קאַמף קעגן יידן האָט זיך געצויגן אָן אויפהער, אַמאָל אין דער שטיל און אַמאָל מיט קולי-קולות, אַז עס האָט געהילכט. די שטאָט-פאַרוואַלטונגען האָבן ביז גאָר באַגרענעצט די האַנדלסרעכט פון די יידישע שטאָטלייט און סוחרים; אין טייל שטעט פלעגט מען גאָר פאַרבאָטן יידן צו פאַרנעמען זיך מיט האַנדל אָדער מען פלעגט ביי זיי אויפמאָנען גרויסע שטייערן פאַרן דערלויבן האַנדלען. די קריסטלעכע האַנטווערקער-צעכן

1 Volumina Legum, באנד VI, 320.

2 קיטאָוויטש, ב. I, 37; קאָללאָנטאַי: Stan oswiecenia za Augusta III; זע אויך: Акты Виленской Археограф. Комиссіи ב. V, ז׳ 120.

פלעגן ניט צולאָזן קיין יידן און פלעגן זיי ניט דערלויבן אָנצונעמען באַשטעלונגען פון קריסטן. יידן פלעגן, פאַרשטייט זיך, סטאַרען זיך פאַרטיידיקן זייערע קנאַפּע רעכט, און דאָס האָט גורם געווען צו כסדרדיקע סיכסוכים, טענות און משפטים[1]. פון די דאָזיקע מחלוקתן און משפטים צווישן יידן און קריסטן פלעגן אָפּלעקן אַ ביינדל נאָר די אָרטיקע מאַכט-אָרגאַנען, וואָס פלעגן נעמען אַ סך שוחד ביי ביידע צדדים. אָן אַ „נתינה" דעם באַאַמטן האָט דער ייד ניט געקאָנט אויסנוצן אַפילו זיינע נעבעכדיקע רעכט. אַן איינציקער ייד אָדער אַ גאַנצע קהילה, וואָס האָבן ניט געקאָנט אָנזעטיקן ווי געהעריק דעם געלט-גלוסט פון די סטאַראָסטעס מיט זייערע געהילפן און אַנדערע אָרטיקע באַאַמטע, איז לא די וואָס זיי איז שווער געווען אויסצונוצן זייער רעכט, נאָר זיי פלעגן אויך אָפטמאָלס ווערן אָפּן גערודפט און געשלאָגן[2]. מחמת אָט די אַלע שלעכטע תנאים איז דער מצב פון דעם ייד דעם שטאָט-מענטש געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער, אַזוי אַז דער מצב פון דעם ישובניק דעם אַרענדאַר, וואָס איז געווען אָפּגעהאַנגען פון דעם פריצס קאַפּריז, האָט געקענט גערעכנט ווערן לגבי דעם פאַר גוט.

מיר זעען, בכן, אַז אין פוילן פון 18טן יאָרהונדערט, וואָס האָט „זיך געהאַלטן אויף הפקרות" (Polska nierządem stoi), איז דער ייד געווען איינזאַם אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט און האָט אין איר קיין שוץ ניט געהאַט. דער פריץ דער „פאַן" האָט אים צוגעשמידט צו דערנידערנדיקע עסקים, פלעגט אים לאָזן פאַרדינען אַ שטיקל ברויט און אים פאַראַכטן; דער גלח האָט געקאָנט ריידן וועגן דעם יידן „דעם אומגעטרייען" נאָר מיט שוים אויף די ליפן; דער אוקראַינישער פויער האָט פיינט געהאַט סיי דעם פוילישן פריץ און דעם גלח און סיי דעם יידן, און האָט נאָר אַרויסגעקוקט אויף דעם מאָמענט, ווען ער זאָל קאָנען אויפהענגען זיי אַלעמען אויף איין בוים

1 זע, למשל, א גאנצע סדרה אזעלכע אנקלאגן (אין די קהילות בריסק, גראָדנע, פינסק) אין פינפטן באנד פון דער אויבנדערמאָנטער זאמלונג Акты אין פארשיידענע ערטער.

2 דובנאָוו, היסטאָרישע ידיעות, נומ׳ 9 אין „וואָסכאָד" בוך 9 פון יאָר 1894. — באזונדערס כאראקטעריסטיש זיינען די פארצייכענישן, וואָס זיינען געבראכט אין בוך פון שאָר: Organizacja żydów w Polsce פון א פוילישן כתב-יד פון יאָר 1744 (ז׳ 43).

צוזאַמען מיט אַ הונט (דאָס, וואָס פלעגט פּאַקטיש טרעפן אין די צייטן פון די האַידאַמאַקעס); דער שטאָט מענטש און דער בעל־מלאכה האָבן פיינט געהאַט דעם יידן ווי אַ האַנדלס־קאָנקורענט און פלעגן אים דריקן, מיט וואָס נאָר זיי האָבן געקאָנט; די באַאַמטע פלעגן נעמען שוחד פון יידן און פונדעסטוועגן פלעגן זיי אים ניט אָפּראַטעווען פון דעם מוטווילן פון זיינע שונאים, און טיילמאָל פלעגן זיי אַליין צושטיין צו די שונאים; און נאָך אַלעמען — די אייבערשטע רעגירונג האָט נאָר געקלערט וועגן אויפמאָנען די שטייערן ביי יידן פּינקטלעך און איינגאַנצן, און האָט לחלוטין ניט געזאָרגט וועגן זייער שווערער לאַגע, פּונקט ווי זי האָט, אגב, בכלל ניט געקוקט אויף די איבעריקע עוולות, וואָס פלעגן טאָג־טעגלעך אָפּגעטאָן ווערן אין פּוילישן געביט.

וואָס האָבן אָט די אַרויסגעשטויסענע פון דער געזעלשאַפט געקאָנט טאָן? וואָלטן די יידן טאַקע באמת זיין נידעריקער מיט זייער שכל און מאָראַל פון די איבעריקע איינוואוינער פון לאַנד, דעמאָלט איז קיין ספק ניט, אַז אין דער פאַרשטויסנקייט און דער דורותדיקער שפלות וואָלטן זיי אומגעקומען. אין דער אמתן אָבער איז דער קולטורעלער און מאָראַלישער מעמד פון דער יידישער מאַסע געווען לאו די וואָס ניט נידעריקער, נאָר אין כמה פּרטים נאָך העכער, ווי דער מצב פון דער קריסטלעכער מאַסע. אין דער שאַרפקייט פון זיין שכל האָט דער רב ניט באַדאַרפט אָראָפּפאַלן אַנטקעגן דעם פּוילישן גלח, און ווי אַ גייסטיקע און מאָראַלישע פּערזענלעכקייט איז ער געשטאַנען אָן אַ שיעור העכער פאַר אים. די ישיבות האָבן, ניט געקוקט אויף דער ענגער סכאָלאַסטישער שיטה זייערער, אַרויסגעגעבן יונגעלייט אַ סך מער צוגעגרייט צו מוח־אַרבעט און מיט אידעאַלערע און הומאַנערע נטיות, ווי די תלמידים פון די יעזויטישע קאָלעגיעס. אַ יידישער באַלעבאָס איז אין זיין בילדונג, הגם זי איז געווען באַגרענעצט אין ענגן רעליגיעזן קרייז, ניט געשטאַנען נידעריקער פאַר אַ מיטעלן פּוילישן פּריץ. וואָס איז שייך דער פאָלקסמאַסע, איז אַ ייד (אַ מאַנסביל), וואָס זאָל ניט קאָנען לייענען לכל הפחות אין סידור, געווען אַ גרויסע זעלטנהייט, בעת אַז צווישן די רוסישע און פּוילישע פאָלקסמאַסן איז שווער געווען צו קריגן איינעם, וואָס קאָן לייענען. ביי אַזאַ פאָלק מיט אַן אַלטער קולטור איז קיין שום אויסווייניקסטער דרוק ניט געווען בכוח אָפּצומעקן זיין פיזיאָנאָמיע. די יידישע מאַסע

פאַרשקלאַפט פון אויסווייניק, איז געבליבן פריי און אַ האַר פאַר זיך אין איר אינעווייניקסטן לעבן. דער ייד, פאַראַכט און געטראָטן אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט, האָט געקאָנט געפינען אַ גייסטיקן מקלט און אָנשפּאַר נאָר אין דער געזעלשאַפט פון זיינע פאָלקסברידער, אין דער דאָזיקער פעסטער געשלאָסענער געזעלשאַפט, וואָס האָט אויסגעהאַלטן צוויי טויזנט יאָר אַנטקעגן אַלע כוואַליעס, וואָס האָבן געשטורעמט אויף איר.

לאָמיר אָקאָרשט זען, וואָס האָט געגעבן די יידישע מאַסן דאָס דאָזיקע אינעווייניקסטע לעבן, דאָס געזעלשאַפט-לעבן און דאָס גייסטיקע לעבן? צי האָבן זיי באַפרידיקט אַלע זייערע באַדערפעניש? צי האָט טאַקע דער ייד געפונען אין דער ה י י ם טרייסט פאַר אַלע בזיונות און באַליידיקונגען, וואָס ער האָט זיך אָנגעליטן אין ד ר ו י ס ן?

---

## § 4. דאָס לעבן פון די קהילות און דער סדר פון דערציונג.

געוועזן צייטן, ווען די אַווטאָנאָמע אָרדענונג פון די יידישע קהילות אין פּוילן פלעגט געבן איטלעכן יידן די מעגלעכקייט צו האַלטן זיך, ווי ער וואָלט געוועזן אַ בירגער אין זיין אייגענער אָרגאַניזירטער „מלוכה“ אינמיטן דער גוישער מלוכה, און צו שעפּן פון דעם דאָזיקן באַוואוסטזיין דעם כּוח צו באַשטיין אַנטקעגן דעם דרוק פון דער אויסווייניקסטער סביבה. אין 16טן און 17טן יאָרהונדערט איז די זעלבסטפאַרוואַלטונג פון די יידישע קהילות געווען שטאַרק אין רוב פּראָווינצן פון פּוילן. די פּרנסים פון קהל פלעגן האָבן השגחה, אַז די קהילות זאָלן געפירט ווערן אין אַ סדר און אַז זיי זאָלן אויסצאָלן פּינקטלעך אַלע אָפּצאָלן, וואָס זיי האָבן באַדאַרפט געבן דער מלוכה; אין איטלעכער קהילה פלעגן די אויסגעקליבענע פּרנסים צוזאַמען מיט די רבנים בילדן דעם „קהל“, וואָס אין זיין רשות האָבן זיך געפונען אַלע געזעלשאַפטלעכע און רעליגיעזע מוסדות פון דער קהילה, די צדקה-אַנשטאַלטן, די לערן-און דערציִ-אַנשטאַלטן. איבער אָט די אַווטאָנאָמע אַנשטאַלטן פון איטלעכער קהילה זיינען געווען געשטעלט צענטראַלע אָרגאַנען: דער „וועד ארבע הארצות“ אין פּוילן און דער „וועד הקהילות הראשיות“ אין ליטע. צווישן די אינטעַרשטע אָרגאַנען

און די צענטראַלע זיינען געשטאַנען די מיטלסטע אָרגאַנען פון דער אַליינפאַרוואַלטונג: די „וועדי המדינות" (וועדים פאַר די פראָווינצן) און אויך „וועדי הגלילות" (קרייז-וועדים). די צענטראַלע וועדים פלעגן אָרדענען די פאַרהעלטענישן צווישן די קהילות, אַרויסגעבן תקנות פאַרן גאַנצן פאָלק און אויך פונקציאָנירן ווי דער אייבערשטער בית-דין אין פּראָצעסן צווישן יידן און אין רעליגיעזע שאלות[1].

די דאָזיקע פעסט-איינגעשטעלטע אָרגאַניזאַציעס פון דער קהל-פאַרוואַלטונג, וואָס האָט אונטערגעהאַלטן ביי יידן דאָס געפיל פון רעכט און אָרדענונג אין קרייז פון די געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן, האָט אַריינגעבראַכט אַ באַשטימטן סדר אויך אין זייער גייסטיקן לעבן. די דערציונג איז געווען אינגאַנצן אין די הענט פון די ראשי הקהל און פון די רבנים. עס איז געוואָרן איינגעשטעלט אַ געזעץ, אַז אַלע קינדער מוזן זיך לערנען. אַלע יינגלעך פלעגן באַזוכן אַ חדר, און דאָס רוב בחורים האָבן געלערנט אין ישיבות. אָרעמע בחורים האָבן געלערנט אויפן קהלס חשבון. די ראשי-ישיבות, וואָס פלעגן זאָגן דעם שיעור אין גמרא פאַר תלמידים, פלעגן קריגן געצאָלט פון קהלשע געלטער. חוץ די ישיבה-בחורים, פלעגן קומען הערן דעם שיעור אַלע „לומדים פון דער קהילה און איטלעכער ווער עס האָט אַ ריח-תורה". בשעתן לייענען דעם שיעור פלעגט מען זיך מתווכח זיין און מפלפל זיין אין דער הלכה און אַלע צוהערער פלעגן נעמען אַן אָנטייל אין דער דיסקוסיע. אויף די חדרים פלעגט האָבן די אייבער-שטע השגחה דער ראש-ישיבה פון איטלעכער שטאָט און באַזונדערע גבאים פון צווישן די ראשי-הקהל[2].

אין אַלע חדרים און ישיבות האָט געהערשט די תלמודישע שיטה. דער לימודים-פלאַן האָט אַרומגענומען אַן ענציקלאָפּעדיע פון ידיעות, איינציקע אין זייער מין: דאָס לערנען דעם עצם תלמוד מיט זיינע פיל מפרשים („נושאי כלים"), די יורידישע דינים אין תלמוד און אין פוסקים, טעאָרעטיש און פראַקטיש, די דינים פון איסור והיתר,

---

1 ש. דובנאָוו, היסטאָרישע ידיעות, נומ' 6, 7, 11 אין „וואָסכאָד" פון יאָר 1894; דער זעלבער, „וועלט-געשיכטע פון יידישן פאָלק", באַנד VI, §§ 39—40 (אויך די ביבליאָגראַפיע דאָרט).

2 „יון מצולה" פון ר' נתן נטע האַנאָווער צום סוף (ווענעציע 1653), יד. איבערזעצונג פון וו. לאַצקי, ווילנע 1930. „פנקס של ועד הקהלות הראשיות במדינת ליטא" (בערלין, 1925): תקנות החדרים והישיבות.

כשר און טריפה, אין אַלע פּוסקים און „תשובות“ און כּדומה. לערנען פלעגט מען די דאָזיקע לימודים לויט דער סכאָלאַסטישער מע־טאָדע, אָבער דער עצם אינהאַלט זייערער איז אין אַ געוויסער מאָס געווען נאָענט צום לעבן, וואָרעם די דינים פון תּלמוד און פּוסקים פלעגן ווערן אָפּגעהיט ניט נאָר אויפן געביט פון די רעליגיעזע מנהגים, נייערט אויך אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג און אין בית־דין. אין 16טן און 17טן יאָרהונדערט האָט די רבנות געבליט אין פּוילן, און דאָס דאָזיקע לאַנד איז געוואָרן אַ צענטער פאַר כּל תּפוצות ישראל. עס האָבן זיך באַוויזן אַ סך לומדים און אויסגעצייכנטע גאונים. זינט דער צייט פון רבי שכנא פון לובלין, דעם רש״ל און דעם רמ״א, די פאָטערס פון דער רבנות אין פּוילן (1540 — 1575), גייט דורך אַ לאַנגע שורה פון רבנים און תּורה־קענערס, וואָס זייער אַרבעט צע־צווייגט זיך אין צוויי וועגן: טייל פאַרטיפן זיך אין דער תּלמודישער הלכה און אירע עלטערע מפרשים און זיי פּסקענען דינים אין זייערע פּסקים און תּשובות נאָר לויט די דאָזיקע עלטערע מקורים, די „ראשונים“ (דער רש״ל, מהר״ם מלובלין און נאָך), און אַנדערע, וואָס זיי זיינען אויסן דער עיקר דעם פּראַקטישן צוועק, פאַרנעמען זיך מיט אויס־טייטשן די פּוסקים — די „טורים“ און דעם „שולחן־ערוך“ (דער רמ״א און די איבעריקע „אחרונים“: סמ״ע, דער ב״ח, דער ש״ך און דער ט״ז). דאָס לערנען גפ״ת (גמרא, פּירוש רש״י און תּוספות) אין די פּוסקים פילט אָן אַלע מוחות, ווער עס איז פעיק צו לערנען, „טוקט זיך אונטער אין ים התּלמוד“ און ברענגט אַרויס פון דאָרטן די תּורה־קרוין („כּתר־תּורה“), וואָס אין יענער צייט פלעגט זי געבן כּבוד און גדולה, דעם, וואָס האָט זי געהאַט[1].

דער דאָזיקער לעבנס־סדר איז געווען צוגלייך אי גוט אי שלעכט. ער האָט פאַראייניקט די יידן פון פּוילן און ליטע אין זייער אַ פעסטער געזעלשאַפטלעכער און גייסטיקער אָרדענונג, נאָר צוגלייך האָט ער איינגעענגט די פרייע אַנטוויקלונג פון יחיד. די סיס־טעם פון אפּוטרופּסות האָט דאָ דערגרייכט ביז צו אירע לעצטע קאָנסעקווענצן. דער ייד איז אין אַלע צווייגן פון זיין לעבן געווען אָפּהענגיק פון קהל, פון די פּרנסים און רבנים. אָן דער

1 זע ש. אסף, „מקורות לתולדות החנוך בישראל“, כרך א׳ (הוצאת „דביר“, תל־אביב תרפ״ח).

פאַרמיטלונג פון קהל האָט ער ניט געקאָנט ניט קויפן זיך אייגנטום און ניט פאַרקויפן, ניט באַזעצן זיך אין אַ שטאָט, ניט פאַרהאַנדלען מיט די אָרגאַנען פון דער רעגירונג[1]. און אויך אין זיין גייסטיקן לעבן האָט ער ניט געטאָרט אַרויסגיין פון דעם אַרומגעגרענעצטן תחום. חוץ דעם תלמוד און דער רבנישער ליטעראַטור, האָט מען קיין זאַך ניט געטאָרט לערנען און לייענען: וועלטלעכע וויסנשאַפטן און רעליגיעזע פילאָסאָפיע האָבן זיך גערעכנט פאַר כפירה, און אַ ייד האָט אין זייער זייט ניט געטאָרט קוקן[2]. אָנשטאָט דער חשודיקער פילאָסאָפיע האָט זיך דאָ אײַנגענעסטיקט די מיסטיק, וואָס האָט געשטימט מיטן גייסט פון דער צייט: די פּראַקטישע קבלה.

נאָר בײַ אַלע חסרונות פון דער אַלטער קהילה־אָרדענונג האָט זי געהאַט אַ וויכטיקן היסטאָרישן פאַרדינסט: זי האָט אויפגעהיט די יידישע פאָלקס־מאַסע ווי אַ זעלבשטענדיקן קולטור־נאַציאָנאַלן אָרגאַניזם. אין אַ געוויסער מאָס האָט זי אײַנגעצאַמט די פרייהייט פון דעם

1 דערויף זאָגן עדות אַ סך דאָקומענטן אין די פנקסים פון די קהילות און אויך פאַרשיידענע ידיעות, וואָס זיינען פאַרשפּרייט אין דער רבנישער ליטעראַטור פון יענער צייט. זע דעם אויבן ציטירטן „פנקס מדינת ליטא״.

2 דער באַוואוסטער מאַטעמאַטיקער און פילאָסאָף, יש״ר מקנדיאה, וואָס איז אָפּגעווען אין פוילן און ליטע פיר יאָר (1620 — 1624), באַקלאָגט זיך אין זיינע בריוו אויף דעם, וואָס פוילישע יידן האָבן פיינט וועלטלעכע חכמות: „די פינסטערניש פאַרדעקט דאָס לאַנד, און עס זיינען איצט פאַראַן אַ סך עם־הארצים, וואָרעם הגם דיין לאַנד איז פול מיט ישיבות און בתי־מדרשים, איז דאָך דאָס לערנען ווינציק לגבי די פיל מענטשן . . . אויך די אויסדערוויילטע פון זיי, די וואָס לערנען פלייסיק די תורה, וואָס צייכענען זיך אויס אין הלכה, זיינען זיי דאָך אויסן צו זיין נאָר מלמדים, דיינים אָדער ראש־ישיבות״... די יידן פון פוילן „האָבן פיינט וויסנשאַפטן, זיי זאָגן: גאָט באַדאַרף ניט האָבן קיין מדקדקים, מליצים, לאָגיקער, און ניט די לימודים פון געאָמעטריע און חשבונות פון אַסטראָנאָמיע... איך שווער: אין אַלע מדינות, וואו איך בין דורכגעפאָרן.. האָב איך ניט געזען פון מיינע פאָלקס־ברידער ווער עס זאָל פאָרשן אין די חכמות לימודיות״ זע ספר אילם, „מעין גנים״, אין דער הקדמה, ע״ע ב — ד, אַמשטערדאַם שפ״ט; אין די בריוו צום קאַראַים זרח פון טראָק אין דער זאַמלונג „מלא חפנים״ פון א. גייגער (בערלין 1840); אין די שו״ת הב״ח סימן ד׳ (אויסגאַבע תנ״ז, דף ג׳ און ד׳) זאָגט דער מחבר, ר׳ יואל סירקיס: „די פילאָסאָפיע איז די כפירה אַליין און יענע פרעמדע פרוי, וואָס שלמה המלך האָט פון איר געוואָרנט״.

יחיד, אָבער זי האָט אָפּגעראַטעוועט די פרייהייט און זעלבשטענדיקייט פון דעם נאַציאָנאַלן כלל. און אויב זי האָט אָפּגענומען פון דעם יחיד די פרייהייט פון דענקען און טאָן, האָט זי אים אָבער געגעבן דערפאַר אַ מאָראַלישע באַפרידיקונג און אַן אָנשפּאַר=פּונקט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. דער ייד, דער געיאָגטער און געפּלאָגטער אין דער קריסטלעכער סביבה, האָט זיך געפילט פריי אין זיין קהילה, אין זיין שול; האָט זיך געפונען אַ פעסטונג אין זיין גייסטיקן לעבן, אין זיין תורה, אין זיין בית=מדרש. שוואַך איז געווען דער ייד פאַר זיך און שטאַרק אין זיין געזעלשאַפט.

נאָר עס זיינען געקומען צייטן, ווען די יסודות פון דער יידישער קהילה=אָרדענונג זיינען צעטרייסלט און אָפּגעשוואַכט געוואָרן. דעמאָלט זיינען די גוטע זייטן פון דער דאָזיקער אָרדענונג אַלץ מער אָפּגעריבן געוואָרן, און די שלעכטע זייטן האָבן גענומען בולטער ווערן. פון דעם מוראדיקן חורבן, וואָס די יידן פון אוקראַינע האָבן דורכגעמאַכט אינמיטן 17טן יאָרהונדערט, האָט די אַלטע אָרדענונג געקראָגן דעם ערשטן קלאַפּ. ביי 300 יידישע קהילות זיינען צעשטערט געוואָרן בעת די קאָזאַקן=אויפשטאַנדן אין כמעלניצקים צייט. אַ גרויסער טייל אוקראַינע, וואָס איז פאַראייניקט געוואָרן מיט רוסלאַנד (אונטערן נאָמען „קליינרוסלאַנד“), איז אינגאַנצן אָפּגעריסן געוואָרן פון יידישן ישוב=קרייז; די קהילות פון וואָלין, פּאָדאָליע און צום טייל אויך פון גאַליציע און ליטע האָבן ניט געקאָנט קומען צוריק צום פריערדיקן מעמד נאָך די חורבנות, וואָס זיי זיינען אויסגעשטאַנען אין דער צייט פון די קאָזאַקן=אויפשטאַנדן און פון דעם שפּעטערדיקן מאָסקאָווישן און שוועדישן קריג (1648 — 1658). אַז די שרעקנס=צייט האָט זיך געענדיקט, איז אָנגעשטאַנען אַ תקופה פון רעסטאַווראַציע. פון אויסוויניק איז דער גאַנצער יידישער געזעלשאַפטלעכער סדר אויפגעריכט געוואָרן, ווי פריער; די קהילה=פאַרוואַלטונגען, די רבנים, די וועדי הארצות און די וועדי הגלילות האָבן באַגייט זייער טעטיקייט פון יאָר 1660: זיי האָבן גענומען פאַראייניקן די קהילות, וואָס זיינען געווען צעפאַלן, עפענען די ישיבות וואָס זיינען בטל געוואָרן; און בכלל צונויפקלייבן די צעשפּרייטע כוחות פון פאָלק, — אָבער זיי האָט דאָך ניט אָפּגעגליקט צו באַנייען די גאַנצע אָרגאַניזאַציע אין איר פריערדיקער מאַכט. שוין פון לאַנג אָן האָבן זיך געלאָזט זען שפּאַלטן אין דעם בנין, און טיף אין אים איז געווען פאַרבאַהאַלטן

א קערן פון פוילעניש. שלעכטע סימנים נעמען זיך באווייזן אין די ערשטע צענדליקער יאר פון 18טן יארהונדערט, בעת די גאנצע פאליטישע ארדענונג אין פוילן, וואס איז צעטרייסלט געווארן דורך די נייע מלחמות און דורך דער הפקרות אין דער אינעווייניקסטער פאליטיק, האט גענומען באשיימפערלעך גיין אראפ. זאל זיין, אז דאס לעבן פון די יידישע קהילות איז געווען אפגעטיילט און אפגעזונדערט, אבער די קהילות=ארדענונג גופא איז געווען אפהענגיק פון דעם אלגעמיינעם סאציאלן סדר פון דער פוילישער מלוכה, און דערפאר האבן די מהומות, וואס האבן געהערשט אין דער מלוכה, געמוזט בהכרח ברענגען צו א מישמאש אין דער קהילות=ארגאניזאציע. די אייבערשטע רעגירונג, די פראווינציעלע אמטן און די מאגיסטראטן פלעגן צודריקן דעם קהל און ארויסציען ביי אים גרויסע שטייערן, און קהל ווידער האט געדריקט דעם יידן דעם יחיד, וואס ער איז געווען פאר אים ערב אנטקעגן דער מאכט. וואס מער עס איז געפאלן דער עקאנאמישער מצב פון יידן אין פוילן, אלץ מער האבן זיי גענומען שפירן, אז די קהל=ארדענונג דריקט זיי און שטיקט זיי, מער ווי זי פאראייניקט זיי, אז דער ארט פון דער קהילה=פארוואלטונג פארנעמט די קהל=פארוואלטונג אדער די הערשאפט איבער דער קהילה. אין דער צווייטער העלפט פון 18טן י״ה ווערן אלץ מער די טענות קעגן די שלעכטע מעשים פון די פרנסים[1]. דער פועל=יוצא פון די אלע טענות און קלאגן איז געווען, אז די פוילישע רעגירונג האט אין יאר 1764 באגרענעצט דעםווירקונגס=קרייז פון די קהילה=פארוואלטונגען און די וועדים פון די פראווינצן און קרייזן האט זי אינגאנצן מבטל געווען.

אין יענער תקופה, בעת די קהילות=ארגאניזאציע האט געהאלטן אין אונטערגיין, האט איין פאליאק געקאנט זיך ווענדן צו יידן מיט אזעלכע שטאך=ווערטער (1744): „אייער אליינפארוואלטונג און אייער פרייהייט צו האלטן אייערע רעליגיעזע געבאטן דינגט איר אפ אין ארענדע פון די קריסטלעכע שררות. אפילו פאר א רב קאנט איר

1 Литовскіе Евреи פון בערשאדסקי, ערשטער קאפיטל; דובנאוו, היסטארישע ידיעות, נומ׳ 7.

קיינעם ניט באַשטימען, סיידן ער האָט אָפּגעקויפט די רבנות אויפן גאַנצן לעבן אָדער אויף אַ געוויסער צייט פון אַ קריסטלעכן שררה. דער פּאָסטן פון אַ פּרנס־הקהל, צי אויף שטענדיק אָדער צייטווייליק, קאָסט אויך ניט ווייניק געלט. ערשט נאָכדעם ווי איר צאָלט אָפּ אין דער מלוכה־קאַסע, צו מאַגנאַטן און זייערע געהילפן און באַאַמטע און צו פאַרשיידענע פּריצים, דערלויבט מען אייך צו בויען גאָטס הייזער און איר מעגט לעבן לויט משהס געזעץ[1].

דער רעזולטאַט פון דער געזעלשאַפטלעכער און עקאָנאָמישער ירידה, איז געווען אַ גייסטיקע ירידה. די וואָס האָבן פריער מקיים געווען די תורה פון רייכקייט און רחבות, זיינען איצט געווען געצוואונגען צו פאַרדינען זיך זייער אָרעם שטיקל ברויט מיטן ביטערן שווייס און פאַרלאָזן דאָס לערנען, ווייל זיי האָבן קיין צייט ניט געהאַט; די קהילות פון די דרומדיקע קרייזן פון פוילן זיינען שטאַרק בדלות געוואָרן און האָבן שוין מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן אויף זייער חשבון די ישיבות. אַלץ ווייניקער איז געוואָרן די צאָל יידן לומדים. אַלץ גרעסער איז געוואָרן דעם אָפּשטאַנד צווישן דעם ייד דעם בן־תורה, און צווישן דעם ניט געלערנטן, צווישן דעם יודע ספר און דעם המון־מענטש. היות ווי די רבנות האָט זיך געהאַלטן פאַר דער גרונט־הנחה, אַז „תלמוד תורה כנגד כולם“ — אַז תורה לערנען באַשטייט אַנטקעגן אַלע מצוות, דעריבער איז דער קלאַס לומדים שטענדיק געווען חשוב און תקיף ביי יידן. ווער עס האָט געהאַט די זכיה פאַררעכנט צו ווערן צווישן אָט דעם קלאַס, האָט געקוקט אויפן המון עם פון אויבן אַראָפּ, און די מאַסע גופא האָט אויך מודה געווען אין איר געפאַלנקייט לגבי די לומדים. מען באַדאַרף נאָך מוסיף זיין, אַז די עצם טבע פון דער רבנישער תורה, איר סכאָלאַסטישע טרוקנקייט און איר פוסטער פּילפּול האָבן פון איר אָפּגעשטופּט לא די וואָס די אַרבעטנדיקע מאַסע, נייערט אויך דעם מיטעלן קלאַס. די רבנות איז אַלץ מער צעבּרעקלט געוואָרן, האָט זיך אַלץ מער דערווייטערט פון לעבן און האָט זיך איינגאַנצן איינגעשרומפּן אין דעם ספר. צווישן דער „אינטעליגענץ“ און דעם „פאָלק“ האָט זיך אויפגעפּראַלט אַ תהום: די ערשטע האָט זיך דערווייטערט פון דער ווירקלעכקייט און האָט זיך אַרומגערינגלט מיט טויטע ספרים, און דאָס פאָלק איז גע־

1 שאַר: Organizacja żydów w Polsce, ז. 43.

וואָרן אַלץ מער און מער מגושמדיק אַראַנק זיין גראָבער אַרבעט, דער קרעמערישקייט און דער שווערער דאגת פּרנסה.

אָט די טרויעריקע צעשפּאַלטונג איז באַזונדערס שאַרף צו מערקן אין די קרייזן פון אוקראַינע — וואָלין, פּאָדאָליע, מזרח=גאַליציע, וואָס האָבן מער פון אַלע געליטן פון די מהומות אין די אויפשטאַנדן און מלחמות און וואָס האָבן נאָך אין 18טן יאָרהונדערט געליטן פון די אומרועו פון די האַידאַמאַקעס. אין די מדינות ליטע און רייסן (ווייסרוסלאַנד) איז די קענטשאַפט פון דער תורה געווען מער פאַרשפּרייט צווישן דער מאַסע, ווי אין דרום. אָבער אויך דאָרט איז די לומדות אַזוי ווייט אַוועק פון לעבן, אַז זי איז געוואָרן אין דער געזעלשאַפט ניט קיין פאַראייניקנדיקער כּוח, נאָר אַ צעשפּאַלטנדיקער. אַ באַרימטער יידישער געלערנטער, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין ליטע אין דער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט, טיילט איין די יידן פון זיין לאַנד לויט אַזאַ כאַראַקטעריסטישער איינטיילונג: „די יידן קענען איינגעטיילט ווערן אין דריי קלאַסן: ניט געלערנטע מענטשן, וואָס באַשעפטיקן זיך מיט מסחר און מיט כּל=המינים מלאכות און אַרבעט; געלערנטע, וואָס מאַכן זייער תורה פאַר זייער פּראָפעסיע, און לומדים, וואָס גיבן אָפּ זייער לעבן נאָר אויף לערנען, פאַרנעמען זיך ניט מיט קיין שום אַנדער פּראָפעסיע און ווערן אויסגעהאַלטן אויפן חשבון פון די אַרבעטנדיקע[1]. פון דער דאָזיקער משונהדיקער איינטיילונג איז קלאָר צו זען, ווי גרויס עס איז געווען אין יענעם דור דער אונטערשייד, אַפילו אין ליטע, צווישן דעם אַרבעטנדיקן מאַסן=מענטש און דעם חשובן למדן.

עס איז געווען נאָך אַ גרויסער קלאַס, וואָס איז לויט זיין מצב און זיין באַשעפטיקונג געווען ווייט פון די גייסטיקע צענטערס: דאָס זיינען די דאָרפס=לייט, די ישובניקעס, די אַרענדאַרן אין די פּריצישע מאַיאָנטקעס, אין זייערע קרעטשמעס און שענקען. דער מאַסן=מענטש אין שטאָט האָט זיך געפונען אונטער דער שטענדיקער השגחה פון די פּרנסים און רבנים, און שבת און יום=טוב לכל=הפּחות פלעגט ער הערן אין שול אַ דרשה צי אַ שטיקל תורה פון רב אָדער פון מגיד. דער ייד דער ישובניק אָבער איז געשטאַנען אויסער דער

1 שלמה מיימונס לעבנסגעשיכטע, געשריבן פון אים אליין, דייטש, בערלין 1792, ערשטער טייל, ז"ז 4—5.

השגחה פון די פרנסים און אויסער דער השפעה פון רב; די פרנסים פלעגט ער פון צייט צו צייט אפּצאָלן די שטייערן, און דעם רב פלעגט ער זען ימים־נוראים, ווען ער פלעגט קומען מיט זיין הגיזגע־זינד אין שטאָט אַריין דאַווגען בציבור. דער דאָרפס־מענטש דער עם־הארץ, וואָס טיילמאָל פלעגט ער אַפילו שוואַך פאַרשטיין דעם פירוש המלות אין זיין סידור, איז געווען פונקט דער היפוך פון דעם למדן דעם שטאָט־מענטש, וואָס איז געווען אַ בקי אין תלמוד און אין זיינע מפרשים און אין דער גאַנצער פוסקים־ליטעראַטור, און אַפילו זיין פשוטער שמועס איז געווען אָנגעפיקעוועט מיט תלמודישע ווערטלעך[1].

אָבער חוץ די דאָזיקע אויסווייניקסטע סיבות, זיינען געווען נאָך אַנדערע סיבות, טיפערע, וואָס האָבן גורם געווען, אַז אַ געוויסער טייל פון פאָלק זאָל זיך דערווייטערן פון דער רבנישער תורה. די רבנות האָט געגעבן דעם פאָלק מער אַ רעליגיעזע אָ ר ד ע נ ו נ ג, איידער אַ רעליגיעזן ג ל ו י ב ן. זי האָט איינגעאָרדנט דעם יידנס לעבן מיט אַ גוואַלדיקער צאָל מנהגים, מצוות און איסורים, וואָס פאַר קליינע קרעמערס, קרעטשמערס און אַרענדאַרן, וואָס זיי איז שטענדיק אויסגעקומען צו האָבן צו טאָן מיט קריסטן, איז שווער געווען זיי אָפּצוהיטן מיט אַלע קליפּערלעך[2]. דאָס רוב רבנישע חומרות זיינען לחלוטין ניט געווען פאַרבונדן מיטן גלויבן אין האַרצן, און דער מאַסן־ייד האָט אין זיי ניט געפונען קיין באַפרידיקונג פאַר זיין תמימותדיקן רעליגיעזן געפיל. צי האָבן געקאָנט עפּעס זאָגן צום האַרצן פון דער מאַסע די פיל פאַרבאָטן פון שבת, וואָס האָבן פון דעם דאָזיקן טאָג פון „עונג“ געמאַכט אַ טאָג פון עינויים, אָדער די אַלע חומרות

1 פון שלמה מיימונס לעבנס־באשרייבונג (ערשטער קאפיטל) ווייסן מיר, אז א תלמיד־חכם איז געווען אפגעשיידט פון אן עם־הארץ מיט זיין הלבשה, און אז דער דאזיקער אונטערשייד איז געווען קענטיק אפילו צווישן גלידער פון איין משפחה. מיימונס זיידע, למשל, א דארפישער ארענדאר, פלעגט גיין אנגעטאן אין א „לאבסערדאק“ פון גראבן שטאף און פעלענע הויזן; און זיין זון, דאס הייסט מיימונס פאטער, וואס איז אויפגעהאדעוועט געווארן אין שטאט און איז געווען א תורה־קענער, פלעגט טראגן „בגדים פון א תלמיד־חכם“ פון א דינערן שטאף.

2 רבנים פון יענעם דור באקלאגן זיך ביטער, וואס א סך יידן אין אוקראינע זיינען מחלל שבת און ווארפן בכלל אראפ פון זיך דעם עול פון מצוות. זע, למשל, „לקורות הגזרות“ פון גורלאנד, אדעס 1892, ז"ז 87—89.

אין די דינים פון פאַרבאָטענע שפּייזן, אָדער די קליינלעכע דיקדוקים אין די דינים פון תּפילה וכדומה? דער רבֿ פלעגט פאָדערן פון די מיטגלידער פון זיין עדה, זיי זאָלן אָפּהיטן די מצוות און מנהגים מיט אַלע פּרטים און דיקדוקים, און אויף דעם אינעווייניקסטן רעליגיעזן געפיל, אויף דער כּוונה, האָט ער ניט געקוקט. אַפילו די תּפילה, דער גרונטשטיין פון דעם האַרץ-גלויבן, איז אויך באַגראָבן געוואָרן אונטער אַ גאַנצן הויפן פאַרשיידענע דינים מכּוח דעם, ווי אַזוי מען דאַרף אָנטאָן דעם טלית און תּפילין, ווען דאַרף מען אָנהייבן דאַווענען און ווען ענדיקן אינדערפרי און ביינאַכט, אין וואָסער סדר באַדאַרף מען זאָגן די תּפילות (טאָמער האָט דער מתפּלל פאַרביטן דעם סדר אָדער פאַרגעסן אַ תּפילה, מוז ער נאָך אַמאָל איבערזאָגן בתורת שטראָף) וכדומה. דאָס אַלץ איז געווען דער רעזולטאַט פון דער רבנישער שיטה, וואָס האָט דעם דין געשטעלט העכער פאַרן געפיל פון גלויבן. פונקט אַזוי ווי די קריגס-הויפּטלייט פאָדערן על-פּי-רוב פון די זעלנער ניט קיין פּאַטריאָטישע געפילן, נייערט נאָר אַבסאָלוטע דיסציפּלין און אויסווייניקסטע צוגעפּוצטקייט, אַזוי האָבן דאָס רוב רעליגיעזע פירער ביי יידן געפאָדערט פון איטלעכן יידן נאָר צוויי זאַכן: ער זאָל לערנען די תּורה און היטן אירע מצוות. אָבער דאָס לערנען איז, ווי מיר האָבן געזען, ניט געווען פאַר די כּוחות פון אַ מיטעלן מענטשן, וואָס האָט ניט געקאָנט אָפּגעבן דעם גרעסטן טייל פון זיין צייט אויף לערנען גמרא, מיט רש״י און תּוספות, פּוסקים און חידושי תּורה און תּשובות, וואָס דאָס איז אַן עסק נאָר פאַר אַ ספּעציאַליסט. אָפּהיטן ווידער אַלע דינים און מנהגים איז געווען אַ שווערע משא פאַר מענטשן, וואָס האָבן דערין ניט געפונען קיין באַפרידיקונג פאַר זייערע נשמה-נויטן.

דער מאמין, וואָס האָט ניט געקאָנט זיך צופרידן שטעלן מיטן לימוד פון „נגלה“, פלעגט זיך אַראָפּלאָזן אין תּהום פון „נסתּר“, פון דער פאַרבאָרגענער תּורה, און פאַרנעמען זיך מיט פּראַקטישער קבלה, וואָס האָט געהערשט אין יענע טעג. איצט לאָמיר אויפקלערן די פראַגע, צי איז די דאָזיקע תּורה געווען מסוגל צוצושטעלן דעם מאַסן-מענטש יענע גייסטיקע שפּייז, וואָס ער האָט זי אַזוי נייטיק באַדאַרפט האָבן.

## § 5. מיסטישע שטימונגען אין פוילן.

די אַנטוויקלונג פון דער מיסטיק אין פוילן איז פאַרבונדן, ערשטנס, מיט דער אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער רעליגיעזער שיטה אין דער יהדות בכלל, און צווייטנס — מיט דער איבערקערעניש אין דער געשיכטע פון די פוילישע יידן גופא. אין 16טן יאָרהונדערט און אין דער צווייטער העלפט פון 17טן י"ה, אין דער גאָלדענער תקופה פון דער רבנות, איז די קבלה געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט דער רבנות. נאָך אין די צייטן פון רמ"א איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט צווישן יידן אין פוילן די קענטשאַפט פון דער קבלה. מען האָט אַ סך געלערנט קבלה־ספרים, בפרט דעם „הייליקן" ספר הזוהר; „אַפילו באַלעבאַטים, וואָס ווייסן ניט פון רעכטס ביז לינקס, וואָס גייען אַרום אין פינסטערניש, ווייסן ניט אײנצוטײטשן אַ סדרה אָדער אַ פּרשה מיטן פּירוש רש"י, שפּרינגען אַרויף צו לערנען קבלה"[1]. רבנים און אויסגעצייכנטע געלערנטע שטעלן איין פאַר זיך אַ צייט צו לערנען קבלה, און טייל פאַרנעמען זיך נאָר מיט קבלה און שרייבן פּירושים אָדער באַזונדערע חיבורים „על דרך הסוד"[2]. שוין אין דער דאָזיקער תקופה לאָזן די דרוקן אין קראָקע און לובלין אַרויס אַ צאָל ספרים פון סתרי־תורה, צווישן דעם אויך ספרים איבער פּראַקטישער קבלה, וואָס האָט דעמאָלט אָנגעהויבן בליען אין ארץ־ישראל[3].

---

1 די ווערטער פון רמ"א אין זיין ספר „תורת העולה" (1570), קיניגסבערג, 1854, חלק ג' דף ח'.

2 מהרש"ל, דער פּאַטער פון דער פּוילישער רבנות, פלעגט עצהן צו פאַרנעמען זיך מיט קבלה און שרייבט אליין פּירושים צו די מיטלעלטערלעכע ספרי סוד (ז' שו"ת הרמ"א, סימן ו' און ז'). דער באַרימטער גאון ר' מרדכי יפה דער בעל „הלבושים" (געלעבט סוף 16טער י"ה) נעמט אריין צווישן זיינע צען „לבושים" אויך אַ „לבוש אבן היקרה" (לובלין שנ"ה) אויף קבלה. באַזונדערס האָבן געשריבן קבלה־ספרים ר' מתתיהו דילאַקרוט פון קראָקע, וואָס האָט פאַרפאַסט אַן אויספירלעכן פּירוש אויף דער שיטה פון ספרדישן מקובל גיקטליא („פירוש על שערי אורה", קראָקע שנ"ד), און ר' נתן שפירא, דער מחבר פון „פירוש על הזוהר" און פון ספר „מגלה עמוקות", וואָס איז פול מיט רמזים (לובלין, שפ"ג; קראָקע, שצ"ז).

3 למשל: „פּרדס רמונים" פון ר' משה קאָרדאָווערא (קראָקע שנ"ב—1592); „ראשית חכמה" פון ר' אליהו די ווידאַש (דאָרט, שנ"ג—1593); „דרשות"

די פראַקטישע קבלה וואָרצלט זיך איין אין פוילן אין דער העלפט פון 17טן י"ה. אַ רוף צו אַסקעטיזם, צו תשובה און צו ברעכן דאָס האַרץ לאָזט זיך הערן נאָך פאַר די גזירות פון ת"ח ות"ט. צווישן די איבעריקע מיסטיקער האָט אויסגעדריקט דעם דאָזיקן גייסט פון עצבות און אַסקעטיזם דער באַרימטער ר' שמשון אָסטראָפּאָ־ליער, וואָס איז דערהרגעט געוואָרן אויף קידוש השם אין יאָר 1648, בעת דער גזירה פון פּאָלאָנע. דער מחבר פון „יון מצולה" דערציילט וועגן דאָזיקן רבי שמשונען אָט וואָס: „געווען צווישן זיי (די יידן פון פּאָלאָנע) איינער אַ מאַן אַ חכם און פאַרשטאַנדיקער און געט־לעכער מקובל, מיט דעם נאָמען מוהר"ר שמשון פון ק"ק אָסטראָפּאָלי. און דער מלאך דער אָנזאָגער פלעגט קומען צו אים אַלע טאָג און לערנען מיט אים סתרי תורה, און דער דאָזיקער מקובל האָט גע־מאַכט אַ פּירוש אויפן זוהר לויט דער קבלה פון דעם אר"י ז"ל, און מיר האָבן ניט זוכה געווען, עס זאָל קומען צום דרוק; און דער אָנזאָגער האָט אים געזאָגט פאַר דער גזירה, זיי זאָלן טאָן גרוס תשובה, כדי די גזירה זאָל ניט זיין אַזוי שלעכט. האָט ער וויפיל מאָל געדרשנט אין שול און האָט מזהיר געווען דאָס פאָלק, זיי זאָלן תשובה טאָן, כדי די צרה זאָל ניט קומען; און זיי האָבן טאַקע פיל תשובה געטאָן אין אַלע קהילות, נאָר עס האָט זיי ניט געהאָלפן, וואָרעם די שלעכטע גזירה איז שוין געחתמעט געווען. און אַז די שונאים האָבן באַלעגערט די שטאָט, איז דער דאָזיקער מקובל אַריין אין שול און דריי הונדערט באַלעבאַטים מיט אים, אַלע גרויסע חכמים און אַלע אָנגעטאָן אין תכריכים און מיט טליתים איבער די קעפ; און זיי האָבן עוסק געווען אין תפילה, ביז די פיינט זיינען אַריין אין דער הייליקער שטאָט און זיי זיינען אַלע דערהרגעט געוואָרן אין שול אויף הייליקער ערד"[1]. אַ צווייטער מקובל פון יענער צייט, וואָס איז אָנגערופן געוואָרן מיטן צונאָמען „בעל שם", ראַטעוועט אָפּ, לויט דער לעגענדע, מענטשן פון טויט. דאָס איז רבי יואל בעל שם. מען דערציילט וועגן אים, אַז אין יאָר פון דער גזירה (ת"ח)

---

פון ר' שלמה מולכו (דאָרט ש"ל און שנ"ח); „מגיד מישרים" פון ר' יוסף קארו (לובלין ת"ו), און נאָך. זע „אוצר הספרים" פון בן־יעקב און אויך Bibliografia Polska פון ק. עסטרייכער, באַנד XV — XVII, קראָקע 1882.

1 „יון מצולה" דף י' (ווענעציע 1553); „שם הגדולים" פון רחי"ד אזולאי אות ש, סימן 180.

איז ער איין מאָל אַנטלאָפן פאַר דער סכנה אין אַ שיף, און אַז ער האָט געזען, ווי די קאָזאַקן אין זייערע קליינע און גרינגע שיפלעך דעריאָגן אים און זיין חברותא, האָט ער אויפגעהאַנגען אויף זיין שיף אַ טאַבעלע מיט פאַרשיידענע געמעלן און שמות, און באַלד האָט די שיף גענומען גיין מיט אַ הפלאדיקער גיכקייט און איז פאַרשוואונדן געוואָרן פון די קאָזאַקנס אויגן[1].

די שרעקלעכע צרות, וואָס האָבן געטראָפן די פוילישע יידן אין יאָר 1648 און ווייטער, זיינען געקומען מיט עטלעכע יאָר פריער פאַר דער תקופה פון דער אַלגעמיינער משיחישער באַוועגונג, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך שבתי־צבי. דעמאָלט האָט דאָס לעבן גופא געלאָזט אַרויסטרעטן דעם יסוד פון דער פראַקטישער קבלה — דעם טרויער אויף ציון און דעם ווילן צו פאַרגיכערן דעם קץ. די בשורה, אַז אין טערקיי איז נתגלה געוואָרן משיח, האָט געפונען אַן אָפקלאַנג צווישן די אומגליקלעכע פוילישע יידן. עס האָבן זי אויפגענומען מיט ציטער סיי די לומדים, וואָס זיינען געווען פול מיטן גייסט פון קבלה, און סיי די מאַסע, וואָס די ביטערע יאָרן האָבן זי געהאַט שטאַרק דערדריקט, און זי האָט מיט האַרץ־בענקעניש אַרויסגעקוקט אויף אויסלייזונג. אַ סך אוקראַינער יידן, וואָס זיינען געפאַנגען געוואָרן פון די טאָטערן, די פאַרבינדעטע פון די קאָזאַקן, זיינען אַוועקגעשלעפט געוואָרן קיין טערקיי, דעם ווידקונגס־אָרט פון דעם נייעם משיח־השקר; אַנדערע זיינען אַליין אַנטלאָפן אַהין פון פוילן. אַזוי האָבן זיך איינגעשטעלט שטענדיקע פאַרבינדונגען צווישן דעם נייעם צענטער פון פורעניות און צווישן דעם נייעם צענטער פאַר משיחיות. אין יאָר 1666 זיינען געקומען צו שבתי־צבי, וואָס האָט זיך געפונען דעמאָלט אין שלאָס גאַליפאָלי ביי קאָנסטאַנטינאָפּאָל, שלוחים אין נאָמען פון איינעם פון די גרעסטע רבנים אין פוילן, רבי דוד

---

1 די דאָזיקע דערציילונג ווערט געבראַכט אין אַ מקור, וואָס איז פאַר זיך ניט קיין באַגלויבטער („תולדות אדם" — אַ זאַמלונג פון פאַרשיידענע „סגולות" און אָפּשפּרעכענישן, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין זשאָלקווע אין יאָר 1720); אָבער לויט די רייד פון מחבר, זאָל ער האָבן געהערט די דערציילונג פון ר' אהרן צבי הירש כ"ץ, דעם נאמן פון וועד ארבע ארצות, און אויך פון ר' יואל בעל שמס זון, ר' אורי פון זאַמאָשטש. מיר האָבן געבראַכט די דערציילונג לויט אַ שפּעטע אויסגאַבע פון דעם ספר, אָן אָרט און יאָר פון דרוק, ז' 59.

הלוי פון לעמבערג (דער מחבר פון פירוש „טורי זהב" אויפן „שולחן ערוך"), און דורך אָט די שלוחים האָט דער פאַלשער משיח געשיקט קיין פוילן אַ כתב מיט דער בשורה, אַז די גאולה איז נאָענט[1]. דעם „משיחס" אַגענטן און זיינע נביאים האָבן אויך צעהיצט די פאַנטאַזיע פון דער מאַסע מיט זייערע דרשות וועגן „משיחס צייטן", וואָס קומען איצט אָן. די לעצטע צרות פון די יידן אין אוקראַינע זיינען אויסגעטייטשט געוואָרן ווי די „חבלי משיח". און פוילישע יידן האָבן, פונקט ווי זייערע ברידער אין מערב, מיט האַרצקלאַפּעניש געריכט זיך אויף די נסים ונפלאות, וואָס דאַרפן זיך אַנטפּלעקן ביי דער גאולה[2]. די דאָזיקע משיחישע בענקענישן זיינען געווען אַזוי שטאַרק, אַזוי איינגעוואָרצלט אין צעבראָכענעם געמיט פון פאָלק, אַז אַפילו דער מיאוסער שמד שבתי־צביס און זיין טויט האָבן ניט געקאָנט זיי אויסוואָרצלען אינגאַנצן. די משיחישע באַוועגונג האָט נאָך שבתי־צבים טויט געמוזט איבערבייטן איר פאָרמע: זי האָט אָנגעוואָרן איר פּאָליטישן כאַראַקטער און איז געוואָרן מיסטיש און סימבאָליש. עס איז אויפגעקומען די סעקטע שבתי צביניקעס („המינות הש"צית"), וואָס האָבן געטענהט, אַז דער געשטאָרבענער משיח וועט נאָך אויפשטיין תחית־המתים, און אַז דורך פאַרשיידענע מיסטישע אַקציעס קאָן מען פאַרגיכערן זיין אויפשטיין.

באַזונדערס האָט זיך געשטאַרקט די משיחישע באַוועגונג אין איר מיסטישער פאָרמע אין דרום־אוקראַינע, וואָס אַ גרויסער טייל פון איר — די פּראָווינץ פּאָדאָליע — איז מחמת די מלחמות אָפּגעריסן געוואָרן פון פוילן און פאַראייניקט געוואָרן מיט טערקיי אויף אַ צייט פון 27 יאָר (1672 ביז 1699). נאָענט צו דער פּראָווינץ האָט זיך געפונען די נעסט פון דער האַלב־איסלאַמישער סעקטע שבתי־צביניקעס — סאַלאָניק, און אַהין פלעגן פון פּאָדאָליע זיך

1 „קיצור ציצת נובל צבי" פון ר' יעקב ששפורטש (תצ"ג), אדעס, 1867, ז"ז 41—42.

2 דאָרט; „תורת הקנאות" פון ר' יעקב עמדין (לבוב, תר"ל); גאַליאַטאָווסקי Мессія Праведный, 1669 (די נייע רוסישע אויסגאַבע — קיעוו 1887); Записки игумена Ореста, — הוספה צו דעם ארכעאָגראַפישן זאמלבוך פאר די צפון־מערבדיקע גובערניעס, ב. 2, ז' XXIV (ווילנע 1867). ע דובנאָוו, וועלט־געשיכטע פון ייד. פאָלק, ב. VII, § 5.

לאָזן גיין „גאָט=זוכערס“, זוכן דעם משיח. איינער פון זיי, חיים מלאך, האָט אין סאַלאָניק געפונען דעם געזוכטן „אמת“ און איז אין סוף פון 17טן יאָרהונדערט געקומען צוריק קיין פוילן און האָט אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן זיין תורה. ער האָט נבואה געזאָגט, אַז שבתי=צבי וועט אויפשטיין תחית=המתים און וועט ווידער נתגלה ווערן אין יאָר תס"ו (1706), פערציק יאָר נאָך זיין שמד, פונקט ווי משה רבינו האָט אַריינגעבראַכט די יידן אין כנען ערשט נאָכדעם ווי זיי האָבן אַרומגעוואָגלט אין מדבר פערציק יאָר. אין גאַליציע פלעגן אַ סך יידן זיך לאָזן איינריידן פון חיים מלאכס דרשות און נעמען גלויבן אין זיין תורה, אַז אין דעם עצם מהות פון שבתי=צבי איז פאַראייניקט משיחישקייט און געטלעכקייט און אַז ער וועט אויסלייזן יידן ניט נאָר פון זייערע צרות, נייערט אויך פון זייערע זינד. עס האָט ניט לאַנג געדויערט, איז צו חיים מלאך צוגעשטאַנען נאָך אַ דרשן — ר' יהודה חסיד פון שעדלעץ. ווייל ער איז געווען אַ בקי אין קבלה און האָט געפירט אַ לעבן פון אַן אַסקעט, האָט ער געהאַט אַ גרויסן שם צווישן די בעלי=תורה, און אים האָט אָפּגעגאָלטן צו גרינדן אַ חברה, וואָס האָט זיך שפּעטער פאַרברייטערט און איז געוואָרן באַוואוסט אונטערן נאָמען „חברת=חסידים“. די מיטגלידער פון דער דאָזיקער חברה פלעגן זיך פייניקן מיט סיגופים און תשובה=תיקונים און האָבן אַריינגענומען אין זייערע תפילות צירופים פון שמות לויטן דרך פון דער פּראַקטישער קבלה. חיים מלאכס תלמידים, וואָס זיינען אַריינגעטראָטן אין דער „חברת=חסידים“, האָבן אַריינגעטראָגן אין איר משיחישע פּרינציפּן און גייסט פון די שבתי=צביניקעס. די צאָל פון די חברה=לייט איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז די רבנים האָבן זיך דערשראָקן און אָנגעהויבן זיי צו רודפן. דעמאָלט זיינען אַ סך פון זיי, מיט חיים מלאך און יהודה חסיד בראש, אַוועק פון פוילן קיין ארץ=ישראל, בכדי אַנטקעגנצוגיין משיחן. נאָך לאַנגע וואָגלענישן אין דייטשלאַנד, עסטרייך, אונגאַרן, איטאַליע איז די דאָזיקע מאַסע „עולי=רגל“, ביי אַ טויזנט מאַן, אָנגעקומען אין ארץ=ישראל (1700). אין ירושלים האָבן יידן זיי ניט גאָר פריינדלעך אויפגענומען; חוץ דעם, איז אַרום דער צייט געשטאָרבן איינער פון די פירערס פון דער חברה ר' יהודה חסיד. מחמת אָפּגענאַרטער האָפענונג און מחמת דחקות האָבן אַ סך פון זיי אָנגענומען דעם איסלאַם און זיך פאַראייניקט מיט די=

אַנדערע שבתי־צביניקעס, און די איבעריקע האָבן זיך אומגעקערט צו־
ריק קיין פּוילן[1].

הגם אָט די משיחישע באַוועגונג האָט געפּלאַצט, זיינען אין
פּוילן ניט בטל געוואָרן די סעקטעס. אין גאַליציע און פּאָדאָליע זיינען
נאָך געווען באַהאַלטענע חברות פון דעם רעשט שבתי־צביניקעס,
וואָס דאָס פאָלק פלעגט זיי רופן אויך „שעבסן". צווישן זיי זיינען גע־
ווען לומדים און מקובלים, געפּסלטע רבנים און מגידים, און זיי זיי־
נען געשטאַנען בראש פון די חברות. מכוח אָט די חברות און זייערע
פּירערס דערציילט איינער פון די רבנים פון יענער צייט — דער באַ־
וואוסטער קנאי יעב"ץ (יעקב עמדין), אָט וואָס: „אין דער מדינה
פּוילן, באַזונדערס אין קרייז פּאָקוטיע און אין באַצירק לוואָוו, בפרט
אין בה"מ אין זשאָלקווע, זיינען געווען די מנוולים אייציק קאַדיינער
און זיין כת לילין, וואָס פלעגן זיך משמח זיין אויף אונזער אומגליק
אין דעם ביטערן טאָג תשעה־באב און אָפּטאָן שטילערהייט אַלע
מיאוסע מעשים[2]. טייל פון זיי האָבן אַפילו געהיט די תורה, אָבער
זיי האָבן געגלויבט אין ש"ץ שר"י (שבתי צבי, שם רשעים ירקב),
צוגעבונדן צו אים ווי אַ הונט, אַזוי ווי דער שוטה משה וואָידסלב
און זיינס גלייכן. און זיי זיינען איינגעטיילט און כיתות: טייל לערנען
תורה, אָבער היטן זי ניט אָפּ; און טייל פון זיי זיינען נאָר מקיים די
געבאָטן לויט דעם מנהג, וואָס זיי האָבן איבערגענומען ביי זייערע טאַטעס,
און דינען עבודה זרה אין ריינקייט... זיי גייען נאָך נאָכן הבל
און זינקען איין אין פוסטקייט; זיי האַלטן, ווער עס גלויבט ניט אין
זייער גאָרנישט, דער האָט ניט קיין הילף פאַר זיין נשמה. אָבער
פאַראַן צווישן זיי אויך אַזעלכע, וואָס האָבן אינגאַנצן איבערגעקערט
די שיסל און האָבן זיך געמאַכט חוקים ניט קיין גוטע און משפּטים,
וואָס מען קען דערמיט נישט לעבן: גנבה און ניאוף און שטאַרקן די

1 תורת הקנאות, 55 א"וו; ז' „שאלו שלום ירושלים" — אַ קונטרס
פון דאָס ניי אָפּגעדרוקט דורך ז. רובאַשאָוו אין דעם זאַמלבוך „רשומות" ב'
(תל־אביב תרפ"ב).

2 ווי באַוואוסט, האָט די סעקטע שבתי־צביניקעס אָפּגעשאַפט דעם
תענית תשעה־באב און געמאַכט דעם טאָג פאַר אַ טאָג פון פרייד און הוליאַנקעס,
ווי דער געבוירנטאָג פון שבתי־צבי, וואָרעם וויבאַלד דער משיח איז געבאָרן
געוואָרן, איז דאָך ממילא בטל דער טרויער אויפן נאַציאָנאַלן חורבן.

הענט פון בעלי־עבירה און שווערן פאַלש, צו באַשווערן די קליפה; דורך דעם מיינען זיי צו ברענגען דעם קץ פאַר דער צייט"[1].

בכלל זיינען די מיסטיקער אין פוילן געווען איינגעטיילט אין צוויי מינים: טייל זיינען געגאַנגען אין וועג פון אַסקעטיזם, פון פייניקן דעם לייב און פון תשובה; טייל ווידער האָבן געהאַלטן פאַרקערט, אַז מען קאָן מקרב זיין דעם קץ ניט מיט תשובה און מיט אָפּהיטן די מצוות, נייערט נאָר מיטן עקסטאַז, וואָס אַלע מצוות און אַפילו די מאָראַלישע געזעצן האָבן ניט קיין באַטרעף אַנטקעגן אים. לעבן דער נזירות איז אויפגעשטאַנען די הפקרות. אַזאַ צווייזייטיקייט טרעפט זיך אָפּט אין דער געשיכטע פון די מיסטיקער. דער מיסטישער עקסטאַז, וואָס וואַרפט בכלל אַראָפּ פון זיך דעם גאַנצן יאָך פון אַן איינגעשטעלטן לעבנס־סדר, פאַרווישט די גרענעצן צווישן דעם „מען מעג" און „מען טאָר ניט" סיי אין דער רעליגיע און סיי אין דער מאָראַל. דער געוועקטער רעליגיעזער געפיל, וואָס רייצט די נערוון, וועקט אויך די נידעריקע תאוות אין מענטשן און פאַרדעקט זיי מיט זיין מאַסקע. די רבנים, וואָס האָבן פריער געפירט די מלחמה קעגן דער סעקטע פון שבתי־צבי, האָבן זיך דערשראָקן, אַז זיי האָבן דערזען די גרויסע סכנה, וואָס עס שטעקט איןביידע עקן פון דער מיסטיק. זומער 1722 האָט דער וועד הרבנים אין לעמבערג אַריינגעלייגט אין חרם אַלע יענע שבתי־צביניקעס, וואָס ווילן ניט חרטה האָבן אויף זייער טעות און ווילן זיך ניט אומקערן אויפן רעכטן וועג. דער דאָזיקער חרם האָט אַ ביסל געהאָלפן: אַ סך סעקטאַנטן האָבן זיך מתוודה געווען אויף זייערע חטאים פאַרן גאַנצן קהל און האָבן מקבל נזיפה געווען און געקראָגן פאַרשיידענע שטראָפן[2]. עס זיינען אָבער אויך געבליבן אַ סך, וואָס זיינען געווען פאַרעקשנט אין זייער זינד. מחמת די רדיפות האָבן טייל אָנפירער פון דער סעקטע אַריבערגעטראָגן זייער פּראָפּאַגאַנדע אין די נאָענטע קהילות פון דייטשלאַנד. און אויך דאָ זיינען די רבנים אַרויסגעטראָטן קעגן זיי: אין יאָר 1728 האָבן די רבנים פון אַל־טאָנאַ, פראַנקפורט־מאַין, פּראָג און אַמסטערדאַם אויסגערופן אַ חרם אויף אַלע יענע, וואָס ווילן אָנגיידן צו דער „אמונה פון שבתי

---

1 ס' תורת הקנאות, ז' 60 — 61.

2 דאָרט, ז' 71.

צבי“, וואָס האָט זיך צום מיינסט פאַרשפּרייט — לויט די רייד פון כּרוז — אין טערקיי און אין פּוילן[1].

פון אָט דער „מינות“ איז אַרויסגעוואַקסן די געפערלעכע באַוועגונג, וואָס האָט אין די יאָרן 1755 — 1759 געמאַכט אויפגעטערן די יידישע וועלט. עס האָבן זיך באַוויזן די פראַנקיסטן, וואָס לכתחילה האָבן זיי פּראָטעסטירט קעגן תּלמוד אין נאָמען פון דער קבלה, (ווי באַוואוסט, האָבן זיי זיך אָפיציעל אָנגערופן „אַנטי־תּלמודיסטן“ אָדער „זוהריסטן“), נאָר אויסגעלאָזט האָבן זיי מיט אָפּלייקענען די עיקרים פון יהדות און מיט שאַפן אַ קאַטויליש־שבתי־צבי'ישע רעליגיע („דת אדום“), אַ משונהדיקע און אָן אַ טעם. יעקב פראַנק און זיין חברה זיינען צוערשט, איידער זיי האָבן זיך געשמדט, געווען נאָענט צו יענער שיטה, וואָס מיר האָבן זי אויבן אָנגערופן „מיסטישע הפקרות“. לויט גביות־עדות פון בית־דין אין סאַטאַנאָוו אין יאָר 1755 האָט זיך אַרויסגעוויזן צווישן די שבתי־צביניקעס און די ערשטע פראַנקיסטן ניט נאָר רעליגיעזע כּפירה, נייערט אויך אַ שרעקלעכע מאָראַלישע הפקרות[2].

די פראַנקיסטישע באַוועגונג מיט איר הפקרות און אָפענער אפּיקורסות האָט ניט געקאָנט אַריינדרינגען צווישן די רייען פון די פרומע יידן און איז געבליבן חוץ למחנה. אָבער די צווייטע שיטה פון דער מיסטיק — די אַסקעטישע שיטה — איז נאָך געווען שטאַרק, באַזונדערס צווישן די לערנערס, די אָנהענגער פון דער פּראַקטישער קבלה. שלמה מיימון, וואָס האָט זיך צוגעקוקט צום לעבן פון די פּרושים פון יענעם דור אָדער די „ערשטע חסידים“, וואָס פאַרן בעש“ט, גיט איבער אין זיין לעבנס־באַשרייבונג זיינע איינדרוקן אין דער ווייטערדיקער מעשה:

„אין דער שטאָט לובטש האָט געלעבט אַ באַוואוסטער געלערנטער ייד ר' שמעון, וואָס זיין איינציקער ציל אין לעבן איז געווען צו לייטערן זיין נשמה דורך שטרענגער תּשובה. ער האָט שוין געהאַט דורכגעמאַכט די „תּשובת הקנה“, דאָס הייסט ער האָט זעקס יאָר

1 דאָרט, ז"ז 76 — 79 ; בראַווער, מקור חדש לתולדות פראנק (השלוח כּרך ל"ג).

2 „ספר שמוש“ פון ר' יעקב עמדין (אַלטאָנאַ — אַמסטערדאַם 1758—1760).

כסדר געפאַסט אַלע טאָג, און אַלע אָוונט בײַם אָפּפאַסטן זיך האָט ער ניט געגעסן קיין שום שפּייז, וואָס קומט פון אַ בעל־חי, ווי, למשל, פיש, פלייש, מילכיקע שפּייזן, האָניק וכדומה; האָט אָפּגעריכט „גלות“, דאָס הייסט האָט אַרומגעוואַנדערט ווי אַן עלנטער בע־ונדניק, איז אין איין אָרט ניט פאַרבליבן קיין צוויי טעג, און האָט געטראָגן אַ האָרענעם זאַק אויפן הוילן לײַב. אָבער ר' שמעון לובטשער האָט געמיינט, אַז ער האָט נאָך אַליין ניט גענוג געטאָן אויף צו דערגרייכן אַ כפּרה אויף זיינע כלומרשטיקע זינד, און האָט אויף זיך גענומען די „תשובת המשקל“ (די תשובה פון אָפּוועגונג), דאָס הייסט אָפּצוּוועגן איטלעכע זינד און פייניקן דעם גוף אין ערך צו דער וואָג. האָט ער אָבער אויסגערעכנט און געפונען, אַז די צאָל פון זיינע זינד איז צו גרויס, ער זאָל קענען ברענגען זיי אַ „תיקון“ דורך דער „תשובת המשקל“ — בכן האָט ער באַשלאָסן צו געפינען אַ כפּרה אויף זיינע חטאים אויף אַ פּשוטן אופן — זיך צו לאָזן אויסהונגערן ביז טויט. און אַזוי האָט ער טאַקע געטאָן. נאָכדעם ווי ער האָט אַ געוויסע צייט פאַרבראַכט אויף אַזאַ אופן, איז ער אויף זיין וואַנדער־וועג איין מאָל געקומען אין וואוין־אָרט פון מיין פאָטער, און ניט צו זאָגן קיינעם פון די שטוב־מענטשן אַ וואָרט, איז ער אַריין אין שייער און אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד אין חלשות. מיין פאָטער איז גראָד דעמאָלט צופעליק אַריין אין שייער און האָט געפונען אויף דער ערד ר' שמעונען, וואָס ער האָט אים געקענט שוין לאַנג, אַ האַלב טויטן מיט אַ זוהר (דעם הויפּט־ווערק פון דער קבלה) אין דער האַנט.

„אַזוי ווי מיין פאָטער האָט אים שוין געקענט, האָט ער תיכף געבראַכט וויין און כל־המינים אַנדערע דערפרישונגס־מיטלען, אָבער ר' שמעון האָט בשום אופן ניט געוואָלט דערפון פאַרזוכן. מיין פאָטער האָט שטאַרק געבעטן ר' שמעונען עפּעס געמען אין מויל אַריין צו דערכאַפּן די נשמה, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. און היות ווי מיין פאָטער איז אין דער צייט געווען זייער פאַרנומען אין שטוב מיט אַן אַרבעט, און ר' שמעון האָט געוואָלט זיך אַרויסמאַכן פון זיין וויטערדיקן צושטיין, האָט ער אָנגעשטרענגט אַלע זיינע כוחות, אויפגעשטעלט זיך אויף די פיס, אַרויס פון שייער און צום סוף אַוועק פון דאָרף. אַז מיין פאָטער איז ווידער אַריין אין שייער און האָט דאָרט ר' שמעונען מער ניט געפונען, איז ער אים נאָכגע־

לאָפן און האָט אים געפונען ניט ווייט הינטערן דאָרף ליגן — שוין אַ טויטן. די מעשה איז באַלד באַקאַנט געוואָרן אומעטום אין יידישע קהילות, און ר׳ שמעון איז געוואָרן אַ קדוש.

„און אַן אַנדער חסיד, ר׳ יוסיל פון קלעצק, האָט גענומען אויף זיך איין קלייניקייט — צוצואיילן דאָס קומען פון משיח. צוליב דעם צוועק האָט ער גענומען אויף זיך אַ שטרענגע תשובה, האָט געפאַסט הפסקות, געקייקלט זיך אין שניי, ניט געשלאָפן און אָפּגע־ריכט „תיקון חצות" וכדומה. ער האָט בתמימות געגלויבט, אַז מיט איטלעכער פון די דאָזיקע אָפּעראַציעס פאַרטיליקט ער אַ גאַנצן לעגיאָן בייזע רוחות, וואָס שטייען משיחן אין וועג און לאָזן אים ניט קומען. דערצו זיינען נאָך צום סוף צוגעקומען אַ סך שטותע־רייען פון דער „פּראַקטישער קבלה": ער האָט געריכערט קטורת, געמאַכט השבעות וכדומה, ביז זיין שכל איז סוף־כל־סוף אינגאַנצן פאַרפינסטערט געוואָרן און ער האָט אָנגעהויבן גלויבן, אַז ער זעט גייסטער (מלאכים) מיט אָפענע אויגן, האָט יעדערן פון זיי אָנגע־רופן מיטן נאָמען; ער האָט געשלידערט אַליין אַרום זיך ווי אַ מטורף, געבראָכן פענסטער און אויוונס, מיינענדיק, אַז ער האַלט מלחמה מיט זיינע שונאים די בייזע רוחות (ממש ווי זיין פאָרגייער דאָן קי־כאָט) — ביז ער איז צולעצט געבליבן ליגן אויף דער ערד אינגאַנצן אָן כוחות. אַזוי איז דער דאָזיקער מענטש אַראָפּ פון זינען דורך זיין חסידות און זיינע פאַנטאַזיעס, און נאָר מיט פיל מי האָט זיך דעם פירשט ראַדזיווילס לייב־דאָקטאָר איינגעגעבן אים אויסצוהיילן און צו ברענגען אים צוריק צו זיך" [1].

צום מיינסט באַליבט ביים פאָלק זיינען געווען אין יענער צייט די מקובלים די וואונדער־מאַכער, וואָס זיינען געווען באַוואוסט אונטערן נאָמען „בעלי־שמות", דאָס הייסט מענטשן, וואָס באַווייזן מופתים דורך פאַרשיידענע קאָמבינאַציעס פון די הייליקע נעמען פון גאָט און מלאכים. זיי פלעגן אַרומגיין איבער שטעט און דערפער און היילן אַלע מיני קרענק און שלעק דורך אָפּשפּרעכענישן, קמיעות און

1 שלמה מיימונס לעבנס־געשיכטע, געשריבן פון אים אליין, ערשטער טייל, קאפּ׳ 16. אין דייטשן אָריגינאַל ז׳ 182 א״וו, אויסג׳ בערלין 1792; ציטירט לויט דער יידישער איבערזעצונג פון א. י. גאָלדשמידט, ווילנע 1927, ז״ז 132 — 137.

אַנדערע „סגולות“; זיי זיינען אויך געווען פסיכיאַטערס אויף זייער שטייגער און פלעגן היילן חוץ די קראַנקהייטן פון גוף אויך נשמה-קרענק. און היות ווי די פאָלקס-מאַסע האָט געגלויבט, אַז אַ פסיכישע קרענק נעמט זיך דערפון, וואָס אין מענטשן איז אַריין אַ „דיבוק“ אָדער אַ בייזער רוח, בכן האָבן די בעלי-שמות זיך ספּעציאַליזירט דערויף, וואָס זיי פלעגן אַרויסטרייבן דעם „דיבוק“ פון קראַנקנס גוף. ווי ווייט דער גלויבן אין שדים און רוחות איז געווען דעמאָלט פאַרשפּרייט אין פאָלק, באַווייזט די ווייטערדיקע מעשה, וואָס האָט דערוועקט אַ גרויסן טומל נאָך אין סוף 17טן יאָרהונדערט (1682). אין פּויזן, אין אַ גרויסן געמויערטן הויז, וואָס האָט געהערט צו יידן, „האָבן זיך באַזעצט שדים“, און „די איין וואָנער אין הויז האָבן טאָג אונ נאַכט קיין רוא גיהאַט“... האָבן זיי געבעטן הילף ביים באַרימטן ר׳ יואל בעל שם פון זאַמאָשטש, דעם זעלביקן ר׳ יואל, וואָס האָט, לויט ווי די לעגענדע דערציילט, אַרויסגעראַטעוועט פון טויט זיין קאָמפּאַניע אין דער צייט פון די קאָזאַקן-גזירות. „וויא נון דר ר׳ יואל בעל שם אהין קאם — נאך פּוזנא דא פאנג ער תיכף אן משביע צו זיין די חיצונים (ניט-גוטע) דז זענן די משחיתים אונ מזיקים וואס זי צו טואן האבן אין דעם הויז דען... קיין מזיק האט ניט מאכט צו וואונן ביי א לייט. דא ענטפרן זיא: מיר האבן דין ודברים אונ איין חזקה אן דעם הויז, מן זאל איין בית דין זעצן, ווילן זיא טענות פירן פר דעם בית דין אונ ווילן אירי זכיות ווייזן... האבן דש ב״ד גיהערט די טענות פון די משחיתים אבר זיא האבן קיינס ניט גיזעהן. דא פאנגן די משחיתים אן צו טענן דש אין דעם הויז האט גיוואונט איין יודשר גאלד שמיד אונ דר גאלד שמיד האט גוואונט מיט איין שדית אונ הט קינדר מיט איר גיהאט אונ ער האט אויך פון זיין ווייב גיהאט קינדר... איז דר גאלד שמיד גשטארבן אונ זייני קינדר מיט אלי זייני יורשים אונ איצונד האט דר גאלד שמיד קיין יורשים מער. אזו האבן די חיצונים איין טענה גפירט דש זיא זענן יורשים צו דעם הויז... אזו האט מן אין אויש גגעבן דש דיא משחיתים האבן קיין חלק אן דעם הויז דען איר וואונונג איז אין דיא מדבר אונ ניט אין איין אורט וואו לייט וואונן. אונ נאך דעם פסק האט ר׳ יואל בעל שם משביע גוועזן דש די חיצונים האבן מוזן אפּ וויכן פון הויז אונ פון קעלר אונ האבן מוזן גיאן אין ווילדן וואלד“. — די דאָזיקע קאָמישע געשיכטע איז געשילדערט מיט גרויס

אויספירלעכקייט און מיט פולער ערנסטקייט אין פרק ס״ט פון דעם מוסר־ספר פון 18טן יאָרהונדערט „קב הישר“, וואָס איז געווען שטאַרק באַליבט ביי דער פאָלק־מאַסע. בכדי דאָס בילד פון יענער תקופה זאָל זיין גאַנץ, מוז מען נאָך מוסיף זיין, אַז ווערליק דאָרט ווערט דערציילט, האָבן די יידן, די איינוואוינער פון יענעם גע־מזיקטן הויז, זיך געווענדט צו׳ן ערשט צו די אָרטיקע מאָנאַכן די יעזויטן מיט דער בקשה אַרויסצוטרייבן די שדים, און נאָר אַז די סגולות פון די מאָנאַכן האָבן ניט געהאָלפן, האָבן זיי געבעטן הילף פון בעל־שם. אַזוי אַרום האָבן זיך דערנענטערט צו אַנאַנד אין אָבערגלויבן די רבנים און די קאַטוילישע גלחים.

אַזעלכע „שרעקלעכע מעשיות“ פלעגן ווערן איבערגעגעבן פון מויל צו מויל און פלעגן רייצן די רעליגיעזע פאַנטאַזיע און פאַרשפּרייטן אין דער מאַסע אָבערגלויבנס. איינער פון יענעם דור, דער דאָקטאָר און נאַטור־פאָרשער טוביה הכוהן, זאָגט עדות אין זיין ספר „מעשה טוביה“ (יעסניץ, 1721, דף פ״ו), אַז „ניטאָ נאָך אַ לאַנד, וואו מען פאַרנעמט זיך מער מיט שדים, מיט קמיעות, השבעות און שמות און חלומות, ווי דאָס דערמאָנטע לאַנד“ (פּוילן)[1]. און אויף דעם זעלביקן דף גופא גיט ער איבער אין נאָמען פון זיין פאַר־שטאָרבענעם פאָטער אַן „אויסגעפּרוּווטע רפואה, וואָס ער האָט מיר איבערגעגעבן בסוד, פאַר דער האָר־פּלאָנטערניש, וואָס הייסט „קאָלטון“ און קומט פון עפּעס אַ שד“. די מוסר־ספרים פון יע־נער צייט, וואָס זיינען באַשטימט צום לייענען פאַרן פאָלק, זיינען פול מיט שרעקלעכע מעשיות וועגן שדים און רוחות, וועגן זינדיקע

1 זע, למשל, דעם דערמאָנטן ספר „קב הישר“ פון ר׳ צבי הירש קוידאַנאָווער, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין יאָר תס״ה (1705) אין העברעיִש און אין פיר יאָר אַרום — אין יידיש־דייטש פאַרן פאָלק, און שפּעטער איז ער אַרויס אין אַ סך אויפלאַגעס. באַליבט און באַרימט אין פאָלק איז געווען נאָך אַ ספר פון דעם מין: „שבט מוסר“ פון ר׳ אליהו מאזמיר (תע״ב, די יידישע אויפלאַגע אין יאָר תצ״ב). די מחברים פון דעם מין ספרים פלעגן שעפּן זייערע געדאַנקען פון די געדרוקטע ספרים פון דער פּראַקטישער קבלה אָדער פון די שריפטן פון אר״י, וואָס זיינען דעמאָלט על־פּי רוב פאַרשפּרייט גע־וואָרן באַהאַלטענערהייט אין כתב־יד, וואָרעם די רבנים האָבן געהאַט פאַרבאָטן זיי צו פאַרעפנטלעכן.

נשמות וואָס בלאָנקען אַרום אין עולם התוהו און וועגן אַנדערע סודות פון דער פאַרבאָרגענער וועלט, וועגן די מופתים פון די מקובלים וכדומה.

אין דער דאָזיקער פאָלקסטימלעכער ליטעראַטור און אויך אין די דרשות פון די וואַנדער-מגידים זיינען געווען געבראַכט אַ סך מעשיות און מאמרים פון דעם „זוהר הקדוש" און פון די חיבורים פון דעם אר"י און פון רבי חיים וויטאַל. אָריענטאַלישער אַסקעטיזם און מרה-שחורהדיקע פאַנטאַזיע שפּאַרן אַרויס פון די דאָזיקע מאמרים און סיפּורים. אַז אַ ייד אָדער אַ יידענע פון דער מאַסע פלעגן לייענען די מוסר-ספרים אין אַ פרייער צייט, בפרט די שבתים, פלעגן זיי דאָרט געפינען אַזאַ מין „שטראָף-רייד":

„ווען דר מענש זאלטווישן וויא פיל מזיקים ושטנים הרפן (לאָקערן, לויערן) אויף זיין רביעית הדם דז איז זיין רעכט מאס בלוט וואש אין מענשן הערצן איז, וועלט קיין בן אדם גוויש קיין עבירה טאן אונ וועלט זיך משעבד זיין דעם גוף ונשמה... להקב"ה". —

„...זיינן עטליכי וייבר בייא אנגדר גזעסן אונ האבן גרעט אין ענייני (יראה ותשובה) ...וויא הקב"ה נעמט אָב דין וחשבון פון איטליכן מענשן. אונ היבט אן איין פרויא איין גלעכטר אונ שפעט אונ זאגט ווען איך ווער גישטארבן אונ מיר ווערט הש"י וועלן פרעגן ווארום האשטו די עבירה גטאן אזו ווער איך מיך שטום מאכן אונ ווער הש"י ניקש ענפערן. אבר עש איז ניט אויש גגנגן פיר וואכן איז די אשה שטום גווארן כמה שנים ביז אין אירן טוט"[1].

„דע — ווייש די לופט פון הימל ביז אויף די ערד אין חלל פון עולם זענן פול נשמות דרינן וואש מוזן שוועבן הין אונ ווידר וויל זי ניט קענן קומן אויף די צייט אין איר אורט וואו זי רואן זאלן. איין מאל איז האר"י ז"ל ארויש אויף דאש פעלד גגאנגן לערנן, אזו האט ער גזעהן אליינט דז אלי די בוים אונ דש גראז אונ אוך אויף דען באך וואש בייא דען פעלד איז גוועזן זענן לויטר נשמות פון לייט דרוף גיוועזן אלפים ורבבות. אזו האט זי רבינו יצחק לוריא ז"ל גפראגט וואש ביטייט דז זיך אַזו פיל נשמות האבן איין גזאמלט, אזו

1 „קב הישר", פּרק א' (ציטירט לויט דער יידישער איבערזעצונג פון דער אויסגאַבע נאָווי דוואָהר תקע"א). דאָס געפינט זיך אויך אין דעם ספר „יסוד יוסף" פון ר' יוסף מדובנא, וואָס דעם כ"י פון אים האָט דער מחבר פון „קב הישר" אויסגענוצט ווי אַ מקור.

האבן משיב געווען די נשמות, זיא זענן נדחה געווארן פון אירי ערטר וואו זי האבן זאלן אהין קומן אזו האט מן זי פר טריבן וייל זי האבן קיין תשובה גטאן אונ האבן איר חברים אוך אפ גירעט זי זאלן קיין תשובה טאן. אבר איצונד האבן זי איין בת קול גיהערט דז אוף דיא ערד איז איין צדיק היישט רבי יצחק לוריא דר האט כח אונ רשות אין זייני הענט מתפלל צו זיין דז די נשמות זאלן אין אירם רוא קומן, דרום האבן זיך פר זאמלט די נשמות אלי צו ר' יצחק לוריא צו ביטן אים אום הילף. אזו היבט ר' יצחק לוריא אן צו די נשמות, ער וויל זי העלפן, און וואש ער ווערט קענין תפלה טאן דז די נשמות זאלטן אין אירם רוא קומן"[1].

„וואש ביטרעפט דש (גיהנם של מטה) דש זעלביגז איז איין זער גרוש אורט, דז אין זיך האט פיל מאל צעהן טויזנט אוני אי מער (רשעים) אי אריין קומן, א מער אז זיך דש (גיהנם) דר ווייטערט [ווערט ברייטער]; אוני זיינן דארטן פיל ארלייא וואונונג [מדורות] אייני שווערך. אז די אנדרי. צו ריכטן דארטן איין איטלכן נאך זיין פר דינשט נאך... אוני דש פייאר וואש דארטן איז דש זעלביג איז זעכציג מאל זוא היים אז דז פייאר פון דיזר וועלט... אוני עש זיינן דארטן קולן אז דיא גרעשטי בערג אין דר וועלט, אוני ווערן אויך גפונגדן אין (גיהנם) בעך דיא ארויש קוועלן פון דעם (תהום), פון שוועבל אוני פעך, אוני זיינן דארטן פיל ארלייא אונטר שידליכי (מזיקים) אוני מלאכי חבלה דיא גאר אב שייליך זיינן צו שטראפן דיא (רשעים), אוני דש זיינן פילייכט דיא (מזיקים) דיא ער באשאפן האט מיט זייני בידי (מעשים), זונדיר די (ממונים) דיא שון אן גברייט זיין צו שטראפן דיא (רשעים) פון דעסט מאל אן אז דש (גיהנם) איז בשאפן גווארן. אוני זיא שלאגן דעם (גוף) מיט אב שייליכי (מכות), איין טייל הענגט מן אויף אוני ווערגט זיא, איין טייל ווערן דר שלאגן אונ גווערגט, איין טייל שטעכט מען דיא אויגן אויז, איין טייל ווערן אויף גיהאנגן אן דעם ווערבל פון איר קאפף, אלז נאך די שווערהייט פון דיא (עבירות) וואש זיא גטאן האבן"...[2]

1 קב הישר פרק ה'.

2 שבט מוסר, פרק כ"ו, ציטירט לויט יידישער איבערזעצונג פון דער אמסטערדאמער אויסגאבע 1732. לויטן אלטן שטייגער זיינען דא אלע לשון־קודש־ווערטער אריינגעשטעלט אין קלאמערן, אבער מען מוז זיי לייענען מיטן גאנצן טעקסט.

„וויא צו דעם דער ניט דענקט דש ער נאר ערד איז און' מוז ווידר קערין צו דער ערד; וויא צו דעם דר ניט דענקט אן דעם שרעקן פון דעם (מלאך המות), וויא צו דעם דר ניט דענקט אן דעם ווען אים זיין (נשמה) ווערט אויז גין, וויא דעם דער ניט דענקט אן דעם (צער פון חיבוט הקבר); וויא דעם דר ניט דענקט אן דעם (צער) פון דיא ווערמר, וויא דעם דער ניט דענקט אן דען (יום הדין), וויא דעם דער ניט דענקט אן די גריכט פון (גיהנם), וויא דעם דער ניט דענקט אן דיא פאר ענדליכי (מיתות) און' דש ער ווידר ווערט מוזן אויף דער וועלט בשאפן ווערדן". — „נון צו איין מענש דז אים זאלכיז קאן צו קומן... וויא זאל ער זיך האפרטיג הלטין מיט זיין גרושן רייכטום,... אונ וויא זאל ער זיך לוסטיגן מיט זיין גוטיך... און' וויא זאל ער גלושטן שפאצירן צו גיין אין גערטן אין בוים גערטן... און וויא זאל ער אויז ציהן זייני ביין... און' וויא זאל ער דער פילן זיין מויל מיט גלעכטר, וויל אל דז דאזיגי פון אים קאן פר מיטן ווערדן, וועלכש אים דער נאך נאך מער (צער) און' טרואריקייט צו פיגן טוט"... [1]

אזוי פלעגט מען דאס זאגן „מוסר" דעם פאלק. די יידישע מאסע, וואס האט געלעבט אין פיין און געליטן גיהנמדיקע יסורים אויף דער וועלט, פלעגט מען שטענדיק שרעקן מיט גיהנם אויף יענער וועלט. די דאזיקע מאסע, וואס האט זיך געפונען צווישן מלאכי חבלה, אנגעטאן אין יעזוויטן-רעק און אין בריצישע זשופאנעס, פלעגט מען נאך צוסטראשען מיט מלאכי חבלה פון א פארבארגענער וועלט. פון דער דאזיקער מאסע האט מען נאך געפאדערט, זי זאל זיך אפזאגן פון די מ׳שטיינס געזאגט „תענוגי עולם הזה", וואס זיינען נאך פאר איר געבליבן. די אסקעטישע קבלה האט פארפינסטערט דעם פאלקס-גייסט, וואס איז שוין סיי ווי געווען טונקל. דער ייד, וואס איז אין זיין רעליגיעזן לעבן געווען באלאדן מיט א געוואלדיקן פאק מצוות און מנהגים, האט נאך געמוזט שלעפן אויף זיין אקסל די משא פון דעם „מוסר" פון די מקובלים, וואס האבן פון אים געפאדערט אייביקן טרויער, תשובה, אסקעטיזם און גוף-פייניקונג.

די אסקעטישע קבלה האט געגעבן אכטונג אויפן „חיזוק-הדת", אז די מצוות זאלן אפגעהיט ווערן לויטן גייסט פון די רבנים די מחמירים.

---

1 שבט מוסר פרק ד' און ג'.

פאר איטלעכער קליינער עבירהלע האבן די מקובלים געסטראשעט מיט יסורים פון גיהנם און פלעגן אויף די „זינדיקע" ארויפלייגן הארבע „תקוני־תשובה". „מיין רבי זכרונו לברכה — דערציילט איי־נער פון דעם ארי"ס תלמידים — האט געזען איינעם א מענטשן, וואס איז געשטארבן מיט כמה יארן צוריק, וואס מען האט אים באשטראפט, ווייל ער איז איין מאל ניט געווען אפגעהיט אום שבת: עס איז אריין א ביסל אש אין זיין שוך, אומגערן, און ער איז ניט געווען געהיט און איז ארויס אין רשות הרבים, און איז דערפאר געשטראפט געווארן" [1]. איינער פון די שטארקסטע שרעק־מיטלען איז געווען די טעאריע פון די גילגולים, וואס די מקובלים האבן געלערנט. „ווער עס האט די הענט ניט געוואשן (פארן עסן), איז געווארן מגולגל אין וואסער; דער וואס גיט צו עסן טרפות און נבלות יידן, דער ווערט מגולגל אין א בלאט פון א בוים, און דער ווינט קומט און קייקלט אים ארום, און דאס איז א גרויסער ווייטאג". פאר בעל־עבירהניקעס, וואס האבן געוואלט אפקומען פאר זייערע זינד אויף דער וועלט, זיינען געווען איינגעשטעלט הארבע תיקוני־תשובה. ווער עס האט געטרונקען יין נסך, איז זיין תיקון געווען דריי און זיבעציק תעניתים; א קליינע עבירה אין דינים פון צניעות האט מען געמוזט מתקן זיין מיט א סך תעניתים [2]. פון די געבראכטע ביישפילן זעען מיר, אז דער אסקעטישער מיסטיציזם האט מיטגעהאלפן דער רבנישער ארטאדאקסיע אין פרט פון שווערער מאכן דעם רעליגיעזן יאך אויפן פאלק.

אזוי ארום איז דער מיסטיציזם געקומען צו א קריזיס־צושטאנד: אין זיין משיחישער פארמע האט ער באנקראטירט אין די מעשים תעתועים פון די שבתי־צביניקעס, און אין זיין אסקעטישער פארמע איז ער געווארן מער ניט ווי א געצייג אין די הענט פון די רבנים, וואס האבן געזוכט צו פארפעסטיקן זייער מעמד און צוצוציען די מאסע דורך די סתרי תורה. אבער דאס רוב פון פאלק האט ניט געפונען

1 „נגיד ומצוה" פון ר' יעקב חיים צמח (די ערשטע אויסגאבע 1726), לובלין 1881, עמוד מ"ה.

2 „ספר הגלגולים" פון ר' חיים וויטאל (געדרוקט צוערשט אין יאר תמ"ד) ווילנע 1885, ז' 136; זע אויך „שבט מוסר" פרק י"ד; „נגיד ומצוה" ז' 76; זע „אבן אופל" פון דוד כהנא, „השחר", 1874, ז' 503.

קיין באַפרידיקונג אין דער דאָזיקער תורה, וואָס האָט נאָך צוגעגעבן צו דעם יאָך פון דער רבנות נאָך דעם יאָך פון דער קבלה. דעם פאָלק האָט אויסגעפעלט לופט צום אָטעמען אין אָטאָ דער באַפעס־טיקטער מויער; זיין פשוטער רעליגיעזער געפיל האָט ניט געקאָנט אַריבערטראָגן אָט דעם תפיסה־רעזשים, וואָס די אָפיציעלע וועכטער פון דער רעליגיע האָבן איינגעשטעלט אין זייער תורה אין נגלה און אין נסתר. פאַר דעם מאַסן־מענטש, דעם געדריקטן און געפייניקטן, איז דער „עול־תורה" געווען ניט ווינציקער שווער, ווי דער „עול דרך ארץ". דער מיטעלער ייד האָט ניט געקאָנט קריגן קיין באַפרידיקונג פאַר זיין רעליגיעזן געפיל, ניט אין דער טרוקענער פאָרמאַליטעט פון דעם תורה־לערנען און דעם קיום המצוות און אויך ניט אין אַסקעטיזם און פייניקונג פון די מקובלים. ער האָט זיך געניטיקט אין אַ פשוטן גלויבן, וואָס דערוואַרעמט די נשמה, וואָס מען קאָן אין אים געפינען טרייסט און פאַרגעסעניש פון די צרות פון לעבן. דער מאַסן־ייד האָט געזוכט אויסלייזונג פון זיינע אייגענע צרות ווי אַ יחיד, און ניט נאָר פון די צרות פון כלל ישראל. די משיחישע אויפרעגונגען און די גרויסע האָפענונגען האָבן אָפגעשוואַכט זיין כוח: עס האָבן אים געקלעקט די יסורים פון זיין פריוואַטן לעבן. ער האָט געגאַרט נאָך ביטול היש, נאָך אַ גלויבן, וואָס וואַרפט אָן אַ שלאָף, נאָר ער האָט ניט געוואָלט האָבן קיין שלעכטע חלומות. און אויף דער דאָזיקער באַדערפעניש פון דער יידישער מאַסע האָט זיך אָפגערופן די חסידות.

---

## § 6. היסטאָרישע פערספעקטיווע.

ווען מיר פאַרגלייכן דעם מצב פון יידן אין פוילן און ליטע אין דער ערשטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט מיטן מצב פון יידן אין מערב־אייראָפּע אין יענער תקופה, וועלן מיר אויפן ערשטן קוק ניט דערקענען קיין באַזונדערס בולטע אונטערשיידן. אין מערב איז נאָך אין יידישן סאָציאַלן לעבן געווען פעסט די אַלטע אָרדענונג פון אונטערדריקונג און קנעכטשאַפט, און אין רעליגיעזן לעבן האָבן געהערשט דער רביניזם און די קבלה. די גייסטיקע ירידה איז דאָ דייטלעכער צו זען. דער רביניזם באַפרידיקט ניט ווי געהעריק דעם

רעליגיעזן געפיל, און די קבלה, וואָס איז פאַרשוועכט געוואָרן דורך דער שבתי־צבי־באַוועגונג, דערוועקט חשד (נחמיה חיון, משה חיים לוצאַטאָ, יהונתן אייבשיץ). די משיחישע באַוועגונגען פון די פריערדיקע תקופות און דער יאוש, וואָס איז געקומען נאָך זיי, האָבן איבערגעלאָזט אין יידנס האַרץ אַ פוסטקייט, וואָס מען האָט זי באַדאַרפט אָנפילן מיט אַ נייעם אינהאַלט.

וואָס האָט דער דאָזיקער אינהאַלט באַדאַרפט זיין? דאָ הייבט זיך אָן דער אונטערשייד צווישן די טיילן פון יידישן פאָלק אין מערב און אין מזרח. אין מערב ווערט בהדרגה פאַרענדיקט דער פויל־פּראָצעס פון די אַלטע לעבנס־פאָרמען, סיי אין דער יידישער געזעלשאַפט און סיי אין דער קריסטלעכער געזעלשאַפט. די גרונטפעסטן פון דער „אַלטער אָרדענונג" („אַנסיען רעזשים") זיינען שוין געווען צעטרייסלט. מען איז שוין געווען געקומען צום סוף פון דער מיטלעלטערלעכער נאַכט, און אין דער שיטערער ווערנדיקער פינסטערניש האָט מען שוין געקאָנט דערקענען דעם נאָענטן באַגינען. עס וועט אַוועק אַ דור צוויי — און ביים פרימאָרגן־שיין פון דער אייראָפּעישער פרייהייט וועלן זיך עפענען די ענגע געטאָ־טויערן, און אַ שטראָם פרילינג־לופט וועט זיך אַריינרייסן דורך זיי, און מיט אַן אויסגעגלייכטן רוקן וועט דער ייד זיך לאָזן גיין אַנטקעגן אַ נייעם לעבן און נייע אידעאַלן (וואָס וועלן אים, אגב, אַוועקפירן ווייט פון דער נאַציאָנאַלער יידישקייט). דער אָנהייב פון אָט דעם באַנייונגס־פּראָצעס איז אָנגעשטאַנען צווישן די מערב־יידן אין דער צווייטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט, אין דער צייט פון מענדעלסאָן און פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, און זיין סוף איז געווען אין 19טן י"ה, סיי אין זיין פּאָזיטיווער, סיי אין זיין נעגאַטיווער פאָרם.

אַן אַנדערע איז די פאַרענדערונג, וואָס האָט באַדאַרפט פאָרקומען אין מזרח־אייראָפּע. מחמת געוויסע היסטאָרישע סיבות האָט דאָ דער דעגענעראַציע־פּראָצעס פון די אַלטע לעבנס־פאָרמען געמוזט ציען זיך נאָך אַ גאַנצן יאָרהונדערט, ביז ער האָט געבראַכט צו דער שאַפונג פון אַ נייער קולטור־אָרדענונג. אין דער גוססדיקער פוילן און אין רוסלאַנד, וואָס האָט באַדאַרפט זי אָפּירשען, האָט די יידישע מאַסע געלעבט צווישן פעלקער, וואָס זייער קולטורעלער צושטאַנד איז געווען גענוג נידעריק. די פּוילישע און רוסישע יידן גופא, וואָס האָבן בכלל פאַרשפּעטיקט אַרויסצוטרעטן אויף דער געשיכטלעכער אַרענע אין פאַר־

גלייך מיט די מערב־אייראָפּעישע ייִדן, זיינען נאָך ניט געווען אַראָפּ פון זייער מיטלעלטערלעכער אַנטוויקלונגס־סטאַדיע. דאָ איז ניט געווען אינגאַנצן בטל דער כּוח פון דער „אַלטער אָרדענונג“. אויב געוויסע פאָרמען אירע האָבן שוין געהאַלטן ביי אונטערגיין, האָט זי דאָך נאָך געהאַט כּוח צו שאַפן נייע פאָרמען פון דעם מין, אָן צו בייטן איר עצם מהות. אויב די רבנות איז אין דער ערשטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט אָפּגעשוואַכט געוואָרן אין פּאָדאָליע, וואָלין און גאַליציע, איז איר מעמד אין ליטע און רייסן געווען נאָך זייער פעסט. אויב דער מיסטיציזם, אין גייסט פון דער פּראַקטישער קבלה, אָדער פון דער שבתאות, האָט אויפגעהערט צו באַפרידיקן דעם רעליגיעזן באַדאַרף פון פאָלק, פּונקט ווי עס האָט אים ניט באַפרידיקט דער רבנישער ריטואַליזם, האָט מען געקאָנט שאַפן אַנדערע מיסטישע פאָרמען, מער צוגעפּאַסט צום פאַרענדערטן גייסט צושטאַנד. אין דעם יידישן קיבוץ אין פוילן און רוסלאַנד זיינען נאָך געווען פאַרבאַהאַלטן אַ סך אָריגינעלע שאַפונגס־כּוחות, וואָס האָבן איר געגעבן די מעגלעכקייט אָנצופילן די גייסטיקע פוסטקייט פון די אייגענע אוצרות, ניט אָנצוקומען צו אויסווייניקסטער הילף. און דעריבער איז בעת די מערבדיקע יידן זיינען גרייט געווען מיטגעשלעפּט צו ווערן מיטן שטראָם פון דער נייער קולטור־באַוועגונג פון די אייראָפּעישע פעלקער, האָט צווישן זייערע ברידער אין מזרח־אייראָפּע אַרויסגעשפּראָצט אַ גייסטיקע באַוועגונג, וואָס איר ציל איז געווען צו באַנייען דאָס אַלטע אין הסכם מיט די באַדערפענישן פון די פאָלקס־מאַסן און נאָך מער צו פאַרפעסטיקן די שייד־וואַנט צווישן יידן און די איבעריקע פעלקער. די דאָזיקע אייגנאַרטיקע באַוועגונג איז דערוועקט געוואָרן דורך דער חסידות.

דער חסידיזם אין זיין גאַנצן פאַרנעם איז איינע פון די וויכטיקסטע און אָריגינעלסטע ערשיינונגען לאו די וואָס אין דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, נייערט אויך בכלל אין דער אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון אַלע רעליגיעס. ס׳איז שוין אויבן געווען געזאָגט, אַז דער חסידיזם איז ניט אויסן געווען צו רעפאָרמירן די עיקרים פון דער רעליגיע אָדער אירע מנהגים: ער האָט געשטרעבט צו אַ טיפערער רעפאָרמע, אויסצובעסערן די נשמה. דורך אַ מעכטיקער פּסיכישער השפּעה האָט דער חסידיזם געשאַפן אַ טיפּ פון אַ מאמין, וואָס דער געפיל איז פאַר אים וויכטיקער, ווי דער אויסווייניקסטער מנהג, די רעליגיעזע

דבקות און התלהבות האָט פאַר איס אַ גרעסערן באַטייט, ווי די חקירה און דאָס לערנען די תורה. דאָס איז געווען אַ רעאַקציע קעגן די עקסטרעמען פון דער רבנות און דער קבלה.

די חסידות האָט זיך אויך אָפּגערופן אויף דער פּיין און אַ נטער־דריקונג אין דעם יידישן סאָציאַלן לעבן, און אויך דער דאָזיקער אָפּרוף איז אינגאַנצן אַ סוביעקטיווער. די חסידות האָט ניט אָפּגעשאַפט און ניט געקאָנט אָפּשאַפן די יידישע פאַרקנעכטונג און די רעכטלאָזיקייט, אָבער דורך איר פּסיכישער השפעה האָט זי געבראַכט אידע אָנ־העננער דערצו, זיי זאָלן ווינציקער שפּירן די קנעכטשאַפט און גלות. זי האָט געטרייסט די געפּייניקטע און געדריקטע מיט דעם געדאַנק, אַז זיי שטייען העכער פאַר זייערע פּייניקער און אונטערדריקער, אַז אין דעם אייבערשטנס אמתער וועלט זיינען זיי פרייע מענטשן, אויף יענער וועלט איז דער פאַראַכטער ייד דער האַר, און דער פּריץ וואָס פאַראַכט אים—זיין קנעכט. די חסידות האָט געהאַלטן פאַר אַ האַרבן חטא עצבות, טרויער, עקסטרעמען אַסקעטיזם און האָט אַריינגעגעבן אין די מאמינים גייסטיקע תקיפות און לעבנס־פרייד. באַוואָפנט מיט אַזעלכע מעכטיקע פּסיכישע באַוועג־קרעפטן, מיט דער רעליגיעזער דבקות און מיט דער פאַרהייליקונג פון „צדיקים" אָדער „גוטע יידן", האָט די חסידות געמאַכט דיווירקלעכע וועלט צו אַ פאַנטאַזיע און די פאַנטאַזיע צו ווירקלעכקייט, און דעריבער האָט זי נעקאָנט אַריינ־טראָגן אין דעם חסידס נשמה אַלץ, וואָס זי האָט געוואָלט. דורך דער חסידות איז דעם יידן „ליכטיקער געוואָרן אין האַרץ און פינסטערער אין מוח".

„דונקלער ווירד עס דיר אים קאָפּף,
„העלער ווירד עס דיר אים הערצן".

(ה י י נ ע).

אין אָט דעם אויסטערלישן וועלט־קוק זיינען אויסגעמישט ליכטיקייט און פינסטערניש, אמת און משונהדיקע פאַנטאַזיע. אָבער דאָס חושכ־דיקע לעבן פון די פּוילישע און רוסישע יידן אין יענער צייט האָט ניט געקאָנט אַרויסברענגען קיין בעסערע פּרוכט.

ווייל די חסידות האָט זיך אָפּגערופן אויף די טיפע באַדערפענישן פון דער אונטערדריקטער פערזענלעכקייט, האָט זי אין משך פון אַ קורצער צייט געהאַט אַ וואונדערלעכן אויפשטייג. זי שלינגט אַריין אין

זיך איינגאַנצן די קבלה, גייט אַרויס מיט ניצחון פון איר שווערער, פאַרשלעפּטער מלחמה מיט דער רבנות און טרעט נאָך אַריין אין מלחמה קעגן די גדאַנקען פון דער נייער אויפקלערונג פון יענעם דור. אין איר אינעווייניקסטער אַנטוויקלונג ווענדט זיך די חסידות אָפּ אין פאַרשיידענע זייטן און פאַרענדערט אירע פאָרמען וועדליג דער פאַרשיידנקייט פון דער סביבה און פון די תנאים פון אָרט און צייט. זי ברענגט אַרויס פון זיך שעפער, העלדן פון גייסט און הייליקע, אָבער אויך פאַרפירטע און פאַרפירערס, אָפּנאַרערס און געלט־רייסערס. זי צעצווייגט זיך אין פאַרשיידענע שיטות און טראָגט אַריין אַסך פון איר אייגנס אין אַלע לעבנס־קרייזן. אויסצופאָרשן אָט די אַלע געדאַנקען און פאַקטן אין זייער גאַנצן פאַרנעם און ברענגען זיי אין אַ צוזאַמענהענגעדיקן סדר — דאָס איז די אויפגאַבע פון דער געשיכטע פון חסידיזם.

---

§ 7. דער סדר פון דער געשיכטע פון חסידיזם, אירע מקורים, און ווי אַזוי דאַרף מען זיי פאָרשן.

לויט דער צייט באַדאַרף מען אַיינטיילן די געשיכטע פון חסידיזם בכלל אין צוויי טיילן, וואָס איינער פון זיי נעמט אַרום דעם 18טן יאָרהונדערט און דעם אָנהייב 19טן יאָרהונדערט ביזן יאָר 1815 (תקע"ה), וואָס איז בכלל אַ יאָר פון גרויסע שינויים אין דער געשיכטע פון אייראָפּע, און דער צווייטער טייל נעמט אַרום דעם 19טן יאָרהונדערט פון דעם יאָר און ווייטער. אין דער צווייטער העלפט פון פון 18טן יאָרהונדערט בליט די חסידות אַרויס און פאַרשפּרייט זיך; אין 19טן יאָרהונדערט דערגרייכט זי צוערשט דעם העכסטן פונקט פון איר אַנטוויקלונג אין כמות. אָבער דערנאָך שטייען אָן פאַר איר צייטן פון פאַוואָליעדיקער ירידה. אַזוי אַרום ווערט די געשיכטע פון חסידיזם אין אירע פּרטים אַיינגעטיילט אין פיר תקופות:

א) די תקופה פון שפּראָצונג (1740—1781, ת"ק — תקמ"א). זי נעמט אַרום די טעטיקייט פון דעם באַגרינדער פון חסידות, ר' ישראל בעש"ט, און פון זיינע ערשטע תלמידים, ר' בער מעזריטשער און ר' יעקב יוסף פּולנאָהער, און די ערשטע יאָרן פון קאַמף צווישן די חסידים און די רבנים.

ב) **די תקופה פון וואוקס און פאַרשפּרייטונג** (1782—1815, תקמ"ב—תקע"ה). אין דער דאָזיקער תקופה פאַרשפּרייט זיך די חסידות באַזונדערס גיך צווישן די פאָלקס־מאַסן. די חסידים הערן אויף צו זיין אַ „כת" און נעמען איין דעם גרעסטן טייל קהילות אין מזרח־אייראָפּע. עס צעצווייגן זיך די **צדיקישע דינאַסטיעס**, און דורכדעם פאַרמערן זיך די פאַרשיידענע באַזונדערע חסידישע צענטערס. עס פאַרענדיקט זיך די מלחמה צווישן די חסידים און **מתנגדים**, און די רעליגיעזע שפּאַלטונג בלייבט אַ פעסט איינגעשטעלטע.

ג) **די תקופה פון פאַרשטאַרקונג פון צדיקיזם** און דער קאַמף קעגן דער השכלה (1815 — 1870, תקע"ה — תר"ל). די חסידות ווי אַ שיטה ווערט פּאַוואָליע איינגעשלונגען דורך דעם קולט פון צדיקיזם, וואָס פאַלט אַליין נידעריקער אין זיין גייסטיקער ווערדע, פאַרפינסטערט די שיין פון שכל אין יהדות און דערוועקט אַ פאַנאַטישע שנאה צום פרייען געדאַנק פון די נייע משכילים.

ד) די תקופה פון אַבסאָלוטער ירידה (פון 1870 — תר"ל ביז דער נייסטער צייט). די אייראָפּעישע בילדונג רייסט זיך אַריין דורכן מויער פון דער חסידות און מאַכט אין איר איין בראָך נאָכן אַנדערן. דער גייסט פון דער אַלגעמיינער וויסנשאַפט און די נייע העברעישע און יידישע ליטעראַטור צעשטערן אין יונגן דור דעם חסידישן וועלט־קוק. די חסידות איז נאָך שטאַרק צווישן די מאַסן, גרויס איז נאָך די פאַרערונג פון די צדיקים; אָבער ניט דער חסידיזם און ניט דער צדיקיזם פאַרמאָגן שוין ניט מער קיין **גרויסע מענטשן**. דער שאַפונגס־כוח פון דער חסידות האָט זיך פון איר אָפּגעטאָן. עס איז די צייט פון איר עלטער. לעבן דער רבנות קאָן נאָך די חסידות זיך האַלטן ווי אַ צווייטער זייל פון אַ קולטור, וואָס איר צייט איז שוין אַריבער, ביז די צווי זיילן אין איינעם וועלן ווערן איבערגעאַנדערשט דורך די מעכטיקע היסטאָרישע שטראָמען.

דאָ זיינען מיר געקומען צו אַ **גרונט**־פראַגע אין אונזער אַרבעט: צו דער פראַגע פון דער **מעטאָדאָלאָגיע** און **מקורים־קריטיק**, דאָס הייסט צו דער פראַגע, — ווי אַזוי צו פאָרשן און אויף וואָסער פונדאַמענט צו בויען. ביז אַהער האָבן דאָס רוב פאָרשער זיך פאַרנומען מיט דער חסידות און מיט אירע לעגענדעס מער פון זייער רעליגיעזער, עטישער און פאָעטישער זייט, איידער מיט איר גע־

שיכטע און מיט די וועגן פון איר פאַרשפּרייטונג. די דאָגמאַטישע שיטה האָט אַריבערגעוואויגן איבער דער היסטאָרישער. מען פלעגט זיך גראָבן אין דער חסידישער ליטעראַטור, אין דער תורה פון די צדיקים און אין די פאָלקס־לעגענדעס וועגן זיי, און מען האָט ניט געקוקט דערויף, וואָס די דאָזיקע ליטעראַטור איז געשאַפן געוואָרן אין פאַרשיידענע צייטן און בײַ פאַרשיידענע תנאים דורך מחברים, וואָס נאָר דער קלענסטער טייל פון זיי האָבן אַליין געשריבן זייערע ספרים, בעת די איבעריקע זיינען געשריבן געוואָרן דורך שפּעטערע מחברים, וואָס האָבן אויך זייערע ספרים געשטעלט דעם נאָמען פון איינעם פון די „ראשונים“. ניטאָ נאָך אַזאַ ליטעראַטור, וואו די פעלשונג זאָל אַזוי אַריבערשטייגן דעם אמת אין פּרט פון פריער און שפּעטער, ווי די חסידישע ליטעראַטור, וואָס אין איר ווערט די ווירק־לעכקייט ממש דערטרונקען אין אַ ים פון פאָלקס־לעגענדעס, וואָס ברענגען צו אַן אויסמישעניש פון פאָרמען און שיטות, צייטן און ערטער. מחמת אָט דער דאָזיקער אויסמישעניש קאָן מען אָפּשילדערן די לעגענדאַרע געשטאַלט פון איטלעכן „צדיק“ און זיין תורה, וועדליג זי האָט זיך אויסגעמעלט אין דער פאָלקס־פאַנטאַזיע; דער היסטאָריקער אָבער איז דאָך מחויב אויפצוקלערן, ווי ווייט דאָס איז מעגלעך, די אמתע געשטאַלט פון איטלעכן פון די באַשעפער פון חסידות און זיין קוק אויף דער וועלט, פון זיין צייט און זיין סביבה, צו אונטערשיידן צווישן מעשים און מעשיות, צווישן לעגענדעס, וואָס עס שטעקט אין זיי אַ היסטאָרישער קערן, און צווישן גלאַט מעשיות, וואָס עס האָבן פאַרפאַסט לייכטגלויביקע מענטשן, צווישן אָריגינעלער תורה און צווישן דער פלאַפּלעריי פון חשודיקע „מלקטים“, וואָס רופן אָן אַ באַרימטן נאָמען אויף זייערע אייגענע חיבורים, כדי צו העכערן זייער פּרייז [1].

דער היסטאָריקער, וואָס קריטיקירט און פאָרשט אויס דעם היסטאָרישן מאַטעריאַל, מוז זיך נוהג זיין לויטן אַלטן יורידישן כלל: „לויט צוויי עדות אָדער לויט דריי עדות מוז אַ זאַך באַשטעטיקט ווערן“. און אין אַ היסטאָרישער אויספאָרשונג איז, פונקט אַזוי ווי אין אַ געריכטלעכער אויספאָרשונג. באַזונדערס וויכטיק צוליב אויפקלערן

---

1 זע די קריטיק פון די מקורים אין דער „הספה נימער 1“ אין צווייטן באַנד.

דעם אמת דאָס עדות-זאָגן פֿון צוויי געגנערישע צדדים. בכּן, מוזן מיר אַנטקעגנשטעלן קעגן אַנאַנד די חסידישע ליטעראַטור און די ליטעראַטור פֿון די „מתנגדים“ (אין דער ערשטער תּקופֿה די רבנישע פּאָלעמיק און דערנאָך די השׂכּלה-ליטעראַטור). אָבער בעת די ספֿרים פֿון די חסידים, די עכטע און די געפֿעלשטע, זיינען שוין געדרוקט [1], איז די מתנגדישע ליטעראַטור פֿון די רבנים צום גרעסטן טייל געבליבן אין כּתב-יד, און אויך דאָס ביסל וואָס איז בשעתו געדרוקט געוואָרן פֿלעגן די פֿאַנאַטיקער פֿון דער חסידות באַרטיליקן, צונויפֿנעמען און פֿאַרבּרענען די ספֿרים מיט דאָקומענטן און פּאַמפֿלעטן קעגן דער „כּת“ (ווי דעם ספֿר „זמיר עריצים וחרבות צורים“ פֿון יאָר תּקל"ב, דעם „ספֿר הוויכּוח“ פֿון ר' ישׂראל לייבל פֿון יאָר תּקנ"ח אאַז"וו), ביז זיי זיינען געוואָרן זעלטנהייטן. אַלע די כּתבֿים פֿון דעם מין האָבן זיך ביי מיר אָנגעקליבן אין משך פֿון אַ סך יאָר [2] און האָבן צוגעשטעלט דעם גרעסטן טייל פֿון דינאַמישן מאַטעריאַל אין מיין בוך, דאָס וואָס איז שייך צו דער געשיכטע פֿון דעם קאַמף צווישן חסידים און מתנגדים אין די ערשטע תּקופֿות. צום סוף זיינען צוגעקומען זאַמלונגען פֿון דאָקומענטן פֿון די אַרכיוון פֿון דער רוסישער רעגירונג, פֿון יענער צייט, ווען זי האָט זיך אַריינגעמישט אין דעם רעליגיעזן קאַמף (1798 — 1801). די פּאָלעמישע השׂכּלה-ליטעראַטור איז על-פּי-רובֿ פֿאַראַן געדרוקט, אין העבּרעיש און אין אַנדערע שפּראַכן, אָבער אויך דאָ זיינען געבליבן עטלעכע רעשטלעך אין כּתב-יד [3].

די פֿאָרש-מעטאָדע איז אין דאָזיקן בוך אַ צוויי-זייטיקע: די מעטאָדע פֿון וויסנשאַפֿטלעכן אַנאַליז און סינטעז. דאָ איז ניטאָ קיין באַזונדער נטיה, אָפּצושאַצן דעם חסידיזם צום גוטן אָדער צום שלעכטן, ווי מיר זעען דאָס געוויינטלעך אין אונזער ליטעראַטור, נאָר עס איז פֿאַראַן דאָ אַ היסטאָרישע אָפּשאַצונג לויט די רעזולטאַטן פֿון דער באַוועגונג. פֿאַראַן דאָ נאָר איין שטרעבונג: אויפֿצוקלערן דעם אַנט-

1 חוץ די „אגרות הבעש"ט ותלמידיו“ (די בריוו פֿון בעש"ט און זיינע תּלמידים), וואָס זיינען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין די לעצטע יאָרן, אָבער זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן צום גרעסטן טייל געפֿעלשט, ווי דאָס וועט ווייטער אויפֿגעוויזן ווערן (פֿערטע הוספֿה).

2 זע די אויבן דערמאָנטע הוספֿות, § 3.

3 דאָרט, הוספֿה 1 און 3.

װיקלונגס־גאַנג פון דער חסידישער באַװעגונג אין דער קייט פון די דורות, באַװייזן אירע מעלות און חסרונות, איר עליה און ירידה אין צוזאַמענהאַנג מיט די געשעענישן פון דער שטורעמדיקער תקופה פון די לעצטע צוויי יאָרהונדערטער אין דער ידישער געשיכטע.

# דאָס ערשטע בוך

# די תקופה פון שפּראַצונג און די ערשטע מחלוקתן

(1780 – 1740)

## ערשטער קאַפּיטל

# דער אָנהייב פון חסידיזם: דער בעל־שם טוב און דער צענטער אין פּאָדאָליע

(ביז צום יאָר 1760)

### § 8. דער בעש״ט אין געשיכטע און לעגענדע.

דורך אַ נעפּל קוקט צו אונז אַרויס די היסטאָרישע געשטאַלט פון דעם באַשעפער פון דער חסידות, דורך אַ נעפּל פון וואונדער-מעשיות, וואָס די פאָלקס-לעגענדע האָט מיט זיי באַקרוינט דעם קאָפּ פון איר באַליבטן העלד. אַ געדיכטער שלייער, אויסגעוועבט אין דער פאַנטאַזיע פון די מענטשן פון זיין דור און פון די שפּעטער-דיקע דורות, פאַרשטעלט פאַר אונזערע אויגן די אמתע געשטאַלט פון בעש״ט, אַזוי אַז צייטנווייז דוכט זיך אונז, אַז ער האָט גאָר קיין מאָל ניט עקסיסטירט ווי אַ לעבעדיקער מענטש, אַז דאָס איז נאָר אַן אויסגעטראַכטער נאָמען, וואָס מען האָט אים צוגעבונדן צו דער רעליגיעזער באַוועגונג, וואָס האָט אויפגעטרייסלט די יידישע וועלט. אמת איז אָבער, אַז די וואָס האָבן אַ ידיעה אין דער ליטעראַטור פון דער צייט וועלן ניט קומען צו אַזאַ נאַרישקייט, צו לייקענען אין דערווירקלעכער עקסיסטענץ פון בעש״ט: חוץ זיינע תלמידים און חברים, זאָגן דאָך נאָך עדות אויף אים אַ סך פון זיינע בני דור, וואָס זיינען געווען קעגנער פון זיין תורה, הגם אין זייער עדות-זאָגן זעען מיר נאָר אַ בלאַסן אָפּשיין פון דעם באַגרינדער פון חסידות (ווייטער § 13).
אַפילו אויב מיר לייענען אויפמערקזאַם די לעגענדאַרע ביאָגראַפיע פון בעש״ט, קאָנען מיר אין איר אַנטפּלעקן די געשטאַלט פון אַ לעבעדיקן מענטשן, וואָס קריגט השפּעה פון זיין סביבה און איז אַליין אויף איר משפּיע, און אויך אַ געטריי בילד פון דער סביבה אין אוקראַינע אין 18טן יאָרהונדערט.

פינף און פופציק יאָר נאָך דעם בעש"טס טויט איז פאַר־עפנטלעכט געוואָרן אין דרוק אַ בוך, וואָס דערציילט זיין לעבנס־געשיכטע אין אַ לעגענדאַרער פאָרם („שבחי הבעש"ט"), פונקט ווי דאָס ערשטע עוואַנגעליע־בוך איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין צוויי דורות אַרום נאָך יעזוס קריסטוסעס טויט. דער אופן, ווי אַזוי די לע־גענדאַרע ביאָגראַפיע איז געשאַפן געוואָרן, איז איינער און דער זעל־ביקער אין ביידע תקופות, וואָס זיינען ווייט פון אַנאַנד 17 הונ־דערט יאָר. אין משך פון צענדליקער יאָרן ווערן פאַרשפּרייט צווישן פאָלק וואונדער־מעשיות וועגן דעם פּאָדאָליער ייד, פונקט ווי אַמאָל וועגן דעם גלילער. איטלעכע מעשה, בעת זי גייט אַרויס פון מויל פון דעם ערשטן דערציילער, איז ניט אַזוי ווייט פון דער ווירקלעכקייט, אָבער אַז זי נעמט אַרומוואַנדערן פון מויל צו מויל צווישן דער געמיינדע באַגייסטערטע מאמינים, ווערט זי אַלץ מער איינגעוויקלט אין צופּוצונגען און גוזמאות. דערנאָך קומען זאַמלער און זיינען מסדר די דער־ציילונגען שריפטלעך אין פאַרשיידענע נוסחאות, און איצט ווערן שוין געשריבענע קונטרסים פאַרשפּרייט אין די חסידישע קרייזן ווי „הייליקע כתבים" („כתבי קודש" — אַזוי ווערן זיי אָנגערופן אין אַ צייט אַרום אין דעם דרוקערס הקדמה). און צום סוף קומען רעדאַק־טאָרן, וואָס נעמען צונויף די נוסחאות, דרוקן זיי אָפּ און לאָזן אַרויס די כתבים אין דער וועלט. אַזוי איז אָפּגעדרוקט געוואָרן דער ספר „שבחי הבעש"ט" אין איין יאָר צוויי מאָל, אין ליטע און אוקראַינע (אין קאָפּוסט און אין באַרדיטשעוו, אין יאָר תקע"ה — 1815)[1]. די לעגענדע שבעל־פה איז געוואָרן צו אַ „תורה שבכתב", צו דעם ספר „בראשית" פון די חסידים, וואָס דערציילט וועגן לעבן פון די „היי־ליקע אבות" פון דעם נייעם גלויבן, אַנטפּלעקט אַ שפּאַן און באַהאַלט אויס דאָס וויכטיקסטע.

אין אָט דעם אויסבאַהאַלטענעם מוזן מיר פאָרשן, בכדי אַרויס־צובריינגען דעם קערן פון דער פסולת פון דער לעגענדע, צו אַנט־פּלעקן די אמתע געשטאַלט פון איר העלד, ווי ווייט מיר זיינען דאָס בכוח. אָבער אין דער זעלביקער צייט טאָרן מיר אויך ניט פאַרמאַכן די אויגן פון דער לעגענדאַרער געשטאַלט פון דעם בעש"ט, וואָרעם

1 זע הוספה 2 אין באַנד II: וועגן די מקורים פון „שבחי הבעש"ט".

פאַר אַסך דורות מאמינים איז זי דאָך געווען די אַיינגערעדטע ווירקלעכקייט. אַזוי אַרום טוט דער היסטאָריקער זיין טאָפּעלן חוב: בנוגע דער ווירקלעכקייט, וואָס איז געוואָרן לעגענדע און בנוגע דער לעגענדע וואָס איז געוואָרן „ווירקלעכקייט"[1].

---

## § 9. ר' ישראל בן אליעזר פאַר זיין התגלות.

(אַן ערך פון 1700 ביז 1735)

די משפחה פון בעש"ט אין מלחמה־צייט אין פּאָדאָליע. — צדיק בן צדיק — דער ייִנגל ישראל אנטלויפט פון חדר און איז זיך מתבודד אין וואַלד. — אַ באַהעלפער ביי אַ מלמד און אַ שמש אין בית־מדרש. — די עבודה ביי נאַכט. — לערנט פאַרבאָרגענע מגלות אין קבלה (כּתבי האר"י). — ר' ישראל אין בראָד און זיין חתונה מיט דער שוועסטער פון רב אברהם גרשון קוטעווער. — התבודדות פון דעם נסתר אין די קאַרפּאַטן־בערג. — אַ שענקער ניט ווייט פון קוטעוו. — באַזעצט זיך אין דער שטאָט טלוסט אין גאַליציע, פאַרנעמט זיך מיט מלמדות און ווערט דאָרט נתגלה אויפן 36טן יאָר פון זיין לעבן (אַן ערך 1735).

אין סוף 17טן יאָרהונדערט, בעת פּאָדאָליע איז נאָך געווען אונטער דער ממשלה פון טערקיי, וואָס האָט פאַרכאַפּט די פּראָווינץ אין אַ מלחמה מיט פּוילן (1672 — 1699), האָט געוואוינט אויפן גרענעץ פון פּאָדאָליע און מאָלדאַוויע אַ יידישע משפחה, וואָס

---

1 אין זיין אויסגעצייכנטן מאמר „משה" („על פרשת דרכים" פּרק ג', 210 און וו') אונטערשיידט אחד העם בנוגע דער לעגענדע פון משה רבינו צווישן דעם „געשיכטלעכן אמת" און דעם „אַרכעאָלאָגישן אמת". דער ערשטער איז לויט זיין מיינונג אַ לעגענדע, וואָס איז געוואָרן געשיכטע, און דער צווייטער איז דער אמת פון דער ווירקלעכקייט, ווי ווייט ער אַנטפּלעקט זיך דורך וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג. די דאָזיקע אונטערשיידונג שטימט בכלל מיט דער מיינונג, וואָס איך האַלט זיך פאַר איר אין דער געשיכטע פון חסידיזם, אָבער די טערמינען פון אחד העם פּאַסן ניט אפילו בנוגע אַן אַלטער לעגענדע, אַ פּשיטה שוין ניט בנוגע אונזער ענין. מיר באַדאַרפן נאָר אונטערשיידן צווישן אַבסאָלוטן אמת פון דער ווירקלעכקייט און צווישן דעם איינגערעדטן אָדער רעלאַטיוון אמת פון דער לעגענדע, וואָס איז אָנגענומען נאָר אין קרייז פון די מאמינים. מען מוז זיין געהיט, ניט צונויפצומישןביידע זאַכן, ווי מען איז זיך נוהג באַזונדערס אין דער געשיכטע פון חסידות.

האָט געליטן אַ סך צרות פון דער מלחמה. דער פאָטער פון דער משפחה, רבי אליעזר, איז גענומען געוואָרן געפאַנגען, בעת רויבערס (קענטיק, אַ באַנדע טאָטערן) זיינען אָנגעפאַלן אויף דער שטאָט, וואו ער האָט געוואוינט, און זיין פרוי איז אַנטלאָפן געוואָרן אין אַן אַנדער שטאָט, האָט דאָרט זיך מפרנס געווען פון דער מלאכה פון אַ הייבעם. די לעגענדע דערציילט חידושים, און צום טייל ווילדע שטותערייען וועגן די טרעפעניש, וואָס האָבן געטראָפן מיטן געפאַנגענעם אליעזר[1]. די פאַנגער האָבן אים געבראַכט „אין אַ ווייטער מדינה, וואו קיין יידן זיינען ניט געווען“, און דאָרט איז ער געוואָרן אַ דינער אין הויז פון „שני למלך“; אין אַ צייט אַרום איז ער געוואָרן באַשטימט פאַר אַ יועץ ביים קיניג, וואָס איז שטאַרק נתפעל געווען איבער זיינע קלוגע עצות אין מלחמה=טאַקטיק און מען האָט אים געגעבן פאַר אַ פרוי די בת=מלכה. נאָר דער ייד דער צדיק האָט זיין פרעמדע פרוי ניט אָנגערירט, און אַז ער האָט איר אויסגעזאָגט זיין סוד, האָט זי אים אָפגעשיקט אַהיים; אונטערוועגס האָט זיך אים באַוויזן אליהו הנביא און האָט אים אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז אין דעם זכות וועט אים געבאָרן ווערן אַ זון, וואָס „וועט מאַכן לייכטן די אויגן ביי יידן“. ר' אליעזר איז געקומען אַהיים, געפונען זיין ווייב ביים לעבן, און אויף דער עלטער (אַז זיי זיינען ביידע געווען „קרוב צו הונדערט יאָר“, איז מוסיף די לעגענדע) איז ביי זיי געבאָרן געוואָרן דער צוגעזאָגטער זון, וואָס איז אָנגערופן געוואָרן ישראל. אויב מיר וועלן פון אָט דער קינדערשער מעשה אַראָפּנעמען אַלע גוזמאות אירע, וועט אונדז בלייבן נאָך דער היסטאָרישער אויספיר, אַז איידער דער באַגרינדער פון חסידות איז געבאָרן געוואָרן, איז געווען אַ מלחמה=צייט, און אַז דאָס קינד איז געקומען אויף דער וועלט, בעת עס איז שוין געווען רויִק. אין דער אמתן איז די טערקישע אָקופּאַציע אין פּאָדאָליע בטל געוואָרן נאָכן שלום אין קאַרלאָוויץ (1699), וואָס לויט אים איז די פּראָווינץ אומגעקערט געוואָרן צוריק צו די פּאָליאַקן. אַזוי אַרום איז ישראל בן אליעזר געבוירן געוואָרן אַן ערך אין דער צייט, לויט דער פאַרצייכענונג פון דער לעגענדע, אין דער שטאָט אָקאָפּ (Okopy), ניט ווייט פון קאַמענעץ=פּאָדאָלסק, דאָס הייסט אויפן גרענעץ פון פוילן און טערקיי, ווי דאָס איז

1 שבחי הבעש"ט, דף א' (דרוק קאָפּוסט און בערדיטשעוו, תקע"ה—1815).

געווען פאַר דער אָקופּאַציע. די צייט פון זיין געבוירן קאָן מען באַשטימען אַן ערך אין יאָר 1700 (ת"ס), אויפן גרענעץ פון 17טן און 18טן יאָרהונדערט [1].

ישראלס עלטערן זיינען געשטאָרבן, בעת ער איז נאָך געווען אַ קינד. פאַרן טויט האָט דער פאָטער אים געזאָגט די ווערטער, וואָס אַ שטאַרבנדיקער פאָטער זאָגט געוויינטלעך צו אַ קליינעם יתום: „מיין ליבער זון, זאָלסט געדענקען כל-זמן דו לעבסט, אַז גאָט איז מיט דיר, און דערפאַר זאָלסטו פאַר קיין זאַך זיך ניט שרעקן". די דאָזיקע ווערטער זיינען געבליבן פעסט איינגעוואָרצלט אין דעם קינדס האַרץ און האָבן געשטאַרקט זיין גייסט; אין אַ צייט אַרום האָט ער

1 די פראַגע וועגן אָרט און צייט פון דעם בעש"טס געבוירן איז נאָך עד-היום ניט פאַרענטפערט גענוי. אין ספר „שבחי הבעש"ט" ווערט די שטאָט, וואו ר' אליעזר איז געזעסן פאַר זיין געפאַנגענשאַפט, ניט אָנגערופן, עס שטייט נאָר דאָרט: „ער האָט געוואוינט אין דער מדינה וואלאחיי ניט ווייט פון גרענעץ" (דף א' עמוד א'), און משמעות, אַז דער דערציילער האָט פאַרביטן מאָלדאַוויע מיט דער שכנישער וואלאַכיע. עס איז אויך ניט פאַרצייכנט דער אָרט, וואו דער בעש"ט איז געבאָרן, נאָר היות עס שטייט דאָרט, אַז ער איז געווען אין דער שטאָט אָקאָפּ, בעת ער איז אַלט געוואָרן פערצן יאָר, מעג מען דרינגען, אַז דאָרט איז ער געבאָרן געוואָרן, ווארעם דעמאָלט איז ער נאָך ניט געווען אַרויסגעפאָרן פון זיין געבוירן-שטאָט. אָקאָפּ איז געווען אַ פעסטונג ניט ווייט פון קאַמענעץ, און ווי עס ווייזט אויס, זיינען די ווינציק יידן, וואָס האָבן דאָרט געוואוינט, געווען צוגערעכנט צו דער נאָענטער קהלה זשוואַנעץ (Żwa-niec), וואָס דאָרט זיינען דעמאָלט געווען באַרימטע רבנים (כתב-יד „בית יעקב" פון רבי יעקב היילפּרין, וואָס איז געווען אב"ד אין זשוואַנעץ ביזן יאָר 1738, תצ"ח; אויסצוגן פון דעם געפינען זיך ביי מיר). עס איז כמעט ווי זיכער, אַז ישראל האָט ייִנגלווייז זיך געהאָדעוועט אין זשוואַנעץ אָדער אין אַ נאָענטער קהילה, ווארום מכוח דער פעסטונג אָקאָפּ ווייסן מיר ניט, צי דאָרט זאָל ווען עס איז זיין געווען אַ יידישע קהלה.

מכוח דער צייט פון דעם בעש"ט געבוירן פעלט דער פּרט אינגאַנצן אין ספר „שבחי הבעש"ט", און מיר זיינען אָנגעוויזן נאָר אויף השערות. ביז איצט איז אָנגענומען די השערה, אַז ער איז געבוירן געוואָרן צווישן 1690 און 1700. אויב מיר זאָלן אָננעמען אויפן יסוד פון דער לעגענדע, וואָס שטימט מיט דער געשיכטע, אַז דאָס האָט געטראָפן נאָכן קאַרלאָוויצער שלום, מעגן מיר באַשטימען די צייט פון זיין געבוירן לפי-ערך אויף איין יאָר שפּעטער, דאָס הייסט 1700. אין גרעצס געשיכטע (באַנד XI, הוספה 2) ווערט באַשטימט דאָס יאָר 1698. אָבער דער יסוד פאַר דער דאָזיקער השערה — אַ בריוו פון בעש"ט פון 1750, וואָס רופט אָן זיינס אַן אייניקל „חתן" — קאָן דינען צו באַשטעטיקן אויך אונזער השערה.

אין זיי געפונען א מין נבואה און א באשטעטיקונג פאר זיין שיטה, אז דער מענטש דארף זיך שטענדיק מייחד זיין מיט זיין באשעפער. די מענטשן פון דער קהילה האבן געזארגט פארן יינגל דעם יתום און האבן אים אפגעגעבן לערנען אין א חדר אדער תלמוד=תורה פאר ארעמע קינדער. דאס יינגל האט געטאן א פעולה אין לערנען, אבער אים איז שווער געווען צוצופאסן זיך צום איינגעשטעלטן סדר פון דערציִונג: „זיין דרך איז געווען צו לערנען כמה טעג און דערנאך צו אנטלויפן פון חדר". האט מען אים געזוכט און מען האט אים געפונען זיצנדיק איינער אליין אין וואלד; פלעגט מען אים ברענגען צוריק צום מלמד, אבער אין א שטיקל צייט ארום פלעגט ער ווידער אמאל אנטלויפן אין וואלד אריין זיך מתבודד זיין. עס קאן זיין, אז דעם פארחלומטן און וויזיאנעריש געשטימטן יינגל האט זיך ניט געלייגט אויפן שכל די תלמודישע הלכה מיט איר פילפול, און עס האט אים מער געצויגן די אגדה, אדער אז לויט זיין טבע איז ער געווען מער נוטה צו איינזאמקייט און האט ניט געפונען קיין אינטערעס אין דער געזעלשאפט פון יינגלעך אין זיין עלטער. צום סוף האבן די בעל=טובות זיינע זיך מייאש געווען פון אים און האבן אים געלאזט צורו [1].

בכדי זיך מפרנס צו זיין, איז ישראל געווארן א באהעלפער ביי א דרדקי=מלמד, און זיין עובדא איז געווען אפצופירן קליינע קינדער אין חדר אריין און אין בית=מדרש, זאגן מיט זיי „קדושה" און אנדערע קורצע תפילות. די דאזיקע ארבעט פלעגט ער טאן מיט גרויס חשק; אז ער פלעגט פירן די קינדער, „פלעגט ער מיט זיי זינגען מיט א זיס קול", און איז געווארן שטארק באליבט ביי זיי. אין משך פון דער צייט האט ישראל זיך גענומען פאר אן אנדער אומנות: ער איז געווארן אן אונטער=שמש אין א קלויז. אויך דארט האט ער זיך געהאט זיין אייגענעם דרך: בעת אין קלויז פלעגן זיין מענטשן, וואס דאוונען אדער לערנען, פלעגט דער אונטערשמש שלאפן, און ביידערנאכט פלעגט ער אויפשטיין פון שלאף און דינען אן „עבודה תמה", מתפלל זיין און אריינקוקן שטילערהייט אין ספרים, וואס האבן אים פארנומען [2].

---

1 שבחי הבעש"ט א', ג'.

2 דארט, א', ג—ד.

וואָס האָט דער יונגער בחור געלערנט אין די איינזאַמע שעהן? משמעות, אַז אים האָט געצויגן די פּראַקטישע קבלה. אין יענער צייט זיינען געווען פאַרשפּרייט צווישן די פּוילישע יידן „כתבי האר״י״, פאַרבאַהאַלטענע מגילות אָדער „אַפּאָקריפן״, וואָס האָבן געטראָגן אויף זיך דעם נאָמען פון דעם „אר״י הקדוש״, פון ר׳ חיים וויטאַל און אַנ־דערע מקובלים און וואָס מחמת דעם באַוואוסטן חרם פון די רבנים האָט מען זיי ניט געטאָרט דרוקן, ווייל עס איז געלעגן אויף זיי דער חשד פון דער שבתי־צביישער אפּיקורסות [1]. די לעגענדע דערציילט, ווי אַזוי קאָפּיעס פון די פאַרבאָרגענע ספרים זיינען געקומען צו ישראלן אין דער האַנט אַריין, בעת ער איז ערשט געווען אַלט פערצן יאָר, און די דאָזיקע דערציילונג איז פול מיט משונהדיקע פאַנטאַזיעס אויס־געמישט מיט זאַכן, וואָס לייגן זיך אויפן שכל [2]. אויב מיר זאָלן אַרויסזיפּן דאָס ברעקל ווירקלעכקייט פון אָט דער דערציילונג, וועלן מיר באַקומען, אַז איינער אַ מענטש מיטן נאָמען רבי אדם (אַ מאָדנער נאָמען, וואָס אין לעבן האָבן יידן אים קיין מאָל ניט באַנוצט) איז געקומען אין דער שטאָט אָקאָפּ און האָט געבראַכט מיט זיך גאַנצע פּעק מיט כתבים, וואָס ער האָט געמוזט זיי איבערגעבן לויט זיין פּאָטערס צוואה צו איינעם אַ בחור מיטן נאָמען ישראל בן אליעזר, וואָרעם „זיי קערן זיך אָן מיטן שורש פון זיין נשמה״; מיט סודי סודות האָט דער אורח זיך באַקענט מיטן בחור ישראל אין בית־מדרש, בעת יענער פלעגט אויפשטיין איינער אַליין ביינאַכט צו דער „עבודת השם״, און האָט אים איבערגעענטפערט די קונטרסים; און זינט דעמאָלט פלעגן זיי ביידע זיך מתבודד זיין אין אַ באַזונדער שטיבל אויסערן שטאָט, לערנען אין די כתבים „געטלעכע קבלה און פּראַקטישע קבלה״, זיי פלעגן פאַסטן און זיך טובל זיין און זיך צוגעוויינען צו דער פּראַקטיק פון די מקובלים, די בעלי־מופת. דאָ האָט דער בחור ישראל, ווייזט אויס, זיך אויסגעלערנט די סגולות, וואָס די בעלי־שמות פלעגן זיי באַנוצן. אָבער איידער ער אַליין האָט דער־גרייכט צו דער מדרגה פון אַ „בעל־שם״, האָט ער באַדאַרפט נאָך דורכמאַכן אַ לאַנגן וועג, אַ וועג פול מיט שטרויכלונגען און צרות.

1 אַ גרויסער טייל פון די דאָזיקע כתבים איז געוואָרן אָפּגעדרוקט ערשט נאָכן בעש״טס טויט אונטערן נאָמען „עץ חיים״ אָדער „פּרי עץ חיים״ פון ר׳ חיים וויטאַל אין די חסידישע דרוקערייען (קאָרעץ תקמ״ד און נאָך).

2 שבחי הבעש״ט, דף א׳ עמוד ד׳, און דף ב׳ ע׳ ב—ג.

אַז די שטאָטלייט האָבן דערזען, אַז דאָס יינגל דער יתום „גייט אין אַ גוטן וועג" און איז עוסק אין תורה און אין תפילה, האָבן זיי אים געגעבן אַ ווייב, וועדליק דאָס איז געווען אָנגענומען אין יענער צייט, אַז מען זאָל חתונה מאַכן בחורים צו 14 — 15 יאָר.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז זיין ווייב געשטאָרבן. דעמאָלט איז ישראל אַוועק פון זיין געבוירנשטאָט און האָט זיך געלאָזט קיין מזרח־גאַליציע, אין דעם קרייז בראָד, וואָס ניט ווייט פון פּאָדאָליע[1]. דאָרט איז ער געוואָרן אַ מלמד אין אַ קהילה ניט ווייט פון בראָד. דער יונגער מלמד איז געפעלן געוואָרן אַלעמען, ווער עס האָט אים געקענט, מיט זיין ערלעכקייט און מיט זיין תמימות, און אַז עס פלעגט זיך מאַכן אַן ענין פון בוררות צווישן די מענטשן פון דער קהילה, פלעגן זיי אים אויסקלייבן פאַר אַ דיין. איין מאָל האָט זיך אים געמאַכט צו נעמען אַן אָנטייל אין אַ פשרה צווישן צוויי צדדים, וואָס איינער פון זיי איז געווען דער פאָטער פון באַרימטן רב אברהם גרשון קוטעווער פון בראָד. אָט דער ייד האָט געהאַט אַ טאָכטער אַ גרושה, און אַז ער האָט זיך צעשמועסט מיטן יונגן דיין אין תורה, איז ער אים געפעלן געוואָרן און ער האָט אים פאַרגעלייגט ער זאָל נעמען זיין טאָכטער פאַר אַ ווייב. ר' ישראל האָט דערצו מסכים געווען בתנאי, אַז אַ געוויסע צייט זאָל דאָס בלייבן בסוד. בינתים איז דער כלה'ס פאָטער געשטאָרבן, און זיין זון דער רב האָט צו זיין חידוש געפונען צווישן זיינע כתבים די „תנאים" וועגן דעם, אַז זיין שוועסטער איז פאַרקנסט מיט איינעם אַ פרעמדן יידן ישראל בן אל'ע'ר. נאָך מער איז דער רב נשתומם געוואָרן, אַז דער חתן איז געקומען צו אים, אָנגעטאָן אין פשוטע בגדים „ווי אַ פויער" (כאחד הריקים), „אין אַ קורצן פעלצל און אַ ברייטן גאַרטל", און האָט גערעדט האַרבע דבורים, ווי יעקב אבינו צו לבנען: „גיב מיר מיין ווייב!" האָט דער רב געפרעגט ביי דער שוועסטער, צי זי איז מסכים חתונה צו האָבן מיט אַזאַ עם־הארץ, האָט די כלה געענטפערט, אַז זי איז מחויב צו טאָן דעם רצון פון איר פאַרשטאָרבענעם פאָטער. בעת דער חתונה האָט דער חתן אויסגעזאָגט דער כלה זיין סוד: ער וויל זיין אַ נסתר ביז אַ

1 אין יענער צייט זיינען די יידישע קהילות פון מזרח־גאַליציע און פון פּאָדאָליע געווען פאַראייניקט אין דער אָרגאַניזאַציע פון „וועד הארצות" אין איין מדינה: „מדינת רוסיה", ווי אַ טייל פון דער פּוילישער אוקראַינע.

צייט, כדי מענטשן זאָלן ניט וויסן, אַז ער איז אַ תלמיד־חכם און אַ מקובל. דער שוואָגער זיינער רב אברהם גרשון האָט געהאַלטן פאַר אַ פחיתת הכבוד פאַר זיך צו וואוינען אין איין שטאָט מיטן „עם הארץ" און האָט דערפאַר פאָרגעלייגט זיין שוועסטער, זי זאָל מיט איר מאַן אַרויסקלייבן זיך פון בראָד. דער רב האָט איר געגעבן אַ פערד און וואָגן, און דאָס פאָרפאָלק איז אַוועקגעפאָרן זוכן זיך אַ מקום מנוחה אַנדערשוואו [1].

די וואָגלערס האָבן זיך באַזעצט אין אַ דאָרף צווישן די שטעט קוטעוו און קאָסעוו, טיף אין די קאַרפאַטן־בערג. ר' ישראל פלעגט פאַרברענגען דאָס רוב צייט אין התבודדות צווישן די בערג. צוויי מאָל אין וואָך פלעגט צו אים קומען די ווייב מיט איר פערד און וועגל, ער פלעגט אויסגראָבן ליים און אָנשיטן אין וואָגן, און זי פלעגט פירן די ליים אין דער נאָענטער שטאָט אַריין צו פאַרקויפן; פון דער דאָזיקער אַרבעט פלעגן זיי זיך מפרנס זיין בדוחק. קיין סך האָט ר' ישראל ניט באַדאַרפט האָבן: אין דער צייט, ווען ער פלעגט זיך מתבודד זיין, פלעגט ער פאַסטן הפסקות, און פלעגט עסן נאָר איין שטיקל ברויט צווישן איין תענית און דעם אַנדערן [2]. דעם מקובלס רעיונות האָבן גע־שוועבט אין די עולמות העליונים, ווען ער האָט זיך געפינען אינמיטן דער מאַיעסטעטישער פראַכט פון די הויכע קאַרפאַטן בערג, וואָס זייערע אָפּהאַנגען זיינען באַדעקט מיט וועלדער און גרינס און זייערע שפּיצן מיט אייביקן שניי. דאָ אין דער שטילקייט פון דער נאַטור האָט דער מתבודד געהערט גאָטס שטים, דאָ האָט ער געשפּירט זיין עקסיס־טענץ אין גאַנצן באַשאַף, און דאָ האָט ער אויפגענומען דעם גרונט־געדאַנק פון זיין שיטה: „מלא כל הארץ כבודו" — מיט אים כביכול איז בפועל ממש פול די גאַנצע ערד.

די התבודדות צווישן די בערג האָט געדויערט, לויט ווי די חסידים האָבן בקבלה, זיבן יאָר, וואָס אפשר איז דאָס צוגעשטימט צו יענע זיבן יאָר, וואָס ווערדליך עס ווערט דערציילט אין די „שבחי האר"י", זאָל יענער הייליקער מקובל אַזוי לאַנג זיך האָבן מתבודד געווען אין מצרים. צולעצט איז דער קליינער פאַמיליע דערעסן גע־וואָרן צו לעבן אין אַזאַ אָרעמקייט, און זיי זיינען געצוואונגען

1 שבחי הבעש"ט, ב' עמוד ד'; ג' עמוד א'.

2 שבחי הבעש"ט דף ג'; סדר הדורות לתלמידי הבעש"ט, 6.

אומצוקערן זיך קיין בראָד צו בעטן הילף בײַ ר' אברהם גרשון. האָט דער רב צוגענומען דעם שוואָגער זײַנעם אין שטוב אַרײַן פאַר אַ משרת, אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער טויג אַפילו צו דער דאָזיקער מלאכה אויך ניט, און דעריבער האָט ער — דערצו נאָך מיט אַ באַזונדער מיין צו האַלטן ווייט פון בראָד דעם „מום" אין דער משפחה — אָפּגעדונגען פאַר אים אין אַ דאָרף ניט ווייט פון קוטעוו אַ שענק, וואָס האָט אויך געדינט פאַר אַן אכסניא פאַר דורכפאָרער. האָט זיך מיט דער דאָזיקער פרנסה פאַרנומען ר' ישראלס ווײַב, און ער פלעגט איר נאָר אַמאָל צוהעלפן. אין דער פרײַער צײַט אָבער איז ער זיך געזעסן אין זײַן קליינעם בײַדל אויפן ברעג פון טײַך פרוט און האָט געלערנט סתרי תורה [1], אַזוי ווי עס האָט בשעתו געטאָן דער אר"י אין אַ קליינעם שטיבל, וואָס ער האָט זיך אויסגעבויט אויפן ברעג פון נילוס. עס איז קענטיק, אַז אין יענער צײַט האָט דער וואָס האָט זיך געגרייט צו ווערן אַ „בעל־שם" נאָכגעמאַכט די דרכים פון דעם הייליקן אר"י, ווערליק זיי זײַנען אים געווען באַוואוסט פון דעם קונטרס „שבחי האר"י".

אַרום יאָר 1730 (ת"ץ) האָט ר' ישראל זיך באַזעצט אין דער שטאָט טלוסט (Tłuste) אין גאַליציע און האָט זיך ווידער פאַר־נומען מיט מלמדות. פון צײַט צו צײַט פלעגט ער צופאָרן אין די נאָ־ענטע דערפער און לערנען תורה מיט די קינדער פון די ישובניקעס, אָבער אַלץ איז אים געווען ענג אין פרנסה. די לעגענדע דערציילט, אַז ער פלעגט גיין „אָנגעטאָן אין אַ טיזליק פון קומאַ (אַ בגד געניייט פון אַ גראָבן שטאָף) און די פיס־פינגער פלעגן אַרויסקריכן פון די לעכער פון די שיך, וואָרעם ער איז געווען זייער אָרעם" [2]. נאָך עטלעכע יאָר האָט ר' ישראל געקווענקלט זיך, צי זאָל ער בלײַבן אַ נסתר אָדער ער זאָל נתגלה ווערן פאַרן עולם ווי אַ בעל־שם, וואָס באַווײַזט מופתים מיט דער קראַפט פון קבלה. איין מאָל, אַז ער איז גע־וואָרן אַלט זעקס און דרײַסיק יאָר, „האָט ער געמאַכט זײַן חשבון" און האָט געפונען, אַז עס איז געקומען זײַן צײַט נתגלה צו ווערן פאַר

1 אין „שבחי הבעש"ט" דף ג' און ד' איז די דאָזיקע דערציילונג פאַראַן אין צוויי נוסחאות: אין נאָמען פון אדמו"ר (ר' שניאור זלמן פון ליאָזנע) און אין נאָמען פון דעם בעש"טס סופר, ר' אלכסנדר שוחט.

2 שבחי הבע"שט, ה' עמוד א'.

דער וועלט [1]. מסתמא איז די זאַך געווען פאַרקערט: ניט לכתחילה, נאָר לאחר המעשה האָט מען אויסגעחשבונט און מען האָט געפונען, אַז דער בעל־שם האָט אָנגעהויבן צו ווערן מפורסם צו 36 יאָר. דאָס איז געשען אַן ערך אין יאָר 1735 (תצ"ה), און זינט יענער צייט שטייט אָן אַ נייע תקופה אין לעבן פון דעם גרינדער פון חסידות.

---

## § 10. רבי ישראל בעל־שם נאָך זיין התגלות

(1735 — 1745 אַן ערך)

די בעלי־שמות אין פוילן; די פשוטע בעלי־שמות און די בע־סערע אָדער „בעלי־שם־טוב". — דער בעש"ט וואוינט אין טלוסט און וואַנדערט אַרום איבער די קהלות פון גאַליציע און פאָ־דאָליע. — ער היילט דורך פאַרשיידענע סגולות, קמיעות און תפילה; זאָגט פאָראויס וואָס עס וועט זיין לויטן „זוהר" און קוקט זיך איין אין „פאַרבאָרגענעם ליכט" פון דער תורה. — דער בעש"ט אין ליטע און די מעשה מיט די אַרענדאַרן. — תמימותדיקער גלויבן. — דער בעש"ט אין מעדזשיבאָזש, לערנט אַ דרך אין גלויבן. — זיינע תלמידים. — זיין תורה שבעל־פה.

אין יענער צייט זיינען געווען אַ סך „בעלי־שמות" צווישן פוילישע יידן, בפרט אין די דרומדיקע געגנטן — גאַליציע און פאָדאָליע. טייל פון זיי זיינען געווען באַרימט, ווי ר' יואל בעל־שם פון זאַמאָשטש אין זיין צייט (אויבן § 5), אָבער דער גרעסטער רוב פון זיי זיינען געווען באַוואוסט נאָר אין קרייז פון זייער שטאָט און איר סביבה. אין אַ צייט, ווען געלערנטע דאָקטוירים זיינען געווען וויניציק און אין קליינע שטעטלעך און דערפער זיינען זיי בכלל ניט געווען, האָבן די בעלי־שמות פאַרנומען דעם אָרט פון דאָקטוירים, צו היילן די קרענק פון קערפער און גייסט, צווישן אַ פאָלק, וואָס איז געווען פול מיט פאַנטאַזיעס און אָבערגלויבנס. דער גרעסטער רוב פון זיי פלעגט אָנווענדן „אויסגעפרוווטע" סגולות („בדוק ומנוסה"), גראָזן און קריי־טעכצער, אָפּשפּרעכענישן און השבעות און קמיעות. די מער בריות צווישן זיי פלעגן אָנווענדן די פּראַקטישע קבלה, פאַרשיידענע מיס־

---

1 דאָרט.

טישע קונצן און ספעציעלע תפילות, און די מאַסע האָט בתמימות געגלויבט, אַז די דאָזיקע „בעלי־מופת" זיינען בכוח אַרויסצוטרייבן „דיבוקים" פון גוף פון גייסט־קראַנקע, אָפּצוראַטעווען פון טויט און פון אַלע בייזע טרעפעניש. אין גאַליציע פלעגט מען דרוקן רפואה־ספרים, אַ שטייגער ווי „תולדות אדם" און „מפעלות אלקים" (ביידע אין זשאָלקווע ת"פ און תפ"ד), וואָס זיינען געבויט אויף קבלה־ספרים און די כתבים פון די באַרימטע בעלי־שמות (ר' יואל, ר' אליהו און אַנדערע); אָבער מער ווי עס איז געווען געדרוקט, איז געווען אויס־באַהאַלטן אין פאַרבאָרגענע כתבים, וואָס ווען זיי האָבן געוואוסט נאָר יחידי סגולה.

די בעלי שמות האָבן געהאַט אַ גרויסע גייסטיקע השפעה אויף דער מאַסע, וואָס האָט געגלויבט אין זייערע תרופות און אין זייערע „מופתים". אַ סך פון זיי פלעגן אויסנוצן אָט דעם אָבערגלויבן צוליב זייער אייגענער טובה וועגן, צוליב גוטע פאַרדינסטן. אָבער די בע־סערע צווישן זיי פלעגן זיך פאַרנעמען מיט דער „הייליקער מלאכה" ניט נאָר צוליב פרנסה אַליין, נייערט אויך כדי מתקן צו זיין די נשמות פון די וואָס האָבן זיך געווענדט צו זיי נאָך אַן עצה, אָדער כדי צו פאַרשפּרייטן אַ באַשטימטע תורה. אַזעלכע בעלי־מופת האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן צו פאַרשפּרייטן די שבתי־צביישע תורה, און אַז יענע איז אַראָפּ פון דער סצענע, האָבן אויסגענוצט דעם זעלביקן מיטל צו־ליב זייער צוועק די באַשעפער פון חסידיזם און צדיקיזם. די „צדיקים", וואָס די חסידישע תורה האָט זיי אויפגעשטעלט, זיינען די יורשים פון די בעלי־שמות. דער ערשטער פון זיי, ר' ישראל בעל־שם, האָט צוערשט זיך מפרנס געווען פון דער דאָזיקער מלאכה מחמת אָרעמ־קייט, שפּעטער אָבער, אַז די תורה פון חסידות האָט זיך אויסגעצייטיקט אין זיין גייסט, און ער האָט דערשפּירט די נייטיקייט זי צו פאַר־שפּרייטן צווישן פאָלק, האָט ער איינגעזען, אַז דווקא ווי אַ „בעל־מופת" וועט ער קאָנען משפיע זיין אויף דער מאַסע, זי זאָל אָננעמען זיין תורה. צי האָבן מיר ניט געהאַט אַזעלכע ביישפּילן אין דער געשיכטע פון רעליגיעס? יעזוס קריסטוס וואָלט אפשר ניט געקומען צו דער מדרגה פון אַ באַשעפער פון אַ נייער רעליגיע, אויב ער וואָלט אין זיין סביבה ניט אָנגעווענדט „כישוף" און באַוויזן מופתים אין היילן קראַנקע, אין „לעבעדיק מאַכן טויטע" וכדומה, דאָס הייסט אויב ער וואָלט זיך ניט געשטיצט אויף דעם גלויבן פון דער מאַסע, אַז

אַזעלכע מופתים זיינען טאַקע בפועל ממש אָפּגעטאָן געוואָרן. פונקט אַזוי האָט דער באַשעפער פון חסידות אָנגעהויבן מיט דער פּישוף־מאַכעריי פון אַ בעל־שם און געענדיקט מיט דער אַנטפּלעקונג פון אַ נייער תורה. די קלאַנגען, וואָס האָבן זיך געהאַט פאַרשפּרייט מכּוח זיינע מופתים, האָבן צוגעגרייט די גייסטער אָנצונעמען זיין תורה. און היות ווי ער האָט זיך ניט באַנוגנט מיט היילן דעם גוף אַליין, נאָר ער האָט געזאָרגט אויך פאַר היילן די נשמה און איז געוואָרן אַ וועגווייזער אין אמונה און מאָראַל פאַר אַלעמען, ווער עס האָט זיך געווענדט צו אים נאָך הילף, האָט די מאַסע געפילט, אַז זי האָט צו טאָן ניט מיט קיין פּשוטן בעל־שם, נאָר אַ בעל־שם אַ דערציער, אַ פירער אין גוטן וועג, אַ ברענגער פון גוטס. אַזוי אַרום האָט זיך פאַרשפּרייט דער צונאָמען בעל־שם־טוב (אָפּגעקירצט: בעש״ט), וואָס איז געוואָרן דער שטענדיקער עפּיטעט פון דעם באַשעפער פון חסידות.

אין די ערשטע יאָרן נאָך דעם ווי דער בעש״ט איז „נתגלה״ געוואָרן, איז, ווייזט אויס, די שטאָט טלוסט געווען דער צענטער פון זיין טעטיקייט. דאָרט איז ער געזעסן שטענדיק, אָבער פון צייט צו צייט פלעגט ער אַרומוואַנדערן איבער די נאָענטע קהילות אין גאַליציע און פּאָדאָליע, ווי האָראָדענקאָ, קוטעוו, נעמיראָוו, שאַריגראָד און אַמאָל פלעגט מען אים זען אויך אין די וואָלינער שטעט: פּולנאה (פּאָלאָנע), זאַסלאַוו און אין אומאַנער קאַנט. על־פּי־רוב פלעגט ער אַרומפאָרן איבער די דערפער און פאַרנעמען זיך מיט היילן די יידישע אַרענדאַרן און פּאַכטערס, אַפילו פּוילישע פּריצים פאַרבעטן אים אַמאָל ווי אַ רופא. ער איז זיך נוהג געווען צו היילן דורך אויסגעפּרוווטע מיטלען, ווי לאָזן צו דער אָדער אָדער שטעלן פּיאַווקעס. אַמאָל פלעגט ער אַרויסטרייבן אַ דיבוק פון אַ קראַנקן דורך תּפילות און השבעות, אַמאָל „בייזע רוחות״ פון הייזער. אַז דער פּרווו פלעגט ניט אָפּגילטן, פלעגט ער לאָזן וויסן דעם קראַנקנס משפּחה, אַז דער שטן האָט זיך אַריינגעמישט און האָט מעכּב געווען, אָדער ער האָט פּלוצים דערהערט אַ כּרוז פון הימל, אַז דער קראַנקער איז פאַרמשפּט צום טויט. דער בעש״ט האָט זיך געהיט פון צו היילן אין אַזאַ הויז, וואו מען ווענדט זיך צו אַ קריסט אַ דאָקטאָר אָדער צו אַ מכשף פון די טאָטערן, וואָרעם אַמאָל פלעגן אים יענע רודפן. אַז דער קריסטלעכער דאָקטאָר האָט אים

געפרעגט, פון וואַנען ווייס ער די חכמת המעדיצינע, האָט ער „געענטפערט פשוט: „השם יתברך האָט מיך אויסגעלערנט“ [1]. באַזונדערס איז דער בעש"ט באַרימט געוואָרן דורך זיינע היילונגען דורך קמיעות; אַ קוויטל, אָנגעשריבן אויף פּאַרמעט מיט די נעמען פון מלאכים און מיט השבעות קעגן די מקטרגים, די ניט-גוטע, איינגעשלאָסן אין אַ בלעכענעם שיידל, און אויפגעהאַנגען אויפן האַלז אונטער דעם בגד פון קראַנקן, פון דער געווינערין, פון ניי-געבוירענעם קינד — האָבן די מאמינים געהאַלטן פאַר אַן אויסגעפרוווטע סגולה, וואָס באַשירעמט קעגן אַלדאָס בייז. די קמיעות, וואָס דער בעש"ט האָט געשריבן אָדער וואָס זיינען געווען געחתמעט מיט זיין נאָמען, האָבן זיך גערעכנט פאַר די בעסטע, און אַ סך פלעגן גוט באַצאָלן פאַר זיי „פדיון נפש“. פון אַלע עקן אוקראַינע פלעגט מען שיקן בריוו צו דעם וואונדערמאַן, פרעגן ביי אים עצות און בעטן קמיעות; די אַרבעט איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז דער בעש"ט האָט געמוזט נעמען זיך צו הילף אַ שטענדיקן סופר, וואָס האָט געשריבן ענטפערס און קמיעות; אין אַ שפּעטערער צייט האָט ער געהאַט צוויי סופרים [2].

שפּעטער, אַז דער בעש"ט איז מפורסם געוואָרן ווי אַ „הייליקער מאַן“, פלעגט ער שוין זיינע מופתים טאָן אויף אַ שטייגער אַ פשוטערן און וואָס פּאַסט זיך מער צו זיין נאַטור: דורך תּפילה. אין זיין תפילה, פלעגט ער שטאַרק באַגייסטערט ווערן און באַגייסטערן אַלע, וואָס האָבן אים געזען. מען דערציילט, אַז ווען ער האָט איינמאָל

1 שבחי הבעש"ט, דף ח', ט, ל"ה און נאָך.

2 שבחי הבעש"ט, דף ד', י"ח, כ"ז און נאָך. איינער פון די בני דור, א „מתנגד“, זאָגט עדות אויפן בעש"ט: „איך געדענק, אז ער איז געווען מפורסם פאַר ניט-קיין-למדן, נאָר פאַר א בעל-שם א „קמיעות-שרייבער“. (כ"י „זאת תורת הקנאות“ דף קע"ד און אין כ"י „זמרת עם הארץ“ צום סוף, אין בריוו פון ר"ד מאקוב). און נאָך א צווייטער זאָגט עדות אויף אים: „א סך מענטשן באַגלויבטע, וואָס האָבן אים (דעם בעש"ט) געקענט, האָבן געזאָגט, אז ער איז כלל ניט גערעכנט געווען צווישן די לומדים, נאָר ער איז געווען זיכער ביי זיך, אז ער איז א נביא און ער האָט געזען און געקענט א ביסל עטלעכע סגולות אין שמות לויטן שטייגער פון די בעלי שמות“ („זמיר עריצים“, דף ב' עמוד ב', ווארשא תקנ"ח). אומזיסט האָט דער מחבר פון „סדר הדורות החדש“ זיך געמיט צו דערוויזן, אז דער בעש"ט האָט געטאָן זיינע מופתים „אָן השבעות און אָן קמיעות“ (זייט 5).

געדאַוונט אין דאָרף אין אַ שייער, אָנגעפּאַקט מיט פּעסער תבואה, האָבן די פּעסער אַרום אים געטאַנצט, צוזאַמען מיט זיין גוף וואָס האָט געציטערט פון התלהבות[1]. אַז מען פלעגט ביי אים פרעגן אַן עצה. אָדער בעטן, ער זאָל „זאָגן וואָס עס וועט זיין" אין פּריוואַטע ענינים, פלעגט ער אויפעפענען אַ „זוהר", אַריינקוקן אין אים און באַלד ענטפערן אויף דער פראַגע. איין מאָל האָט ער אויף אַזאַ שטייגער געפונען, וואו עס געפינט זיך איינער אַ מענטש, וואָס איז אַוועק אין אַ ווייטן לאַנד, און מען האָט ניט געוואוסט, ווען ער קומט אַהיים. אַז מען האָט אים געפרעגט, ווי אַזוי געפינט ער דאָס באַשייד פאַר אַ פּריוואַטן ענין אין אַן אַלטן ספר, האָט ער געענטפערט: „דאָס ליכט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין ששת ימי בראשית [לויט דער תלמודישער אגדה], האָט אדם הראשון געזען דורך דעם פון איין עק וועלט ביזן אַנדערן, און וויבאַלד אַז הקב"ה האָט געזען, אַז די וועלט איז ניט ראוי צו באַנוצן דאָס דאָזיקע ליכט, האָט ער דאָס באַהאַלטן פאַר די צדיקים לעתיד לבוא; און וואו האָט ער דאָס באַהאַלטן? אין דער תורה. און דערפאַר, אַז איך עפן דעם ספר הזוהר, זע איך דורך גאָר דער וועלט"[2].

בכלל פלעגט דער בעש"ט געוויינטלעך ניט אַרויסגיין חוץ די גרענעצן פון אוקראַינע. נאָר איין מאָל האָט זיך אים געמאַכט צו פאָרן קיין ליטע. אין איינער פון די הויפּט-קהילות אין דער דאָזיקער מדינה, אין דער שטאָט סלוצק, האָבן געוואוינט צוויי ברידער גבירים, וואָס זיינען געקומען אַהין פון גאַליציע און האָבן אַרענדירט אַלע מאַיאָנטקעס פון פוילישן פירשט ראַדזיוויל. די דאָזיקע הויפּט-חוכרים, וואָס אויך זייער בן-דור שלמה מיימון קען זיי אונטערן פויילישן נאָמען „דערזשאַווצעס", האָבן געוועלטיקט מיט פעסטער האַנט איבער דער מאַסע דאָרפס-יידן, וואָס פלעגן ביי זיי אַרענדירן קליינע מחיות אָדער קרעטשמעס. די דאָזיקע „דערזשאַווצעס" פלעגן שטרענג אַכטונג געבן אויף די קליינע אַרענדאַרן, זיי זאָלן זיך ניט פוילן, און פלעגן כסדר העכערן דאָס אַרענדע-געלט, ניט צו קוקן אויף די געשרייען פון זייערע אָרעמע ברידער, וואָס „האָבן זיי געקרוינט מיטן נאָמען

1 שבחי הבע"שט דף ז'.

2 דאָרט, דף ו' עמוד ב'; זע אויך „אור המאיר" פון ר' זאב וואָלף זשיטאָמירער, פרשת פקודי.

טיראַנען". איין מאָל — דערציילט די חסידישע לעגענדע — האָט די פרוי פון איינעם פון די רייכע ברידער פאַרבעטן איר לאַנדסמאַן דעם בעש"ט צום יום־טוב פון דער חנוכת־הבית פון דעם גרויסן מויער, וואָס איר מאַן האָט אויסגעבויט אין סלוצק. דער צדיק האָט דאָרט פאַרבראַכט דריי וואָכן, אָבער ער האָט געשפּירט, אַז אין דער ליטווישער סביבה קוקט מען אויף אים מיט חשד און מען גלויבט ניט אין זיינע „מופתים". ביים געזעגענען זיך האָט די פרומע יידענע די חסידה געפרעגט ביי אים, ווי לאַנג וועט געדויערן זייער הצלחה, און האָט געקראָגן אַן ענטפער: 22 יאָר. און די דאָזיקע נבואה איז מקויים געוואָרן: אין 22 יאָר אַרום איז דער פירשט אין כעס געוואָרן אויף די ברידער און האָט זיי אריינגעזעצט אין תפיסה[1].

צי האָט דער בעש"ט אַליין געגלויבט אין די ניסים ונפלאות, וואָס מען פלעגט זיך אָנדערציילן וועגן אים? צי האָט ער טאַקע אַליין זיך גערעכנט פאַר אַ נביא און וואָרזאָגער? מיר מוזן אַריינדרינגען אין דער טיפעניש פון זיין נשמה, בכדי צו ענטפערן אויף דער פראַגע. אַזאַ מענטש, וואָס זיין געדאַנק איז תמיד געווען באַהערשט מיט דער גאָטהייט, וואָס האָט ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן גאָט און נאַטור, וואָס האָט פעסט פאַרבונדן די אונטערשטע וועלט מיט די אייבערשטע וועלטן און האָט מיטן גאַנצן האַרצן געגלויבט, אַז עס איז פאַראַן אַ שטענדיקע קעגנזייטיקע ווירקונג צווישן זיי, — אַזאַ מענטש איז ניט געווען מסוגל צו פאַרשטיין, „וואָס איז דאָס אַזוינס אַ זאַך, וואָס איז מחוץ לגדר הטבע". אַליץ איז פאַר אים

---

1 איך האָב געבראַכט בקיצור די דאָזיקע מעשה, וואָס הייבט זיך אָן אַזוי: „שמעתי... איך האָב געהערט, אַז דער בעש"ט איז געווען ביי די דירזאַוועצעס פון ק"ק סלוצק" (שבחי הבע"שט, כ"ט), ווייל עס זיינען אין איר פאַראַן זאַכן, וואָס זייגען באַוואוסט אויך צו אַנדערע בני דור. וועגן די ברידער די „דערזשאַוועצעס" דערציילט אויך, ווי אויבן געזאָגט, שלמה מיימון אין זיין לעבנס געשיכטע (ז' 3 א"וו אין דער דייטשער אויסגאַבע, ז' 4 א"וו אין דער יידישער). אויך דער מחבר פון כתב־יד „זאת תורת הקנאות" שרייבט: „און ווער עס האָט געוואָלט וויסן, וואָס עס וועט זיין, האָט געפרעגט ביי אים (ביים בעש"ט), ווי עס האָט מיר דערציילט איינער אַ תלמיד חכם און אַ זקן... „אַז די בארימטע נגידים, וואָס מען האָט זיי גערופן „דזערזאַפּצעס", וואָס האָבן געהאַט גדולה אונטער דעם גרויסן דוכּס... און האָבן געוואָלט וויסן וואָס וועט זיין זייער סוף און האָבן געשיקט נאָך אים, און ער האָט זיי געזאָגט, אַז זייער גדולה וועט דויערן נאָך 14 יאָר... און אַזוי איז טאַקע געווען".

געווען צוגלייך נאַטירלעך און געטלעך, רעאַל און אידעאַל, פּשוטע ווירקלעכקייט און „נפלאות הבורא". דעם בעש"ט שרייבט מען צו אַזאַ וואָרט: „אַז דער מענטש געפינט זיך אין גרויסער דבקות מיט דער שכינה און דערנאָך גיט ער אַ טראַכט וועגן דער אייבערשטער וועלט, — דעמאָלט איז ער תיכף אין די אייבערשטע וועלטן, וואָרעם ווי דער מענטש טראַכט, דאָרטן איז ער, און אויב ער וואָלט ניט געווען אין דער אייבערשטער וועלט, וואָלט ער וועגן איר ניט געטראַכט"[1]. עס איז פּאַר אים געווען קלאָר, אַז דעם צדיקס תפילה מיט דבקות און התלהבות איז עלול צו מאַכן שינויים אין דער אייבערשטער וועלט, מער ניט וואָס דען? ניט אַלע מאָל איז הקב"ה משנה זיין גזרה לויט דעם צדיקס ווילן: אַמאָל געשעט אַ נס און אַמאָל בלייבט די גזירה פעסט, אַמאָל זאָגט דער צדיק נביאות, און זיין נבואה ווערט ניט מקויים. די חסידישע לעגענדע אַליין דערציילט, בתמימות, אַז איין מאָל האָט דער בעש"ט פאָראויסגעזאָגט איינעם אַ גביר, אַז זיין זון וועט נעזונט ווערן; אַז ער האָט אָבער שפּעטער דערזען, אַז דער קראַנקער האַלט ביים שטאַרבן און אַז זיינע עלטערן ווילן „אָנטאָן בושה" דעם צדיק וואָס איז געבליבן אַ ליגנער, האָט ער אויף דער גיך פאַרלאָזן זייער שטוב און איז אַוועק ווייט פון דאָרטן מיט „קפיצת הדרך", כדי „די מעשה זאָל אים ניט שאַטן אין אַן אַנדער אָרט"[2]. בכן, האָבן מיר דאָ ניט קיין אָפּנאַרעריי און ניט קיין שיגעון, נייערט פרווון צו ווירקן אין די אייבערשטע וועלטן. אַז מיר וועלן זיך פאַרטיפן אין דעם בעש"טס תורה (אין קומענדיקן פּאַראַגראַף), וועלן מיר פאַרשטיין, ווי האָט ער זיך פאַרהאַלטן צו די דאָזיקע זאַכן.

צום סוף פון דער תקופה, וואָס מיר האַלטן ביי איר, אַן־ערך צווישן 1740 און 1745, איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין דעם בעש"טס לעבן. ער האָט פאַרלאָזן די גאַליצישע שטאָט טלוסט און האָט זיך באַזעצט אין דער שטאָט מעדזשיבאָזש (Międzyborz) אין פּאָ־

1 צוואת הריב"ש, ע' ט"ז (דרוק תקנ"ג).

2 שבחי הבעש"ט דף כ"ז.

דאָליע, און דאָרט איז ער געבליבן ביזן טויט[1]. אַן ערך צוואַנציק יאָר איז מעדזשיבאָזש געווען דער צענטער פון דער נייער רעליגיעזער באַוועגונג, פונקט ווי צפת איז בשעתו געווען דער צענטער פאַר דער קבלה פון אר"י און פון זיינע תלמידים. און „משנה מקום — משנה מזל": אין מעדזשיבאָזש האָט זיך דעם בעש"טס מצב אינגאַנצן געביטן — ער איז געוואָרן אַלערער און וועגווייזער אין גלויבן־זאַכן. דער מענטש, וואָס האָט איינגענומען די מאַסע מיט זיינע „מופתים", האָט איצט געקראָגן תלמידים פון צווישן לומדים און האָט גענומען לערנען מיט זיי זיין נייע תורה. פריער פלעגט דער בעש"ט אַרומפאָרן איבער קהילות און ישובים, און איצט, אַז ער האָט געקראָגן אַשם אויף דער וועלט, פלעגט מען שוין קומען צו פאָרן צו אים קיין מעדזשיבאָזש ניט נאָר געניסן פון זיינע „מופתים", נייערט אויך צו הערן פון אים תורה. תלמודיסטן און מקובלים, רבנים און מגידים, וואָס האָבן ניט געפונען קיין באַפרידיקונג אין דער אַלטער רעליגיעזער שיטה, מיט איר תורה־לערנען און מיט איר אַסקעטיזם און האָבן געזוכט אַנייעם וועג, פלעגן קומען צום בעש"ט — ווער מיטן מיין אים אויסצופרוון און ווער מיטן ווילן זיך אָנצוואַרעמען פאַרן גלויבנס־פייער, וואָס האָט געברענט אין זיין האַרץ. צווישן די וואָס זיינען צו אים געקומען זיינען געווען רבי יעקב יוסף הכהן, וואָס איז געווען רב אין עטלעכע פאָדאָליער קהילות, און דער וואָלינער מגיד רבי דוב־בער, וואָס זיי ביידע זיינען געוואָרן די זיילן פון חסידות נאָכן טויט פון איר גרינדער. אין יענער צייט האָט שלום געמאַכט מיטן בעש"ט אויך זיין שוואָגער, דער בראָדער רב ר' אברהם גרשון קוטעווער, וואָס פאַר זיין „התגלות" האָט ער מיט אים ניט געוואָלט האָבן צו טאָן.

---

1 אין די חסידישע לעגענדעס איז ניט שייך קיין כראָנאָלאָגיע, און דערפאַר קאָן מען גענוי ניט פעסטשטעלן, ווען דער בעש"ט האָט זיך באַזעצט אין מעדזשיבאָזש. מער ניט לפי השערה און אויפן סמך פון דערציילונגען, וואָס אין זיי ווערט אמאָל דערמאָנט די שטאָט טלוסט און אַ סך מאָל מעדזשיבאָזש, ווי דער צענטער פון זיין ווירקונג, מעג מען אָננעמען, אַז נאָך זיין „התגלות" אַן ערך אין יאָר 1735 איז ער געזעסן עטלעכע יאָר אין טלוסט, וואו ער האָט פריער געהאַט זיך פאַרנומען מיט מלמדות, און אַן ערך 1740 האָט ער זיך אַריבערגעקליבן קיין מעדזשיבאָזש. בכל אופן איז ער שוין געזעסן אין מעדזשיבאָזש, בעת ער האָט געשריבן זיינע גבואישע בריוו פון יאָר 1747 און 1750 (זע אונטן § 12).

עטלעכע רבנים, וואָס זיינען געקומען צום בעש״ט, האָבן געמיינט, אַז זיי וועלן אים מנצח זיין אין אַ וויכוח, אָבער, ווי די לעגענדע דערציילט, איז ער זיי אַלעמען בייגעקומען [1].

ווי אַזוי האָט דער בעש״ט פאַרשפּרייט זיין תורה? ווייזט אויס, אַז ער האָט זיך ניט אויסגעצייכנט מיט טאַלענטן פון אַ דרשן און ניט פון אַ שרייבער, ער האָט אָבער פאַרמאָגט אַ באַזונדער בקיאות: ער האָט געלערנט דורך שמועסן מיט איטלעכן איינציקן, דורך ווערטלעך און מימרות, אַזוי ווי די פּאַרצייטיקע באַשעפערס פון רעליגיעס. בעתן שמועס פלעגט אויף אים רוען דער „רוח הקודש״, און זיינע געדאַנקען פלעגן זיך אָנקליידן אין דער געשטאַלט פון משלים, קורצע שפּראָכן און אַיינטייטשונגען פון פסוקים פון דער תורה, וואָס די צוהערער פלעגן נתפּעל ווערן איבער זייער אָרי־גינאַליטעט, איבער דער טיפקייט פון רעליגיעזן געפיל און אי־בער דעם גרונט־געדאַנק, וואָס פאַראייניקט די אַלע שפּראָכן צו איין באַשטימטער סיסטעם. דעם בעש״טס שמועסן און זיינע מימרות זיינען איינגעהיט געוואָרן אין זכרון פון זיינע תלמידים, און אין אַ צייט אַרום זיינען זיי פאַרשריבן געוואָרן אין זייערע ספרים אין אַ נוסח מער אָדער ווייניקער נאָענט צו דעם אָריגינאַל; אַסך פון זיי אָבער זיינען פאַרדרייט געוואָרן און אויסגעמישט מיט שפּעטערדיקע מיינונגען. דעריבער איז דער היסטאָריקער מחויב צו זיין שטאַרק אָפּגעהיט ביים באַנוצן דעם מאַטעריאַל, פונאַנדערצושיידן ווי ווייט מעגלעך צווישן דער אָריגינעלער שאַפונג פון דעם באַשעפער פון חסידות און צווישן דעם, וואָס איז צו איר צוגעקומען אין דער תורה פון זיינע תלמידים.

---

1 שבחי הבעש״ט, דף י״א, ל״ב און נאָך. כתר שם טוב, חלק ב׳ עמוד 38—39 (דרוק לבוב 1865).

## § 11. די תורה פון חסידות לויטן בעש"ט.

דעם בעש"טס רייד, וואס זיינען געדרוקט אין די ספרים פון זיינע תלמידים; ווי ווייט זיינען זיי אָריגינעל. — די פּרינציפּן פון חסידות: דער בורא איז פאַראַן אין דעם באַשאַף, וואָס ער איז זיין לבוש, און דעם מאמינס אויפגאַבע איז צו זוכן צו דערלאַנגען צום בורא דורך דעם לבוש; השגחה פּרטית ביז צום עקסטרעם. — באַהעפטונג פון געדאַנק מיט דער גאָטהייט. — תפילה און תורה לערנען. — דערווייטערונג פון עצבות. — דער צדיק און זיין ראָלע: דער פאַרמיטלער צווישן דער אויבערשטער און דער אונטערשטער וועלט. — דעם בעש"טס פּאַנטעיזם אַנטקעגן ספּינאָזעס פּאַנטעיזם. — דער בעש"ט האָט דערנענטערט די גאָטהייט צום מאָסן-מענטשן און צוגעפּאַסט די רעליגיע צו זיינע באַדערפעניששן. — דער פּרינציפּ פון צדיקיזם; אַ פּרט, וואָס איז געוואָרן אַ כּלל.

דער בעש"ט האָט זיין תורה ניט פאַרשריבן אין ספרים. דער ערשטער וואָס האָט פאַרעפנטלעכט זיינע רייד אין דרוק איז געווען זיין תלמיד רב יעקב יוסף הכּוהן. אין דריי ספרים, וואָס זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ צוואַנציק יאָר נאָכן בעש"טס טויט (תק"מ — תקמ"ב, 1780 — 1782): „תולדות יעקב יוסף", „בן פורת יוסף" און „צפנת פענח"[1] — ברענגט דער תלמיד אין זיינע לאַנגע דרשות איבער דער תורה און איבער דער תלמודישער אגדה קורצע מימרות, וואָס ער האָט אַליין געהערט פון זיין רבין אָדער אין זיין רבינס נאָמען פון זיינע חברים. אַזעלכע מימרות פלעגט ער אָנצייכענען: „איך האָב געהערט פון מיין רבין" אָדער „אין מיין רבינס נאָמען" (שמעתי ממורי, שמעתי בשם מורי). באַלד ווי די ספרים זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן, האָט אַ זאַמלער אָפּגעקליבן אַלע רייד דעם בעש"טס, וואָס זיינען אין זיי צעשפּרייט, און האָט זיי צונויפגענומען אין אַ באַזונדער ספר אונטערן נאָמען „כּתר שם טוב" (זשאָלקווע, תקמ"ד—1784). דערווייל זיינען אַרויסגעגאַנגען נאָך צוויי ספרים פון די תלמידים פון בעש"ט און פון דעם מעזריטשער מגיד: „מגיד דבריו ליעקב" אָדער „לקוטי אמרים" (קאָרעץ תקמ"ד) און דער ספר „לקוטי יקרים"

[1] גענויער וועט זיין גערעדט וועגן אַלע אַנגערופענע ספרים אויף זייער אָרט, אין די קאַפּיטלען, וואָס זיינען שייך צום לעבן פון זייער מחבר און אין דער פאַרצייכעניש פון די מקורים צום סוף פון דעם בוך.

לבוב, תקנ"ב — 1792), וואָס אויך אין זיי געפינען זיך מאמרים אין בעש"טס נאָמען. דעמאָלט האָט זיך געפעדערט דער מחבר פון דער זאַמלונג „כתר שם טוב" און האָט די הוספות אָפּגעדרוקט אין צווייטן טייל פון זיין ספר (זשאָלקווע, תקנ"ה — 1795). אָבער נאָך מיט אַ צוויי יאָר פריער האָט זיך געפונען אַ פּלינקער חסיד, וואָס האָט אַרויסגעלאָזן אין דרוק אַ קליינעם אינטערעסאַנטן ספר „צוואת הריב"ש והנהגות ישרות" (תקנ"ג). אויפן שער-בלאַט איז געווען אָנגע־שריבן אַזוי, אַז מען האָט דאָס געקאָנט פאַרשטיין אויף צווייערליי אופנים: „אשר נמצא באמתחת ר' ישעיה מיאנוב" (וואָס האָט זיך געפונען אין זעקל פון ר' ישעיה פון יאַנאָוו) און „אשר נשמע מפי הקדוש ר' ישראל בעש"ט" (וואָס איז געהערט געוואָרן פון מויל פון הייליקן ר' ישראל בעש"ט). דער מחבר אָדער דער דרוקער האָט ניט דערמאָנט, אַז דער גרעסטער טייל פון דעם וואָס שטייט אין דער „צוואה" איז צונויפגעקליבן פון די אויבנדערמאָנטע ספרים, און די חסידים האָבן געגלויבט, אַז דאָס איז מיט אַן אמת דעם בעש"טס צוואה, וואָס איז געפונען געוואָרן נאָך זיין טויט. מער ניט איינער פון די חסידישע מנהיגים אין יענער צייט, דער רב שניאור זלמן פון ליאָזנע, האָט גע־האַלטן פאַר זיין חוב צו לאָזן וויסן אין זיין בריוו צו זיינע געטרייע (אנ"ש = אנשי שלומו), אַז דער דאָזיקער ספר איז אין דער אמתן ניט קיין צוואה פון בעש"ט, נאָר „צונויפגעקליבענע מאמרים זיינע (ליקוטי אמרותיו), וואָס עס האָבן צונויפגעקליבן (אַנדערע)... און זיי האָבן ניט געוואוסט צוצופּאַסן דעם לשון, ווי געהעריק, אָבער דער תוכן איז דער ריכטיקער אמת" [1]. אָט דער אורטייל פון דעם באַגלויבטן מאַן, דעם בעסטן תלמיד פון בעש"טס צוויי תלמידים (דעם מעזריטשער מגיד און ר' מענדל וויטעבסקער) קאָן אונז דינען פאַר אַ מאָס בנוגע צו אַלע איבעריקע זאַכן, וואָס ווערן געבראַכט אין דעם בעש"טס נאָמען אין די ספרים פון זיינע ערשטע גייסטיקע יורשים: דעם רבינס געדאַנק איז איבערגעגעבן לויטן אמתן תוכן, הגם די פאָרם איז ניט שטענדיק גענוי; פונדעסטוועגן מעגן מיר משער זיין, אַז טיילמאָל איז אין זכרון פון די תלמידים אויפגעהיט געוואָרן אויך דעם רבינס סטיל, בפרט אין די קורצע שפּראָכן, וואָס זייער

1 אגרת הקדש, סימן כ"ה, אין דער הוספה צום ספר „תניא" אָדער „ליקוטי אמרים" (געדרוקט צוזאַמען מיט דער הוספה אין זשאָלקווע תקס"ה).

אינהאַלט איז פאַרבונדן מיט דער פאָרם [1]. פון אָט די אַלע ליקוטים און פראַגמענטן מוזן מיר אויסבויען אַ גאַנצע סיסטעם, וואָס זאָל ווי ווייט מעגלעך גענויער שטימען מיטן מיין פון דעם בעש"ט, וואָס האָט אַליין זיין תורה ניט פאַרשריבן.

אין גרונט פון דער דאָזיקער סיסטעם איז אַוועקגעלייגט איין הנחה: צווישן דער געטלעכער וועלט און דער מענטשלעכער וועלט איז דער פונאַנדערשייד נאָר אַן אויסווייניקסטער, אין דער אמתן אָבער זיינען ביידע וועלטן צונויפגעבונדן צווישן אַנאַנד און ווירקן תמיד אויף אַנאַנד. דער פרינציפ פון דער קבלה — אַז די וועלט איז נאָר אַן עמאַנאַציע (אויסשטראַלונג) פון דער געטלעכקייט, און אַז אין איר זיינען אויסגעמישט גשמיות און רוחניות („ניצוצות קדושים" — פונקען פון הייליקייט) — האָט דאָ אָנגענומען אַן אַבסאָלוטע פאָרם: דער בורא איז תמיד פאַראַן אין דעם באַשאַף. די נאַטור איז נאָר דער לבוש פון דער גאָטהייט, וואָס זי האָט זיך אין אים פאַרבאָרגן פון דעם מענטשנס אויג, און די אויפגאַבע פון דעם מענטש איז צו אַנטפּלעקן די גייסטיקייט אין דער וועלט. דער פסוק „מלא כל הארץ כבודו" (ישעיה ו' ג': מיט זיין כבוד איז פול די גאַנצע ערד) און דער מאמר פון דער קבלה: „לית אתר פנוי מניה" (ניטאָ קיין אָרט וואו ער זאָל ניט זיין) — דאָס זיינען די ווינקלשטיינער פון דער חסידות. דער גלויבן אין השגחה פרטית איז דאָ אויסגעדריקט אין אַ גוזמאדיקער מאָס. דער בעש"ט פלעגט זאָגן: „זאָל ער טראַכטן (דער מענטש), אַז אַלצדינג וואָס איז פאַראַן אויף דער וועלט איז פול פון בורא יתברך, און אַלע זאַכן, וואָס ווערן געטאָן אויף דער וועלט דורכן כוח פון די מענטשנס געדאַנקען, זיינען פון זיין השגחה געלויבט זאָל ער זיין [2]. „ער באַדאַרף טראַכטן (דער מענטש), אַז דער בורא איז פול גאָר די וועלט, אַז זיין כבוד און זיין שכינה זיינען תמיד ביי אים, און ער איז דאָס

---

1 חוץ די אויבנדערמאָנטע ספרים, זיינען דעם בעש"טס רייד אויפגעהיט געוואָרן אין אַנדערע ספרים, וואָס זייערע מחברים זיינען געווען נאָענט צו אים אין צייט אָדער אָרט, ווי דער ספר „דגל מחנה אפרים" (קאָרעץ, תק"ע), „אור המאיר" פון ר' וואָלף זשיטאָמירער (קאָרעץ, תקנ"ח), „מאור עינים" און „ישמח לב" פון רבי נחום טשערנאָבילער (סלאַוויטע, תקנ"ח).

2 צוואת הריב"ש (דרוק תקנ"ג) עמ' 21; כתר שם טוב (דרוק 1865) עי' 23.

גייסטיקסטע וואָס קאָן נאָר זיין, און ער איז דער האַר פון אַלע באַשעפע־
נישן אויף דער וועלט, און ער קאָן טאָן אַלץ וואָס איך וויל, און דער־
פאַר איז פאַר אים (פאַרן מענטשן) גוט צו באַלאָזן זיך נאָר
אויף אים, געלויבט זאָל ער זיין". „ער באַדאַרף טראַכטן און
גלויבן באמונה שלמה, אַז די שכינה איז ביי אים און היט אים אָפּ
און ער קוקט אויפן בורא און דער בורא אויף אים". דער אמתער
מאמין באַדאַרף תמיד שטרעבן צו אָט דער התבּוננות, צו דערהייבן
אין זיין געדאַנק די גשמיותדיקע זאַכן אָדער די „הייליקע ניצוצות" וואָס
אין זיי צו זייער געטלעכן וואָרצל, צו זען דעם בורא דורך זיין
לבוש, און דעמאָלט וועט ער פאַרשטיין וואָס עס טוט זיך אויף דער
וועלט גאָר אויף אַן אַנדער שטייגער. אויב דער מענטש וועט טראַכטן,
אַז אַלע די זאַכן, וואָס ציען צו זיין האַרץ אָדער וואָס שרעקן
אים אָפּ, זיינען נאָר פאַרבייגייענדיקע ערשיינונגען אין אַ וועלט, וואָס
איז באַשאַפן געוואָרן דורך איין וואָרט פון דעם בורא, דעמאָלט וועט
ער פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ קליינעם באַטרעף עס האָבן אַלע די
דאָזיקע תאוות און אַלע דאגות אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס ער האָט
משיג געווען דורך באַהעפטן זיין געדאַנק מיט דער איי־
בערשטער וועלט. „אויב אַ מענטש זעט אַ זאַך, וואָס ער האָט
פחד דערפאַר, זאָל ער זאָגן: וואָס האָב איך זיך צו שרעקן פאַר דער
זאַך, ער (דער שונא) איז דאָך אַ מענטש ווי איך, און אַפּשיטא שוין
פאַר אַ בהמה אָדער חיה, מער ניט וואָס דער שם יתברך קליידט זיך
אָן אין דער זאַך: וויפיל באַדאַרף איך מורא האָבן פאַר אים אַליין!"
„אויב ער וועט זען אַ שיינע פרוי, זאָל ער טראַכטן: פון וואַנען
קומט צו איר די דאָזיקע שיינקייט? אויב זי וואָלט געשטאָרבן, וואָלט
זי דעם דאָזיקן פנים ניט געהאַט; אויב יאָ אַזוי, קומט דאָס פון דעם
געטלעכן כוח, וואָס פאַרשפּרייט זיך אין איר, ער גיט איר דאָס דעם
כוח פון שיינקייט און רויטקייט; דערפון איז גערדרונגען, אַז דער שורש
פון שיינקייט איז אַ געטלעכער כוח — היינט צוליב וואָס זאָל איך
זיך ציען נאָך אַ טייל, בעסער זיך צו באַהעפטן מיטן שורש פון אַלע
וועלטן" [2].

1 צוואת הריב"ש, 42; „ליקוטי יקרים", דף א' (דרוק תקנ"ב).

2 צוואת הריב"ש, 23—25.

די באַהעפטונג פון געדאַנק מיט דער גאָטהייט (דביקות) — דאָס איז אַלצדינג פאַרן מענטשן. די דאָזיקע דביקות גיט דעם מענטשן נשמה־פעסטקייט און כוח צו באַשטיין קעגן אַלע צרות און סכנות פון דער וועלט. אין דעם בעש״טס וועלט־באַנעם הערשט אַן אַבסאָלוטער אָפּטימיזם. ניטאָ גאָר קיין שלעכטס אויף דער וועלט: „דאָס שלעכטע איז נאָר די אונטערשטע מדרגה פון גוטן"; „בעת דאָס שלעכטס איז גורם גוטס, ווערט עס אַ בענקל צום גוטן אַרויף". אויף דער אייביקער פראַגע: „וויבאַלד אַז די שכינה נעמט אַרום אַלע וועלטן און אַלע באַשעפענישן, סיי די גוטע סיי די שלעכטע, ווי אַזוי קאָן זי אַריינגעמען צוויי היפוכים אין איין סוביעקט (שני הפכים בנושא אחד): דאָס גוטע און דאָס שלעכטע?" — ענטפערט דער בעש״ט: „אין דער אמתן איז דאָס שלעכטע אַ בענקעלע פאַרן גוטן; למשל, אַ צדיק זעט די מעשים פון די רשעים, האָט ער הנאה, וואָס ער איז אַ צדיק" [1]. און דערפאַר באַדאַרף דער מענטש „זיין תמיד אין שמחה און גלויבן באמונה שלמה... אַז דער בורא קאָן טאָן וואָס ער וויל, ער מאַכט חרוב אַלע וועלטן אין איין רגע און באַשאַפט זיי אין איין רגע, און אין אים זיינען איינגעוואָרצלט אַלע גוטסקייטן און אַלע צרות פון דער וועלט, וואָרעם אין יעדער זאַך איז פאַראַן זיין שפע און זיין חיות, און איך פאַרלאָז זיך נאָר אויף אים און איך האָב מורא נאָר פאַר אים יתברך" [2].

פאַראַן איין וועג פאַר דער באַהעפטונג פון דעם מענטש מיט זיין באַשעפער — דאָס איז די תפילה. די תפילה באַדאַרף באַזייטיקן „דעם פאָרהאַנג וואָס שיידט אָפּ דעם מענטשן פון דער גאָטהייט", און דערפאַר באַדאַרף דער מענטש מתפלל זיין מיט טיפער כוונה און מיט התלהבות. „מען מוז בעת דער תפילה זיין אַזוי ווי אויסגעטאָן פון דער גשמיות (מופשט הגשמיות) און ניט שפירן, אַז מען געפינט זיך אויף דער וועלט". „ער באַדאַרף טראַכטן פאַר דער תפילה, אַזוי ווי ער איז גרייט צו שטאַרבן מחמת דער כוונה". כדי צו פאַרטרייבן „מחשבות זרות", קאָן מען באַנוצן אויך קערפערלעכע מיטלען: שאָקלען זיך, אונטערשפּרינגען, זינגען אַ ניגון.... „די תפילה — ווערט איבערגעגעבן אין בעש״טס נאָמען —

1 דאָרט, 38; כתר שם טוב, I, 8, 24.

2 צוואת הריב״ש, 42—43.

איז אַ זיווג מיט דער שכינה, און אַזוי ווי בײַם זיווג שאָקלט מען זיך אין אָנהייב, אַזוי באַדאַרף מען אין דאַווענען צוערשט זיך שאָקלען, און דערנאָך קאָן מען שטיין אַזוי אָן באַוועגונג און זײַן באַהעפט מיט דער שכינה אין גרויס דבֿקות". און מען דאַרף ניט קוקן אויפן געשפּעט פון די וואָס שטייען אַרום. „אַז אַ מענטש טרינקט זיך אין טײַך, און ער מאַכט אין טײַך תנועות, כּדי זיך אַרויסצודרייען פון וואַסער וואָס פאַרפּליוצט אים, וועלן אוודאי די וואָס זעען דאָס ניט לאַכן פון אים און פון זײַנע תנועות. אַזוי איז ניטאָ וואָס צו לאַכן פון דעם וואָס דאַוונט און מאַכט תנועות, וואָרעם ער ראַטעוועט זיך אַרויס פון די שטורעמדיקע וואַסערן, דאָס זײַנען די קליפּות און די מחשבות זרות, וואָס קומען אים מבֿטל זײַן פון זײַן כּוונה בײַם דאַווענען". די תּפילה, אַז זי קלינגט אָפּ אין די אייבערשטע וועלטן, מאַכט זי דאָרט אָן גרויסע שינויים. „דער מענטש ברענגט דורך זײַן דאַווענען און לערנען אַ שפע פאַר אַלע וועלטן, אויך מלאכים ווערן געשפּייזט דורך זײַן תּפילה... וואָרעם דער מענטש איז אַ לייטער, וואָס שטייט אויף דער ערד און זײַן שפּיץ דערגרייכט ביז אין הימל אַרײַן, און אַלע זײַנע תנועות און זײַנע טועכצן און זײַנע רייד מאַכן אָן אויבן אַ רושם"[1].

אמת, חוץ תּפילה איז פאַראַן נאָך אַ וועג אויף זיך מייחד צו זײַן מיט דער גאָטלעכקייט: דאָס איז לערנען די תּורה; אָבער ווען איז דאָס געווען, ווען דאָס לערנען פאַר זיך איז אַ מין תּפילה און ציט דעם מענטשנס געדאַנק אַרויף אויף אויבן. „בעתן לערנען טאָר מען ניט טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש ווי נאָר וועגן באַהעפטן זיך מיטן בורא און וועגן לערנען". „דאָס לערנען באַדאַרף זײַן מיט כּוח און מיט גרויס פרייד, און דאָס פאַרמינערט די מחשבות זרות... אַז מען לערנט, דאַרף מען זיך אָפּגעבן אַ חשבון, פאַר וועמען מען לערנט, וואָרעם אַמאָל דערווייטערט מען זיך דורכן לערנען פון בורא יתבּרך". „אַ מענטש, וואָס לייענט די תּורה מיט גרויס ליבשאַפט און מיט התלהבֿות און זעט דאָס ליכט וואָס אין איר, איז מיט אים דער השם יתבּרך ניט מדקדק, אַפילו אויב ער ווייס ניט די טראָפּ און זאָגט ניט אַרויס די ווערטער

1 כתר שם טוב I, 21, 31, 37, 47, 48; צוואת הריב"ש 15 א"וו; ליקוטים יקרים דף א—ב.

ווי געהעריק; דאָס איז געגליכן צו אַ קינד, וואָס דער פאָטער האָט אים שטאַרק ליב, און עס בעט עפעס ביים פאָטער, הגם עס פאַרהיפּערט זיך ביים ריידן, אָבער דער פאָטער האָט פון דעם הנאה". אין תורה לערנען איז דער עיקר דער מוסר, וואָס ברענגט צו גאָטספאָרכטיקייט, און דערפון איז געדרונגען אַ וואָרענונג צו יענע, וואָס לערנען גמרא נאָר. כּדי צו שאַרפן דעם מוח: „דער יצר הרע רעדט ניט אָן דעם מענטשן, ער זאָל איינגאַנצן ניט לערנען, וואָרעם עס איז אים באַוואוסט, אַז ווער עס וועדט ניט אָנגעדופן למדן, האָט קיין באַטרעף ניט אין די מענטשנס אויגן, ער רעדט אים אָבער אָן, ער זאָל ניט לערנען עפּעס אַזוינס, וואָס דערפון זאָל אים צוקומען יראַת שמים, ווי אַ מוסר־ספר אָדער דעם „שולחן ערוך", כּדי ער זאָל וויסן דעם דין אויף קלאָר, נאָר ער זאָל מער ניט לערנען ווי גמרא מיט מפרשים". איידער אַזאַ למדן איז שוין בעסער דער פּשוטער מאַסן־מענטש, וואָס קאָן נאָר דאַוונען: „די נשמה האָט געזאָגט דעם רב (דעם בעש"ט), אַז דאָס וואָס ער האָט זוכה געווען, עס זאָלן אים אַנטפּלעקט ווערן די אַלע געהייבענע זאַכן, איז דאָס ניט דערפאַר, וואָס ער האָט געלערנט אַ סך גמרא און פּוסקים, נאָר מחמת זיין תּפילה, וואָס ער פלעגט תּמיד מתפּלל זיין מיט גרויס כּוונה". נאָך האָט מען געזאָגט אויפן בעש"ט: „אַז ער האָט זוכה געווען צו דער דערליויכטונג פון אויבן (הארה עליונה), מחמת ער איז געווען תּמיד אין טבילות און מקוות". און טבילה איז בעסער פאַר אַ תּענית, וואָרעם דער תּענית שוואַכט אָפּ דעם גוף און נעמט ביי אים צו דעם כּוח, וואָס איז נייטיק צוליב דער עבודת הבורא, צוליב תּפילה און התלהבות[1].

אַ כּלל גדול אין עבודת הבורא איז: מען מוז אָפּטרייבן עצבות. צער און דעגות ברענגען דעם מענטשן צו „קטנות דמוחין" און האַרץ־פאַרשטאָפּעניש, בעת די עבודה צו גאָט פאַרלאַנגט „גדלות דמוחין", דאָס הייסט אויפגעוועקטקייט פון דער נשמה אין פרייד און האָפענונג. „דאָס איז אַ כּלל גדול אין עבודת הבורא, אַז מען זאָל זיין געהיט פון עצבות, ווי ווייט מען קאָן". „וויינען איז זייער שלעכט, וואָרעם דער מענטש באַדאַרף דינען פון שמחה; נאָר ווען דאָס גע־

---

1 צוואת הריב"ש 7 א"ו, 33; כתר שם טוב I 49; לקוטים יקרים, דף א', ט"ו א"ו.

וויין איז פון שמחה, דעמאָלט איז דאָס זייער גוט". „אָפטמאָל — זאָגט דער בעש"ט — פאַרפירט דער יצר הרע דעם מענטשן און זאָגט אים, אַז ער האָט אָפּגעטאָן אַ גרויסע עבירה, הגם דאָס איז ניט מער ווי אַ חומרא אָדער ס'איז גאָר קיין עבירה ניט, און ער איז דערמיט אויסן, דער מענטש זאָל זיין פאַרטרויערט און אין זיין עצבות זאָל ער געשטערט ווערן פון עבודת הבורא. באַדאַרף דער מענטש פאַרשטיין די דאָזיקע אָפּנאַרעריי און זאָגן צום יצר הרע: איך האַלט ניט פון דער חומרא, וואָרעם דו ווילסט מיר נאָר אָנמאַכן עצבות אין דער עבודת הבורא, אדרבא איך וועל אים דינען מיט שמחה, וואָרעם איך בין דערמיט ניט אויסן מיין באַדערפעניש, איך וויל נאָר אָנטאָן נחת רוח אים יתברך". דערפון איז געדרונגען, אַז אין אָפּהיטן די מצוות איז דער עיקר ניט וויפיל, נאָר ווי אַזוי — דאָ האָבן מיר אַ פּראָטעסט קעגן דער שטרענגקייט פון די רבנים. „מען דאַרף ניט צופיל אָפּהיטן איבעריקע דיקדוקים, — וואָרנט דער בעש"ט, — וואָרעם דאָס איז דער מיין פון דעם יצר הרע אָנצומאַכן דעם מענטשן שרעק, טאָמער איז ער מיט דער זאַך ניט יוצא, כדי אים צו ברענגען צו עצבות און מבטל זיין פון עבודת הבורא. און אַפילו אויב ער איז געשטרויכלט געוואָרן אין אַן עבירה, זאָל ער ניט צופיל זיך אַריינלאָזן אין עצבות, ער זאָל מער ניט טרויערן איבער דער עבירה און ווידער זיך פרייען מיטן בורא, וויבאַלד ער האָט אינגאַנצן חרטה". אויך די סיגופים (פייניקן זיך) פון די מקובלים זיינען מער שעדלעך ווי נוציק פאַר דער הייליקער עבודה: „אַז אַ מענטש האָט חשק צו פאַסטן, זאָל ער ניט אָפּלאָזן דאָס, וואָס ער וויל, הגם ער ווייס, אַז בעסער איז צו דינען דעם אייבערשטן אין שמחה אָן סיגופים, וואָרעם זיי ברענגען צו עצבות"[1]. נאָך אַ כלל האָט דער בעש"ט איינגעשטעלט, דאָס איז „גליכגילטיק זיין" (השתוות), דאָס הייסט: „אַלצדינג, וואָס עס טרעפט מיט אַ מענטשן, זאָל זיין פאַר אים אַלץ גליך, סיי ווען אַנדערע לויבן אים אָדער מאַכן אים אַראָפּ, און אַזוי אין אַלע איבעריקע זאַכן, סיי ער עסט זיסקייטן סיי ער עסט אַנדערע זאַכן — זאָל אַלץ פאַר אים זיין גלייך". און דערויף האָט ער געדרשנט דעם פסוק: שויתי ה' לנגדי תמיד (איך שטעל פאַר גאָט פאַר מיר שטענדיק) אַזוי: אַז איך באַהעפט זיך מיט

---

1 צוואת הריב"ש, עמ' 11 א"וו.

גאָט איז אַלץ פאַר מיר גלייך (שוה)[1]. דאָס איז דער פּרינציפּ פון קוויעטיזם, וואָס איז אייגנטימלעך פאַר אמתע מאמינים אָדער אמתע פילאָסאָפן.

דאָס דינען דעם בורא איז ניט באַגרענעצט נאָר אין תפילה און תורה, דער מענטש קאָן דינען גאָט מיט זיין גאַנצן לעבן. זען די שכינה, וואָס איז פאַרבאָרגן אין מאַטעריעלע זאַכן, איז אַ „דינסט אין קליינקייט" (עבודה בקטנות). דער בעש"ט האָט געזאָגט: „אַז מענטשן ריידן דברים בטלים, און איך זיץ צווישן זיי, באַהעפט איך זיך מיט מיין באַשעפער און פאַרבינד אַלע זייערע רייד מער ווי בעתן לערנען די תורה". „אָט איז אַ כלל גדול: אין אַלצדינג, וואָס איז פאַראַן אויף דער וועלט, זיינען פאַראַן הייליקע פונקען (ניצוצות קדושים), אַפילו אין העלצער און שטיינער, אין אַלע טועכצן וואָס דער מענטש טוט, אַפילו אין אַן עבירה... בעת ער טוט תשובה, דערהויבט ער די ניצוצות וואָס זיינען געווען אין דער עבירה צו דער אייבערשטער וועלט". דאָ דערקלערט ער דעם פּסוק פון די י"ג מידות מיט אַ וואָרטשפּיל: „נושא עוון — דאָס איז טייטש: ער טראָגט די זינד אַרויף אויבן". דער דאָזיקער געדאַנק דרינגט אַרויס פון דעם אר"יס תורה: בעת דער אייבערשטער פלעגט שאַפן וועלטן און צעשטערן זיי, זיינען אַראָפּגעפאַלן און איינגעזונקען אין דער גאַנצער נאַטור, אין דער טויטער און אין דער לעבעדיקער (דומם צומח חי ומדבר), הייליקע פונקען, און דערפאַר מוז דער מענטש אַרויסהייבן די פונקען, וואָס געפינען זיך אין די דאָזיקע שאָלעכצן (קליפות), צו זייער געטלעכן שורש דורך תפילה אָדער דורך פאַרטיפן זיך אין דער אייבערשטער וועלט. „און ווער עס קאָן אין זיין געדאַנק דערהייבן דעם הייליקן פונק פון געוויקס (צומח) צום באַלעבטן און ריידנדיקן (חי ומדבר), דער פירט אים אַרויס אויף דער פריי, און עס איז ניטאָ קיין גרעסערער פדיון שבויים פון דעם". התבודדות און קאָנצענטרירונג פון געדאַנק (צמצום המחשבה) גרייטן צו דעם מענטשן צו אָט דעם דינסט. „אַז דער מענטש איז אין באַהעפטונג מיט דער שכינה און ער טראַכט וועגן דער אייבערשטער וועלט, דעמאָלט איז ער דאָרט". אין אַזאַ צושטאַנד פון געהויבנקייט פון דער נשמה איז דער מענטש מסוגל „צו הערן רופן פון אויבן", וואָס, לויטן בעש"ט, זיינען זיי ניט ממש

1 לקוטים יקרים, ט"ו; צוואת הריב"ש עמ' 2.

די רייד פון הקדוש ברוך הוא, נאָר די אָפּקלאַנגען פון געדאַנק, וואָס איז קאָנצענטרירט אין דער אידעען=וועלט (עולם האצילות) און באַקומט פון דאָרט אָנצוהערענישן, וואָס אין זיי איז פאַראַן אַ שטיק נבואה[1].

פאַראַן עטלעכע מדרגות אין חסידות, דאָס הייסט אין דעם דינסט פון דבקות און אויפהייבן דעם געדאַנק צו זיין אייבערשטן מקור. דער וואָס איז געקומען צו דער העכסטער מדרגה ווערט אָנגערופן צ ד י ק. היות ווי ניט איטלעכער מענטש איז זוכה צו דער גייסטיקער באַהעפטונג מיטן קוואַל פון שאַפונג, דעריבער קומט דער צדיק ווי אַ פאַרמיטלער צווישן דער אייבערשטער און דער אונטערשטער וועלט. „דער תיקון פון די בעלי=תשובה געשעט דורך די גדולי הדור", פלעגט זאָגן דער בעש״ט. — „דער אייבערשטער האָט אַ תענוג פון דעם צדיקס מעשים, פון זיין תורה און תפילה". דער פשוטער חסיד מוז גלויבן אין צדיק, אַפילו אויב ער זעט אים אַמאָל פאַרזונקען אין די הבלים פון ד ע ר וועלט. „אָפטמאָל פאַלט דער צדיק אַראָפּ פון זיין מדרגה און ער דינט צו גאָט אין קליינקייט (בקטנות), דאָס הייסט, אַז ער דאַוונט ניט מיט גרויס כוונה און גייט אַרום ליידיק. און אָט זעט אַן אַנדער מענטש דעם צדיק אין אַזאַ מדרגה, טראַכט ער, אַז ער וועט אויך טאָן אַזוי"; אָבער אַ פשוטער מענטש טאָר זיך ניט צוגלייכן צו אַ צדיק, וואָס אַפילו אין דברים בטלים מאַכט ער תיקונים און דערהייבט די פונקען וואָס אין זיי פון וואָכעדיקייט צו הייליקייט. דער חסיד מוז גלויבן אין זיין צדיק מיט אַ פולן גלויבן, און דעמאָלט קאָן דער צדיק זיך משתדל זיין פאַר אים אין די אייבערשטע וועלטן. עס איז אַ מצווה צו דערציילן מעשיות וועגן די וואונדער, וואָס דער צדיק טוט, כדי צוצוציען צו אים די מאַסע. דער בעש״ט זאָגט: „ווער עס דערציילט די שבחים פון צדיקים, איז אַזוי ווי ער וואָלט געלערנט די מעשה=מרכבה"[2].

דאָס איז דער דרך פון דעם בעש״טס חסידות. מיר האָבן דאָ אַ מיסטישן פאַנטעיזם, וואָס איז להלוטין דער היפוך פון שפינאָזעס ראַציאָנאַליסטישן אָדער פילאָסאָפישן פאַנטעיזם. שפינאָזעס גאָט=

1 צוואת הריב״ש 16, 47; לקוטים יקרים דף ב׳ און ד׳; כתר שם טוב, 14 א״וו.

2 צוואת הריב״ש 27, 43; כתר שם טוב II, 6; שבחי הבע״שט דף כ״ח.

הייט, די סובסטאַנץ, האָט ניט קיין שום פאַרבונד מיטן מענטשנס אינעווייניקסטער וועלט: ניט זי ווירקט אויפן מענטשן, ניט זי ווערט פון אים באַווירקט, מען קאָן צו איר ניט מתפלל זיין, וואָרעם זי איז לחלוטינדיקע אַבסטראַקציע, אַ שכלדיקער אויספיר פון דער באַטראַכטונג, וואָס דער מענטש באַטראַכט דאָס לעבן פון דער וועלט און זיינע סיבות. שפינאָזעס „שכלדיקע ליבע צו גאָט" איז ניט מער ווי די התפעלות פון געדאַנק פאַר דער גרויסקייט פון באַשאַף. שפינאָזעס שיטה לייקנט לא די וואָס אין דער השגחה פרטית, וואָס דער באַשעפער האָט איבער זיינע באַשעפענישן, נאָר בכלל אין דער השגחה איבער דער פירונג פון דער וועלט. דער בעש"ט האָט קיין שום ידיעה ניט געהאַט וועגן דער פילאָסאָפישער שיטה פון דעם אַרויסגעשטויסענעם פילאָסאָף, און אַפשיטא שוין, אַז ער האָט גאָרנישט ניט געהערט וועגן דער שיטה פון דעיזם פון די פילאָסאָפן פון זיין דור, פון 18טן יאָרהונדערט, וואָס האָבן אָנגענומען, אַז עס איז פאַראַן אַ באַשעפער פון דער וועלט און אַז ער האָט איינגעשטעלט אין דער נאַטור באַשטימטע געזעצן, נאָר זיי האָבן געלייקנט, אַז דער באַשעפער האָט אַ השגחה איבערן לעבן פון יחיד און אַז עס קאָן געמאָלט זיין אַ דירעקטע שייכות צווישן אים און צווישן מענטשן. דער בעש"ט ציט זיין יניקה גאָר פון אַן אַנדער גרונט: ער גלויבט באמונה שלמה, אַז די גאַנצע וועלט איז באַשאַפן געוואָרן נאָר צוליב מענטשן, און בפרט צוליב יידן[1], אַז די גאַנצע נאַטור איז מער ניט ווי אַ לבוש, וואָס שיידט אָפּ די גאָטהייט פון מענטשן, און אַז דער „חסיד" און דער „צדיק" זיינען בכוח צו צעררייסן אָט דעם צווישנשייד און צו באַהעפטן זיך מיטן באַשעפער; ער גלויבט ווייטער, אַז אויך דער בורא גלוסט צו באַהעפטן זיך מיטן מענטשן, אַז ער ווייס אַלע פרטים פון זיינע מעשים און געדאַנקען, ער פאַרנעמט זיין תפילה און ענטפערט אויף איר, אַז ער ווערט באַווירקט און באַאיינפלוסט שטענדיק פון די מעשים פון די מענטשן, און אַז די בעסטע צווישן זיי, די צדיקים, ווערן דעם אייבערשטנס שותפים אין דער פירונג פון דער וועלט, וואָרעם דורך זייער תפילה קאָנען זיי אומבייטן אַ גזר-דין פון אויבן.

1 „די וועלטן זיינען לכתחילה באַשאַפן געוואָרן, כדי די הייליקע ניצוצות זאָלן אויסגעקליבן ווערן דורך דער יידישער אומה" (כתר שם טוב I, 44).

דער בעש"ט האָט דערנעענטערט, ווי ווייט דאָס איז נאָר מעגלעך, די גאָטהייט צום מענטשן און דעם מענטשן צו דער גאָטהייט — און דורך דעם האָט ער אײַנגענומען די מאַסע. גוט האָט געזאָגט אַ חסיד אַ דענקער: „אונזער רבי דער בעש"ט איז געגאַנגען נאָכן אר"י צו אַנטפּלעקן די גאָטהייט אין דער דאָזיקער אונטערשטער וועלט אין איטלעכן פּרט. דאָס וואָס דער אר"י האָט מגלה געווען, איז דאָס אין די אייבערשטע וועלטן, און ניט איטלעכער מוח איז מסוגל משיג צו זיין, וואָס עס טוט זיך אויבן, און דער בעש"ט האָט אַנטפּלעקט די גאָטהייט דאָ אויף דער ערד, בפרט אין דעם אונטערשטן מענטשן, וואָס עס איז ניטאָ אין אים קיין אײן אבר און קיין איין כוח, וואָס זאָל ניט זיין פאַרבונדן מיטן געטלעכן כוח, וואָס איז אין אים פאַרבאָרגן". די תורה פון די רבנים די מקובלים איז געווען צוגעפּאַסט פאַר די גרויסע לייט, אָבער די „מענטשן פון אָרעמען פאָלק, וואָס זיינען געווען אַריינגעטאָן אין דער פרנסה, האָבן פון איר ניט פאַרזוכט און ניט געזען, זיינען זיך געגאַנגען אין פינסטערניש, ווייל זיי האָבן ניט געקאָנט לערנען די תורה... האָט דער אייבערשטער מיט זיין פיל גענאָד אַראָפּגעשיקט פאַר אונז אַ מלאך פון הימל, דעם בעש"ט ז"ל, וואָס האָט באַלויכטן דעם וועג פון חסידות אויף דער וועלט, דעם וועג, וואָס דער מענטש זאָל גיין אין אים, אויך בעת ער איז שטאַרק פאַרטאָן אין זיינע דאגות"[1].

און אַז דער בעש"ט האָט דערנעענטערט די פּרינציפּן פון דער חסידות צו די השגות פון מאַסן-מענטש, האָט ער געזאָרגט אויך דערפאַר, אַז אַלע פּרטים פון דער דאָזיקער תורה זאָלן פּאַסן פאַר דעם צוועק: ער האָט אין איר שטאַרקער געמאַכט דעם געפיל איבער דעם וויסן, דעם גלויבן איבער דעם לערנען און פאָרשן, די גייסטיקע מונטערקייט איבער דער געפאַלנקייט פון גייסט, וואָס שטאַמט פון פּייניקן דעם גוף און פון עצבות, די ליבשאַפט איבער דער מורא, די כוונה איבער דער אויסווייניקסטער דיסציפּלין. „אַליין איינס צי מער צי ווינציקער, אַבי מען ווענדט דאָס האַרץ צום אייבערשטן" — און אויב פאַרן מענטשן, וואָס איז פאַרנומען מיט זיין פרנסה, איז שווער צו פאַראָווען כוונות און פאַרטיפן זיך און באַהעפטן זיך מיט די אייבערשטע וועלטן, איז דאָך פאַראַן דערויף דער צדיק: ער גיט אי-

1 מענדיל באָדעק אין „סדר הדורות לתלמידי הבעש"ט", 7 א"וו.

בער אויבן אַלע כוונות, אַלע מחשבות און אַלע בקשות פון דעם מאַסן־מענטש. און ווער עס גלויבט אין צדיק, איז בכלל יוצא בנוגע צו אמונה. דער בעש"ט גופא איז נאָך ניט דערגאַנגען צו אַזאַ ראַדיקאַלן געדאַנק, אָבער די פירער פון חסידיזם אין די שפּעטערדיקע דורות האָבן אַזוי שטאַרק פאַרברייטערט די גרענעצן פון „צדיקיזם", אַז אין אים זיינען אַיינגעזונקען די פּרינציפּן פון חסידות.

---

## § 12. דער בעש"ט בראש פון דער סעקטע חסידים אין פּאָדאָליע (מעדזשיבאָזש).

קרייזלעך חסידים. — דער בעש"ט האָט „עלית נשמה". — דער בריוו פון יאָר תק"י (1750). — די נייע בשורה פון חסידות. — עלילות דם און רדיפות אין אוקראַינע אין די יאָרן 1747 — 1750. — די משיחיות פון חסידות איז פּערזענלעכע אויסלייזונג. — די פירער פון דעם קרייזל אין מעדזשיבאָזש. — דער בעש"ט פאַרנעמט זיך מיט כלל־ענינים: „פדיון שבויים", שטיצט די גערודפטע. — האלט אויס א פרווו פאר די רבנים. — די פראַנקיסטן באַוועגונג און דעם בעש"טס השתדלות אין די אויבערשטע וועלטן. — זיין צער איבער די אָפּגעשניטענע אברים. — דעם בעש"טס פטירה (1760).

אין די פערציקער און פופציקער יאָרן פון 18טן יאָרהונדערט, אין דער זעלביקער צייט, ווען די ענציקלאָפּעדיסטן אין פּאַריז זיינען אויפגעשטאַנען קעגן דער מאַכט פון רעליגיע אין נאָמען פון מענטשלעכן פאַרשטאַנד, איז אין אַ קליינעם שטעטל אין אוקראַינע געשאַפן געוואָרן אַ צענטער פאַר אַ רעליגיעזער באַוועגונג, וואָס האָט אינגאַנצן געלייקנט אין שכל און האָט אַיינגעפירט דעם מיסטישן גלויבן אין אַלע ווינקעלעך פון לעבן. אַ גרופּע „חסידים" פון אומצופרידענע רבנים און מקובלים אין קליינע קהילות, מגידים און נאָך אַזעלכע „כלי־קודש", האָבן זיך צונויפגעקליבן אין מעדזשיבאָזש, כדי צו קוויקן זיך מיט די רייד פון זייער רבין, דעם בעש"ט. דער בעש"ט מיט זיינע חברים פלעגן, הייזט אוים, דאַוונען אין אַ באַזונדער שולכל אָדער „מנין", און עס זיינען צו זיי צוגעשטאַנען אויך אַנדערע מענטשן פון שטאָט. די תלמידים פון דעם מעדזשיבאָזשער רבי, אַז זיי פלעגן קומען אַהיים צו זיך אין די שטעט,

פלעגן דאָרט פאַרשפּרייטן די נייע תורה, אָפן אָדער בשתיקה, און האָבן געגרינדעט באַזונדערע „מנינים" — קליינע קעמערלעך, וואָס פון זיי איז מיט דער צייט אויסגעבילדעט געוואָרן די סעקטע חסידים.

אַז דער בעש"ט האָט דערזען, אַז זיין תורה פאַרשפּרייט זיך אין פאָלק, האָט ער אַליין זיך געשטאַרקט אין זיין גלויבן, אַז דאָס איז פון אויבן באַשטימט געוואָרן, ער זאָל ברענגען צוריק די יידן צו זייער פאָטער אין הימל. עס האָט זיך אין אים געשטאַרקט די פאַנטאַזיע און ער האָט גענומען „הערן כרוזים פון אויבן". און עס זיינען אים אַנט־פּלעקט געוואָרן סודות פון דער תורה דורך דעם אַלטן נביא אחיה השילוני, וואָס לויט דער חסידישער לעגענדע איז ער דאָס געווען דעם בעש"טס רבי[1]. דעמאָלט האָט ער אָנגעהויבן „מאַכן עליות־נשמה", דאָס הייסט זען זעונגען אין דער וועלט פון די נשמות, און אָנזאָגן די מאמינים, וואָס עס איז אים דאָרט געוואָרן אַנט־פּלעקט. וועגן צוויי אַזעלכע „עליות", פון ראש־השנה תק"ז און פון ראש־השנה תק"י (סעפּטעמבער 1746 און סעפּטעמבער 1749), האָט דער בעש"ט געלאָזט וויסן דורך אַ בריוו, וואָס איז ווי אַ נייער אָנזאָג, אַ מאַניפעסט פון דער חסידות. דער בריוו איז געגעבן גע־וואָרן זיין נאָענטסטן תלמיד יעקב יוסף הכהן מיט דער בקשה איבערצוגעבן אים דעם בעש"טס שוואָגער, ר' אברהם גרשון קוטי־ווער, וואָס האָט זיך געהאַט באַזעצט אין ארץ־ישראל, און מחמת דער שליח האָט זיך פאַרהאַלטן אין חוץ לארץ און האָט זיין שליחות ניט אויסגעפירט, איז דער בריוו געבליבן ביי אים און אין יאָרן אַרום האָט ער אים אָפּגעדרוקט אין איינעם פון זיינע ספרים[2].

---

1 תולדות יעקב יוסף, פרשת בלק (קאָרעץ תק"מ); ד' ווייטער § 16.

2 „בן פורת יוסף", קאָרעץ תקמ"א, אין סוף פון ספר. פון דאָרט איז נאָך אַמאָל אָפּגעדרוקט דער פראַגמענט, וואָס געהער צו דער „עלית נשמה" פון יאָר תק"ז, אין דעם זאַמלבוך פון בעש"טס רייד „כתר שם טוב" (זשאָלקווע תקמ"ד). אויף דער עכטקייט פון דעם בריוו זאָגן עדות דער נאָמען פון שליח ר' יעקב יוסף, וואָס האָט אים אָפּגעדרוקט פאַר זיין לעבן אין זיין ספר „בן פורת יוסף", און אויך זיין אינהאַלט, וואָרעם צוגלייך מיט נבואות און סודות ווערן דערמאָנט באַוואוסטע געשעענישן אין לעבן פון די פּוילישע יידן אין יענער צייט: די עלילות דם אין 1747 און 1748 און די באַוועגונג פון די

וועגן דער ערשטער „עלית נשמה“ דערציילט דער בעש"ט אָט וואָס [1].

„אום ראש השנה פון יאָר תק"ז האָב איך געמאַכט די השבעה אויף עליות נשמה, ווי דיר איז באַוואוסט, און איך האָב געזען וואונדערלעכע זאַכן, וואָס איך האָב אַזוינס ניט געזען ביז איצט, זינט איך בין ביים זינען. און דאָס וואָס איך האָב געזען און געלערנט, קאָן מען ניט דערציילן און אויסריידן אַפּילו פון מויל צו מויל. אַז איך האָב זיך אומגעקערט צום אונטערשטן גן־עדן (גן עדן התחתון), האָב איך געזען אַ סך נשמות פון לעבעדיקע און טויטע, וואָס איך קען זיי און וואָס איך קען זיי ניט, אָן אַ שיעור... און אויך אַ פולע רשעים האָבן תשובה געטאָן, און מען האָט זיי מוחל געווען זייערע זינד... און אַלע צוזאַמען האָבן געבעטן ביי מיר און געזאָגט: דער אייבערשטער האָט דיך געלייטזעליקט מיט גרויסן פאַרשטאַנד משיג צו זיין און וויסן פון די דאָזיקע ענינים, וועסטו אויפגיין מיט אונז און וועסט אונז זיין צו הילף. און מחמת דער גרויסער שמחה וואָס איך האָב געזען צווישן זיי, האָב איך געוואָלט אַרויפגיין מיט זיי. און איך האָב געזען, ווי אַזוי דער ס"ם (סמאל, דער שטן) איז אַרויף מקטרג צו זיין מיט גרויס שמחה, וואָס איר גלייכן איז ניט געווען, און האָט אויסגעפועלט גזירות פון שמד אויף פיל נפשות, זיי זאָלן דערהרגעט ווערן דורך מיתות משונות. האָט מיך אָנגעכאַפּט אַן אימה און איך האָב זיך ממש מוסר נפש געווען און האָב געבעטן מיין רבין [2], ער זאָל גיין מיט מיר, וואָרעם עס איז אַ גרויסע סכנה אַרויפצוגיין אין די אייבערשטע וועלטן. און איך בין אַרויף איין מדרגה נאָך דער אַנדערער, ביז איך בין אַריין אין היכל פון משיח, וואָס דאָרט לערנט דער

---

הײדאַמאַקעס אין אוקראַינע 1750. דער בריוו פון בעש"ט איז אָנגעשריבן אַן ערך אין יאָר תקי"א (1751) ווי אַן ענטפער אויפן בריוו פון זיין שוואָגער ר' אברהם גרשון קוטיווער, וואָס איז אָנגעקומען צו אים מיט אַ יאָר פריער, און פון זיין אינהאַלט איז צו זען, אַז דעם בעש"טס פריערדיקע בריוו מיט פיל „חידושים און סודות“ זיינען אויך ניט אָנגעקומען צום ציל. דער בריוו איז אָפּגעדרוקט פון דאָס ניי צוזאַמען מיט אַ פאַקסימילע פון דעם ערשטן אָפּדרוק פון „בן פורת יוסף“ אין דעם זאַמלבוך „ספר החסידות“ פון אברהם כהנא (וואַרשע, תרפ"ב) ז"ז 73—77.

1 דורכגעלאָזן עטלעכע פּרטים, וואָס זיינען ניט וויכטיק פאַר דער עצם זאַך.

2 אַ רמז אויפן נביא אחיה השילוני, ווי אויבן דערמאָנט.

משיח תורה מיט אַלע תנאים און צדיקים. און דאָרט האָב איך געזען אַ גרויסע שמחה, און האָב געמיינט, אַז די שמחה איז פון וועגן מיין פטירה פון דער וועלט, נאָר מען האָט מיר געגעבן צו וויסן, אַז איך ווער נאָך ניט נפטר, ווייל זיי האָבן הנאה דאָרט אויבן, בעת איך בין אונטן מייחד יחודים דורך זייער הייליקער תורה. און איך האָב געפרעגט משיחן: ווען קומט דער האַר? און ער האָט מיר געענטפערט: דאָס וועסטו וויסן, ווען דיין לערנונג וועט מפורסם ווערן און אַנטפּלעקט אין דער וועלט און אַנדערע וועלן אויך קאָנען מאַכן יחודים און עליות ווי דו, דעמאָלט וועלן פאַרלענדט ווערן אַלע קליפות, און עס וועט זיין אַ שעה פון באַוויליקונג און הילף. און איך האָב זיך געוואונדערט דערויף, און מיר איז געווען גרויס צער, וואָס די צייט איז אַזוי לאַנג: ווען קאָן דאָס זיין? נאָר איך האָב זיך אויסגעלערנט, בעת איך בין דאָרט געווען, דריי זאַכן סגולות און דריי הייליקע שמות... און איך האָב געטראַכט: אפשר קאָנען דורך דעם אויך מענטשן פון מיין עלטער קומען צו דער מדרגה און בחינה, ווי איך... און מיר איז ניט געגעבן געוואָרן קיין רשות ווייל איך לעב, צו אַנטפּלעקן דאָס... אָבער דאָס לאָז איך דיר וויסן: בעת דיין דאַוונען און לערנען זאָלסטו אין יעטווידער וואָרט האָבן די כוונה מייחד זיין דעם שם (גאָטס נאָמען), וואָרעם אין יעטווידער אות זיינען פאַראַן וועלטן און נשמות און געטלעכקייט" אאַז"וו.

צו דער דאָזיקער בשורה וועגן זיין שמועס מיטן משיח איז דער בעש"ט מוסיף אין זיין בריוו עטלעכע ווערטער וועגן די גזירות, וואָס האָבן אין יענער צייט געמאַכט ציטערן די קהילות אין אוקראַינע: „איך האָב אויך דאָרט מתפלל געווען, פאַר וואָס האָט דער אייבער־שטער אַזוי געטאָן, אַז עס זיינען איבערגעענטפערט געוואָרן דעם ס"ם (סמאלן) פיל יידישע נפשות צום הרגענען, און אַ סך פון זיי, וואָס האָבן זיך געשמדט און זיינען דערנאָך דערהרגעט געוואָרן. און מען האָט מיר געגעבן רשות צו פרעגן דעם ס"ם גופא, און איך האָב גע־פרעגט... און ער האָט מיר געענטפערט, אַז זיין מיין איז לשם שמים. און אַזוי איז געווען בעוונותינו הרבים שפּעטער, אַז אין דער קהילה קדושה זאַסלאַוו איז געווען אַ בלבול אויף עטלעכע נפשות. און צוויי פון זיי האָבן זיך געשמדט, און דערנאָך האָט מען זיי געהרגעט, און די איבעריקע האָבן געהייליקט גאָטס נאָ־מען מיט גרויסער הייליקייט און זיינען געשטאָרבן דורך מיתות

משונות. און דערנאָך זיינען געווען עלילות אין ק"ק סובטיבקע און אין ק"ק דונאַוויץ, און דעמאָלט האָבן זיי זייער גלויבן ניט געביטן, נאָכדעם ווי זיי האָבן געזען די דערמאָנטע מעשה פון ק"ק זאַסלאַוו, נייערט אַלע האָבן זיך מוסר נפש געווען אויף קידוש השם און זיינען באַשטאַנען דעם נסיון"[1].

די צווייטע „עלית נשמה" פון 1749 איז אויך פאַרבונדן מיט צרות הכלל. נאָך יענעם יאָר האָט זיך געשטאַרקט די באַוועגונג פון די האַידאַמאַקעס אין אוקראַינע: עס זיינען חרוב געוואָרן די קהילות אין ווינצע, לעטיטשעוו, פאַסטאָוו און נאָך אַ סך שטעט[2]. וועגן דעם האָט דער בעש"ט געשריבן: „און ראש השנה תק"י האָב איך געמאַכט אַן עלית נשמה, ווי באַוואוסט, און האָב געזען אַ גרויסן קיטרוג, אַזוי אַז עס איז כמעט געגעבן געוואָרן דעם ס"ם רשות חרוב צו מאַכן מדינות און קהילות. און איך האָב זיך מוסר נפש געווען און האָב תפילה געטאָן: לאָמיר פאַלן פון גאָטס האַנט און לאָמיר ניט אַריינפאַלן אין מענטשנס האַנט. און מען האָט מיר געגעבן רשות, עס זאָלן זיין אָנשטאָט דעם גרויסע שלאַפקייטן (חולשות גדולות) און אַפּעסט, וואָס איר גלייכן איז ניט געווען אין דער גאַנצער מדינה פוילן און די איבעריקע מדינות, וואָס זיינען נאָענט צו אונז. און אַזוי איז געווען. אַז די שלאַפקייט האָט זיך זייער פאַרשפרייט... האָב איך אָפּגערעדט מיט מיין חבורה[3] צו זאָגן

---

1 וועגן דער עלילת-דם אין זאַסלאַוו אין יאָר 1747 זע אין זשורנאַל „יעווריייסקאַיאַ סטאַרינאַ" פון יאָר 1912, ז"ז 202 א"וו. אין דער אמתן האָט זיך געפונען צווישן די יידן, וואָס זיינען פאַרמשפט געוואָרן צו מיתות משונות, איינער, וואָס האָט געביטן זיין גלויבן, בכדי מען זאָל אים פאַרגרינגערן דעם פסק, און פונדעסטוועגן האָט ער זיך ניט געראַטעוועט פון טויט (די זאַסלאַווער עלילת דם, ווערט דערמאָנט נאָך אין ספר „שבחי הבעש"ט" דף י' און י"א). דער פראָצעס אין דער שטאָט דונאַיעוויץ אָדער דונאַיגראַד איז געווען אין יאָר 1748, אָבער די באַשולדיקטע זיינען פאַרמשפט געוואָרן צו תפיסה און ניט צום טויט („יעוור. סטאַרינאַ" 1911, ז"ז 268 א"וו). וועגן אַן עלילת דם אין סובאָטיווקע איז גאָרנישט ניט באַוואוסט, אָבער אַ בלוט-בילבול איז געווען אין יענעם יאָר 1748 אין דער שטאָט שעפּעטיווקע, און בלי ספק איז דאָס פאַרגרייזט געוואָרן אין בריוו. דאָרט זיינען פאַרמשפט געוואָרן צום טויט צוויי יידן. זע נאָך מיין בוך „וועלט-געשיכטע דעס יודישן פאָלקעס", באַנד VII, § 18.

2 „וועלט-געשיכטע דעס יודישן פאָלקעס" VII, § 17.

3 פון דאַנען איז געדרונגען, אַז אין יענער צייט האָבן די חסידים געהאַט אין מעדזשיבאָזש אַ „חבורה" אָדער אַ „מנין" פאַר זיך.

קטורת גאַנץ פרי, בכדי מבטל צו זיין די גזירה, און מען האָט מיר מגלה געווען פון הימל: דו האָסט דיר דאָך אַליין אויסגעקליבן: פאַלן פון גאָטס האַנט, היינט טאָ וואָס ווילסטו מבטל זיין? און זינט דע־מאָלט האָב איך ניט געזאָגט קטורת און ניט מתפלל געווען דע־רויף, מער ניט אום הושענא רבה בין איך אַוועק אין שול מיטן גאַנצן עולם און איך האָב געזאָגט קטורת, כדי די פעסט זאָל זיך ניט אויסשפרייטן אין אונזער סביבה. און אַזוי האָט אונז אָפּגעגליקט מיט גאָטס הילף". דאָ האָט דער בעש"ט זיך פאַרפלאָנטערט אין אַ נבואה וואָס לאחר המעשה: די הײַדאַמאַקעס האָבן, ווי געזאָגט, אָנגעמאַכט אַ חורבן אין אַ סך קהילות, אָבער האָבן זיך אָפּגע־שטעלט, ווען די מגפה האָט זיך אויסגעשפרייט; האָט זיך דעמאָלט דעם בעש"ט געדוכט, אַז דורך זיינע תפילות איז די גזירה פון חורבן אויף די יידישע קהילות פאַרביטן געוואָרן אויף דער אַלגע־מיינער גזירה פון אַ מגפה.

אין אָט דעם בשורה־בריוו דעם בעש"טס געפינען מיר אַ תשובה אויף דער פראַגע וועגן דער משיחיות אין דער חסידישער שיטה. דער נאַציאָנאַלער עלעמענט ווערט דאָ בטל אין דעם רע־ליגיעזן עלעמענט, אין דעם פּרינציפּ פון פּערזענלעכער גאולה, פון דער אויסלייזונג פון די נשמות. בעת די תורה פון דער חסידות וועט מפורסם ווערן, און אַ סך וועלן דערגרייכן צו דער מדרגה פון הייליקייט, וואָס דער בעש"ט האָט צו איר דערגרייכט, דעמאָלט וועט קומען די שעה פון „באַפרייונג און הילף" — אַזוי זאָגט די בשורה. דער בעש"ט האָט זיך זייער מצער געווען, וואָס עס גערדויערט אַזוי לאַנג („אריכות הזמן"), ביז משיח וועט קומען, אָבער ער האָט געפינען אַ טרייסט אין די „סגולות", וואָס זיינען אים איבערגעגעבן־בערט געוואָרן בסוד, און דער דאָזיקער סוד איז [illegible] מיט יחוד השם אין דער כוונה ביים דאַווענען און כדומה נאָך אַזעלכע זאַכן. אַזוי אַרום איז די פאַרשפרייטונג פון דער חסידישער תורה, דער וועג פאַר דער אויסלייזונג פון די נשמות, און די „צדיקים", וואָס ווייסן דעם „סוד", זיי זיינען דאָס די אמתע אויסלייזערס, וואָס ראַמען אָפּ דעם וועג פאַר משיחן.

צום סוף פון בריוו שרייבט דער בעש"ט צו זיין שוואָגער: „איך בין זיך ניט מיאש פון אַ נסיעה קיין ארץ־ישראל, אויב דעם אייבערשטנס רצון זאָל זיין, און פון צו זיין מיט דיר אין איינעם,

אָבער די צייט דערלאָזט ניט" (אין הזמן מסכים לזה). אַ שפּעטער-
דיקע חסידישע לעגענדע דערציילט באריכות, ווי אַזוי דער בעש"ט
האָט זיך געגרייט צו פאָרן קיין ארץ-ישראל, ווי ער איז געקומען קיין
סטאַמבול (קאָנסטאַנטינאָפּאָל) מיט זיין טאָכטער און זיין סופר,
און דאָרט איז אויפגעשטאַנען אַ שטורעם-ווינט, און זיין שיף איז
שיר ניט אונטערגעגאַנגען; דעמאָלט האָט ער זיך איבערציינגט, אַז
מן השמים וויל מען אים ניט דערלאָזן, כּדי דורך זיין קומען זאָל ער
חלילה ניט פאַרגיכערן דאָס קומען פון משיח פאַר דער צייט, און
ער האָט באַשלאָסן זיך אומצוקערן אַהיים[1].

ווער זיינען געווען די פירער פון דעם בעש"טס „חבורה" אין
מעדזשיבאָזש? זיינע שטענדיקע העלפערס זיינען געווען דער „סופר"
ר' צבי און דער באַרימטער רב ר' יעקב יוסף פון נעמיראָוו.
דער ערשטער פלעגט שרייבן אין בעש"טס נאָמען תשובות צו
אַלע, וואָס פלעגן אים פרעגן עפּעס אין וועלט-זאַכן, דהיינו, סגולות
און קמיעות פאַר קראַנקע, עצות און ברכות פאַר די וואָס האָבן אָן
פאַרשיידענע עסקים. דער צווייטער פלעגט פאַרשרייבן דעם בעש"טס
תורה, זיינע ווערטלעך און שפּראָכן, ווי אויבן געזאָגט. דער בעש"ט
האָט געהאַט אויך אַן אייגענעם דרשן, ר' יהודה ליב פּולנאָהער,
וואָס איז באַוואוּסט אויך אונטערן נאָמען דער „פּולנאָהער מוכיח".
ער איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן אין זייערע דרשות פאַר-
שפּרייט די תורה פון דעם מעדזשיבאָזשער צדיק[2]. צו דער
„חבורה" האָבן געהערט עטלעכע לומדים, וואָס תחילת זיינען זיי
געווען קעגן בעש"ט, ווייל ער האָט זיך פאַרנומען מיט אַזאַ נידע-
ריקער מלאכה אין זייערע אויגן ווי שרייבן קמיעות און מיט אַנדערע
סגולות פון אַ בעל-שם, אָבער אַז זיי האָבן זיך נענטער באַקענט מיט
אים, האָבן זיי ניט געקאָנט באַשטיין קעגן זיין „כּישוף" און זיינען גע-
וואָרן פייערדיקע חסידים: ר' נחמן קאָסאָווער, ר' יצחק דראָביטשער,
ר' וואָלף קיצעס און ר' דוד פאָרקעס[3]. דער גרעסטער צווישן דעם
בעש"טס תלמידים, דער וואָס האָט זוכה געווען צו ווערן זיין יורש
אין דער הנהגה פון דער סעקטע, איז צו אים געקומען ערשט אין

1 עדת צדיקים, דף ה'.
2 שבחי הבעש"ט, דף כ"א—כ"ב.
3 דאָרט, כ"ד, ל"ב—ל"ג און נאָך.

זיינע לעצטע יאָרן: דאָס איז געווען דער מגיד ר' דוב בער מעזעריטשער, וואָס וועגן אים וועט ווערן דערציילט אין ווייטערדיקן קאַפּיטל. אַ סך פון בעש"טס תלמידים פלעגן קריגן פון אים סמיכה און באַשטימט ווערן פאַר רבנים און מגידים, פאַר שוחטים און חזנים אין קליינע קהילות, וואו ער האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה, און זיי אַלע האָבן זיך געסטאַרעט מפרסם צו זיין אין דער וועלט דעם נאָמען פון זייער רבין און באַשיצער[1].

אין זיינע לעצטע יאָרן פלעגט דער בעש"ט זיך מער פאַרנעמען מיט כלל-ענינים. קיין דאגת פרנסה האָט ער מער ניט געהאַט: ער האָט געהאַט אַ היפשע הכנסה פון זיינע חסידים, וואָס פלעגן אים שיקן געלט ווי „פדיון נפש" פאַר קמיעות און סגולות, תפילות און ברכות, און ער פון זיין זייט פלעגט טיילן צדקה אַרעמע לייט. מער פון אַליך פלעגט ער זאָרגן פאַר „פדיון שבויים", דאָס הייסט אויך צו באַצאָלן די חובות פון קליינע אַרענדאַרן אין די כאַפּאַנטקעס פון פוילישע פריצים, וואָס אויב זיי פלעגן ניט באַצאָלן דאָס אַרענדע-געלט צו דער צייט, פלעגן זייערע פריצים זיי כאַפּן צוזאַמען מיט זייער הויזגעזינד און אָנטאָן זיי כלערליי עינויים[2].

אין יענער צייט, ווען קיין איין פסח פלעגט ניט דורכגיין אין אוקראַינע אָן אַן עלילת דם, איז אויף די קהילות געלעגן נאָך אַ דאגה פון „פדיון שבויים" פון אַן אַנדער מין: מען האָט באַדאַרפט קלייבן געלט פאַר די משפחות פון די אַרעסטירטע און פון די „קדושים". מיר האָבן שוין געזען אויבן, אין בעש"טס בריוו, ווי אַזוי ער האָט זיך מצער געווען איבער די בילבולים אין זאַסלאַוו און אין אַנדערע ערטער אין די יאָרן 1747 — 1748. אין יאָר 1753 (תקי"ג) איז אוקראַינע אויפגערודערט געוואָרן דורך דעם מוראדיקן בלוט-בילבול אין זשיטאָמיר אָדער דורך דער „עלילת פאַבליטש" (אַזוי ווערט דער בילבול אָנגערופן אין די העברעישע דאָקומענטן, ווייל דאָס רוב תפוסים האָבן געוואוינט אין שטעטל פאַווליטש, Pawołocz, די נעענטסטע צום דערהרגעטן[3]. די ידיעה וועגן דעם, אַז די קדושים זיינען דערהרגעט געוואָרן — דערציילט

1 דאָרט, ד', ה', כ"ג, כ"ו.

2 דאָרט, כ'; זע אויבן § 3.

3 „וועלט געשיכטע ד' יידי פאָלקעס" VII, § 18.

די חסידישע לעגענדע—איז דערגאַנגען קיין מעדזשיבאָזש ערב שבת און האָט אָנגעטאָן דעם בעש"ט גרויסע יסורים; דעם פרייטאָג צו נאַכט איז ער געלעגן אויף דער ערד און האָט געוויינט, ביז עס זיינען אַריין צו אים רבי עקיבא און אַנדערע קדושים פון דער אייבערשטער וועלט און האָבן אים געזאָגט, אַז זיין געוויין האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסן רעש אויף יענער וועלט, אָבער מען האָט ניט געקאָנט מבטל מאַכן די שלעכטע גזירה[1]. בכלל האָט דער בעש"ט שטענדיק געלעבט מיט דער פיין פון די געיאָגטע און געפלאָגטע. יענע מגידים, וואָס פלעגן אין זייערע דרשות שטראָפן די מאַסע און שרעקן זי מיט דער שטראָף פון גיהנום, זיינען אים ניט געווען געפעלן. איין מאָל איז דער בעש"ט אין כעס געוואָרן, אַז מען האָט אים געזאָגט, אַז אין שול שטייט אַ מגיד און דרשנט און „מסרט אויף יידן" (מלשין על ישראל), דאָס הייסט מוסרט דאָס פאָלק פאַר זיינע חטאים; אַז מען איז דאָס געוואָר געוואָרן בעת דער דרשה, איז דער עולם אַוועק פון שול. אויף מאָרגן האָט דער דרשן געפרעגט דעם בעש"ט, פאַרוואָס איז ער געווען אין כעס. „דעמאָלט — דערציילט די לעגענדע — איז דער בעש"ט אויפגעשפרונגען פון אָרט און טרערן האָבן אַרויסגעשפריצט פון זיינע אויגן און ער האָט געזאָגט: „רעדסט שלעכטס אויף יידן! צי דען ווייסטו ניט, אַז אַ ייד גייט אַוועק אַלע טאָג אין מאַרק אַריין (צוליב פרנסה), און פאַרנאַכט איילט ער זיך און זאָגט: ווי איז מיר, איך פאַרזאַם מנחה דאַוונען, און גייט אַריין אין אַ שטוב און דאַוונט מנחה, און ווייס ניט וואָס ער רעדט, און פונדעסטוועגן ווערן די מלאכים אין הימל פאַרציטערט פון דאָזיקן דאַוונען"[2]. נאָך האָט מען געזאָגט אויפן בעש"ט, אַז ער האָט געהאַט „עלית נשמה" און האָט געזען ווי דער מלאך מיכאל, דער באַשיצער פון יידישן פאָלק אין הימל, האָט פאַרטיידיקט יידן, „וואָס איטלעכע עבירה זייערע איז אַ מצווה, וואָרעם וואָס זיי טוען פסלנות (פאַלשקייטן אין געשעפט) און אַנדערע שלעכטע זאַכן, איז דאָס נאָר כדי זיי זאָלן קאָנען טאָן אַ שידוך מיט אַ תלמיד־חכם אָדער טאָן צדקה, און אַלע זיינען געצוואונגען"[3]. אין דער

1 שבחי הבע"שט כ'.

2 דאָרט, כ"ה.

3 תולדות יעקב יוסף, פרשת שופטים; כתר שם טוב I, 37; II, 11.

דאָזיקער פּאַרטיידיקונג פון „פּסלנות" מחמת עקאָנאָמישן צוואַנג אָדער צוליב משפּחה־ענינים איז פּאַראַן אַ שטיק פון כּשר מאַכן די מיטלען דורך דעם צוועק — וואָס דאָס איז אַ מיאוסע מידה אין דעם לעבן פון אַ סך חסידים.

דער פּירסום פון דעם „מעדזשיבאָזשער גוטן ייד" האָט דערוועקט אַ קעגנערשאַפט ביי די אָרטאָדאָקסישע רבנים, וואָס האָבן זיך געחידושט, וואָס אַן עם־הארץ גרויסט זיך מיט זיין חסידות און מיט זיין רוח הקודש. אַ חסידישע לעגענדע דערציילט, אַז בעת אַ זיצונג פון דעם וועד ארבע ארצות האָט דער פּרנס פון וועד ר' אברהם אבא אויפגערופן דעם בעש"ט, ער זאָל געבן אַ דין וחשבון פון זיינע מעשים. דער פּרנס האָט געפרעגט דעם בעש"ט: „לויט דעם סדר פון דיין אויפפיר איז צו זען, אַז עס רוט אויף דיר דער רוח הקודש, אָבער אַנדערע זאָגן, דו ביסט אַן עם הארץ. בכן, לאָמיר הערן פון דיין מויל, צי דו קענסט די יידישע דינים". און מען האָט אים געשטעלט די שאלה, ווי איז דער דין, אויב דער וואָס דאַוונט האָט פאַרגעסן צו זאָגן „יעלה ויבוא" אום ראש חודש. אויף דער דאָזיקער שאלה זיינען אָנגעהויפט גאַנצע בערג פּילפּולים אין די ספרים פון די פּוסקים און ביי זייערע מפרשים, און אויף צו ענטפערן אויף דער דאָזיקער שאלה האָט דער אויסגעפרעגטער באַדאַרפט וויזן זיין בקיאות אין דער דאָזיקער סכאָלאַסטישער ליטעראַטור. דער בעש"ט אָבער האָט געענטפערט אין פּשטות: ניט איר און ניט איך באַדאַרפן ניט דעם דאָזיקן דין, וואָרעם איר וועט פאַרגעסן, אַפילו אויב עס זאָל שטיין דערפאַר אַ האַרבער עונש, און איך וועל ניט פאַרגעסן וואָס איך האָב צו דאַוונען. ניטאָ קיין שטאַרקערער פּראָטעסט מצד אַ מענטשן, וואָס דאַוונט מיט כּוונה, אַנטקעגן די רבנים, וואָס דאַווענען לויטן דין פון תּפילה. אָבער איך די מיינונג פון די רבנים איז דער דאָזיקער ענטפער געווען אַ באַווייז, אַז דער בעש"ט איז אין דער אמתן אַן עם־הארץ, הגם די לעגענדע איז מוסיף, אַז סוף־כּל־סוף האָבן זיי אַיינגעזען דורך אַ צוטראַף, אַז ער פאַרמאָגט דעם כּוח צו אַנטפּלעקן פאַרבאָרגענע זאַכן [1]. חוץ דעם דאָזיקן פאַל האָבן מיר ניט

1 שבחי הבע"שט, דף ל"א. די דאָזיקע דערציילונג ווערט אין איר יסוד באַשטעטיקט דורך דעם צד שכנגד: ר' ישראל ליבל דערציילט אין „ספר הויכוח" דף ט' (וואַרשע, תקנ"ח), אַז דער „מסית" (פאַרפירער. אַזוי רופט ער

קיין זיכערע ידיעות וועגן איינציקע סיכסוכים צווישן די אָרטאָדאָקסישע רבנים און צווישן דעם בעש״ט פאַר זיין לעבנס־צייט [1].

---

דעם בעש״ט) האָט געענטפערט אויף דער דערמאָנטער פראַגע וועגן „יעלה ויבוא״: „ווי וועט ער דאָס פאַרגעסן (די תפילה), אויב דער וואָס מוז זאָגן, טאָר ניט פאַרגעסן?״ אויף אַן אַנדער שאלה אין די דינים פון טריפות האָט ער געענטפערט: „צוליב וואָס באַדאַרף איך דאָס וויסן? די וועלט איז דאָך ניט אָן רבנים״. ר׳ ליבל גיט איבער, אַז די פּרעגערס זיינען געווען סתם רבנים, און ער דערמאָנט ניט, אַז דאָס איז געווען אין אַ זיצונג פון וועד ארבע ארצות. אָבער אויך דער דאָזיקער פּרט קאָן זיין ריכטיק, וואָרעם אין יענע צייטן, אין די פופציקער יאָרן פון 18טן יאָרהונדערט פלעגן די וועדים פון די ארבע ארצות זיך צונויפקלייבן כמעט אַלע יאָר אין דער שטאָט קאָנסטאַנטינאָוו אין וואָלין, און אַמאָל אויך אין בראָד (אין די יאָרן 1751 און 1756); ס׳איז מעגלעך, אַז דער בעש״ט איז צופעליק אַראָפּגעקומען פון מעדזשיבאָזש און האָט געהאַט אַ שמועס מיטן פרנס פון וועד, זאָל זיין ניט אין אַן עפנטלעכער פאַרזאַמלונג פון וועד. אין יענע צייטן איז גראָד געווען פרנס פון וועד ר׳ אברהם בן חיים פון לובלין, וואָס איז באַרימט מיט דעם, וואָס ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר ר׳ יהונתן אייבשיץ אין זיין מחלוקת מיט ר׳ יעקב עמדין. בכל אופן זיינען אויף אַן אויסגעצייכנטן אופן געשילדערט איןביידע מקורים די רבנים די אויספרעגערס און דער „צדיק״, וואָס ווערט עקזאַמענירט.

1 אין די שריפטן פון די מתנגדים, וואָס זיינען ניט פאַרעפנטלעכט געוואָרן, איז פאַראַן איין דאָקומענט, וואָס לאָזט אַרויפקומען אויפן זינען, אַז עס איז געווען נאָך אַזאַ פאַל אין בעש״טס לעבן, אָבער דער דאָזיקער דאָקומענט איז ניט באַגרינדעט. אין דער מאַנוסקריפטן־זאַמלונג „שבר פושעים״, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אַן ערך אין יאָר 1798, און אויך אין איר צווייטן נוסח, וואָס הייסט „זמרת עם הארץ״ (זע ווייטער, הוספה III אין צווייטן באַנד), איז פאַראַן עפּעס אַ כתב, ניט אינגאַנצן פאַרשטענדלעך, וואָס הייסט דאָרט „אגרת מק״ק אוסטרהא אודות הריב״ש (אַ בריוו פון אָסטראַה וועגן בעש״ט), וואָס אויף אים זיינען ניט אָנגעצייכנט ניט דאָס יאָר און ניט די נעמען פון די געחתמעטע. דער בריוו איז געווענדט צו די „אצילי בני ישראל... מנהיגי הקהלות והרבנים״ און לאָזט וויסן, אַז די קהילה אָסטראָה, וואָס גרויסט זיך מיטן נאָמען פון דעם גרויסן מהרש״א, וואָס איז דאָרט געווען רב מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק, איז איצט פאַראומרייניקט געוואָרן דורך די „נאַראָנים וואָס גלויבן אין אַלץ״ (די חסידים). בראש פון זיי שטייט „אַ רשע, אַן עובר ישראל, אַמאָל זאָגט ער, אַז ער שטאַמט פון ק״ק שקלאָוו און אַמאָל זאָגט ער, אַז ער איז פון ק״ק שוואַטש (?). „דאָ אין אונזער קהלה — שטייט ווייטער געשריבן אין דעם בריוו — האָט ער צוויי מאָל געדרשנט, און ער איז אַריינגעפאַלן (פיו הכשילו) מיט נאַרישע און פוסטע רייד. און מיר האָבן אים אויסגעפאָרשט און מיר האָבן געפונען... אַז ער איז אַ רשע, אַ שיכורער און משוגענער נביא (נביא שיכור הוא ומשתגע)... דאָ איז אַנטפּלעקט געוואָרן זיין שאַנד, ווען ער

די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז דעם בעש״ט באַשערט געווען צו זען ווי ס'איז אויסגעוואַקסן די סעקטע פראַנקיסטן אין יענע קהילות פון פּאָדאָליע און גאַליציע, וואו עס האָט זיך פאַרשפּרייט די חסידישע באַוועגונג. די פראַנקיסטישע סעקטע איז געווען אַן אָפּצווייג פון דער שבתי־צביישער חברה, וואָס קעגן איר האָבן די רבנים געקעמפט אין דעם בעש״טס יונגע יאָרן. עס ווייזט אויס, אַז דעמאָלט האָט דער יונגער מתבודד אין די קאַרפּאַטן־בערג אַליין דורכגעמאַכט אַ קאַמף מיט זיך, ווייל ס'האָט אים געצויגן צו די פאַרבאָרגענישן אין דער תורה פון די שבתי־צביניקעס. אַ חסידישע לעגענדע[1] שיל־

האָט געגעסן און געטרונקען און זיך אָגעשיכּורט אין מיטן יאָרצייט... און מיר די לערנערס פון גאָטס תורה האָבן מחרים געווען און פאַרשטויסן מיט גאָר דער הארבקייט אָט דעם שלעכטן און אומווערדיקן מענטשן ישראל ימ״ש (ימח שמו). בכן, איז אומעטום וואו די דאָזיקע רייד אונזערע וועלן דערלאַנגען... גיט כּבוד דעם אויבערשטן, רודפט אים, זייט אים מחרים, און זאָל ער אָפּגעשיידט ווערן פון דער קהילה". — אין דעם דאָזיקן דאָקומענט איז קיין שום סימן ניטאָ, אַז דער וועגן וועמען דאָ גייט די רייד איז ר' ישראל בעש״ט: קיין מאָל איז דער גרינדער פון חסידות ניט געזעסן אין שקלאָוו און אַ שטאָט מיטן נאָמען „שוואַטש" איז גאָרניט בנמצא (סיידן דאָס וואָרט איז פאַרגרייזט). אַלץ וואָס דאָ איז געזאָגט וועגן אויפפיר פון דעם „שיכּורן נביא" — שטימט ניט מיט דער כאַראַקטעריסטיק פון בעש״ט, און בנוגע צו אַזאַ מענטש ווי ער וואָלטן אַפילו זיינע ערגסטע שונאים ניט באַנוצט אַזעלכע זידל־ווערטער. נאָך זוכן און פאָרשן אין פאַרשיידענע כּתבֿ־ידן איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז אָט דער חרם־כּתבֿ איז אַרויסגעגעבן אויף אַ חסיד פון אַ שפּעטערער צייט, וואָס האָט פאַרשפּרייט די תורה פון דער סעקטע אין אָסטראָה, און דערפאַר האָבן די מתנגדים פון דער קהילה אים גערודפט. די איבערשרייבער פון דעם חרם־כּתבֿ אין ביידע דערמאָנטע זאַמלונגען האָבן פון אויבן אָנגעשריבן דעם נאָמען „בריוו וועגן ריב״ש", און אין אַ צייט שפּעטער האָט מען געמיינט, אַז דאָ רעדט זיך וועגן ר' ישראל בעל שם, וואָס איז באַוואוסט מיט זיין פאַרקירצטן נאָמען ריב״ש. דערפון נעמט זיך אויך דער טעות פון דעם מחבר פון דער צווייטער דערמאָנטער זאַמלונג „זמרת עם הארץ", דעם מגיד ר' דוד מאַקאָוו, וואָס האָט געשריבן צום סוף פון דער זאַמלונג אָט וואָס: „אויך דער חרם, וואָס מען האָט מחרים געווען אין ק״ק אסטראה דעם ישראל בע״ש ביי זיין לעבן, איז פאַראַן פאַרשריבן אין דעם דאָזיקן קונטרס" (דאָ גייט די רייד וועגן דעם באַוואוסטן קונטרס קעגן די חסידים „זמיר עריצים וחרבות צורים", וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין יאָר 1772, וואָס אין דער אמתן איז אין אים ניטאָ קיין זכר מכּוח דעם חרם קעגן בעש״ט אין אָסטראָה).

1 שבחי הבעש״ט, דף י״א עמוד ד'.

דערט אָט די דאָזיקע יוגנט־זינד דעם בעש"ט אויף איר שטיי־גער: שבתי צבי איז געקומען צום בעש"ט בעטן ביי אים תקנה, און דער תיקון איז געווען, ער זאָל זיך פאַרבינדן מיט אים „נפש מיט נפש, רוח מיט רוח, נשמה מיט נשמה". האָט ער גענומען זיך פאַרבינדן מיט אים פּאַוואָליע (במיתון), ווייל ער האָט מורא געהאַט, וואָרעם יענער איז געווען אַ גרויסער רשע. איין מאָל איז דער בעש"ט געשלאָפן, איז געקומען ש"צ ימ"ש און האָט אים פאַרפירט און האָט אים אַראָפּגעוואָרפן אַ גרויסן וואָרף אַראָפּ (בהשלכה גדולה), ביז ער איז אַראָפּגעפאַלן אין אונטערשטן גיהנום (שאול תחתיה). האָט דער בעש"ט אַ קוק געטאָן און האָט דערזען, אַז ער שטייט מיט ישו אויף איין „לוח וואָס מען רופט טאַבּיל". און דער בעש"ט האָט געזאָגט, אַז „ער (שבתי צבי) האָט געהאַט אַ הייליקן ניצוץ, נאָר דער ס"ם האָט אים אַריינגעכאַפּט אין זיין נעץ". אין אַ שפּעטערדיקער צייט, ווען אין בעש"טס קאָפּ איז צייטיק געוואָרן זיין אייגענע תורה, וואָס גייט קעגן דער משיחישער קבלה, האָט ער זיך פון די שבתי־צביניקעס דערווייטערט, און אַז עס איז אין פוילן אָפּגעדרוקט געוואָרן זייער הייליקער ספר „חמדת הימים" — אַ זאַמלונג פון תפילות און מוסר, וואָס איז אַרומגעגאַנגען אונטערן נאָמען פון נתן העזתי, שבתי צבים נביא, האָט דער בעש"ט אָנגעזאָגט זיינע תלמידים, אַז דאָס איז אַ „פּסולער ספר" וואָס קען „טמא מאַכן די וועלט". איין מאָל האָט ער געזען דעם דאָזיקן ספר ליגן אויפן טיש ביי זיין חבר אין שטוב, האָט ער אים אַ כאַפּ געטאָן, איינגע־וויקלט אין אַ שמאַטע און אַראָפּגעוואָרפן אונטערן טיש.[1]

ס'איז גרינג צו פאַרשטיין, ווי ווייט דער בעש"ט איז געווען אויפגע־רעגט, בעת עס האָט זיך באַוויזן די פראַנקיסטישע סעקטע און אויפ־גערודערט די וועלט מיט איר אָפּענער אפּיקורסות, צוערשט מיט איר אַרויסטרעט קעגן תלמוד און דערנאָך מיט די נטיה צום קריסטנ־טום. ניט ווייט פון דעם חסידישן צענטער איז אויסגעבראָכן דער שטור־רעם: זומער 1757 האָט זיך אָנגעהויבן דער וויכוח צווישן די פראַנ־קיסטן און רבנים אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק פאַר דעם ביסקופּ דעמ־

---

1 שבחי הבע"שט, דף י"א, עמוד ג' און ד'. — דער ספר „חמדת הימים" איז אָפּגעדרוקט אין זשאָלקווע צוויי אָדער דריי מאָל פון 1745 ביז 1763. זע „אוצר הספרים" פון בן־יעקב, ז' 193.

באָווסקי, דעם צורר היהודים, און דער סוף פון דעם איז געווען, וואָס די ספרים פון תלמוד זיינען פאַרמשפּט געוואָרן צו פאַרברענען (אָקטאָבער 1757). אין יענער צייט — דערציילט די חסידישע לעגענדע [1], וואָס שטעלט שטענדיק אַרויס די נבואה פאַר דער געשעניש, בעת אין דער אמתן איז די „נבואה" געווען נאָך דער געשעניש — „האָט דער בעש״ט געזען אַ גרויסן קיטרוג אויף יידן, אַז עס וועט זיך אָפּטאָן פון זיי די תורה שבעל פּה". די מעשה איז געווען ערב יום־כּיפּור, און דער צדיק האָט זייער שטאַרק געטרויערט. אַז עס זיינען געקומען צו אים די חשובע לייט פון שטאָט צו נעמען ביי אים זיין ברכה, האָט ער געבענטשט איינעם אָדער צוויי, און מער האָט ער ניט געקאָנט מחמת צער. אין שול איז ער אַריינגעפאַלן אין ארון קודש און גענומען שרייען: „אַי וויי, מען וויל פון אונז צונעמען די תורה! ווי וועלן מיר קאָנען לעבן צווישן די אומות העולם?" און דאָ לייגט די לעגענדע אַריין אַ חידושדיק וואָרט אין מויל פון פרומע יידן: „און דער בעש״ט איז זייער ברוגז געווען אויף די רבנים און האָט געזאָגט, אַז דאָס איז צוליב זיי, ווייל זיי קלערן אויס שקר פון קאָפּ דורך פאַלשע הגהות, און ער האָט געזאָגט, אַז עס זיינען געשטאַנען צום דין אַלע תנאים און אמוראים". וואָס זאָל דאָס באַטייטן? אַ פּראָטעסט קעגן די בעלי־התלמוד און די פּוסקים אין מויל פון אַ מענטשן, וואָס האָט זיך מצער געווען איבער די ווילדע מעשים פון דער סעקטע, וואָס האָבן זיך אָנגערופן „קאָנטראַ־תלמודיסטן"? אָדער — וואָס עס לייגט זיך מער אויפן שכל — אַ פאָרוואורף די רבנים, וואָס האָבן אַוועקגעשטעלט די רעליגיע דער עיקר אויף תורה לערנען און האָבן גורם געווען דערצו, אַז דורכן חורבן פון די ספרים זאָל חרוב ווערן די אמונה בכלל? אין משך פון גאַנצן יום־כּיפּור האָט דער בעש״ט אויבן מרעיש עולמות געווען דורך זיינע תפילות, און די לעגענדע דערציילט, ווי אַזוי ער איז געגאַנגען פון וועלט צו וועלט און מיט דער הילף פון זיין „באַוואוסטן רבין" (אחיה השילוני) האָט ער אָנגעשפּאַרט צום היכל פון משיח, וואָס האָט אים אָנגעזאָגט די בשורה, אַז „זיינע תפילות זיינען אַרויף, און עס איז אַנטשטומט געוואָרן דאָס מויל פון קטיגור (פאַרן שטול פון בית־דין של־מעלה) און די גזירה איז בטל געוואָרן, עס איז מער ניט געבליבן אַ רושם

1 שבחי הבע״שט, ז׳ — ח׳.

פון דער גזירה", דאָס הייסט אַ קליינער עונש. „דער דאָזיקער קיטרוג — טייטשט אויס די לעגענדע — איז געווען פון דער כת שבתי צבי ימח שמו: דער ביסקופּ פון דער שטאָט קאַמעניץ האָט פאַרברענט צוויי גמרות פון ש"ס" און דערנאָך נאָך מער פון די תלמודישע ספרים, און בשעת דער ביסקופּ איז געשטאַנען פאַרן פייער, איז ער געשעדיקט געוואָרן און געשטאָרבן. אַזוי האָבן זיך אויסגעמעלט אין דער פאַנטאַזיע פון די חסידים די פּרטים פון דער געשעעניש פון יאָר 1757: דער וויכוח אין קאַמעניץ, די מסירה פון די פראַנקיסטן, די פאַרברענונג פון די תלמודישע ספרים און דער פּלוצימדיקער טויט פון פאָדאָליער ביסקופּ נאָך דער דאָזיקער מעשה. די חסידים האָבן געגלויבט, אַז נאָר זייער רבין האָט אָפּגעגאָלטן מבטל צו זיין די ביטערע גזירה און פאַרקלענערן זי אַזוי, אַז נאָר עטלעכע ספרים זיינען פאַרברענט געוואָרן און סוף-כל-סוף איז באַשטראָפט געוואָרן דער ביסקופּ דער רשע.

און וואָס האָט דער בעש"ט נאָך געטאָן קעגן דעם „קיטרוג" פון פראַנקיסטישן שטן, חוץ זיין תפילה, וואָס האָט געשפּאָלטן הימלען? ער איז דאָך געווען נאָענט צום אָרט פון דער סכנה — צוערשט אין פאָדאָליע און דערנאָך אין גאַליציע, צו דער שטאָט לעמבערג, וואו עס זיינען געשטאַנען די רבנים און די פראַנקיסטן אין אַ צווייטן וויכוח, זומער 1759. די חסידישע לעגענדע וויים נאָך צו דערציילן, אַז עס איז געווען „אַ וויכוח פאַרן ביסקופּ פון ק"ק לעמבערג, אָבער עס איז אויך אים געפאַלן די פאָרכטיקייט פון דער תורה און ער האָט קיין שלעכטס ניט געטאָן, און די כת רשעים האָבן זיך אַלע אויסגעשמדט, וואָרעם ער (דער ביסקופּ) האָט זיי אָנגעטאָן גרויס חרפה און בזיון: ער האָט זיי אָפּגעגאָלט איין פּאָה און אַ האַלבע באָרד, כדי מען זאָל דערקענען, אַז זיי זיינען ניט קיין יידן ניט קיין גוים"[1]. אויפן סמך פון איין דערציילונג פון די מתנגדים איז פאַרשפּרייט די מיינונג, אַז אויך דער בעש"ט האָט גענומען אַן אָנטייל אין דעם לעמבערגער וויכוח צוזאַמען מיט די שלוחים פון די רבנים, וואָס בראש פון זיי איז געשטאַנען דער לעמבערגער רב, ר' חיים ראַפּאָפּאָרט; אָבער די וויסנשאַפטלעכע קריטיק האָט איבערקאָנטראָלירט די דאָזיקע מיינונג, און זי האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר

---

1 שבחי הבע"שט, דף ח' עמוד א'.

פאַלש[1]. דער בעש"ט האָט טאַקע גענומען אַן אָנטייל אין לעצטן אַקט פון דער טראַגעדיע, וואָס איז באַוואוסט אונטערן נאָמען „מעשה פראַנק", אָבער גאָר אויף אַן אַנדער שטייגער. בעת די רבנים און די פרנסים פון די קהילות האָבן זיך געפרייט, וואָס די פראַנקיסטן די פושעי ישראל האָבן זיך אָפּגעשיידט פון כלל, ווייל זיי זיינען געווען געצוואונגען אָנצונעמען די קאַטוילישע אמונה, האָט דער בעש"ט געטרויערט דערויף, וואָס אַזוי פיל יידישע נשמות זיינען פאַרלאָרן געגאַנגען. „און מכוח די וואָס האָבן זיך געשמדט — דערציילט די לעגענדע (שבחי הבעש"ט, דף ח') — האָט דער בעש"ט געזאָגט, אַז די שכינה וויינט און קלאָגט און טענהט: כל-זמן דער אבר איז צוגעהעפט (צום גוף), איז נאָך פאַראַן אַ האָפענונג, אַז ער וועט האָבן אַ רפואה, אָבער אַז מען שניידט דעם אבר אָפּ, קאָן ער שוין קיינמאָל ניט ווערן פאַרריכט, און איטלעכער איינציקער ייד איז דאָך אַן אבר פון דער שכינה".

---

1 אין יאָר תקכ"ט (1769) איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַלטאָנאַ, אין אַ זאַמלונג שריפטן פון אַלטע ספרים („הפדות והפורקן" פון רב סעדיה גאון, „אגרת תימן" פון רמב"ם און נאָך), אַ קליינער קונטרס מיטן נאָמען „מעשה נורא מפודוליה" פון ר' אברהם פון שאַריגראָד, מיט אַ הקדמה פון ר' יעקב עמדין. צו אָט דעם גרויסן קנאי פון אַלטאָנאַ, וואָס אויך אויף דער עלטער האָט ער ניט אויפגעהערט צו קעמפן קעגן די רעשטן פון דער כת שבתאים, ובפרט די פראַנקיסטן, איז געקומען איינער אַ מענטש פון פאָדאָליע, אברהם פון שאַריגראָד, און האָט אים דערציילט, וואָס ער האָט געהערט מכּוח „מעשה פראַנק", און ר' יעקב עמדין האָט איבערגעזעצט אין העברעיש די מעשה, וואָס יענער האָט אים דערציילט אין יידיש, און האָט זי אָפּגעדרוקט אין דער דערמאָנטער זאַמלונג. פון דער דערציילונג איז צו זען, אַז דער מחבר איז אַ פּראָסטער ייד, וואָס האָט געגלויבט אַלע באָבע-מעשיות, וואָרעם פאַראַן אין איר גוזמאות און גלאַט ווילדע פאַנטאַזיעס, ווי אַ שטייגער די „אותות ומופתים, וואָס דער מנוול פרענק האָט געמאַכט" דורך כישוף און וואָס די רבנים האָבן בעמאַכט קעגן אים מיט רוח הקודש. צווישן אַנדערע זאַכן באַווייזט דער דערציילער, אַז אין לעמבערגער וויכוח האָבן זיך באַטייליגט פון דעם צד פון יידן דער לאַנדרב ר' חיים ראַפּאָפּאָרט, רבי בער פון יאַזלאָוויץ און רבי „ישראל מעזיבוש ב"ש (בעל שם)". אויף אָט דעם שוואַכן פונדאַמענט האָבן געבויט די ערשטע פאָרשער פון דער געשיכטע פון די פראַנקיסטן (גרעץ אין זיין בוך „פראַנק אונד די פראַנקיסטן", 1868, ז' 50; דוד כהנא אין זיין בוך „אבן אופל", וואָס איז איבערגעדרוקט געוואָרן 1914, אין די „תולדות המקובלים"

אין דער זעלביקער צייט ווען פון פאָלק זיינען „פאַרשניטן" געוואָרן הונדערטער אברים פון דער סעקטע פראַנקיסטן, איז געקומען די שעה פון דער פטירה פון דעם מעדזשיבאָזשער רבין. לויט דער חסידישער טראַדיציע „איז נגזר געוואָרן אויפן בעש"ט, ער זאָל אינגיכן נפטר ווערן, ווייל ער האָט זיך אַזוי געשטאַרקט קעגן דער כת ש"צ", דאָס הייסט ער איז זייער אָפּגעשלאָפּט געוואָרן פון גרויס צער און פון די פיל תפילות, וואָס ער האָט מתפלל געווען אין די טעג פון די וויכוחים אין קאַמענעץ און אין לעמבערג, און אין די שמדות וואָס נאָך זיי. קורץ פאַר שבועות האָט דער בעש"ט זיך געלייגט אין בעט. די נאַכט פון שבועות האָבן זיך צונויפגעקליבן אַרום זיין בעט זיינע חברים און תלמידים, צו זיין וואַך די גאַנצע נאַכט לויט דעם מנהג וואָס איז אָנגענומען זינט דעם אר"ים צייט. דער קראַנקער האָט געדרשנט פאַר זיי אין דעם ענין פון מתן־תורה און דערנאָך האָט ער אָנגעזאָגט די לייט פון דער חברה קדישא, ווי אַזוי זיי זאָלן

חלק ב׳, ז׳ 81, און אנדערע) און זיי האָבן פעסט איינגעשטעלט, אז דער בעש"ט האָט גענומען אן אנטייל אין דעם לעמבערגער וויכוח. אָבער איצטער האָט דער היסטאָריקער מאיר באַלאַבאַן אויסגעפאָרשט די זאַך („שטודיען צור געשיכטע דער פראַנקיסטישען בעוועגונג, וואַרשע 1927, אין דעם זאַמלבוך צום אָנדענק פון ד"ר פּאָזנאַנסקי) און האָט ארויסגעפונען, אז עס איז קיין זכר ניטאָ וועגן דער באַטייליקונג פון בעש"ט אין קיין איינעם פון די פוילישע מקורים, בפרט אין דעם בוך פון גלח פיקולסקי (Złość żydowska, Lwów 1760), וואָס איז געווען דער סעקרעטאַר פון לעמבערגער וויכוח. אויך אין די זכרונות פון דעם בן־דור, דוב־בער באָלעכאָווער אָדער בירקענטאַל (דברי בינה, אָפּגעדרוקט אין „השלוח" פון יאָר 1917), וואָס האָט גענומען אַן אָנטייל אין די צוגרייטונגען צום וויכוח, ווערט דעם בעש"טס נאָמען גאָר ניט דערמאָנט. צווישן די בריוו פון בעש"ט און זיינע תלמידים, וואָס זיינען פון דאָס ניי אָפּגעדרוקט געוואָרן אין ספר „גנזי נסתרות" (אויסגאַבע פון ביחאָווסקי, ירושלים תרפ"ד), געפינט זיך איין בריוו פון לעמבערג (נומער 59), וואָס איז געחתמעט פון ר׳ חיים ראַפּאָפּורט, ר׳ ישראל בעל שם ממעזבוז און ר׳ בער מיאַזלוביץ כ"ז תמוז תקי"ט, וואָס דאָרטן זיינען זיי מודיע וועגן זייער ניצחון איבער די פראַנקיסטן אין דעם לעמבערגער וויכוח. אָבער עס איז שוין באַוואוסט, אז די דאָזיקע בריוו און אנדערע אַזעלכע זיינען על־פי רוב געפעלשט, בפרט דער בריוו וועגן דעם ניצחון אין לעמבערג (זע דובנאָוו, „אגרות הבעש"ט ותלמידיו, אמת או זיוף?" אין דעם זשורנאַל „קרית ספר", צווייטער יאָרגאַנג, ירושלים תרפ"ו, ז׳ 290 א"וו, און אויך באַלאַבאַן אין דערמאָנטן בוך ז׳ 71 א"וו; זע אויך ווייטער, הוספה IV אין אונזער בוך.

זיך מתעסק זיין מיט זיין קבורה. אינדערפרי האָט ער געזאָגט צו דער חבורה: „איך זאָרג ניט פאַר זיך, ווייל איך ווייס אויף קלאָר, אַז איך וועל אַרויסגיין דורך איין טיר און אַריינגיין אין אַן אַנדער טיר". דעמאָלט האָט ער זיך אַנידערגעזעצט אויפן בעט און האָט געזאָגט פאַר די אַרומיקע תורה מכוח דעם אַריבערגאַנג פון דער אונטערשטער וועלט אין דער אייבערשטער וועלט, אָפּגעזאָגט שטיל עטלעכע תפילות און נאָך אַ קורצער גסיסה איז ער נפטר געוואָרן (דעם ערשטן טאָג שבועות פון יאָר תק״כ — 1760) [1].

דער בעש״ט האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ זון מיטן נאָמען צבי און אַ טאָכטער אָדיל (האָדל). דער זון איז ניט געווען מסוגל צו פאַרנעמען דעם פאָטערס אָרט ווי אַ פירער פון די חסידים, דעריבער האָט דער רבי אין די לעצטע טעג זיינע זיך אָפּגעשטעלט אויף איינעם פון זיינע בעסטע תלמידים, דעם מגיד ר׳ דוב בער (מעזריטשער) און האָט אים אויסגעקליבן פאַרן פירער פון דער סעקטע. אין אַ צייט שפּעטער, אַז עס זיינען אויסגעוואַקסן דעם בעש״טס אייניקלעך, אָדילס זין, האָבן זיי אויך פאַרנומען אַן אָרט אין דער הנהגה, אָבער זיי האָבן ניט דערגרייכט צו דער מדרגה פון גייסטיקע יורשים פון דעם גרינדער פון חסידות.

---

1 אין דער דערציילונג „שבחי הבעש״ט" וועגן זיין פטירה (דף ל״ה—ל״ו) איז דאָס יאָר פון זיין טויט ניט פאַרצייכנט, נאָר אין די שריפטן פון איינעם פון די מתנגדים, ר׳ דוד מאַקאָוו (כ״י „זמרת עם הארץ" אָדער „זאת תורת הקנאות" צום סוף) שטייט געשריבן: „דער בעל שם ישראל פון מעדזשיבאָזש איז געשטאָרבן אין יאָר תקי״ט", דאָס איז 1759. די דאָזיקע דאַטע, וואָס גרעץ האָט זי אָנגענומען (באַנד XI, ז׳ 597 אין די אָנמערקונגען), לייגט זיך ניט אויפן שכל איבער אַזעלכע טעמים: מען קאָן ניט צו נישט מאַכן די טראַדיציע, אַז דער בעש״ט איז נפטר געוואָרן נאָך דעם לוואָווער וויכוח און אַז ער איז געשטאָרבן אום שבועות; היות ווי דער וויכוח איז געווען זומער 1759 (אין יולי — תמוז), בכן איז ניט מעגלעך, אַז ער זאָל זיין געשטאָרבן אָנהייב סיוון. בכן איז דער טאָג פון זיין פטירה געווען אום שבועות אין אַ יאָר אַרום, דאָס הייסט 1760. די דאָזיקע דאַטע האָב איך געפונען איין מאָל אין דער חסידישער ליטעראַטור: אין דעם ספר „מדרש פנחס" פון ר׳ פנחס קאָרעצער, דעם בעש״טס תלמיד, שטייט געשריבן: „די הריגה אין ק״ק אומאַן איז געווען אין תקכ״ח, נאָך דעם בעש״טס פטירה, וואָרעם ער איז נפטר געווען אין תק״כ (וואַרשע, תרל״ו, דף כ״ח).

## § 13. וואָס עס זאָגן די בני דור אויפן בעש״ט.

**גביות־עדות פון זייטיקע. — די קעגנער: שלמה מיימון. דער בערלינער משכיל יעקב קאלמאנסאָן אין ווארשע. — דער מגיד ישראל לייבל אין „ספר הויכוח״ און אין זיין דייטשער בראָשור. — דער מחבר פון צווייטן ספר „זמיר עריצים״ (1798). — מתנגדישע שריפטן („שבר פושעים״ און אנד.) — א מטושטשע געשטאַלט פון בעש״ט. — מיינונגען פון נייטראַלע: הרב מאיר מרגליות און דער חיד״א (אזולאי).**

האָבן מיר, הייסט דאָס, געזען די געשטאַלט פון בעש״ט דורך דעם פאַרטונקלטן שפיגל פון דער חסידישער לעגענדע. מיר האָבן, אמת, זיך געמיט צו אַנטפּלעקן זיין אמתע פיזיאָנאָמיע דורך דער אינעווייניקסטער קריטיק פון דער לעגענדע, אָבער מיר מוזן נאָך אָנקומען צו אַן אויסווייניקסטן אויספרוו: מיר מוזן אויסהערן דאָס עדות זאָגן פון די בני דור, וואָס זיינען געשטאַנען חוץ דעם גדר פון חסידיזם, פון די קעגנער זיינע און פון די נייטראַלע, ווי ווייט זיי האָבן געקענט דעם בעש״ט אָדער געהערט וועגן אים. לאָמיר אָפּגרענעצן די צייט פון דעם ערשטן דור פון חסידיזם אין פאַרנעם פון 40 יאָר נאָכן טויט פון בעש״ט, דאָס הייסט צווישן 1760 און 1800 (תק״כ ביז תק״ס).

אַ סך האָבן די מתנגדים אין יענער תקופה געשריבן וועגן דער חסידישער באַוועגונג און וועגן אירע פירער, און נאָר זעלטן פלעגן זיי אָנרירן דעם גרינדער פון דער באַוועגונג, דעם בעש״ט אַליין. ביי זיין לעבן, בעת ער האָט געווירקט אין אַ באַגרענעצטן קרייז, האָבן די רבנים אויף אים קיין אויפמערק ניט געווענדט, אָבער אַז די באַוועגונג איז אויסגעוואַקסן, האָט דער ערשטער באַוועגער שוין ניט געלעבט און זיין געשטאַלט איז געווען פאַרבאָרגן אין די נעפּלען פון דער לעגענדע. אַלץ וואָס די קעגנער פון חסידות האָבן געשריבן וועגן דער פּערזענלעכקייט פון איר ערשטן באַשעפער, האָבן זיי געשריבן נאָר אויפן סמך פון הערן זאָגן. אָבער אויך קלאַנגען פון ערשטן מקור זיינען פאַר אונז וויכטיק, ווי ווייט מען קאָן פון זיי דערקענען די באַציִונג פון די בני־דור צו דעם באַשעפער פון דער נייער באַוועגונג.

די ערשטע ידיעות וועגן דעם בעש״ט מצד די מתנגדים זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דרוק ערשט אין די לעצטע צען יאָר פון

18טן יאָרהונדערט, אָבער דאָס רוב איז געשריבן געוואָרן אויפֿן גרונט פֿון דעם, וואָס די שרייבערס האָבן געהערט פֿריער. דער ערשטער פֿון דעם מין, וואָס האָט דערמאָנט דעם בעש"ט, איז געווען דער באַרימטער פֿילאָסאָף שלמה מיימון אין זיין אַווטאָביאָגראַפֿיע, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין יאָר 1792 אין בערלין. אין ניינצנטן קאַפּיטל פֿון ערשטן טייל, וואו עס ווערט דערציילט באַריכות, ווי אַזוי דער יונגער מיימון איז געפֿאָרן פֿון זיין געבוירנלאַנד ליטע קיין וואָלין צום מגיד ר' דוב בער מעזריטשער, דעם בעש"טס יורש, און וואָס ער האָט דאָרט געזען און געהערט בײַ די חסידים (ז' אונטן § 14), שרייבט ער וועגן דעם גרינדער פֿון דער סעקטע אָט וואָס: „איינער אַ געוויסער מקובל, ר' יואל (ישראל) בעל שם[1] איז אַרום דער דאָזיקער צייט זייער באַרימט געוואָרן אין פּוילן דורך זיינע סגולות און רפֿואות, וואָס מיט זייער הילף האָט אים אָפּגעגליקט אויסצוקורירן געוויסע אומהיילבאַרע חולאים און בעלי-מומים. לויט זיינע רייד, האָט ער געטאָן אַלע זיינע מופֿתים ניט דורך נאַטירלעכע מיטלען, נאָר בלויז מיט דער הילף פֿון דער „פּראַקטישער קבלה" און פֿון די הייליקע שמות; אָבער אין דער אמתן האָט ער דאָס אויפֿגעטאָן אויפֿן סמך פֿון זיינע מעדיצינישע ידיעות און דורך שאַרלאַטאַנישע קונצשטיקלעך... ער האָט אויך געטראַכט וועגן אײַבערלאָזן יורשים פֿון זיין קונסט. צווישן זיינע תּלמידים זיינען געווען אייניקע, וואָס האָבן גענומען פֿאַר זיין פּראָפֿעסיע און זיך באַרימט געמאַכט דערמיט, וואָס זיי האָבן מיט הצלחה קורירט קראַנקע און אויפֿגעדעקט גנבים... עס האָבן זיך אָבער געפֿונען אַנדערע פֿון זיינע תּלמידים, באַגאַבט מיט גרעסערע כּשרונות און מיט אַן איידעלערן אַרט דענקען, וואָס האָבן זיך געשטעלט העכערע צילן. זיי האָבן אײַנגעזען, אַז מיטן כּוח פֿון דעם פֿאָלקס צוטרוי צו זיי וועלן זיי קאָנען אַ סך אויפֿטאָן הן פֿאַר זייער אייגענער טובֿה הן פֿאַר טובֿת הכּלל, — און זיי האָבן באַשלאָסן אויפֿצוקלערן דאָס

[1] שוין גרעץ (אין זיין געשיכטע באנד XI, 597, 1870) און אנדערע האבן משער געווען, אז דא איז פארגרייזט יואל אנשטאט ישראל, ווארעם דער אלטער בעל-שם ר' יואל געהער געוויס ניט אהער. זע לעבענסגעשיכטע 217 אין דער ערשטער אויסגאבע; אויך די יידישע איבערזעצונג פון א. י. גאלדשמידט, I ז' 165 א"ה.

פאָלק און דורך דעם דאָס צו באַהערשן". אַזוי אַרום איז דער בעש"ט אין מיימונס אויגן געווען אַ פשוטער בעל־שם, אַ קראַנקן־היילער און אַ וואָרזאָגער, און נאָר זיינע תלמידים האָבן אויסגענוצט די דאָזיקע סגולות אויף צו פאַרשפּרייטן אַ נייע תורה.

אין דעם זעלביקן נוסח האָט געשריבן וועגן בעש"ט אין יאָר 1798 איינער פון די ערשטע בערלינער משכּילים אין וואַרשע, יעקב קאַלמאַנסאָן אין זיין פראַנצויזישן ביכל „וועגן מצב פון די יידן אין פוילן און וועגן דער מעגלעכקייט אים אויסצובעסערן"[1]. ער רופט אָן די חסידים אַ „סעקטע פאַנאַטיקער, וואָס איז באַוואוסט געוואָרן ערשט מיט צוואַנציק יאָר צוריק". „די סעקטע איז אויפגעקומען אין מעזשיבאָזש אין פּאָדאָליע, און איר גרינדער איז געווען אַ פאַנאַטישער רב, וואָס האָט אויסגענוצט דעם אָבערגלויבן פון אומוויסנדיקן המון, וואָס שטרעבט תמיד צו וואונדער, און האָט באַוויזן מפורסם צו ווערן פאַר אַ נביא; ער האָט זיך באַרימט, אַז ער קאָן אויסהיילן אַלע קרענק דורך קבלה. ...דער המון, וואָס מען קאָן אים צוציען און אָפּשטויסן מיט פּוסטע רייד, האָט געשטראָמט צום הויז פון דעם פאַנאַטיקער, כּדי צו געפינען אַן אויפריכטונג פאַר זיין געזונט. נאָר ער האָט דאָרט געפונען נאָר אָפּנאַרעריי, און פונדעסטוועגן איז די צאָל פון זיינע תלמידים שטאַרק געוואַקסן".

דער פאַנאַטישסטער צווישן די מתנגדים, דער מגיד ישראל ליבל פון ליטע, וואָס פון יאָר 1798 אָן האָט ער גענומען אַרומפאָרן איבער די קהילות פון רייסן, פוילן און דייטשלאַנד, דרשענען עפנטלעך וועגן דער סכּנה, וואָס לאָקערט פון די חסידים[2], און האָט געשריבן עטלעכע פּאָלעמישע ספרים קעגן זיי, זאָגט וועגן בעש"ט אין זיין „ספר הויכּוח" (וואַרשע תקנ"ח) אָט וואָס: „...איז אויפגעשטאַנען אויף אונז איינער אַ מענטש, וואָס ביי די חסידים הייסט ער ר' ישראל בעל שם טוב, און האָט נאָך זיין טויט מער אויפגעטאָן ווי ביים לעבן, און האָט פאַרוואָרפן דעם אייבערשטנס תורה... אין זיינע אפּיקורסישע ספרים"... „איך האָב

---

1 Jacques Calmanson: Essai sur l'état actuel des juifs de Pologne et leur perfectibilité Varsovie, 1796.

2 זע ווייטער בנוגע צו דער מחלוקת פון די פּאַרטייען אין 1798 אין אויך אין די הוספות אין דער רשימה פון די מקורים.

געהערט פון דעם אַלטן גאון דעם רב פון דער קהילה קדושה מעדזשיבאָזש, וואָס איז געפאָרן צו אָט דעם גרעסטן צווישן די גרויסע פּאַרפירערס (המסית הגדול שבגדולים) צו ר"י (ר' ישראל) פון מעדזשיבוזש, נאָכדעם ווי ער האָט געהערט זיין נאָמען, און האָט אים געפונען אַ פּוסטע כלי אָן וואַסער פון תורה, מער ניט וואָס מען האָט געזאָגט אויף אים, אַז ער ווייס אַזאַך וואָס ער האָט ניט געזען און ניט געהערט". „עס שטייט געשריבן אין זייערע (די חסידישע) אפיקורסישע ספרים, אַז מיט דעם גרויסן פּאַרפירער ר' ישראל האָט געלערנט אחיה השילוני אליהום רבי... ווי קאָן די זאַך זיין אמת, אויב ער איז געווען כל-ימיו אַן עם-הארץ?"[1]. אין אַ קליינעם קונטרס, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין דייטש אין יאָר 1799 אין פראַנקפורט ביי דער אָדער[2], שרייבט לייבל וועגן בעש"ט, און דערביי פאַרדרייט ער די כראָנאָלאָגיע: „צווישן 1760 און 1765[3] איז שטאַרק באַרימט געוואָרן אין דער שטאָט מעדזשיבאָזש אין אוקראַינע אַ יידישער רב מיטן נאָמען ישראל. ער האָט געשטרעבט צו הערשאַפט, אָבער היות ווי אים האָט געפעלט דאָס וויסן פון תלמוד און אויך קיין אַנדערע ידיעות האָט ער ניט געהאַט, דעריבער האָט ער ניט געהאַט קיין האָפענונג משפיע צו זיין אויף אַנדערע דורך זיינע גייסטיקע מעלות, און דערפאַר האָט ער זיך אויסגעקליבן אַן אַנדער וועג: ער איז געוואָרן אַ באַשווערער פון רוחות, און דערפון נעמט זיך זיין צונאָמען „בעל-שם"... כדי איינצונעמען דאָס האַרץ פון די מאמינים, האָט ער זיך אויפגעפירט לויט די מידות פון הייליקייט און האָט אָנגעטאָן אַ מאַסקע פון חסידות. דער סוד, וואָס ער האָט זיך אין אים איינגעהילט, און די נטיה פון מענטשן צו דער פאַרבאָרגענער חכמה האָבן צוגעצויגן צו אָט דעם נייעם רב ישראל בעל שם טוב אין אַ קורצער צייט פון קנאַפּע צען יאָר מער פון

1 ספר ויכוח, אין דער הקדמה דף א', און אין פנים פון ספר דף ט'—י"א. דאָרט ווערט אויך דערציילט וועגן וויכוח פון די רבנים מיטן בעש"ט בנוגע צו דינים, ווי עס איז דערמאָנט אויבן § 12 אין דער הערה.

2 „גלאַובווירדיגע נאַכריכט פאָן דער אין פּאָלען אונד ליטהאַוען בעפינדליכען סעקטע, חסידים גענאַנט"; דער קונטרס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן נאָך אַמאָל אין זאַמלבוך „סולאַמיטה" (Sulamith) 1807, ז"ז 308 ביז 333.

3 אַ בפירושער טעות, וואָרעם 1760 איז דער בעש"ט געשטאָרבן. דאַרף זיין: צווישן 1750 — 1760.

צען טויזנט מאַן, וואָס ער האָט זיי אָנגערופן „ח ס י ד י ם“... ווייטער טוט דער מתנגדישער מגיד פלאָנטערן און אויסמישן געשעענישן און צייטן: אַז עס איז באַוואוסט געוואָרן, אַז די לייט פון דער „כת“, וואָס פאַרשטעלן זיך פאַר גאָטספּאָרכטיקע יידן, זיינען אין דער אמתן זינדיקע קעגן דין און מאָראַל, איז אַרויס קעגן זיי דער גאון אליהו פון ווילנע צוזאַמען מיט די פרנסים פון דער קהילה אין בראָד און האָבן אויפגעדעקט די שאַנד פון דער „כת“ אין קונטרס „זמיר עריצים“, און פאַרן טויט האָט דער גאון באַשוואָרן זיינע תלמידים, זיי זאָלן זיך אָפּשיידן פון דער דאָזיקער זינדיקער עדה. דערנאָך האָט זיך געקליגט „דער דורכגעטריבענער רב ישראל בעל שם“ און האָט אָפּגעדרוקט זיין ספר „צוואת הריב“ש“ (עס איז אין דער אמתן אָפּגעדרוקט דרייסיק יאָר נאָכן בעש“טס טויט און פאַרן גאונס טויט), וואָס דאַרף זיין „דאָס געזעצבוך פון דער כת“, וואָס איז אויף דעם אופן „אָפּגעריסן געוואָרן אינגאַנצן פון דער יידישער א ו מ ה“. נאָכן בעש“טס טויט זיינען אויפגעשטאַנען בראש פון דער כת אָנשטאָט איין פירער אַ סך פירער, וואָס ר' ישראל לייבל רופט זיי אָן ביים נאָמען און דעקט אויף זייער שאַנד פאַר דער וועלט. אַזוי זיינען די געשעענישן פאַרדרייט געוואָרן אין משך קנאַפּע פערציק יאָר נאָכן בעש“טס טויט; דער אַגיטאַטאָר פון די מתנגדים, וואָס האָט באַדאַרפט וויסן אַלע פרטים פון דער רעליגיעזער מחלוקת, האָט כמעט גאָרנישט ניט געוואוסט וועגן דעם לעבן פון דעם באַגרינדער פון דער סעקטע און לויט קעגן אים אַרויסטרעטן אין קאַמף דעם ווילנער גאון, וואָס איז אַרויסגעטראָטן קעגן דער „כת“ ערשט אין צוועלף יאָר אַרום נאָכן בעש“טס טויט.

מער אָפּגעהיט אין זיינע מיינונגען וועגן דעם בעש“טס ווירקונג איז געווען אַ צווייטער קעמפנדיקער מתנגד, דער מחבר פון אַנאָנימען ספר „זמיר עריצים“, דעם צווייטן מיט דעם נאָמען (וואַרשע תקנ“ח). ער רופט צום קאַמף „קעגן די דאָזיקע חסידים, וואָס זיינען באַנייט געוואָרן, נאָכדעם ווי עס איז געקומען אויף דער וועלט דער ריב“ש, דאָס איז ר' י ש ר א ל ב ע ל ש ם ט ו ב, וואָרעם ער האָט אַ סך חסידים געמאַכט... ער האָט אָפּגעטאָן דעם כהונה־הוט און אַרויפגעהויבן די קרוין (הסיר המצנפת והרים העטרה) פון דער הייליקער און ריינער תורה... ער האָט אויסגעטראַכט אַ ספר רפואות... און האָט געבלאָזן שופר צו ברענגען אַ פ ד י ו ן פאַר

אויסלייזונג פון דער נשמה" („מודעה רבא" אין אָנהייב פון ספר). אין זיין הקדמה זאָגט דער מחבר עדות אויפן בעש"ט אָט וואָס: „עס זיינען געווען ניט לאַנג אַ סך מענטשן באַגלויבטע וואָס האָבן אים געקענט, און זיי האָבן געזאָגט, אַז ער איז כּלל ניט געווען געדעכנט צווישן די למדים, נאָר ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ נביא און זעער און האָט אַ ביסל געוואוסט עטלעכע סגולות און שמות, ווי דער שטייגער פון די בעלי־שמות". אין ספר גופא שפּעט דער מתנגד אָפּ אין אַמליצה־סטיל פון דעם נס פון „עלית נשמה", וואָס דער בעש"ט האָט זיך דערמיט באַרימט אין זיין באַוואוסטן בריוו, און פון דעם גלויבן פון זיינע תלמידים, אַז דער נביא אחיה השילוני איז געווען זיין רבי. וועגן די זאַמל־ספרים „צוואת הריב"ש" און „כתר שם טוב" האַלט דער מחבר, אַז דאָס האָט געשריבן דער בעש"ט אַליין, און דערווייזט פון זייער סטיל, אַז דער שרייבער „איז ניט געווען בקי אין לשון קודש און אַלע זיינע רייד אין זיינע ספרים זיינען אין אַלעכערלעכן צעדרייטן לשון" (לשון לועז נלעג) — דאָס הייסט נאָענט צו יידיש.

אַן ערך אין יענער צייט (1798 — 1800) איז גאַרפּאַסט געוואָרן די זאַמלונג בריוו, כּרוזים און חרמות קעגן די חסידים, וואָס איז פאַר־שפּרייט געוואָרן אין געשריבענע קאָפּיעס אונטער פאַרשיידענע נעמען: „שבר פושעים", „זמרת עם הארץ", „זאת תורת הקנאות"[1]. דער מחבר רעדט וועגן בעש"ט, ווי מען רעדט וועגן אַ פּאַרצייטיקן מענטשן. „די דאָזיקע אומריינע מענטשן (די חסידים) האָבן פאַרלאָזן דעם איי־בערשטנס וועג און דעם וועג פון אונזערע קדמונים און האָבן זיך אויסגעקליבן אַ נייעם וועג און זיי האָבן געזאָגט, אַז זייערע טאַטעס האָבן זיי דערציילט, אַז עס איז געווען איינער אַ מענטש, וואָס מען האָט אים גערופן ישראל בע"ש... און ער האָט זיי געהייסן פאַרלאָזן דעם וועג פון כּלל ישראל... אויך קלאָר איז אונז ניט באַוואוסט פון אָט דעם ישראלן, וואָס איז מיט אים דער מער (מה היה לו), און אויך קיין חיבור אָדער קיין ספר האָט ער ניט איבערגעלאָזט פאַר דעם כּלל ישראל, נאָר זיין תלמיד יעקב יוסף האָט געשריבן וועגן אים, אַז ער איז געווען אחיה השילוניס תלמיד, און נאָר זיינע תלמידים האָבן אָנגעזאָגט

---

[1] זע וועגן דעם בפּרוטרוט אין דער דריטער הוספה צום סוף בוך.

זייערע קינדער, אַז ער זאָל האָבּן בּאַפוילן וועגן זיעם"[1]. אין דעם בּריוו פון מתנגדישן מגיד ר' דוד מאקאָוו צו איינעם אַ רב פון יענער צייט שטייט געשריבּן: „דער אָנהייבּ פון אויפבּלי פון דער כּת איז געווען אין יאָר תקכ"ו (1766), וואָרעם דער בּעל שם ישראל פון מעדזשיבּאָזש איז געשטאָרבּן אין יאָר תקי"ט (1759) און איז געווען בּאַוואוסט פאַר אַ בּעל-שם, ניט פאַר אַ בּעל-תורה, און אַלע גדולים האָבּן אים פאַרוואָרפן, חוץ עטלעכע, וואָס איך ווייס זייערע נעמען פון הערן זאָגן, מענטשן אָן אַ נאָמען (בּני בּלי שם); ערשט אין אויבּן בּאַצייכנטן יאָר איז בּאַוואוסט געוואָרן ר' בּעריש פון מעזריטש אין וואָלין, וואָס אַ פולע רבּנים און גאונים זיינען געפאָרן צו אים" אאַז"וו[2].
דאָס הייסט, אַז אויפן גרענעץ פון 18טן און 19טן יאָרהונדערט האָבּן די מתנגדים שוין ניט געוואוסט אויף קלאָר, „פון דעם ישראל (בּעש"ט), וואָס עס איז געווען מיט אים דער מער", און נאָר איין זאַך האָבּן זיי געוואוסט: אַז ער איז ניט געווען קיין בּעל-תורה, אויפן שטייגער פון די רבּנים, נאָר ער איז מפורסם געוואָרן פאַר אַ בּעל-שם און אַ קראַנקן-היילער, וואָס האָט זיך גרויס געהאַלטן מיט זיין רוח הקודש און מיט זיין פעיִקייט צו ווייזן דעם וועג פון דער אמתער אמונה, וואָס איר אינהאַלט האָבּן אויסגעטייטשט אין זייערע ספרים פאַר דער עדה חסידים זיינע תלמידים יעקב-יוסף און בּער מעזריטשער.

---

1 דער ערשטער פראַגמענט איז גענומען פון כּתב-יד „שבר פושעים", נו' 34 פון מיין קאָפּיע, און געפינט זיך אויך אין אַ צווייטן נוסח „זאת תורת הקנאות" אין דער אָקספאָרדער בּיבּליאָטעק (פון דאָרט האָט אים אָפּקאָפּירט א. דיינאַרד אין דעם קונטרס „חרב חדה", 22), און אין אַ דריטן נוסח מיט שפּעטערע הוספות אין כּ"י „זמרת עם הארץ", נו' 39, אין מיין אָפּקאָפּיע. דאָ האָט אַ פאַנאַטישער מתנגד מוסיף געווען זייער שאַרפע רייד: „נאָר דאָס איז אונז בּאַוואוסט, אַז ער (דער בּעש"ט) איז געווען אַן עם הארץ און אַ שיכּור" וכדומה.

2 דער בּריוו פון מגיד ר' דוד מאקאָוו געפינט זיך צום סוף פון כּ"י „זמרת עם הארץ" אין מיין קאָפּיע און אין כּ"י „זאת תורת הקנאות" אין דעם נוסח: „ישראל מעזשבּיזער, וואָס איז געשטאָרבּן אין יאָר תק"יט, דאָס איז דאָס יאָר פון מיין חתונה. און איך געדענק, אַז ער איז געווען מפורסם ניט פאַר אַ למדן, נאָר פאַר אַ בּעל-שם אַ קמיעות-שרייבּער, און האָט גאָרנישט ניט געלערנט... און פלעגט אַרומגיין איבּער פלעצער און גאַסן מיט גאווה-שטעקן (חוטר-גאוה), אין זיין מויל די ליולקע-ציבּעך (הלולקי וציבּוק) און גערעדט מיט די ווייבּער" (קאָפּירט פון אָקספאָרדער כּ"י אין די הוספות צום בּאַנד XI פון גרעץ, ז' 597, 1870).

פון די עטלעכע פראַגמענטן וועגן בעש"ט, וואָס זיינען געבליבן אין די שריפטן פון די מתנגדים, איז געדרונגען, אַז ביי זיין לעבן האָבן די רבנים די פאַנאַטיקער אויף אים גאָר קיין אַכט ניט געלייגט (חוץ דער אויבנדערמאָנטער דערציילונג וועגן דעם וויכוח מיטן פרנס פון וועד אַרבע ארצות, אויב עס איז אין איר פאַראַן אַ היסטאָרישער קערן), און אויך נאָך זיין טויט האָבן זיי פון איר ווייניק וואָס געוואוסט. אין די אויגן פון די מתנגדים איז דעם בעש"טס פיזיאָנאָמיע געווען מטושטש, אַזוי ווי נידעריקער פון דער ווירקלעכקייט, בעת אין די אויגן פון די חסידים איז ער געשטאַנען איבער דער ווירקלעכקייט. מצד די נייטראַלע, דאָס הייסט יענע רבנים, וואָס האָבן זיך ניט צוגערעכנט צו דער סעקטע חסידים, אָבער זיי האָבן אויך ניט געקעמפט קעגן איר, זיינען צו אונז דערגאַנגען צוויי נאָטיצן, וואָס באַווייזן, אַז צווישן די רבנים די מקובלים איז געווען אַ טענדענץ צו גלויבן אין דעם בעש"טס הייליקייט. דער אָסטראָהער רב ר' מאיר מרגליות, וואָס איז אין יאָר 1777 באַשטימט געוואָרן, לויטן באַפעל פון פוילישן קיניג, פאַרן "רב הכולל פון אוקראַינע און פאָדאָליע", איז אין זיינע בחור-יאָרן געווען נאָענט צום בעש"ט און האָט אים זייער געשאַצט[1]. די געזעלשאַפטלעכע לאַגע פון ר' מאיר מרגליות, וואָס איז אין זיין דור געווען באַרימט פאַר אַ "גאון" (זיין גרויסער חיבור "מאיר נתיבים", אַ זאַמלונג פון שאלות ותשובות און דרושים אויף דער תורה, איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין פולנאה [פאָלאָנע] אין יאָר תקנ"א — תקנ"ב), האָט אים ניט דערלויבט צוצושטיין צו דער סעקטע חסידים, אָבער זיין סימפּאַטיע פאַר דעם גרינדער פון דער כת האָט ער ניט פאַרלייקנט. אין זיין ספר "סוד יכין ובועז" איבער קבלה (פולנאה תקנ"ד, דף ה') שרייבט ער: "ווי עס האָבן מיר אָנגעזאָגט מיינע גרויסע רביים אין תורה און פרומקייט, און צווישן זיי מיין פריינד דעם רב דער חסיד, דער מוסטער פאַרן דור (מופת הדור), מוהר"ר ישראל בעש"ט זצ"ל, אין ענין פון דער געוואונטשענער כוונה ביים לערנען תורה לשמה, זיך צו באַהעפטן אין הייליקייט און ריינקייט מיט די אותיות (פון דער תורה) בכוח און בפועל... און אַז ער וועט זוכה זיין צו פאַרשטיין און זיך צו באַ-

1 ז' "קבוצת יעקב" פון ר' יעקב מרגליות, דף נ"א—נ"ג (פרעמישלע תרנ"ז): לעגענדעס וועגן בעש"ט און זיין תלמיד ר' מאיר מרגליות.

העפטן מיט די הייליקע אותיות, קאן ער (דער לערנער) פארשטיין ממש פון די אותיות אפילו דאס וואס וועט זיין. און זינט מיינע יונגע יארן, פון דעם טאג, ווען איך האב דערקענט און זיך באהעפט מיט ליב־שאפט מיט מיין רבין און מיין פריינד מהור״ה ישראל, דעם אויבנדער־מאנטן, האב איך געוואוסט זיכער, אז זיין אויפפיר איז געווען אין היי־ליקייט און ריינקייט, אין פיל פרומקייט און פרישות... אז פאר־באָרגענע זאכן, וואס דער אויבערשטער האט פארהוילן, זיינען אים געווען אנטפלעקט״. אין די לעצטע ווערטער זיינען קענטיק סימנים פון א צונייג צו חסידות און פון דעם מיין פון מחבר צו פארענטפערן דעם בעש״ט, וואס איז געווען פאר־שטויסן אין די קרייזן פון די רבנים. — נאך א מקובל פון די רבנים, פון אויסער די גרענעצן פון פוילן, רעכנט צו דעם בעש״ט צו די הייליקע: דאס איז דער ירושלימער משולח חיים יוסף דוד אזולאי, דער מחבר פון דעם לעקסיקאן פון דער העברע־ישער ליטעראטור „שם הגדולים״ (ליווארנע, 1774 — 1798). אין צוויי נאטיצן[1] דערמאנט ער דארט „דעם בארימטן רב, וואס מען האלט אים פאר הייליק (קדוש יאמר לו), מהר״ר ישראל בעל שם טוב״, און זאגט עדות, אז דער ספר פון דעם ירושלימער מקובל ר׳ חיים ן׳ עטר מיטן נאמען „אור ישראל״ איז געווארן באליבט ביי די לייענער אין פוילן, „ווייל דער רב דער חסיד און קדוש מהר״י בעל שם טוב האט אויסגעזאגט די גרויסקייט פון דער נשמה פון דער־מאנטן מהר״ח (ר׳ חיים)״. מיט א געפיל פון כבוד פארצייכנט אזולאי די נעמען פון די ספרים פון יעקב־יוסף הכהן, „וואס מען לויבט זיי״ (נותנים להם את השבח), ווייל זייער מחבר שרייבט אין נאמען פון זיין רבין דעם בעש״ט.

---

1 שם הגדולים, צווייטער טייל: מערכת ספרים, אונטער די קעפלעך: „אור החיים״ פון ר׳ חיים ן׳עטר און „צפנת פענח חדש״ פון ר׳ יעקב יוסף הכהן.

צווייטער קאַפּיטל

# דער מעזריטשער מגיד און זיינע חברים און דער צענטער אין וואָלין

(תק״כ — תקלב, 1760 — 1772)

## § 14. דער מגיד דוב־בער און זיין חבורה אין מעזריטש.

**קרייזלעך חסידים אין אוקראַינע. — ר׳ שלמה פון כעלם און ר׳ יעקב עמדין וועגן די משונהדיקע תנועות פון די חסידים בעתן דאַווענען. — דעם בעשט״ס יורש, דער מעזריטשער מגיד, און דאָס אריבערטראָגן דעם צענטער פון פּאָדאָליע קיין וואָלין. — ווי אזוי דער מגיד האָט זיך דערנענטערט צום בעש״ט. — דער בייט פון דער אַסקעטישער שיטה אויף דער שיטה פון דינען גאָט דורך שמחה. — די בלאָנדזשענדיקע קומען קיין מעזריטש. — די הויפּט תלמידים פון ר׳ דוב־בער. — וואַנדערנדיקע מיסיאָנערן ציען צו קיין מעזריטש אַ סך גאָט־זוכערס. — דער יונגער שלמה מיימון ווערט געפאַנגען אין זייער נעץ. — זיין דערציילונג וועגן לעבן פון דער חבורה אין מעזריטש. — די השפּעה פון דעם מגיד אויפן המון און זיין זייער וויכטיקע ראָלע אין אויסבילדן די תלמידים, וואָס פון זיי זיינען געוואָרן די מנהיגים פון חסידות. — די ערשטע רדיפות קעגן חסידים אין יאָר 1772 (תקל״ב) און דעם מגידס טויט.**

אין די לעצטע צען יאָר פון בעש״טס לעבן זיינען שוין געווען גרופּעס חסידים אין גרעסטן טייל שטעט פון פּאָדאָליע, וואָלין און גאַליציע. וויפיל זיינען זיי געווען — דאָס איז שווער צו באַשטימען אַפילו לערך. איינער פון די בני דור איז משער, אַז אין די ערשטע יאָרן פון דעם בעש״טס ווירקן האָבן זיך צונויפגעקליבן אונטער זיין פאָן ביי אַ צען טויזנט מאַן, און אַז אין דער צייט, ווען ער איז געשטאָרבן, האָט זייער צאָל דערגרייכט שוין ביז פערציק טויזנט[1];

---

1 דער מגיד ישראל לייבל אין זיין דייטשן קונטרס קעגן די חסידים („גלאַובווירדיגע נאַכריכט פאָן דער... סעקטע חסידים״, פראַנקפורט ביים אָדער 1799; סולאַמיטה 1807, II, 309, 313); אָבער אויפן מחבר קאָן מען זיך

אָבער אַזעלכע השערות זיינען געגומען גלאַט אין דער וועלט אַריין, און מען קאָן זיך אויף זיי ניט פאַרלאָזן. קלאָר איז נאָר, אַז זינט דער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט און ווייטער האָבן זיך גענומען מערן אין די אוקראַאינישע קהילות גרופּעס חסידים, וואָס פלעגן דאַוונען אין באַזונדערע קלויזן אָדער „מנינים" אויף אַ נייעם שניט: מיט התלהבות, געשרייען און משונהדיקע תנועות. שוין אין יאָר תקי"א (1751) באַקלאָגט זיך דערויף איינער פון דער עלטערע רבנים פון דור, ר' שלמה פון כעלם אין דער הקדמה צו זיין תלמודישן ספר „מרכבת המשנה" (פראַנקפורט=אָדער, תקי"א). ריידנדיק וועגן פאַרשיידענע גרופּעס פון תורה=לערנער און ערלעכע יידן, שיידט ער אויס פון זיי איין גרופּע, וואָס ער ווייס צו דערציילן פון איר נאָר שלעכטס. „און פאַראַן פון זיי פוסטע פון יעטווידער וויסן... ניט אין סוד (אין דער קבלה) און ניט אין גפ"ת (גמרא פירוש רש"י און תוספות) האָט ער זיך געמיט, ער טוט זיך קליגן און מיט אַ קלאָג=געשריי געשריגן, אויף די בערג טוט ער שפּרינגען, און אין דאַוונען טוט ער זינגען, מיט קולות און ניגונים, אַז אין די אויערן טוט קלינגען. און משונהדיק זיינען זיינע מעשים: ער הילט זיך איין אין ווייסן... און זיי פירן אַהין און צוריק מיט די הענט, און שאָקלען זיך ווי די ביימער אין וואַלד... און ווען אַפילו ער האָט ניט געלערנט ניט מקרא און ניט משנה, רופט ער זיך אָן חכם און הייסט רבי. און וואָס מער איינער מאַכט תנועות און העוויות, אַלץ מער גלויבט און גערימט איז ער אין מויל פון קינדער און ווייבער, און איז אַ קאָפּ און אַן ערשטער ביי די אָרעמע אין שכל און וויסן. זיי זאָגן אים זיין ביסל לויב אין די אויגן: אַי איז דאָס אַ חסיד, אַי איז דאָס אַן עניו! און קיינער טוט ניט נעמען אין זינען, אַז פאַלשקייט זיצט אין האַרצן דרינען"...[1]

ביט פארלאזן, ווארעם ער איז ניט קלאר אפילו אין דער כראנאלאגיע: ער רוקט אראפ דעם אנהייב פון דער טעטיקייט פון בעש"ט אזש ביז צו די יארן 1760—1765, און די צייט פון זיין טויט נאך אויף 15 יאר (זע אויבן § 13). נאך לייבלען איז געגאנגען יאסט אין זיין ערשטן בוך „געשיכטע דער איזרא=עליטן" IX, 45, און אפילו גרעץ (באנד XI, 107) האט אנגענומען די ערשטע צאל — צען טויזנט מאן.

1 ויש מהם ריק מכל מדע... לא בסוד ולא בגפ"ת השתדל, ערום יערים וקול נהי ירים, מדלג על ההרים, ובתפלה ותחנונים, בקולות וניגונים מחליף

דעם דאָזיקן אויפפיר פון די חסידים בעתן דאַווענען פאַר־צייכנט מיט באַזונדערע גערייצטקייט דער גרויסער קעמפער קעגן אַלע יידישע סעקטעס, ר׳ יעקב עמדין פון אַלטאָנאַ: „דאָ ניט לאַנג זיינען אויפגעשטאַנען אַנייע כת חסידים אין וואָלין און פּאָדאָליע, און טייל פון זיי זיינען געקומען אויך אין דער דאָזיקער מדינה (קיין דייטשלאַנד), וואָס גאָר זייער טאָן איז דער ספר הזוהר און זיי זיינען מאריך אין דאַווענען אַ האַלבן טאָג, אַסך מער פון די ערשטע חסידים, מאַכן — ווערליק מען האָט מיר געזאָגט — ביים דאַווענען שמונה עשרה מיאוסע און משונהדיקע תנועות, פּאַטשן מיט די הענט און שאָקלען זיך אין די זייטן, די קעפּ זיינען ביי זיי פאַרריסן אויף הינטן און די פּנימער און די אויגן געווענדט אַרויף־צו״ [1].

די זיילן פון דער רבנות אין פּוילן און אין דייטשלאַנד זאָגן עדות אין איין נוסח: דער ברען און די משונהדיקע תנועות בעתן דאַווענען זיינען ביי זיי אין די אויגן געווען דער הויפּט־סימן פון דער נייער חסידות. ר׳ יעקב עמדין, וואָס איז געווען קלאָר אין די ענינים פון די פּוילישע יידן אין די יאָרן פון זיין קאַמף קעגן די שבתי־צביניקעס און פראַנקיסטן, זאָגט עדות דערויף, אַז די „כת״ האָט זיך פאַרשפּרייט אין וואָלין און פּאָדאָליע. און אין דער אמתן איז די חסידות אין בעש״טס צייט ניט אַרויסגעטראָטן פון די גרענעצן פון די דאָזיקע צוויי פּראָווינצן, צוזאַמען מיט מזרח־גאַליציע, וואָס פאַר דער צעטיילונג פון פּוילן איז זי געווען פאַרבונדן מיט פּאָדאָליע. צוערשט איז פּאָדאָליע געווען דער הויפּט־צענטער פון דער חסידישער באַוועגונג, ווארעם אין מעדזשיבאָזש איז געזעסן דער בעש״ט און אין דער דאָזיקער שטאָט אַריין האָבן זיך געצויגן זיינע תלמידים און די

---

עשרת מונים. ומעשיו משונים: עוטה לבנים... ומוליכים ומוביאים בידים, וינועו כנוע עצי היער... ואף כי לא קרא ולא שנה חכים יתקרי ורבי יכונה. וכל המוסיף בתנועות והעויות משובח ומפואר בפי טף ונשים ויחלץ חושים בפני דלי השכל וראשים (ורשים?). המה יגידו מקצת שבחו בפניו הי חסיד, הי עניו! ואין איש שם על לבו, כי בקרבו טמון ארבו.

1 מטפחת ספרים, דף ל״א (אלטאָנאַ 1768). דער ספר איז אָפּגעדרוקט געוואָרן נאָכן בעש״טס טויט, נאָר פון דעם מחברס ביאָגראַפיע איז באַוואוסט, אַז ער איז צום גרעסטן טייל געשריבן אין יאָר 1758 און ווייטער, דאָס הייסט אין די לעצטע יאָרן פון דעם גרינדער פון חסידות, אַזוי אַרום קומט ער צו זאָגן עדות דערויף, וואָס „מען האָט אים געזאָגט״ צווישן 1750 און 1760.

מאַסע פון די וואָס האָבן געגלויבט אין זיינע מופתים. זיין הויפּט־תלמיד, ר׳ יעקב־יוסף הכהן, איז געווען אַ רב אויך אין די נאָענטע פּאָדאָליער קהילות: אין שאַריגראָד, אין ראַשקאָוו און אין נעמיראָוו. נאָכן בעש״טס טויט איז מעדזשיבאָזש אַראָפּ. דער בן־יחיד פון דעם באַגרינדער פון חסידות, צבי הירש, איז ניט געווען ראוי צו פאַרנעמען זיין אָרט, האָט די חבורה געזוכט און געפונען זיך אַ פירער אין אַן אַנדער אָרט: אין דער וואָלינער שטאָט מעזריטש, וואו עס איז געזעסן דעם בעש״טס אַ תלמיד, וואָס איז אין די לעצטע יאָרן געוואָרן זיינער אַ באַזונדערס גרויסער מקורב: דאָס איז געווען דער מגיד דוב־בער. זינט דעמאָלט ווערט די דאָזיקע שטאָט די הויפּטשטאָט פון חסידיזם, און אין משך פון די זעכציקער יאָרן פון 18טן יאָר־הונדערט גייט דער צענטער פון דער רעליגיעזער באַוועגונג אַריבער פון פּאָדאָליע קיין וואָלין. אויך דעם בעש״טס ערשטער תלמיד, ר׳ יעקב־יוסף, פאַרלאָזט אין דער זעלביקער צייט נעמיראָוו און ווערט אָנגענומען פאַר אַ רב אין פּולנאה (פּאָלאָנע) אין וואָלין. דאָס וואָס דער צענטער האָט זיך אַריבערגעהויבן אין אַ פּראָווינץ וואָס אויפן גרענעץ צווישן אוקראַינע און ליטע, האָט געהאַט זייער וויכטיקע רעזולטאַטן: זינט דעמאָלט ווערן אויך די צפונדיקע פּראָווינצן — ליטע און רייסן — אַריינגעצויגן אין דער אויסגעשפּרייטער נעץ פון דער חסידות, וואָס האָט געשטרעבט צו באַהערשן אַלץ און אַלעמען.

איידער ר׳ דוב בער האָט זיך באַגעגנט מיטן בעש״ט, איז ער זיך געגאַנגען מיטן אויסגעטראָטענעם וועג פון אַלע תורה־לערנערס. געבאָרן אין אַ קליין־שטעטל אין וואָלין (אַרום 1710), האָט ער געלערנט נגלה און נסתר פון רבנים און מקובלים, איז געווען צוערשט אַ מלמד ביי קינדער אין שטעט און דערפער, און דערנאָך איז ער געוואָרן אַ מגיד אין עטלעכע וואָלינער שטעט: באַרטשין, מעזריטש, קאָרעץ און ראָוונע[1]. זיין דרך אין דרשנות איז געווען דער

---

1 די פרטים פון דעם מגידס לעבן, איידער ער האָט זיך מתקרב געווען צום בעש״ט, ווייסן מיר נאָר פון קנאַפּע רמזים אין פאַרשיידנע ספרים. זע „שם הגדולים החדש״ I, 11; שבחי הבעש״ט י״א; „סדר הדורות החדש״ 16, 17, 26. זיין תלמיד אלימלך ליזענסקר רופט אים אָן „דער מגיד פון ראָוונע״ („נועם אלימלך״ 32, 114). אין איין בריוו חתמעט זיך דער מגיד מיטן נאָמען: „דוב בער בר׳ אברהם מ״מ (מגיד מישרים) דק״ק מעזריטש ודק״ק קאָריץ״ (אין סוף פון ספר „דרכי ישרים״ פון ר׳ מענדל פרימישליאַנער, לבוב תרכ״ב).

שטייגער פון דעם רוב מגידים אין יענער צייט, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר דעם אר״יס קבלה: ער האָט שטענדיק אין זיינע דרשות גערופן צו אַסקעטיזם, צו תשובה, און תיקון פון די זינד; אויך ער אַליין האָט געפּייניקט זיין גוף און פלעגט פאַסטן אָפּטמאָל פון שבת ביז שבת, געזעסן און געלערנט תורה. די התמדה אין לערנען און די תעניתים האָבן אָפּגעשוואַכט זיין גוף, און איין מאָל האָט ער בעת זיין קרענק, לויט דער עצה פון זיינע חברים, באַשלאָסן צו פאָרן צום בעש״ט, וואָס איז געווען מפורסם פאַר אַ קראַנקן־היילער. דער בעש״ט האָט אויסגעהיילט דעם מגידס קערפּערלעכע קרענק, דורכדעם וואָס ער האָט געפונען אַ סגולה צו זיין נשמה־קרענק: ער האָט אים דערוויזן, אַז דינען גאָט מיט אַן אמת איז מעגלעך ניט דורך פּייניקן זיך און דורך עצבות, נאָר אדרבא דורך פרייד און מונטערקייט. די דאָזיקע געשעעניש איז אין דער חסידישער לעגענדע אָנגעקליידט געוואָרן אין צווי וואונדער־מעשיות, וואָס מען פלעגט דערציילן אין די חבורות פון דעם רבין און פון תלמיד.

די מער אָריגינעלע מעשה,[1] שילדערט דעם מגיד רבי דוב בער ווי „אַ גרויסן חריף און אַ בקי אין ש״ס און פּוסקים, וואָס האָט געהאַט צען מאָסן אין דער חכמת הקבלה״. די קלאַנגען וועגן בעש״ט, „וואָס גאָר דאָס פאָלק פאָרן צו אים״ מיטן פולן גלויבן, אַז „ער ווירקט מיט זיין תפילה גרויסע און פּאָרכטיקע פּעולות (פּועל בתפלתו פּעולות גדולות ונוראות), האָבן דעם מגיד דעם למדן פאַרחידושט, און איין מאָל האָט ער באַשלאָסן צו פאָרן צום בעש״ט, כדי

ישראל לייבל רופט אים אָן אין זיין מאמר (אין דייטשן „סולאַמיטה״ II, 315) „בער מעדזירזיסק, ראַבינער צו קאָרטשיק״, דאָס הייסט אין קאָרעץ וואָס שטייט אויפן טייך קאָרטשיק.

1 ווערט געבראַכט אין סוף פון צווייטן באַנד פון דעם ספר „כתר שם טוב״ פון ר׳ אהרן פון אופּטא (ערשטער דרוק: זשאָלקווע תקנ״ח; אין לעמבערגער דרוק פון יאָר תר״ט, וואָס איך האַלט: דף כ״ז—כ״ח). דער מחבר, וואָס קלייבט צונויף נאָר דעם בעש״טס שפּראָכן און פאַרנעמט זיך ניט מיט וואונדער־מעשיות, איז דאָ אַרויס פון זיין גדר און גיט איבער די דאָזיקע מעשה, „וואָס ער האָט געהערט פון איין חסיד, וואָס האָט אליין געהערט פון הייליקן מויל פון רב דוב־בער ז״ל״ (אין אָנהייב פון דער מעשה און צום סוף). פון דעם ספר „כתר שם טוב״ איז די מעשה אַריבערגענומען געוואָרן אין דער נייער אויפלאַגע פון דעם ספר „מגיד דבריו ליעקב״, דרוק תקס״ח, נאָך דער הקדמה.

„אים אויסצופרוּוון". אַז ער איז געווען אין וועג איין טאָג און צוויי, האָט ער זיך מצער געווען, וואָס ער האָט מבטל געווען פון לערנען תורה; ער האָט זיך אָבער געטרייסט דערמיט, וואָס אפשר וועט ער הערן תורה פון דעם הייליקן. און ווי גרויס איז געווען זיין חידוש, ווען ער איז אַריין אין בעש"טס שטוב, און יענער האָט אָנגעהויבן צו דערציילן אים מעשיות פון פראָסטן המון, ווי אַזוי ער איז געפאָרן אין וועג און עס איז ביי אים אויסגעגאַנגען דאָס לעצטע שטיקל ברויט, און ער האָט ניט געהאַט וואָס צו געבן עסן דעם גוי דעם בעל-עגלה, און עס האָט זיך אים אָנגעטראָפן אַ גוי מיט אַ זאַק ברויט און ער האָט ביי אים געקויפט, — און נאָך אַזעלכע זאַכן! דער מגיד האָט ניט געוואוסט, אַז דאָס איז דעם בעש"טס גאַנג אויסצוטייטשן טיפע ענינים פון דער אמונה אין פשוטע מעשהלעך און משלים פון אַרומיקן לעבן. האָט דער מגיד באַשלאָסן זיך אומצוקערן אין זיין שטאָט און איז געבליבן נאָר איבערנעכטיקן די נאַכט. האַלבע נאַכט האָט דער בעש"ט געשיקט זיין משרת אים רופן און האָט אים געשטעלט אַ פראַגע אין קבלה לויטן ספר „עץ חיים" פון ר' חיים וויטאַל. האָט דער מגיד אַריינגעקוקט אין דעם מאמר און האָט געזאָגט דעם פשט. האָט אָבער דער בעש"ט אויף אים אָנגעשריען: דו ווייסט גאָרנישט. האָט דער מגיד אַריינגעקוקט נאָך אַמאָל און האָט געזאָגט: „דער פשט איז ריכטיק ווי איך האָב געזאָגט, און אויב מעלתו וויס אַן אַנדער פשט, זאָל ער מיר זאָגן, וועל איך הערן, ווער עס האָט רעכט". דעמאָלט האָט דער בעש"ט אים געהייסן זיך אויפשטעלן אויף די פיס, ווייל אין דעם מאמר פון „עץ חיים" זיינען דערמאָנט אַ סך נעמען פון מלאכים. און באַלד „איז די גאַנצע שטוב פול געוואָרן מיט ליכטיקייט, און פייער האָט געפלאַקערט אַרום, און זיי (ביידע) האָבן געזען בחוש די דערמאָנטע מלאכים". דאָ האָט דער מגיד דערהערט דעם בעש"טס קול: „אמת, דער פשט איז אַזוי טאַקע, ווי דו האָסט געזאָגט, אָבער דיין לערנען איז געווען אָן אַ נשמה" (הלימוד שלך היה בלי נשמה). נאָך דער מעשה איז ר' דוב בער געבליבן ביים בעש"ט אַ סך צייט און האָט ביי אים געלערנט „גרויסע און טיפע חכמות".

אַן אַנדער מעשה, וואָס חסידים פלעגן דערציילן[1], זאָגט עדות,

---

1. „שבחי הבעש"ט", דף י"ח (קאָפּוסטער און בארדיטשעווער דרוק, תקע"ה).

אַז דער בעש"ט האָט געעקנט דעם מגיד פון לאַנג אָן און האָט אים גע־וואָלט אַריינגעמען אין דער מעדזשיבאָזשער חבורה, אָבער דער מגיד דער למדן האָט קיין חשק ניט געהאַט זיך מקרב צו זיין צום בעל־שם, וואָס איז געווען אָנגענומען ביים המון מיט זיינע רפואות און מופתים. סוף־כל־סוף האָבן די קרובים פון דעם קראַנקן מגיד אים איבערגע־רעדט, ער זאָל צופאָרן צום בעש"ט, אויסהערן זיין עצה וועגן אַ רפואה פאַר זיין קרענק. דער בעש"ט האָט אויפגענומען דעם אורח, וואָס לייקנט אין אים, גאָר ניט פריינדלעך, אָבער דערנאָך האָט ער זיך איבערגעבעטן און אָנגעהויבן „היילן אים מיט זאָגעכץ" (בדבורים), מיט תהילים זאָגן און מיט תפילות. אַז „דאָס זאָגעכץ" האָט ניט געהאָלפן, האָט ער באַשלאָסן „צו פאַרנעמען זיך מיט אים מיט פשוטע רפואות", מיט קרייטעכצער און וועסערלעך. צוליב דעם האָט ער גע־געבן דעם מגיד אַ דירה און האָט אים באַשטימט 12 גילדן אַ וואָך אויף זיינע הוצאות. אַ סך מאָל פלעגט דער חולה פאַלן חלשות „מחמת שלאַפקייט" (און אפשר פון דעם רופאס „סגולות"), נאָר צום סוף איז זיין געזונט בעסער געוואָרן. דעמאָלט האָבן זיי ביידע אָנגעהויבן לערנען קבלה. „איין מאָל — דערציילט דער מגיד לויט דער לעגענדע — אַז מיר האָבן געלערנט מעשה מרכבה, האָב איך געהערט קולות און געזען בליצן און פלאַמען, און אַזוי איז געווען אַן ערך צוויי שעה, און איך האָב שטאַרק פחד גע־האַט און האָב אָנגעהויבן חלשן". דער שרייבער פון דער מעשה איז מוסיף, אַז ער האַלט, אַז דאָס איז געווען אַ מין „קבלת התורה", ווי ביים באַרג סיני, און אַז אויף דעם שטייגער האָט איבערגענומען פון בעש"ט די תורה אויך זיין צווייטער תלמיד, דער רב יעקב יוסף פון פולנאה. אין זיינע לעצטע טעג האָט ר' בער אַליין דער־ציילט זיין תלמיד ר' שלמה לוויצקער, אַז דער בעש"ט „האָט מיט אים געלערנט די שפּראַך פון פייגלען און די שפּראַך פון ביימער און די סודות פון די הייליקע שמות און יחודים" און האָט אים געוויזן אין ספר רזיאל אותיות פון מלאכים־כתב וכדומה[1].

מיר מעגן זיין מסופק אין די פרטים פון די „סודות", וואָס דער בעש"ט האָט מגלה געווען דעם מגיד, נאָר איין גרויסן סוד האָט ער אים

1 „מגיד דבריו ליעקב", אָדער „ליקוטי אמרים" אין דער הקדמה (קאָרעץ תקמ"ד).

געוויס אַנטפּלעקט: ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון דער שיטה פון אַסקעטיזם און עצבות און איבערוצגיין צו דער שיטה פון באַהעפטן זיך מיט גאָט דורך שמחה, דורך גייסטיקער געוועקטקייט, וואָס אין איר איז פאַרבאָרגן בכלל דער סוד פון לעבן [1]. דער מגיד האָט געפונען אין דער נייער תורה אַ רפואה צוגלייך הן פאַרן גוף הן פאַר דער נשמה. פון דער אַבסטראַקטער וועלט פון דער קבלה האָט ער אַראָפּגענידערט אין דער פּראַקטישער וועלט („עולם העשיה") פון פאָלקסלעבן און האָט אין זיין זע־קרייז פאַרבונדןביידע וועלטן. אויך דער בעש"ט האָט געפונען אין דעם נייעם תלמיד דאָס וואָס ער האָט געזוכט: אַ גרויסע בקיאות אין אַלע צווייגן פון דער רעליגיעזער ליטעראַטור און אַ נאָמען באַרימט אין די קרייזן פון די רבנים, וואָס דאָס האָט אים באַזונדערס געמאַכט מסוגל צוצוציען צו חסידות מענטשן פון צווישן די לומדים. אין זיינע לעצטע טעג האָט דער בעש"ט באַשלאָסן, אַז ר' בער איז מער פון אַלע זיינע חברים און תלמידים ראוי צו פאַרנעמען דעם אָרט פון אַ פירער אין דער סעקטע. פון דער לעגענדע איז שווער קלאָר צו מאַכן, צי דער בעש"ט האָט פאַרן טויט אָנגעזאָגט זיינע תלמידים, אַז זיי זאָלן אָננעמען דעם מעזריטשער מגיד פאַר אַ מנהיג, אָדער אַז נאָכדעם ווי אַ צאָל תלמידים זיינען צוגעשטאַנען צום נייעם רבין, האָבן די איבעריקע חברים אָנערקענט זיין פירערשאַפט. די לעגענדע זאָגט בקיצור: „די זעלביקע קוואַלן פון חכמה, וואָס זיינען געגאַנגען (פריער) צום בעש"ט, זיינען (איצט) געגאַנגען צום מגיד" [2]. מיט ווערטער נעענטער צו דערווירקלעכקייט מעג דער היסטאָריקער פאַרצייכענען: יענע וואָס זיינען געגאַנגען זוכן דעם דרך פון חסידות אין מעדזשיבאָזש, גייען איצט קיין מעזריטש.

אין דער שטאָט מעזריטש [3] האָט זיך זינט דעמאָלט אַיינגעפעסטיקט דער צענטער פון דער חסידישער סעקטע. דער בייט פון אָרט האָט אויך געבראַכט צו אַ בייט אין די מעטאָדן צו פאַרשפּרייטן

---

1 דער גאון ר' אליהו פון ווילנע האָט געזאָגט, אַז דער בעש"ט האָט אַריינגענאַרט ר' בערוש זיין תלמיד דורך זיין כּישוף" (כ"י „זמרת עם הארץ", אין בריוו פון ר' דוד מאַקאָוו צום סוף פון ספר).

2 „שבחי הבעש"ט" דף כ"ו, עמוד א'.

3 אין 18טן י"ה האָט מעזריטש געהערט צום קאָרעצער קרייז און אין 19טן י"ה צום ראָוונער קרייז, — אין די דאָזיקע צוויי שטעט איז רבי בער געוועזן מגיד.

חסידות. פונקט ווי דער בעש״ט האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין באַזונדערע פעיִקייט צוצוציען צו דער נייער תורה די פּאָלקס־מאַסן, אַזוי איז דער מגיד געווען צוגעפּאַסט משפּיע צו זיין אויף בעלי־תורה, אויף די רבנים און מקובלים, וואָס ער איז געווען נאָענט צו זיי לויט זיין דערציִונג. אַ סך „בלאָנדזשענדיקע" זיינען געווען אויך אין די קרייזן פון די העכערע שיכטן: יונגעלייט וואָס האָבן ניט געהאַט קיין ריכטיקן טעם אין לערנען דעם תלמוד און די פּוסקים, עלטערע לייט, וואָס האָבן ניט געפונען קיין באַפרידיקונג ניט אין „נגלה" און ניט אין „נסתר" אויפן דרך פון דער קבלה. אַזעלכע „גאָט־זוכער" פלעגן קומען קיין מעזריטש צום מגיד, וואָס ביי אים האָבן זיי געפונען אי תורה אי קדושה. פון אוקראַינע און פון ליטע, פון גאַליציע און פון רייסן זיינען געקומען צום מגיד רבנים און מגידים, ישיבה־לייט און קבלה־ליבהאָבער. צווישן זיינע תלמידים ווערן גערעכנט מענטשן, וואָס זיינען שפּעטער געוואָרן זייער באַרימט: די אוקראַינער לוי יצחק באַרדיטשעווער, נחום טשערנאָבילער און זאב וואָלף זשיטאָמירער; די גאַליציאַנער אלימלך ליזענסקער און ר׳ מיכל זלאָטשעווער; די ליטע־רייסענער אהרן קאַרלינער, מענדל וויטעבס־סקער, אברהם קאָליסקער און דער יינגסטער אין דער חברה שניאור זלמן ליאָזנער. דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען אין דער ווייטערדיקער תקופה געוואָרן די מנהיגים פון חסידים. עס זיינען אָבער געווען צווישן זיי אויך אַזעלכע, וואָס האָבן אויפגענומען די נייע תורה נאָר טעאָרעטיש און ניט פּראַקטיש, ווי למשל די ברידער פּנחס און שמעלקי הורוויץ, וואָס זיינען שפּעטער אויפגענומען געוואָרן פאַר רבנים אין גרויסע אויסלענדישע קהילות: פראַנקפורט־מאַין און ניקאָלסבורג אין מערן. אויף די דאָזיקע צוויי תלמודיסטן האָט דער מגיד געזאָגט: „איך האָב געפונען אַ קעסטל פול מיט ליכט, אָבער זיי זיינען ניט געווען אָנגעצונדן, און אין איין רגע האָב איך אין זיי אַריינגעטאָן איין פונק פייער, און זיי האָבן זיך אַלע אָנגעצונדן, און די ליכטיקייט איז מיט אַמאָל געוואָרן גרויס ביז גאָר" [1]. דער פלאַם איז אַיינגעלאָשן געוואָרן אין דער לופט פון די דייטשע קהילות, און נאָר איינער פון ר׳ פּנחס הורוויצעס חברים אין פראַנקפורט־מאַין (דאָס איז ר׳ נתן אדלער, דער „בעל החלומות", וואָס וועגן אים וועט נאָך גערעדט ווערן

1 סדר הדורות החדש, 31; זע שבחי הבעש״ט, דף י״ד, עמ׳ ב.

אויפן געהעריקן אָרט) האָט געפּרוּווט אים פוּנאַנדערבלאָזן, אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין הצלחה.

צו דעם עדות־זאָגן פון די חסידים קומט נאָך צו דאָס עדות פון אַ באַריכמטן מתנגד פון יענער צייט ר' דוד מאַקאָוו, וואָס האָט געשריבן וועגן דער חבורה אין מעזריטש אָט וואָס[1]: „דער אָנהייב אויפבלי פון דער כת (דער חסידישער) איז געווען אין יאָר תקכ"ו (1766)... אין יענעם יאָר איז מפורסם געוואָרן בערוש פון מעזריטש אין וואָלין, וואָס אַ סך רבנים און גאונים זיינען געפאָרן צו אים צו פרעגן אַן עצה, און טייל פון זיי האָבן אָנגענומען זיינע דרכים, אָבער זיי האָבן ניט פאַרלאָזן זייער וועג צו לערנען מיט התמדה די הייליקע תורה (בהתמדת הלימוד בתורה הקדושה)... און בפרט דער גאון ר' רפאל הכהן (וואָס איז דעמאָלט געווען אַ רב אין פינסק), וואָס איז געווען דאָרט (אין מעזריטש) און האָט ניט מקבל געווען פון אים (פון ר' דוב בער) און האָט זיך ניט אָפּגעקערט פון די וועגן פון תורה און עבודה. און אַז ער (ר' רפאל) איז דערנאָך געווען אין ווילנע, האָט דער הייליקער גאון (ר' אליהו) געפרעגט בײַ אים אויף ר' בערן, צי ער איז אַ למדן, האָט ער אים געענטפערט: ניין. און אַז ער האָט בײַ אים געפרעגט מכוח נסתר, האָט ער געענטפערט: „איך ווייס ניט, ווייבאַלד איך בין ניט צווישן די קענער פון דער דאָזיקער חכמה". און דערנאָך איז צו אים געפאָרן דער רב פון לובאַוויטש(?) עטלעכע מאָל און האָט בײַ אים געפרעגט, ער זאָל אים אַיינטײַטשן דעם באַוואוסטן מאמר פון „זוהר" אין פרשה תרומה, און ער האָט פאַרשטאַנען פון זיין ענטפער, אַז ער ווייס ניט". בײַ גאָר די חילוקי דעות מכוח דעם מעזריטשער מגיד, באַשטעטיקט אויך דער מתנגדישער עדות דעם פאַקט, אַז מעזריטש איז אין יענער צייט געווען אַן אָרט, וואו עס האָבן זיך געקליבן גרויסע לומדים.

דער מגיד האָט זיך ניט באַנוגנט דערמיט, וואָס ער פלעגט אויפנעמען בײַ זיך די וואָס זיינען געקומען הערן פון אים תורה, נייערט ער פלעגט נאָך אַרומשיקן איבער פאַרשיידענע קהילות זאָגערס, וואָס האָבן באַדאַרפט פאַרשפּרייטן די תורה פון דער חסידות און צוציען קיין מעזריטש די וואויל־לערנערס, וואָס אין זיי האָט זיך אַרויסגעוויזן

1 אין זיין בריוו פון יאָר תק"ס—תקס"ה, וואָס איז צוגעהעפט צום ס"פ „זמרת עם הארץ" (לויט צווײ נוסחאות).

אַ נטיה צו דעם נייעם דרך אין גלויבן. די לעגענדע דערציילט וועגן צוויי חברים, ישראל און עזריאל, וואָס זיינען געקומען פון פּאָלאָצק אין רייסן קיין מעזריטש „צו זוכן דעם אמת“. אַז זיי האָבן דערזען „דעם מגידס הייליקייט“ און זיין דרך צו דינען גאָט, זיינען ביידע מרוצה געוואָרן צו ווערן שלוחים פאַר דער פרומער זאַך: אַרומפאָרן איבער דער וועלט און צוריידן די מאמינים, זיי זאָלן קומען קיין מעזריטש לערנען די ריכטיקע תורה און די אמתע פרומקייט[1]. די חברים פלעגן אַרומפאָרן פון שטאָט צו שטאָט, און אונטערוועגס פלעגט עזריאל פירן די פערד און ישראל זיצן אין וואָגן „פאַרטיפט אין זיינע הייליקע רעיונות“. וואו נאָר זיי פלעגן קומען, פלעגט עזריאל דאַוונען פאַרן עמוד מיט אַ זיסן קול און גרויס התלהבות, וואָס האָבן צוגעצויגן די הערצער פון די צוהערערס, און דערנאָך פלעגן ביידע חברים זיך באַמיען צוצורייִדן די סאַמע חשובע מענטשן פון דער קהילה, זיי זאָלן פאָרן צום מגיד. „און גרויסע רבנים און מופלגים אין תורה זיינען לויט זייער עצה גע-

1 סדר הדורות החדש, 33—34. דער חסידישער מחבר צייכנט ניט אָן דעם מקור, פון וואַנען ער נעמט בכלל זיינע ידיעות, און דערפאַר האָב איך פאַררעכנט זיינע רייד צווישן די לעגענדאַרישע דערציילונגען, הגם אין זיי איז ניטאָ קיין סתם אומגלויבלעכע זאַכן אָדער גוזמאות. איין דערציילונג איז כדאי, מען זאָל זי אָנמערקן: איין מאָל זיינען די צוויי פּאָלאָצקער חברים געקומען קיין ווילנע און האָבן געפּרוווט איבעררייִדן דעם גאון ר׳ אליהו, וואָס איז געווען אַ קעגנער פון חסידות, ער זאָל צופאָרן קיין מעזריטש, בכדי זיך דורכצושמועסן מיטן „הייליקן“ מגיד. דער גאון איז שוין שיר ניט מרוצה געוואָרן, נאָר זיינע תלמידים און זיין מוטער האָבן אים ניט געלאָזט פאָרן. אַזוי האָט „מעשה שטן אָפּגעהאַלטן“ — פאַרענדיקט דער מחבר — און עס איז ניט געוואָרן קיין שלום צווישן די פירער פון די חסידים און מתנגדים. אין דער דאָזיקער דערציילונג איז ניטאָ קיין זאַך, וואָס זאָל זיין חוץ דעם גדר פון מעגלעכקייט, אָבער ווייבאַלד עס איז ניט פאַרצייכנט די צייט פון דער געשעעניש, צי דאָס איז געווען פאַר תקל״ב (1772) אָדער זי האָט עפּעס אַ שייכות צו די ווילנער חרמות פון יענעם יאָר, דאָס לעצטע לעבנס־יאָר דעם מגידס, מעג מען זיין מסופק, צי האָט דער מחבר דאָ ניט איבערגעמישט די געשעענישן: אין יאָר 1771 איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרוּוו איינצואָרדענען אַ וויכּוח צווישן ווילנער גאון און ר׳ מענדל וויטעבסקער, דעם מגידס תלמיד, און אין אַ שפּעטערער צייט האָט ניט אָפּגעגליקט דער פּרוּוו צו מאַכן שלום צווישן דעם גאון און דעם חסידישן רבין ר׳ שניאור זלמן ליאָזנער, אַז דער לעצטער איז געקומען צו פאָרן קיין ווילנע (זע ווייטער § 18 21 און 25).

פארן קיין מעזריטש און זיינען דערנאך געווארן בארימטע צדיקים. די דאזיקע צוויי שלוחים, וואס זיינען געקומען פון צפונדיקן עק רייסן, פלעגן, קענטיק, ארומפארן איבער די שטעט פון רייסן און ליטע. און מיר האבן א וויכטיקן עדות, וואס באשטעטיקט די זאך: דאס איז שלמה מיימון, וואס אין זיינע יונגע יארן איז ער אליין פארכאפט געווארן דורך איינעם פון די מעזריטשער שלוחים.

שלמה מיימון פון נעסוויזש אין דער ליטע איז געווען א זעכצןיעריק יינגל, שוין א באווייבטער, קלאר אין תלמוד און אין קבלה, און האט זיך פארנומען מיט מלמדות אין א דארף ניט ווייט פון זיין שטאט, — בעת עס זיינען דערגאנגען צו אים קלאנגען וועגן די „נייע חסידים“ [1]. מיט דעם נאמען רופט ער אן אין זיין „לעבנס-געשיכטע“ די חסידים פון בעש״טס חדר, בכדי זיי אפצושיידן פון פון די אלטע חסידים, וואס האבן גערופן צו פרישות און תשובה, צו פאסטן און פייניקן דעם גוף. „די דאזיקע נייע חסידים — שרייבט מיימון אויפן סמך פון דעם וואס ער האט געזען און געהערט אין זיינע יונגע יארן — גלויבן, אז די אמתע פרומקייט באשטייט לחלוטין ניט אין פייניקן דעם גוף, ווארעם דורך דעם ווערן צוגלייך אפגעשוואכט אויך די כוחות פון דער נשמה, און עס ווערט צעשטערט די גייסטיקע רו און פריילעכקייט, וואס זיינען נייטיק אויף צו דערקענען גאט און צו דינען אים פון ליבשאפט וועגן. פונקט דער היפוך: מען באדארף באפרידיקן אלע באדערפענישן פון גוף, און אויף וויפיל עס איז נייטיק צו אנטוויקלען אונזערע געפילן, באדארף

1 סאלאמאן מיימאנס לעבנס-געשיכטע (דייטש, בערלין 1792) — אין ניינצטן קאפיטל, וואו עס ווערט גערעדט וועגן א „פארבארגענער געזעלשאפט“ און וועגן דעם, ווי אזוי דער מחבר איז געפארן צום מגיד קיין מעזריטש. אין דעם דאזיקן קאפיטל און אין ווייטערדיקן פעלן די דאטעס, און דערפאר מוזן מיר אנקומען צו השערות. די צוויי בצזונדערע פרקים איבער דער קבלה און חסידות שטייען אין מיימונס בוך אויפן גרענעץ צווישן דער דערציילונג וועגן זיין לעבן אין ליטע און וועגן זיין ארויספאר קיין קיניגסבערג און בערלין. היות ווי ארויסגעפארן איז מיימון קיין אויסלאנד אין יאר 1777 און דער מגיד איז נפטר געווארן אנהייב תקל״ג (סוף 1772), איז דערפון געדרונגען, אז מיימון איז געקומען קיין מעזריטש אין איינעם פון די לעצטע יארן פון מגידס לעבן, דאס הייסט צווישן 1770 און 1772, ווען ער איז געווען אלט 16—18 יאר. די השערה, אז ער איז פריער אריין צווישן חסידים, לייגט זיך ניט אויפן שכל.

מען הנאה האָבן פון דער וועלט, וואָרעם דער אייבערשטער האָט באַשאַפן אַלץ פון זיין כבוד וועגן. די אמתע עבודת הבורא, האַלטן זיי, באַשטייט אין האַרציקער תפילה מיט אָנשפּאַנונג פון אַלע כּוחות און אין ביטול היש. וואָרעם דער מענטש קאָן דערגרייכן צו דער העכסטער שלמות, ווען ער וועט זיך האַלטן ניט ווי אַ באַשעפעניש פאַר זיך, נייערט ווי אַ חלק פון דער גאָטהייט". מיימון זאָגט עדות, אַז אין זיין יוגנט=צייט האָט די חסידישע סעקטע זיך שטאַרק פאַרשפּרייט אין פּוילן (די ליטוואַקעס פלעגן אוקראַינע אָנרופן „פּוילן"). „די פירער פון דער סעקטע האָבן אויך אַן אָרגאַניזירטן אופן צעשיקט אין אַלע לענדער זייערע שלוחים („עמיסאַריען") צו פאַרשפּרייטן זייער נייע תורה און איר פאַרשאַפן אָנהענגער...
דער גרעסטער טייל פּוילישע יידן איז דעמאָלט באַשטאַנען פון לומדים, דאָס הייסט פון מענטשן, וואָס זיינען נוטה צו אַ לעבן פון ליידיק גיין און חקרנות (איטלעכער פּוילישער ייד איז ווי פון געבוירן אָן באַשטימט צו זיין אַ רב, און נאָר ווען עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ער האָט דערצו קיין פעיקייטן ניט, נעמט ער זיך צו אַן אַנדער עסק), — דאָס איז די הויפּט=סיבה, פאַרוואָס זיי האָבן מיט ליבשאַפט און מיט גרויס חשק אָנגענומען די נייע תורה. אין משך פון אַ קורצער צייט איז אויסגעוואַקסן די צאָל גלויביקע אין דער דאָזיקער תורה, וואָרעם זי האָט צוגעזאָגט עולם=הבא ניט פאַר תעניתים, תיקון=חצות און פלייסיק לערנען, וואָס ברענגען שאָדן דער חסידות, נייערט פאַר פרומקייט, וואָס קומט פון פריילעכקייט פון דער נשמה. אַ סך פלעגן פאָרן קיין ק', קיין מ'[1] און אין אַנדערע הייליקע ערטער, כדי זוכה

1 ס'איז קיין ספק ניט, אז די ראשי-תיבות באטייטן די שטעט קארלין און מעזריטש. די לעצטע ווערט דערמאָנט אין ראשי-תיבות אויך ווייטער אין נײַנצנטן קאפּיטל. אין קארלין, וואס איז געווען פארבונדן מיט פּינסק, דער הויפּט-קהילה פון ליטע, איז אין יענער צייט געווארן געגרינדעט א פארבארגענע גרופּע חסידים אונטערן אנפיר פון דעם מגיד אהרון קארלינער, דעם מעזריטשער מגידס א תלמיד, און מיימון האט געוואוסט וועגן איר, ווייל דאס איז ניט ווייט פון זיין געבוירנשטאט נעסוויזש (אין דעם ערשטן נוסח פון מיין בוך איז געווען די השערה, אז עס קאן געמאלט זיין, אז דער ק' זאל באצייכענען אויך די שטאט קארעץ, ווייל זי איז נאענט צו מעזריטש און טיילמאל פלעגט דער מגיד דוב-בער דארט וואוינען. נאר די דאזיקע השערה איז ווייט פון זיכער).

צו זיין אָנצוקוקן די ראשים פון דער סעקטע. יונגעלייט פלעגן פאַרלאָזן עלטערן, ווייבער און קינדער און פלעגן מחנותווייז גיין צום וואוין־אָרט פון די רביים, כּדי צו הערן פון זייער מויל די „נייע תּורה".

איינער אַ יונגערמאַן, וואָס האָט געהערט צו דער „כּת" און האָט שוין זוכה געווען צו זען אירע פּירער, איז דורכגעפאָרן דעם דאָרף, וואו עס איז געזעסן דער יונגער מלמד שלמה מיימון. אויף די פראַגעס דעם מלמדס, וואָס איז אַזוינס די נייע חסידות, האָט דער יונגערמאַן ניט געגעבן קיין באַפרידיקנדיקן ענטפער, און האָט אים נאָר געגעבן די עצה, ער זאָל אַליין גיין אין דער שטאָט פון דעם גרויסן רבין, וועט ער דאָרט זען די נסים ונפלאות, וואָס דורך זיי נעמט דער צדיק אַיין די הערצער פון די אמת־זוכערס... דער חסיד האָט דערציילט, אַז זיינע רביים זאָגן ניט זייער תּורה אין דרשות צוגעגרייט אַפריער, ווי דאָס איז דער שטייגער פון אַלע דרשנים, נייערט זיי ריידן מיט רוח הקודש, פון פּלוצימדיקער איפוואַכונג, ווען זיי טוען זיך אויס פון זייער גשמיות און שוועבן אַרום אין די אייבערשטע וועלטן. עטלעכע ביישפּילן פון די דאָזיקע דרשות האָט דער יונגערמאַן איבערגעגעבן מיימונען. למשל, עס שטייט געשריבן אין תּהילים (קמ"ט, א): הללויה, שירו לה' שיר חדש תּהלתו בּקהל חסידים — זינגט צו גאָט אַ ניי געזאַנג, זיין לויב אין געמיינדע פון חסידים. פאַרוואָס עפּעס אַ ניי געזאַנג?... פריער פלעגן מיר לויבן גאָט, וואָס ער אַליין טוט גרויסע וואונדער... איצט אָבער, אַז אויך אונזערע צדיקים זיינען בּיכולת צו טאָן די זעלביקע וואונדער, האָט דאָך שוין גאָט קיין מעלה ניט אַנטקעגן זיי אין דעם דאָזיקן לויב, דעריבער מוזן מיר פאַר אים אַרויסגעפינען אַ נייעם לויב, אַזאַ וואָס פּאַסט נאָר פאַר אים אַליין. און דאָס איז וואָס דער פּסוק מיינט: זינגט צו גאָט אַ ניי געזאַנג, (וואָרעם) זיין לויב (וואָס מיר האָבן אים פריער געלויבט, איז שוין פאַראַן איצט אויך) אין דער געמיינדע פון די חסידים...

„דורך די דאָזיקע באַשרייבונגען — דערציילט מיימון — האָט זיך מיין פאַנטאַזיע צעהיצט ביז גאָר, און איך האָב קיין זאַך ניט אַזוי געגאַרט ווי צו האָבן דאָס גליק זיך צו באַהעפטן צו דער דאָזיקער העכסט חשובער געזעלשאַפט. איך האָב דעריבער באַשלאָסן צו פאָרן אין דער שטאָט מ', וואָס דאָרט איז געזעסן דער גרויסער

פירער ב.[1] מיט דער גרעסטער זומגעדולד האָב איך געוואַרט אויפן סוף זמן פון מיין קאָנדיציע, וואו איך האָב באַדאַרפט אָפּזיין נאָך עטלעכע וואָכן. אַז די עטלעכע וואָכן זיינען אַריבער, און איך איך האָב געקראָגן מיין שכר־לימוד, איז אָנשטאָט צו פאָרן אַהיים (מיין פאַמיליע האָט געוואוינט סך־הכל צוויי מייל ווייט פון מיין שטע־לע), האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט עולה רגל זיין קיין מ׳. די נסיעה האָט געדויערט עטלעכע וואָכן. אַז איך בין אָנגעקומען בשלום אין מ׳ און האָב זיך אויסגערוט אַ ביסל פון דער מאַטערניש פון וועג, בין איך באַלד אַוועק אין הויז פון דעם רבין מיט דער האָפענונג, אַז ער וועט מיך תיכף אויפנעמען. אָבער מען האָט מיר געזאָגט, אַז ער קאָן נאָך מיך ניט אָננעמען צוליב אַ פערזענלעכן ישמועס, נאָר ער פאַרבעט מיך צו דער שבתדיקער סעודה, ביי זיין טיש צוזאַמען מיט די איבעריקע אורחים. בעת דער סעודה, וועל איך האָבן די זכיה צו זען דעם הייליקן מאַן פנים אל פנים און צו הערן פון זיין מויל די געהויבנסטע דברי תורה, וואָס איך וועל אין זיי געפינען רמזים, וואָס זיינען געווענדט אויך אויף מיר... שבת ביי טאָג בין איך געקומען צו דער פייערלעכער סעודה, און האָב דאָ געפונען אַ גרויסן עולם בכבו־דיקע לייט, וואָס זיינען זיך צונויפגעקומען אַהער פון פאַרשיידענע מדינות. צום סוף האָט זיך באַוויזן דער רבי בכבודו ובעצמו, אָנגע־טאָן אין ווייסע אַטלאַסענע בגדים, אויך זיינע שיך און אַפילו זיין טאַבאַק־שקעטעלע זיינען געווען ווייס, וואָרעם די ווייסע פאַרב איז די פאַרב פון חסד ביי די מקובלים. דער רבי האָט איטלעכן איינעם געגעבן „שלום“, און דערנאָך האָבן מיר אַלע זיך געזעצט צום טיש.

„בעת דער סעודה האָט צווישן די מסובים געהערשט אַ פייער־לעכע שטילקייט. אַז די סעודה האָט זיך געענדיקט, האָט דער רבי גענומען זינגען אַ שיינעם ניגון, וואָס האָט דערהויבן די נשמה. דערנאָך האָט ער אַ שטיקל צייט געהאַלטן די האַנט ביים שטערן און האָט זיך באַטראַכט אַ ווײַלע, און דערנאָך אָנגעהויבן אויסצו־רופן די אורחים מיט זייער נאָמען און דעם נאָמען פון זייערע שטעט: ז׳ פון דער שטאָט ה׳! מ׳ פון דער שטאָט ר׳! ש׳ מ׳ פון דער שטאָט

1 דערמיט איז בלי ספק געמיינט מעזריטש און דער גרויסער פירער איז ר׳ בער.

נ׳ [1] און נאָך... דעמאָלט האָט ער איטלעכן פון אונז געהייסן זאָגן איין פסוק פון תנ״ך. און נאָכדעם ווי מיר האָבן אַלע געהאַט אָפּגעזאָגט איטלעכער זיין פסוק, האָט דער רבי אָנגעהויבן אַ דרשה, וואָס אין איר זיינען געווען אַריינגעפלאָכטן אַלע פסוקים, אַזוי אַז כאָטש זיי זיינען אַרויסגענומען געוואָרן פון פאַרשיידענע ספרים פון די הייליקע שריפטן אָן אַ שום צוזאַמענהאַנג, האָט ער זיי פונדעסט־וועגן אַזוי קונציק פאַרבונדן, אַז זיי האָבן זיך צונויפגעלייגט צו איין געדאַנק. און נאָך מער וואונדער איז געווען, וואָס איטלעכער פון די אורחים האָט געגלויבט, אַז אין דעם טייל פון דער דרשה, וואָס איז געווענדט אויף זיין פסוק, געפינען זיך רמזים, וואָס ווייזן אויף זיינע פערזענלעכע ענינים און אויף די מחשבות פון זיין האַרץ...

„עס האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט, און מיין הויכע מיינונג וועגן דעם צדיק און בכלל וועגן דער גאַנצער געזעלשאַפט האָט גענומען פאַלן. איך האָב באַמערקט, אַז זייערע אויסגעקליגטע אײַנ־טייטשונגען זיינען באַגרינדעט אויף שקר, און אַז זיי זיינען שטענדיק געווענדט אויף זייערע עקסטרעמע פרינציפּן, ווי אַ שטייגער „ביטול היש״ וכדומה, אַזוי אַז ווער עס האָט געהערט זייער תורה איין מאָל, וועט שוין מער קיין נייס אין זייערע אַנדערע רייד ניט געפינען. אויך זייערע וואונדער־מעשים האָבן זיך געלאָזט דערקלערן אויף זייער אַ פשוטן און נאַטירלעכן וועג: די ידיעה, וואָס זיי קריגן דורך בריוו און פון אויסשפּירער, אַ געוויסע מאָס פון דערקענען די טבע פון מענטשן לויט זייער פיזיאָנאָמיע און די פראַגעס, וואָס זיי שטעלן זיי־ערע באַזוכערס מיטן מיין אויפצודעקן די סודות פון זייער האַרץ, אָט דאָס אַלץ האָט מיטגעווירקט צו שאַפן זיי דעם שם פון וואונ־דער־מענער און נביאים אין די אויגן פון דעם המון, וואָס גלויבט אין אַלץ וואָס מען זאָגט אים.

---

1 די לעצטע ראשי־תיבות באַטייטן: שלמה מיימון פון דער שטאָט נעסוויזש. דאָ האָט דער מחבר פאַרגעסן, אַז אין דער צייט וואָס ער איז געזעסן אין מעזריטש האָט ער נאָך קיין פאַמיליע־נאָמען ניט געהאַט, און אַז מיטן נאָמען מיימון האָט מען ערשט שפּעטער אים אָנגערופן אין דייטשלאַנד, ווי אַ מין אָנדענק נאָכן רמב״ם, וואָס איז פאַר אים געוואָרן אַ „וועגווייזער פאַר בלאָנ־זשענדיקע״ פון זיין יוגנטצייט אָן. זע אין די אָנמערקונגען צו זיין „לעבענס־געשיכטע״, פראָמערס אויסגאַבע, ז׳ 482—483, און דאָס בוך פון בעק וועגן ש. מיימונס עטישער סיסטעם, וואָס ווערט דאָרט דערמאָנט.

„אויך די דאָזיקע גאַנצע חברה איז מיר ניט געפעלן געוואָרן מחמת איר גראָבער חוצפה און איר צעווילדעוועטער פריילעכ־קייט. אַ ביישפיל דערפאַר וועל איך דערציילן אַזאַ מעשה. איין מאָל זיינען מיר געווען זיך צונויפגעקומען אין דעם רבינס שטוב צו דאַווענען. איינער פון דער חברה האָט אַ ביסל פאַרשפּעטיקט. אַז מען האָט ביי אים געפרעגט, פאַרוואָס האָט ער פאַרשפּעטיקט, האָט ער געענטפערט, אַז זיין פרוי האָט די פאַרגאַנגענע נאַכט געבוירן אַ טאָכטער, און דערפאַר האָט ער זיך פאַרהאַלטן אין שטוב. ווי זיי האָבן דאָס דערהערט, האָבן זיי אָנגעהויבן אָפּגעבן אים „מזל־טוב"! מיט גרויס געפילדער. דער רבי האָט דערהערט דעם רעש ביי זיך אין חדר, איז ער אַרויס און האָט געפרעגט: וואָס איז דאָס? האָט מען אים געענטפערט: מיר גיבן אָפּ „מזל־טוב" אונזער חבר פ', ווייל זיין פרוי האָט געהאַט אַ מיידל. „אַ מיידל! — האָט דער רבי אויס־גערופן מיט כעס: ער איז חייב מלקות!" דער אומגליקלעכער פ' האָט ניט געוואָלט נעמען אויף זיך די שטראָף, וואָרעם ער האָט ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס קומט דאָס אים מלקות, אויב זיין ווייב האָט געזינדיקט און געבוירן אַ מיידל. אָבער קיין שום טענות האָבן ניט געהאָלפן: די חסידים האָבן אים אַ נעם געטאָן, אויסגעצויגן אים אויפן שוועל און אַריינגעשמיסן ווי געהעריק. די דאָזיקע מעשה האָט אַלע פאַרזאַמלטע אַריינגעבראַכט אין אַ פריילעכער שטימונג, חוץ, פאַרשטייט זיך, דעם געשמיסענעם, און דעמאָלט האָט זיי דער רבי גערופן דאַווענען: „איצט, ברידער, דינט צו גאָט מיט שמחה!"

„איך האָב מער ניט געוואָלט פאַרבלייבן אין דער דאָזיקער שטאָט. איין טאָג בין איך געקומען צום רבין נעמען פון אים די ברכה צום געזעגענען זיך. איך האָב זיך געזעגנט מיט אַלע חברה־לייט און אין האַרצן האָב איך באַשלאָסן, אַז איך וועל שוין קיין מאָל צו זיי מער ניט קומען צוריק, און בין אַוועקגעפאָרן אַהיים".

אין דעם יונגן מיימונס זכרונות געפינען מיר אַ שילדערונג פון דעם מעזריטשער צענטער פון דער געזעלשאַפטלעכער זייט. די פייערדיקע חסידים אַרום דעם רבין, דעם מגידס דרשה שבת ביי דער סעודה (מסתמא צו שלש־סעודות) און זיינע רמזים, וואָס טרעפן צו איטלעכן הערער און וואָס ווייזן אים אויס, ווי זיי האַלטן זיין געווענדט נאָר צו אים און זיינע נויטבאַדערפעניש, זיין התלהבות ביים דאַווענען, וואָס טיילמאָל איז זי אויסגעמישט מיט דער שטיפעריי פון

די חברים, וואָס זיינען זיך משמח, בכדי צו דינען גאָט מיט אַ פריי־לעכן געמיט. וועגן נסים ונפלאות פון דעם מין, וואָס ווערן דערציילט אויפן בעש"ט, איז דאָ ניטאָ קיין רייד. אַפילו די חסידישע לעגענדע ווייס צו דערציילן נאָר וועגן דער רוח נבואה פון דעם מגיד, וואָס האָט געזען וואָס עס באַדאַרף קומען און פלעגט משפיע זיין אויף די אייבערשטע וועלטן: „זיין תפילה און זיינע רייד זיינען געוואָרן געהערט, דער אויבערשטער פלעגט גוזר זיין, און ער פלעגט מבטל זיין" — אַזוי דערציילט זיין תלמיד שלמה לויצקער.[1]

די הויפּט השפעה פון דעם מגיד איז געווען קאָנצענטרירט אין קרייז פון זיינע נאָענטסטע תלמידים, וואָס האָבן געהערט פון אים תורה ניט נאָר אום שבת, בעת עס פלעגט זיך צונויפקלייבן אַ גרויסער עולם יידן, נייערט אַ גאַנצע וואָך אין זייער רבינס חדר מיוחד. מיט אַ הייליקן ציטער דערמאָנען די תלמידים יענע טעג: „וויפיל מאָל — שרייבט זיין תלמיד זאב וואָלף זשיטאָמירער — האָב איך געזען מיט מיינע אויגן, אַז ווען ער פלעגט עפענען דאָס מויל צו זאָגן תורה, פלעגט אויסזוכטן פאַרן אויג, אַז ער איז גאָרניט אויף דער וועלט, און די שכינה רעדט פון זיין האַלז. און טייל־מאָל פלעגט ער בלייבן שטיין אינמיטן אַן ענין און אינמיטן אַ וואָרט און וואַרטן אַ שטיקל צייט". „דער מגיד האָט צו אונז געזאָגט: איך וועל אייך אויסלערנען דעם בעסטן אופן, ווי צו זאָגן תורה אין אַ צושטאַנד ווען דער מענטש שפירט זיך גאָרניט, נייערט ער ווערט אַן אויער וואָס הערט, ווי די ריידנדיקע וועלט (עולם הדיבור) רעדט פון אים אַרויס, און ניט ער אַליין רעדט".[2]

שלמה מיימון גיט איבער אין מגידס נאָמען אַזאַ אַיינטייטש פון דעם פסוק „והיה כנגן המנגן ותהי עליו יד ה'" (מלכים ב' ג' 15) — און עס איז געווען, אַז דער שפּילער האָט געשפּילט, איז געווען אויף אים (אלישע הנביא) גאָטס האַנט: כל־זמן דער מענטש איז אַקטיוו קאָן אויף אים דער רוח הקודש ניט רוען; דעריבער באַדאַרף ער זיין נאָר ווי אַן אינסטרומענט, פאַרהאַלטן זיך פּאַסיוו. און דאָס איז דער מיין פון פסוק: והיה כנגן המנגן — דאָס איז טייטש ווען

---

1 אין דער הקדמה צום ספר „מגיד דבריו ליעקב"; זע שבחי הבעש"ט, דף י"ב—י"ג.

2 „אור המאיר", פרשת צו.

דער מנגן (גאָטס דינער) ווערט גלייך ווי דער נגן, ווי דער כּלי־ניגון, דער אינסטרומענט, וואָס דער איבּערשטער מנגן שפּילט אויף איב, ערשט דעמאָלט טוט רוען אויף אים גאָטס גייסט[1]. אין אַזאַ צושטאַנד פון התפשטות הגשמיות האָט דער מגיד דערגרייכט צו אַ מעכטיקער השפעה אויף די הערערס, ווערליך זיין תלמיד זאָגט[2]: „....די הייליקע רייד פון מיין האַר מיין געטלעכן רבּין דוב בער ז"ל דאָס זיינען זאַכן וואָס געהערן צו די העכסטע אין דער וועלט (דברים העומדים ברומו של עולם), און ער רעדט ווערטער וועגן אייבּערשטן, וואָס ניט איטלעכער מוח קאָן דאָס פאַרטראָגן (לאו כל מוחא סביל דא)... ווי עס איז באַוואוסט אַלעמען וואָס האָבּן געהערט זיינע זיסע רייד, די הונדערטער און די טויזנטער פון די גרעסטע אין דער וועלט, און זיינע רייד זיינען אַריין זיי אין האַרצן ווי פלאַקערדיק פייער, און זייער נשמה איז צעפלאַמט געוואָרן צו דער עבודת הבורא". און דער דאָזיקער תלמיד האָט געגלויבּט באמונה שלמה, אַז דער בעש"ט האָט איבּערגעענטפערט דעם מגיד די וועלט־סודות: „ער האָט אים אויסגעלערנט די שפּראַך פון פויגלען און די שפּראַך פון בוימער (שיחת עופות ושיחת דקלים)[3], די סודות פון די הייליקע שמות און יחודים", און אַז ער האָט געהאַט „גילוי אליהו" און כּדומה אַזעלכע זאַכן.

צוועלף יאָר האָט דער מגיד געפירט זיינע חסידים אויף צוויי אופנים: ער האָט פון די בעסטע פון זיין חבורה געהאָדעוועט תלמידים, וואָס זיינען שפּעטער געווען די פאָנען־טרעגערס פון דער חסידות אין אַלע מדינות פון פוילן און רוסלאַנד, און האָט מיט זיינע פייערדיקע דרשות משפיע געווען אויף די פאָלקס־מאַסן, וואָס פלעגן קומען צו אים קיין מעזריטש און פלעגן אַוועקגיין פון דאָרט מיט אַ „נייער תורה" אין דער האַנט, מיט אַ מיסטישער התלהבות אין געמיט און וואונדער־מעשיות אין מויל. נאָך פאַרן מגידים לעבּן האָבּן זיך אָרגאַניזירט חסידישע „מנינים" אין אַזעלכע קהילות, וואָס פריער האָט די נייע באַוועגונג זיי ניט אָנגערירט: אין ליטע און

---

1 שלמה מיימון, „לעבּנס־געשיכטע" קאַפּ. 19.

2 ר' שלמה לויצקער, וואָס האָט פאַרשריבּן זיינע מימרות אין ספר „מגיד דבריו ליעקב", אין דער הקדמה.

3 דאָס זעלביקע ווערט אויך געזאָגט וועגן אר"י אין דעם ספר „שבחי האר"י", און עס איז קיין ספק ניט, אַז דער מחבר האָט דאָס גענומען פון דאָרט.

רייסן. דעמאָלט האָבן זיך אויפגעכאַפּט די אָרטאָדאָקסן און האָבן אויפגעהויבן אַ גוואַלד: מען וויל חרוב מאַכן די יידישע אמונה! אין דער פעסטונג פון דער רבנות, אין ווילנע, און אין דער גרויסער קהילה בראָד, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיטן ווילנער צענטער, האָט מען אויסגערופן אַ חרם אויף דער „כּת" חסידים און אויסגעשלאָסן זיי פון כּלל־ישראל[1]. דאָס איז געווען אין פרי־יאָר 1772. דער טומל וועגן חרם איז דערגאַנגען צום אַלטן מגיד. פון אַ סך ערטער האָט מען אים געלאָזט וויסן וועגן רדיפות אויף די מענטשן פון דער סעקטע. אויך אייניקע תּלמידים זיינע האָבן געליטן פון די רדיפות. דער זקן האָט געהאַט גרויס צער איבער דער רעליגיעזער מחלוקת, וואָס איז אַרויסגעקומען פון זיין אַרבעט. ער האָט ניט באַדאַרפט זיין קיין נביא, בכדי צו פאַרשטיין, אַז עס שטעקט אין דעם אַ סכּנה פאַר דער צוקונפט. אין דעם צושטאַנד פון טרויער און פאַרביטערטקייט איז דער מגיד קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן אין דער שטאָט אַנאָפּאָלע י"ט כּסלו תּקל"ג (דעצעמבער 1772). די חבורה אין מעזריטש איז זיך צעפאַלן, און די תּלמידים זיינען אַוועק איטלעכער אין זיין אָרט מיטן שטאַרקן ווילן צו פאַרשפּרייטן די תּורה פון חסידות אין אַלע יידישע קהילות, אויף צו להכעיס די חרמות און רדיפות מצד די רבנים.

---

### § 15. די תּורה פון גרויסן מגיד.

די מקורים פון דער תּורה. — דער מגיד האָט זי ניט פאַרשריבן, זי איז געוואָרן פאַרשריבן דורך אַנדערע. — דער ספר „מגיד דבריו ליעקב" אָדער „ליקוטי אמרים" און זיינע נוסחאות. — די שיטה וואָס דרינגט אַרויס פון די שטיקלעך דרשות. — דער אונטערשייד צווישן דעם מגידס שיטה און דעם בעש"טס שיטה. — די טעאָריע וועגן באַהעפטן זיך מיט דער גאָטהייט און אַרויפברענגען די „ניצוצות". — באַגרינדונג פון טעאָרעטישן צדיקיזם. — דער גרענעץ צווישן טעאָרעטישן און פּראַקטישן צדיקיזם. — ווען דער צדיק פאַלט אַראָפּ פון זיין מדרגה. — דעם מגידס עצה צו דאַווענען לויט דעם אר"יס סידור.

דער בעש"ט פלעגט פירטראָגן זיין תּורה אין ווערטלעך און משלים, און דער מגיד — אין דרושים צונויפגעהעפט פון אויס־

---

1 די פּרטים זע ווייטער, אין דריטן קאַפּיטל.

טייטשונגען פֿון פסוקים אויף דעם שטייגער, ווי עס ווערט דערציילט אין שלמה מיימונס לעבנס-געשיכטע; אָבער ביידע האָבן זיי קיין זאַך נישט געשריבן. פֿון ערשטן זיינען איבערגעבליבן זאַמדקערנער, פֿון צווייטן איניקע ציגל פֿאַר אַ בנין, אָבער קיין ליטעראַרישן בנין האָבן ביידע ניט אויסגעבויט און איבערגעלאָזט די אַרבעט פֿאַר זייערע תלמידים. איניקע תלמידים דעם מגידס האָבן אַריינגעטראָגן זיינע רייד אין זייערע ספרים [1], און נאָך איינער האָט זיך גענומען די מי איבערצושרייבן זיין רבינס תורה, אָדער ער האָט אויסגעניצט פֿאַרשרייבונגען, וואָס זיינע חברים האָבן געמאַכט, און האָט אַלץ צונויפֿגעקליבן אין איין ספר. דאָס איז רבי שלמה לוצקער. אין יאָר 1784 (תקמ"ד) האָט ער אַרויסגעלאָזט אין קאָרעץ, אין ספר „מגיד דבריו ליעקב" [2] אָדער „ליקוטי אמרים", דעם מגידס דרשות, וואָס זיינען געזאָגט געוואָרן „פֿון חודש צו חודש און פֿון שבת צו שבת". אין זיין הקדמה דערציילט דער צונויפֿקלייבער, ווי אַזוי ר' דוב-בערס תורה איז פֿאַרשריבן געוואָרן. צוערשט האָט דער תלמיד זיך ניט איינגעשטעלט צו פֿאַרשרייבן די הייליקע רייד דעם רבינס, מחמת ער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט זיי ניט איבערגעבן מיט דער געהעריקער גענויקייט. איין מאָל האָט דער מגיד ביי אים געפֿרעגט, פֿאַרוואָס פֿאַרשרייבט ער ניט, וואָס ער הערט פֿון אים, האָט אים דער תלמיד געענטפֿערט, אַז ער וויל ניט טאָן אַזוי, ווי עס טוען זיינע חברים, וואָס פֿאַרשרייבן זיינע רייד שטאַרק בקיצור, „און טיילמאָל פֿאַרשטייען זיי ניט און שרייבן לויט זייער פֿאַרשטאַנד". האָט דער מגיד צו אים געזאָגט: פֿונדעסטוועגן איז גוט, עס זאָל זיין אַלץ פֿאַרשריבן, „בכדי עס זאָל זיין אַ דערמאָנונג פֿאַר דער עבודת הבורא", און אַז זיין תלמיד האָט געפֿרעגט, פֿאַרוואָס „וויל ער און גלוסט דערצו", האָט ער מוסיף געווען: „איז אין דיינע אויגן אַ קלייניקייט דאָס וואָס דוד המלך ע"ה האָט געבעטן: „איך וויל וואוינען אין דיינע געצעלטן אייביק (עולמים, וואָס איז טייטש אויך „וועלטן"), דאָס הייסט אין ביידע וועלטן (עולמות)?" און פֿונדעסטוועגן האָט

1 אין „נועם אלימלך" פֿון ר' אלימלך ליזענסקער, אין „מאור עינים" פֿון ר' נחום טשערנאָבילער, און באַזונדערס אין „אור המאיר" פֿון ר' זאב-וואָלף זשיטאָמירער.

2 זע אין דער ערשטער הוספה צום סוף פֿון אונזער בוך: קריטיק פֿון די מקורים, נומער 61.

ר' שלמה יאָרן לאַנג ניט געפּאָלגט דעם רבין, ווייל ער האָט געזען אַ סך שטאַרק פאַרגרייזטע פאַרשרייבונגען, און ער איז ניט געווען בכּוח זיי צו פאַרריכטן. ערשט נאָכן מגידס טויט, אַז עס האָבן זיך באַוויזן די ספרים פון ר' יעקב יוסף הכּוהן „תולדות יעקב יוסף" און „בן פּורת יוסף" מיט דעם בעש"טס בריוו און מיט זיינע פיל מימרות, האָט ער באַשלאָסן צו פאַראייביקן אויך די ווערטער פון זיין יורש דעם מגיד. פון אַלע פאַרשרייבונגען האָט ער אויסגעקליבן די בעס־טע, די וואָס עס האָט געשריבן דער חסיד ר' זאב וואָלף „פון דער גרויסער הייליקער קהילה הורודנא (גראָדנע) אין דער מדינה ליטע", און האָט זי אויספאַרריכט, ווענדליק עס איז געבליבן ביי אים אין זכּרון.

בכן, איז דער ספר „מגיד דבריו ליעקב" אָדער „ליקוטי אמרים" דער ערשטער מקור פאַר דעם מגידס תורה. עטלעכע פראַגמענטן פון זיין תורה זיינען אין יענער צייט אָפּגעדרוקט געוואָרן אויך אין דער זאַמלונג „לקוטי יקרים", וואָס איר אַנאָנימער מחבר איז גע־ווען אַ תלמיד פון בעש"ט און פון מעזריטשער מגיד און פון זיינע חברים [1]. אין צוואַנציק יאָר אַרום (אין יאָר תקס"ד) איז אָפּגע־דרוקט געוואָרן אין קאָרעץ אַ צווייטער ספר אין דעם מגידס נאָ־מען: „אור תורה" אָדער „רמזי תורה", און אויפן שער שטייט געשריבן, אַז דער כּתב־יד איז געווען באַהאַלטן ביים רב ישעיה פון דונוויץ (דונאַיעווען אין פּאָדאָליע), און איצט דערשיינט ער צום ערשטן מאָל, כּדי „די דאָזיקע רייד זאָלן אַנטפּלעקט ווערן צווישן די לעבעדיקע". אָבער דאָ איז פאַראַן אַ שטיקל פעלשונג: דער דרוקער האָט ניט אויסגעזאָגט, אַז דער ספר „אור תורה" איז דאָס דער זעלביקער ערשטער ספר „מגיד דבריו ליעקב", נאָר מער ניט וואָס דער סדר איז איבערגעשטעלט: אין דעם „מגיד" זיינען די דרשות אָפּגעדרוקט צע־וואָרפן אָן אַ באַשטימטן סדר, און אין דעם „אור תורה" לויטן סדר פון די פּסוקים פון תנ"ך און פון די מאמרים פון תלמוד, וואָס זיינען אין זיי אויסגעטייטשט, ווענדליק עס איז דער שטייגער אין דער חסידישער ליטעראַטור. מען מעג, אמת, משער זיין, אַז ר' ישעיה דונוויצער האָט געהאַט איינע פון יענע פאַרשרייבונגען, וואָס

---

1 לקוטי יקרים, דף כ' (תקנ"ב); זע קריטיק פון די מקורות, נומער 62, אין דער ערשטער הוספה צום סוף פון דעם בוך.

ר' שלמה לוצקער האָט װעגן זיי געשריבן אין זיין דערמאָנטער הקדמה. בכל אופן האָט זי אַ װיכטיקן װערט מיט אירע פֿאַרענ־דערטע נוסחאות[1].

אין פלוק האָט דעם מגידס תורה באַדאַרפט אַרויסקומען פון זיינע דרשות מער סיסטעמאַטיש, ווי די תורה פון בעש״ט פון זיינע משלים און ווערטלעך, אין דער אמתן אָבער איז די שווערקייט דאָ גרעסער. בכלל האָט אין די דרשות פון די מגידים געפעלט יעטווידער לאָגישער סדר: איטלעכער געדאַנק פלעגט אויסגעדריקט ווערן דורך אַן אַיינטייטש פון אַ פסוק פון דער תורה אין דער שבתדיקער סדרה, אָדער דורך אַן אויסטייטש פון אַ מאמר אין אגדה אָדער אין „זוהר", און די דרשנים פלעגן אָנשיטן די פסוקים איינעם איבערן אַנדערן, זיך מפלפל זיין אין דעם פירוש פון זייערע ווערטער און זיי אַיינטייטשן אַזוי, אַז עס זאָל זיין וואָס ווייטער פון פשוטן פשט, און פון אָט דעם מישמאַש פלעגן זיי אַרויסברענגען דעם געזוכטן געדאַנק. באַזונדערס פאַרפלאָנטערט האָבן געמוזט זיין די דרשות פון מעזריטשער מגיד, וואָס ער פלעגט דרשענען שבת בעת די סעודות, לויט דעם שטייגער ווי שלמה מיימון דערציילט אין דער אויבן געבראַכטער ציטאַט: איטלעכער פון די וואָס זיינען געזעסן ביים טיש האָט געזאָגט אַ פסוק, און דער דרשן האָט זיי צו־נויפגעבונדן אין איין דרשה אויף אַ געקינצלטן אופן מיט סודות און רמזים. דער לעזער מוז בייקומען אָט דעם פלאָנטער פון ברעק־לעך פסוקים, שטיקלעך געדאַנק און אָנצוהערענישן, כדי אַרויס־צוברענגען אַ גאַנצן געדאַנק און אַ קייט פון געדאַנקען, פאַרבונדן צו איין סיסטעם, וואָס איז אַזוי ווי פאַרבאַהאַלטן אונטער דעם צודעק פון געפּילפּולטער דרשנות.

בכלל גערעדט האָט דער מגיד זיך מער פאַרטיפט אין דער טעאָרעטישער תורה פון דער חסידות, איידער זיין רבי דער בעש״ט,

[1] דער נייער ספר „אור האמת", וואָס גייט אַרום אונטערן מגידס נאָמען (זשיטאָמיר, תר״נ) און וואָס ש. א. האָראָדעצקי נוצט אים אויס אַ סך אין זיינע ביכער („החסידים והחסידות" און „תורת המגיד ממזריטש") ווייזט מיר אויס צו זיין געפעלשט: ער האָט נאָר פראַגמענטן פון דעם מגידס עלטערע ספרים צוזאַמען מיט אַנדערע זאַכן. זע הוספה I צום סוף פון בוך.

און ער איז אויך געווען אַ גרעסערער מחמיר בנוגע דער פּראַקטישער זייט. זיינען דאָך ביידע לערערס געקומען צו דער נייער תורה אויף פאַרשיידענע וועגן: דער בעש"ט איז געקומען פון דעם המון און האָט געזוכט אַ תיקון פאַר דער נשמה פון פשוטן מענטשן אין אַ תמימותדיקן גלויבן, וואָס שטימט מיט זיינע השגות, און דער מגיד איז געקומען פון צווישן די רבנים און מקובלים און האָט געזוכט אַ תיקון פאַר זיי אין אַ טעאָרעטישער שיטה, וואָס האָט באַדאַרפט זיי פאַרענטפערן אַלע פראַגעס וועגן די העכסטע וועלט-ענינים. די פשוטע אידעע פון פאַנטעיזם ביים בעש"ט באַקומט אין דעם מגידס שיטה אַ מער קאָמפּליצירטע און אַבסטראַקטע פאָרם. דעם תמצית פון זיינע דרשות אין דעם פּרט קאָן מען געפינען אין די ווייטער-דיקע פראַגמענטן: „דער כוח פון דעם שאַפער איז אין זיין שאַפונג (כוח הפועל הוא בנפעל), און אַליך אינאיינעם איז אַ פשוטע איינהייט. נאָר די קערפּערס זיינען געטיילט, דאָס הייסט די אָביעקטן זיינען פיל און געטיילט, אָבער דער כוח פון סוביעקט אין זיי איז איינהייט. און אַז דער מענטש טוט די מצוות מיט התלהבות און חשק און מיטן ווילן מקיים צו זיין דעם רצון פון הקב"ה, ווערן זיי (די מצוות) דערהויבן ביז צום ערשטן רצון (הרצון הקדמון)" [1]. אַזוי ווי די גאָטהייט האָט אַראָפּגענידערט פון אויבן און האָט באַשאַפן די וועלט און דעם מענטשן, וואָס ער איז דער שפּיץ פון דעם באַשאַף, אַזוי מוז דער מענטש זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון זיין באַשעפער. „ליכטיקע פונקען" (ניצוצות) זיינען פאַר-שפּרייט אין דעם גאַנצן באַשאַף, אַפילו אין אַזעלכע טמא זאַכן, ווי געצנבילדער. און דער מענטש באַדאַרף די ניצוצות אויסלייזן און ברענגען זיי צוריק צו זייער מקור, פון וואַנען זיי שטאַמען. „דער צוועק, וואָס צוליב אים איז דער מענטש באַשאַפן געוואָרן, איז, ער זאָל דערהייבן די וועלט צו זייער שורש, דהיינו מאַכן זיי צוריק שיין, ווי זיי זיינען געווען פריער, דורך תורה און תפילה און מעשים-טובים און באַהעפטן זיי מיט השם יתברך [2]. אַפילו פון זיינע בהמהשע אינסטינקטן באַדאַרף דער ערלעכער ייד אַרויסציען הייליקע פונקען און רייניקן דורך דעם די טומאה פון דער תאווה. „אין

---

1 „מגיד דבריו", דף י"ג עמוד ג'.

2 דאָרט דף ח' עמוד ב'; דף י"ד עמוד ד'.

ער זאָל ליב האָבן זיין ווייב, ווי ער האָט ליב תפילין, נאָר ווייל דאָס איז גאָטס געבאָט (צו האָבן קינדער), און ער זאָל וועגן איר ניט טראַכטן. למשל, איינער פאָרט צום יריד, און ער קאָן אַנדערש ניט פאָרן סיידן מיט אַ פערד, וועט ער צוליב דעם ליב האָבן דאָס פערד? אַ מענטש באַדאַרף האָבן אַ ווייב נאָר צוליב עבודת הבורא, זוכה צו זיין צו עולם הבא, און אויב ער וועט לאָזן זיינע עסקים און טראַכטן וועגן איר — איז דען פאַראַן אַ גרעסערע נאַרישקייט פון דעם?" [1]

דער מענטש איז ניט בכוח צו דערלאַנגען צו אַ העכער מדרגה, סיידן ער זאָל מבטל זיין זיין איך אַנטקעגן גאָט, ער זאָל דער־גרייכן צו דער מדרגה פון „בטל מציאות", אויסגעטאָן פון יעדער ווירקלעכקייט, פון יעדער גשמיות, ער זאָל מאַכן זיך ווי ער וואָלט גאָרניט געווען. און דאָס איז דער טייטש פון פסוק (אין איוב) „והחכמה מאין תמצא" [דער פשוטער פשט איז: פון וואַנען נעמט זיך די חכמה? (איז דער תירוץ): פון דעם מענטשן וואָס האַלט זיך אין דער בחינה פון „אַין" (פון גאָרנישט)[2]. ווער עס באַהעפט זיך צו דער גאָטהייט מיט אַלע זיינע מחשבות און מעשים, דער ווערט אַליין אַ משפיע אין די אייבערשטע וועלטן. אין אַ קורצן און שאַרפן אַפאָריזם באַשטימט דער מגיד די אמונה פון אמתן חסיד:

1 צוואת הריב"ש (דרוק תקנ"ג) עמ' כ"ח: „בשם הרב המ"מ דק"ק מעזריטש". — דער מגידס תלמיד, ר' וואָלף זשיטאָמירער, דערציילט וועגן אים אין זיין ספר „אור המאיר" (פרשת חיי שרה) אזא מעשה: „אז דער מגיד איז געווען אַ מלמד אין אַ דאָרף און איז געזעסן דאָרט (אין שטוב) אין אַ ווינקל, איז דאָרט אַריינגעקומען עפּעס אַ פּריץ מיט אַ חצופה אַ שיינער, דאָס האָרץ אָפן מיטן אָרט פון די בריסט, ווי זייער שטייגער איז. האָט ער (דער מגיד) פּלוצים אַ קוק געטאָן אומגערן, און אין זיין האַרצן איז אויפגעקומען אַ צער ביז גאָר. און דעמאָלט האָט ער גענומען מיאוסן זיך (למאוס ברע) אויף אַזאַ אופן: פון אָנהייב אָן איז זי געשאַפן פון דעם פאָטער און דער מוטערס זוימען, וואָס פון זיי ציט זיך אַרויס איר שיינקייט, די רויט־קייט און ווייסקייט. און פון וואַנען ציט זיך זייער זאָמען? פון מיאוסע טריפענע מאכלים, ווי שלענג און ראַקעס (רקות)... און דערפון ציט זיך דער זאָמען און די פּוסטע שיינקייט און פיינקייט אירע... (און ער האָט אַזוי לאַנג געטראַכט) ביז ער האָט גענומען ברעכן פאַר זיי אין די אויגן. דעמאָלט האָט דער פּריץ געהייסן אים אַרויסוואַרפן אין דרויסן". דאָס נעמלעכע דערציילט דער מחבר פון „סדר הדורות החדש" וועגן מגיד ר' מיכל זלאָטשעווער, אויך אין נאָמען פון ר' וואָלף, דעם מחבר פון „אור המאיר".

2 מגיד דבריו ליעקב, דף א', און נאָך אַ סך מאָל אין גאַנצן ספר.

„דע מה שלמעלה ממך [זאָלסט וויסן, וואָס איז איבער דיר] — דאָס איז טייטש: זאָלסט וויסן זיין, אַז אַלצדינג וואָס עס איז פאַראַן אויבן איז עס פון דיר“[1].

צי קאָן איטלעכער מענטש דערגרייכן צו אַזאַ מדרגה פון באַהעפטונג מיט דער אייבערשטער וועלט? צי קאָן איטלעכער חסיד דער מאַסן־מענטש „אויסטאָן זיך פון זיין גשמיות“ ניט נאָר בעתן דאַווענען, נייערט אויך אין אַלע זיינע מעשים און מחשבות, צו קאָנצענטרירן זיין געדאַנק תמיד אין דעם מקור פון דעם באַשאַף, אַרויסציען די „פונקען“ פון איטלעכער זאַך און דערהייבן זיי צו זייער שורש? צו אַזאַ חסידות, וואָס נעמט אַרום דעם מענטשנס אויסווייניקסט און אינעווייניקסט לעבן, קאָנען דערלאַנגען נאָר יחידי סגולה. נאָר אמתע צדיקים קאָנען אַרויף אויפן שפּיץ באַרג, ווי משה רבנו בשעתו, און דאָס פאָלק באַדאַרף שטיין פון דער וויטנס אין הייליקער יראת שמים און אין שטרעבונג צו דערנענטערן זיך צו דער גאָטהייט דורך דער פאַרמיטלונג פון די צדיקים. אַזוי אַרום האָט די שיטה פון טעאָרעטישן צדיקיזם אין דער תורה פון מגיד זיך בהכרח אַנטוויקלט מער, ווי אין דער תורה פון בעש״ט.

„צדיק יסוד עולם“ — דער צדיק איז דער פונדאַמענט פון דער וועלט — דאָס איז דער גרונט פון דער שיטה[2]. דער צדיק פאַרבינדט הימל און ערד („אחיד בשמיא ובארעא“). אַלץ וואָס עס נידערט אַראָפּ אויף אונטן פון די אייבערשטע וועלטן, „דאָס אַלץ ציט זיך אַראָפּ דורכן צדיק“. „די צדיקים ווילן פירן די וועלט, האָט דער אייבערשטער באַשאַפן די וועלט, כדי זיי זאָלן הנאה האָבן פון פירן זי“. „די באַשאַפונג פון דער וועלט (מעשה שמים וארץ) איז געווען יש מאין, און די צדיקים מאַכן מיש אַין, וואָרעם פון אַלצדינג וואָס זיי טוען, אַפילו אַזאַ גשמיותדיקע זאַך ווי עסן, ברענגען זיי אַרויף דערפון אויף אויבן די הייליקע ניצוצות“[3]. „פונקט ווי מען זייט עפּעס איין אין דער ערד, דעמאָלט ציט עס אַריין אַלע כּוחות (דעם זאַפט) וואָס

1 דאָרט, דף כ״ב, עמ׳ ד׳. איך האַלט, אַז פון דאַנען איז די דאָזיקע אויסגעצייכנטע מימרא געבראַכט געוואָרן צום סוף פון „צוואת הריב״ש“ און אין אַנדערע ספרים.

2 דאָרט, דף י״א.

3 דאָרט, דף א׳, כ״ו.

אין דער ערד אין זאָמען אַריין און ברענגט אַרויס די פּירות, אַזוי ציט דער צדיק אויף דער וועלט די פונקען פון דעם שורש פון זיין נשמה אַריין אין אַלע זאַכן אויף דער וועלט און דערהייבט זיי צום בורא יתברך". „אַז דער צדיק טוט מצוות און מעשים־טובים און ברענגט אַרויף די הייליקע ניצוצות וואָס געפינען זיך אין דומם צומח חי און מדבר... פאַרבינדט ער דורכדעם אויך דאָס אויסווייניקסטע פון דער וועלט מיט זיין הייליקן נאָמען. און דאָס וועט אינגאַנצן זיין פאַרענדיקט (יתוקן לגמרי), אַז משיח וועט קומען" [1]. דער צדיק האָט בכוח צו ווירקן אויפן רצון פון דעם בורא אין איבער־מאַכן אים פון שלעכט אויף גוט, מבטל צו זיין אַ שווערן גזר דין, וואָס איז געחתמעט אין די אייבערשטע וועלטן, און צו „טאָן אַ נס". „די צדיקים דורך זייערע גוטע מעשים זאָן דורך זייער באַהעפטונג מיטן שם יתברך... זיינען מבטל די זינד פון דור און ציען אַראָפּ חסד און שפע אויף דער וועלט, דורך דעם ווערט פון פשע (זינד) — שפע" [2].

דאָ איז דער מגיד צוגעקומען צום גרענעץ וואָס שיידט אָפּ צווישן טעאָרעטישן צדיקיזם און פּראַקטישן צדיקיזם, אָבער ער אַליין איז דעם גרענעץ ניט אַריבער. זיינע תלמידים האָבן שפּעטער אַרויס־געדרונגען די נויטווענדיקע מסקנא פון זיינע רייד און האָבן געלאָזט וויסן דער וועלט, אַז זיי איז געגעבן געוואָרן דער כוח „אַראָפּצו־ציען" פון דער אייבערשטער וועלט אויף דער אונטערשטער וועלט אַלצדינג וואָס מענטשן דאַרפן האָבן: „חיים, בנים ומזונות" (ר' אלימלך ליזענסקער און זיינע חברים) און איינער פון זיי (דער מגיד ישראל קאָזשעניצער) האָט בפירוש עדות געזאָגט: „איך האָב געהערט פון הייליקן מויל פון אדמו"ר הד"ב (אדוננו מורנו הרב המגיד דוב בער)... אַז דער צדיק באַדאַרף מתפלל זיין פאַר יידן און אַראָפּברענגען רפואה פאַר קראַנקע און דערלייזונג פאַר עקרות און פאַר איטלעכן וואָס ער דאַרף האָבן (די מחסורו)" [3]. דער קאָ־זשעניצער וואונדער־רבי און זיינע חברים האָבן געהאַט אין זינען גאָר זיך, זיי האָבן מער ניט זיך אָנגעשפּאַרט אויפן גרויסן מגיד, כדי

1 דאָרט, דף ג' ח'.

2 דאָרט, דף כ"ד — כ"ו.

3 עבודת ישראל, פרשת ויגש אין אָנהייב.

צו כשרן זייער אייגענע פרנסה פון פארמיטלערס צווישן דער איי־בערשטער און דער אונטערשטער וועלט, כדי צו נעמען „פדיונות" פון אלע גלויביקע. דער מעזריטשער מגיד האט אין אזא מאס ניט אראפגעשלעפט די אייבערשטע וועלט אויף דער אונטערשטער. דער מגיד איז געווען דער גרינדער פון דער שיטה, דער אידעאלאג פון צדיקיזם, וואס איז נויטווענדיק געווען ארויסגעדרונגען פון זיינע שטרענגע פאדערונגען צו א חסיד. ער האט דאס ניט געטאן, כדי צו פארזארגן מיט פרנסה די „גוטע יידן". אמת, ער האט פאראויסגע־זען, אז ניט אלע צדיקים וועלן בלייבן שטיין אויף יענער הויכער מדרגה, וואס ער האט זיי געוואלט אויף איר שטעלן, און דורכדעם וועלן זיי געבן א געלעגנהייט אנצופאלן אויף דער חסידות בכלל, און דערפאר האט ער מאקע זיך געפעדערט צו פארענטפערן די דאזיקע קשיא אויפן בעש"טס שטייגער בנוגע „דעם צדיקס אראפפאל פון זיין מדרגה" (אויבן § 11): „א מענטש איז באהעפט צום צדיק, ווען ער זעט, אז יענער דינט גאט און זיצט און לערנט, און טיילמאל קווענקלט ער זיך אין זיין גלויבן, בעת ער זעט, אז דער צדיק רעדט דברים בטלים; דאס איז אבער געגליכן צו א בן־מלך, וואס גייט ארום צווישן דארפסלייט צו זוכן אן אוצר, — באדארף ער דאך זיך אנטאן ווי א פויער, כדי מען זאל ניט דערקענען, אז ער איז א בן מלך, און מען זאל אויסזאגן, וואו דער אוצר געפינט זיך; אזוי רעדט אויך דער צדיק דברים בטלים און פארבינדט זיי מיט הקדוש ברוך הוא... וואס ער גייט אין זיין שליחות צו געפינען דארט די (גוטע) מידות". „אויב דער צדיק פאלט אמאל אראפ פון זיין מדרגה, איז דאס ניט קיין אראפפאל (נפילה), ווי עס שטייט געשריבן: „שבע יפול צדיק וקם (משלי כ"ד, ט"ז: זיבן מאל פאלט א צדיק און שטייט אויף), ווארעם איטלעכער פאל זיינער איז נאר צוליב דעם אויפשטיין, ער זאל אויפשטעלן מיט זיך ניצוצות". און אפילו אויב א צדיק טוט עפעס אן עבירה, באדארף מען אים ניט חושד זיין: „(די חכמים) האבן געזאגט: „צדיקים טוען דעם אייבערשטנס ר צ ו ן" (רצונו), און זיי האבן ניט געזאגט זיין ווארט (דברו) אדער זיין אויס־זאג (מ א מ ר ו), ווארעם דעם רצון פון השם יתברך קאן מען ניט משיג זיין. און דער משל דערפון איז אזא: א פאטער זאגט פאר זיין זון עפעס א הלכה צי א חידוש אין תורה, און דער זון פון זיין גרויסער חריפות פרעגט אפ זיינע רייד און זאגט אנדערש, און פונדעסט־

ווענן האָט דער פֿאָטער גרויס נחת און תענוג, לויטן פסוק „חכם בני ושמח לבי" (משלי כ"ז 11: זיי קלוג מיין זון, און טו דערפֿרייען מיין האַרץ), און דאָס וויל דער פֿאָטער מער, ווי אַז [דער זון] וואָלט געשוויגן און מסכים געווען צו זיינע רייד. אַזוי זיינען די צדיקים: זיי טוען (דעם אייבערשטנס) רצון, הגם זיי טוען ניט זיינע ווערטער און אויסזאָגן" [1]. די דאָזיקע טעאָריע, וואָס גיט שוין לכתחילה אַ כּפּרה פֿאַר „דעם צדיקס אַראָפּפֿאַל פֿון זיין מדרגה", איז דאָ גילטיק נאָר טעאָרעטיש, אָבער אויף להבא וועט זי דינען אַן אויסרייד פֿאַר אַ סך צבועקעס, וואָס האָבן זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר „צדיקים", צו פֿאַרענטפֿערן זייערע מיאוסע מעשים דורך דער טענה, אַז די „ירידה" איז נייטיק צוליב „עליה", כּדי „אַרויפֿצובּרענגען די ניצוצות" פֿון די טיפֿענישן פֿון דער טומאה פֿון מאַסן־לעבן.

איין תקנה אין די מנהגים פֿון שול איז איינגעפֿירט געוואָרן אין דער צייט פֿון מעזריטשער מגיד און מיט זיין הסכּם. איינציקע צווישן די מקובלים זיינען שוין לאַנג זיך נוהג געווען צו דאַוונען לויט דעם „סידור האר"י", וואָס די תּפֿילות זיינען איינגעשטעלט אין אים לויטן ספֿרדישן נוסח: עס זיינען דורכגעלאָזן געוויסע פּיוטים און עס זיינען צוגעגעבן אַ סך קאַפּיטלעך תהילים און ברכות, צוגעפּאַסט צו די סודות פֿון דער קבלה; פֿון דעם אר"יס סידור פֿלעגט מען, קענטיק, דאַוונען אויך אין דעם בעש"טס מנין אין מעדזשיבאָזש. אָבער בציבור האָבן זיי זיך ניט דערוועגט אָפּצוטרעטן פֿון דעם נוסח אשכּנז, וואָס איז געווען איינגעפֿירט אין פּוילן. ביז עס איז געקומען דער מגיד און האָט דערלויבט אַלע חסידים צו באַנוצן דעם אר"יס סידור. אין זיינער אַ תשובה אויף דער שאלה „בנוגע פֿאַרשיידענע נוסחאות אין דאַוונען" האָט ער געשריבן: „אַזעלכע זאַכן קאָן מען שריפֿטלעך ניט דערקלערן", אָבער נאָך פֿאַרשיידענע סברות גענומען פֿון דעם אר"יס שריפֿטן קומט ער צו אַזאַ אויספֿיר: „און אָט דער געטלעכער אר"י, וואָס אים זיינען געווען באַוואוסט די וועגן פֿון הימל (בהיות נהירין לו שבילי דרקיעא), האָט אויסגעלערנט דאָס פֿאָלק צו וויסן... און האָט מתקן געווען אַ סדר (סידור) צונויפֿגעקליבן פֿון כּמה נוסחאות, ווי עס איז באַוואוסט פֿאַר די וואָס זיינען בקי אין דער זאַך... ד'עריבער

---

1 מגיד דבריו ליעקב, דף ד' (אין אַן אַנדער נוסח לויט „אור תורה" י"ט, כ"ה).

זאָל איטלעכער זיך האַלטן פאַר דעם אר"יס וועג, וואָס פּאַסט פאַר איטלעכן" (השווה לכל נפש)[1]. אַזוי איז דערלויבט געוואָרן משנה צו זיין אַ מנהג, וואָס איז אָנגענומען געווען אין די שולן אין אַלע לענדער פון אשכנזים, און דאָס איז דער ערשטער אויסווייניקסטער שינוי מצד דעם חסידיזם, וואָס לכתחילה איז ער גאָרניט אויסן געווען משנה צו זיין די רעליגיעזע מנהגים. דער דאָזיקער שינוי האָט באַדאַרפט אויפוועקן אַ רעש אין די קהילות און שטאַרקן די קעגנערשאַפט צו דער נייער סעקטע.

כדאי צו פאַרצייכענען אַ חידושדיקע זאַך: דער מגיד דערמאָנט דעם בעש"ט זייער זעלטן אין זיינע דרשות, אי דאָס רופט ער אים ניט אָן „מורי", מיין לערער, ווי עס האָט געטאָן זיין חבר יעקב יוסף הכהן און אַנדערע[2]. קאָן געמאָלט זיין, אַז די אָפּשרייבער פון זיינע דרשות האָבן דערויף קיין אַכט ניט געלייגט, אָבער קלאָר איז, אַז דער מגיד האָט זיך ניט געהאַלטן פאַר אַ תלמיד, נאָר פאַרן צווייטן רבין אין חסידות, וואָס האָט פאַרטיפט איר טעאָרעטישע שיטה, און ער האָט געוואָלט מאַכן אַ מחיצה צווישן דעם געלערנטן מקובל און צווישן דעם „בעל-שם". אין זיינע דרשות זעען מיר אויך אַ שטאַרקע אָפּגעהיטקייט בנוגע דער רבנות. ניטאָ ביי אים קיין האַרבע ווערטער קעגן די וואָס זיינען מחמיר מיט „איבעריקע דקדוקים" און וואָס האַלטן זיך גרויס מיט זייער לומדות, ווי מיר געפינען דאָס אין די ספרים פון ר' יעקב יוסף הכהן, וואָס שרייבט אין נאָמען פון בעש"ט.

---

1 דאָרט, דף י"ג, עמוד א'.

2 דאָרט, דף ו', ז', כ"ב: „הבעש"ט ז"ל אמר"...

## § 16. רבי יעקב יוסף פּולנאהער, דער באַשעפער פון דער חסידישער ליטעראַטור.

ר׳ יעקב יוסף דער שאַריגראָדער רב איז אין אָנהייב אַ קעגנער צום בעש״טס דרך. — דער בעש״ט האָט אים „דערהויבן״. — געטריבן אין זיין קהילה פאַר זיין נטיה צו חסידות און ווערט רב אין ראַשקאָוו און נעמיראָוו. — זיין נטיה צו אַסקעטיזם און דעם בעש״טס בריוו. — אַ רב אין פּאָלאָנע און וואָלין. — די רדיפות אין יאָר 1772. — זיינע דריי ספרים; דער „תולדות״. — די פּאָלעמיק קעגן דער רבנות; דער נביא פון דער שפּאַלטונג. — האָט טענות צו די גרויסהאַלטערישע לומדים. — דעם צדיקס ראָלע: צו מאַכן אַ גייסטיקע פאָרם פון דעם המונישן שטאָף; ער מוז אַראָפּנידערן צו דער מדרגה פון המון, כדי אים צו דערהויבן. — קעגנזייטיקע ווירקונג צווישן צדיק און דעם מאַסן־מענטש. — באַקלאָגט זיך אויף רדיפות מצד די רבנים. — די באַציִונגען פון ר׳ יעקב יוסף צום מעזריטשער מגיד.

אין דער זעלביקער צייט וואָס דער מעזריטשער מגיד האָט מחנך געווען פאַר דער חסידות לערערס, וואָס זיינען אינגיכן געוואָרן די פירערס פון דער סעקטע אין אַלע מדינות פון פּוילן און רוסלאַנד, איז זיין חבר יעקב יוסף הכּהן געזעסן אין פּאָדאָליע און דערנאָך אין וואָלין און האָט זיך פאַרנומען מיט אַ וויכטיקער אַרבעט: פון בעש״טס תורה שבעל פה האָט ער געמאַכט אַ געשריבענע תורה.

אַ רב אין דער קהילה שאַריגראָד אין פּאָדאָליע, אַ תלמוּדיסט אַ בעל־פּילפּול פון זיין יונגע יאָרן אָן[1], איז ר׳ יעקב יוסף צו־ערשט געווען אַ לחלוטינדיקער קעגנער פון דער חסידישער תורה, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט פון דעם בעש״טס חברה אין מעדזשיבאָזש איבער די שכנישע פּאָדאָליער קהילות. נאָר דער „כּישוף־מאַכער״ פון מעדזשיבאָזש האָט געוואָרפן זיין אויג אויפן יונגן רב און האָט אים

1 אין זיין ספר „בן פורת יוסף״ זיינען אָפּגעדרוקט: „חילוק של המחבר בימי חורפו בלימוד הישיבה לחידודי״ (אַ פּילפּול אין לערנען צום שאַרפן דעם מוח, „וואָס דער מחבר האָט פאַרפאַסט אין זיינע יונגע יאָרן; ז״ז 183 — 194) און עטלעכע שאלות ותשובות אין תלמוד און פוסקים לויטן געדרייטן פּילפּול־שטייגער (ז״ז 194 א״וו).

איינגענומען. ווערליך די לעגענדע דערציילט[1], זאָל דער בעש"ט אויף אים האָבן איבּ געווירקט סיי אַליין און סיי דורך זיין תלמיד, דעם "מוכיח" יהודה ליב פון פּולנאה (פּאָלאָנע). איין מאָל האָט רב יעקב יוסף געהערט, אַז דער בעש"ט געפינט זיך אין דער שטאָט מאָהילעוו ביים דניעסטער, האָט ער באַשלאָסן צו פאָרן צו אים, כּדי אים אויסצופּרווון. אַז ער איז געקומען קיין מאָהילעוו אום ערב שבּת צו דער צייט ווען מען דאַוונט שחרית, האָט ער געפונען דעם בעש"ט "רויכערנ־דיק אַ ליולקע" (עושן לולקי). איז די מעשה געווען חידושדיק אין זיינע אויגן. אָבער דערנאָך האָט ער אים געזען דאַוונען און האָט געהערט זיין דרשה, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז עס רוט אויף אים דער רוח הקודש. דעמאָלט האָט יעקב יוסף אָנגעהויבן צו פאָרן צום בעש"ט קיין מעדזשיבאָזש, און יענער האָט אים "אויפגעהויבן" צו זיין הויכער אמונה. אַז די שאַריגראָדער מתנגדים האָבן דאָס דערשפּירט, האָבן זיי גענומען אַרומקריגן זיך מיט זייער רב, וואָס איז "קאַליע געוואָרן". פון טאָג צו טאָג איז אַלץ גרעסער געוואָרן די מחלוקת צווישן דעם רבּס אָנהענגער און זיינע קעגנער, און איין מאָל אום ערב שבּת האָבן די קעגנער זיך געשטאַרקט און האָבן דעם רב אַרויסגעטריבן פון שטאָט, און ער האָט געמוזט האַלטן שבּת אין נאָענטן דאָרף. דער בעש"ט האָט זיך געפונען דעמאָלט אונטער־וועגנס ניט ווייט פון יענעם אָרט און ער האָט געזאָגט צו זיינע מקורבים: לאָמיר גיין צו יענעם און יענעם דאָרף און מיר וועלן האַלטן שבּת צוזאַמען מיטן שאַריגראָדער רב, כּדי צו שטילן זיין צער. אויך דער פּולנאהער מוכיח איז דאָרט געווען, און אַז ער האָט געזען, ווי ר' יעקב יוסף איז זיך מצער, האָט ער צו אים געזאָגט: זאָלסט קיין צער ניט האָבן, וואָרעם איך האָב געהערט אַ כּרוז, וואָס מען האָט אויס־געררופן (אין הימל), אַז דיינע שונאים וועלן שטאַרבן מיט אַ מיתה משונה און די שטאָט וועט פאַרברענט ווערן אויפן פייער. און די דאָזיקע נבואה איז מקויים געוואָרן אין אַ שפּעטערער צייט, בעת דער גזירה פון אומאַן און אוקראַינע ("בעת דער בריחה") און דערנאָך בעת דער מלחמה פון רוסלאַנד און טערקיי (1768 — 1772). מיר מעגן משער זיין, אַז אויך דאָ איז געווען אַ "נבואה לאחר מעשה", וואָרעם

1 שבחי הבעש"ט, דף ח' — ט'.

די פאַרטרייבונג פון שאַריגראָדער רב איז געווען מיט אַ צוואַנציק יאָר פריער פאַר דער גזירה פון אומאַן (אַן ערך אין יאָר 1748)[1].

צווישן די יאָרן 1748 און 1752 איז יעקב יוסף געזעסן אויף דער שטול פון רבנות אין פאָדאָלישן שטעטל ראַשקאָוו, און קענטיק, אַז אויך דאָרט האָבן די מתנגדים פראָטעסטירט קעגן אים און ער האָט געמוזט איבערבייטן ווידער די שטאָט. דעמאָלט איז ער אָנגענומען געוואָרן פאַר אַ רב אין אַ מער היסטאָרישער שטאָט אין פאָדאָליע — אין נ ע מ י ר אָ ו ו, וואָס איז באַוואוסט פון די צייטן פון גזירות ת"ח. דאָס איז געשען, ווייזט אויס, מיט דער הילף פון בעש"ט און דער חברה חסידים אין נעמיראָוו. דאָ איז ער געזעסן ביזן בעש"טס טויט און אַ יאָר צען נאָך זיין טויט. ער פלעגט אָפט באַזוכן זיין רבין אין מעדזשיבאָזש און הערן פון אים תורה, וואָס ער פלעגט פאַרשרייבן און דערנאָך איבערגעבן אין זיינע דרשות פאַר זיין קהילה. ביי גאָר זיין צוגעבונדנקייט צו דער נייער תורה האָט ר' יעקב יוסף די ערשטע צייט ניט געקאָנט זיך באַפרייען פון זיין געוווינהייט צו תעניתים און סיגופים: אין משך פון עטלעכע יאָר פלעגט ער פאַסטן „הפסקות" (דאָס הייסט פאַסטן בייטאָג און עסן ביינאַכט) פון שבת צו שבת און איז זייער אָפגעשוואַכט געוואָרן. אַז דער בעש"ט האָט דאָס דערהערט, איז ער באַלד געקומען צו אים קיין נעמיראָוו און האָט אויף אים גוזר געווען, ער זאָל אָפשטעלן די תעניתים זיינע. די לעגענדע ווערט באַשטעטיקט דורך אַ בריוו פון בעש"ט[2]. פון אויבן איז אויפן בריוו אָנגעשריבן: „פון ק"ק מעדזשיבאָזש אין ק"ק נעמיראָוו... צום רב מ'

1 שבחי הבעש"ט דף ט' עמ' ב': „און יענע וואָס ער האָט גוזר געווען אויף זיי געטויט צו ווערן (רציחה) זיינען דערהרגעט געוואָרן אין דער הייליקער קהילה אומאַן בעת דעם געלאָף (הבריחה), און יענע, וואָס אויף זיי איז נגזר געווען צו שטאַרבן פון פעסט, זיינען געשטאָרבן אין פעסט וואָס איז געווען צוויי יאָר נאָכן געלאָף. און זיי האָבן געהאַט אָפּלייג (הרחבה) אַ סך אַן ע ר ך צ וו אַ נ צ י ק י אָ ר, וואָרעם איך ווייס, אַז ער (יעקב יוסף) איז געווען אב־בית־דין פון דער קהילה קדושה נעמיראָוו זעכצן יאָר פאַרן געלאָף, חוץ דעם, וואָס ער איז געווען אין דער שטאָט ראַשקאָוו עטלעכע יאָר פאַר דער מעשה". האָבן מיר דאָ, הייסט דאָס, אַן אָנצוהערעניש אויף כראָנאָלאָגיע: ר' יעקב יוסף איז פאַרטריבן געוואָרן פון שאַריגראָד אַן ערך אין יאָר 1748, אין ראַשקאָוו איז ער געזעסן אַן ערך 1748—1752, אין נעמיראָוו 1752—1770, און פון 1770 ביזן טויט אין פאָלאָנע.

2 שבחי הבעש"ט דף ח' עמ' ד'.

יעקב יוסף הכהן", און אינעווייניק שטייט געשריבן: צום געליבטן פון מיין נשמה, דעם רב... דעם מפורסם אין חסידות... יוסף הכהן. די טייערע שריפטן פון זיינע הענט (גי"ה = גלילות ידיו היקרים) האָב איך געקראָגן און געזען... אַז רום מעלתו מיינט, אַז ער איז אַזוי ווי מחוייב צו פאַסטן, און איך בין פאַרציטערט געוואָרן. און איך בין מוסיף מיט דער גזירה פון די הויכע מלאכים און בצירוף מיט הקב"ה און זיין שכינה, אַז ער זאָל זיך ניט אַיינשטעלן אין דער דאָזיקער סכנה, וואָרעם דאָס איז אַ זאַך פון מרה שחורה און עצבות, און די שכינה רוט ניט פון עצבות, נאָר פון שמחה של מצווה, ווי עס איז באַוואוסט צו רום מעלתו, וואָס איך האָב אַ סך מאָל געלערנט ...און דאָס וועל איך דיר געבן אַן עצה, און זאָל דער אייבערשטער זיין מיט דיר: איטלעכן אינדערפרי בעתן לערנען זאָלסטו זיך באַהעפטן מיט די אותיות (פון דער תורה) אין פולער דביקות צו דינען דיין באַשעפער, און דעמאָלט וועלן די שלעכטע גזירות אָפּגעשוואַכט ווערן אין זייער וואָרצל... און פון דיין גוף זאָלסטו זיך ניט פאַרפרעמדן חס ושלום צו פאַסטן מער ווי מען מוז און מען דאַרף... פון מיר וואָס ווינטשט דיין גוטס תמיד, ישראל בעש"ט".

ווי דער רב פון דער קהילה פלעגט ר' יעקב יוסף, לויטן אָנגענו־מענעם מנהג, זאָגן אין שול דרשות צוויי מאָל אַ יאָר: שבת הגדול און שבת תשובה[1]. נאָר די חסידישע תורה פלעגט ער זאָגן פאַר זיינע חסידים אַלע שבת בעת דער ודריטער סעודה. אַ לאַנגע צייט האָט ער פאַרשפרייט אויף אַזאַ שטייגער די תורה פון בעש"ט אויף אויסווייניק און האָט נאָך ניט אַיינגעשטעלט זיך אָפּצודרוקן אַ ספר פון דער דאָזיקער תורה. אין יענע צייטן האָבן יידן אין או־קראַינע איבערגעלעבט אַ סך גזירות, און טיילמאָל הערן מיר אַן אָפּ־קלאַנג פון די צרות אין זיינע דרשות[2]. נאָך דעם אומגליקס־יאָר 1768

1 דרושים פון דעם מין זיינען אָפּגעדרוקט אין זיין ספר „בן פורת יוסף", און ביי עטלעכע פון זיי איז פאַרצייכנט די דאַטע: דרושים צו שבת תשובה פון יאָר תק"כ, תקכ"א, תקכ"ז (1759, 1760, 1766); צו שבת הגדול תקכ"ה — תקכ"ז (ז"ז 211 — 243 אין דרוק פעטריקאָוו, 1883).

2 אין איין דרוש פון יאָר תקי"ג („תולדות יעקב יוסף", פרשת צו) שטייט געזאָגט: „עשיו איש שדה — וואָס געוועלטיקט אין מדבר דעם אָרט פון די קליפות... ער האָט געטראָפן און אָנגערירט די ה י י ל י ק ע אין לאַנד,

(תקכ״ח), וואָס דעמאָלט האָבן די האַידאַמאַקעס חרוב געמאַכט אַ סך קהילות אין פּאָדאָליע און אַנדערע פּראָווינצן פון אוקראַינע, האָט יעקב יוסף פאַרלאָזן די שטאָט נעמיראָוו און האָט זיך באַזעצט אין דער וואָלינער שטאָט פּאָלאָנע (פולנאה), וואָס דאָרט האָט זיך געשטאַרקט די חסידישע באַוועגונג אונטער דער שטאַרקער השפּעה פון דעם צענטער אין מעזריטש. אין יאָר 1770 איז דאָרט נפטר געוואָרן דער פריערדיקער רב, אריה ליב, דער „מוכיח פון פולנאה“, און ר׳ יעקב יוסף האָט פאַרנומען זיין אָרט [1]. דאָ איז ער פאַרבליבן ביז זיין טויט, אַן ערך אין יאָר 1782 [2].

דער רעש פון דער מלחמה קעגן די חסידים, וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין ווילנע און אין בראָד אין יאָר 1772, האָט דערגרייכט ביז קיין פּאָלאָנע און האָט אויפגערודערט ר׳ יעקב יוסף, וואָס האָט זינט זיינע יונגע יאָרן געהאַט אויסצושטיין רדיפות פאַר זיינע חסידישע איבערצייגונגען. דעמאָלט האָט ער גענומען זיין געווער אין האַנט, זיין פען, און איז אַרויס אין מלחמה: ער האָט זיך גענומען מסדר זיין אין אַ ספר זיינע דרשות און שמועסן, וואָס דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען געבויט אויף דער תורה וואָס ער האָט געהערט פון בעש״ט. ער האָט זיך געשטעלט צוויי צילן: 1) פאַרעפנטלעכן זיין רבינס רייד, וואָס זיינען נאָך ניט געווען פאַרשריבן, חוץ די קורצע נאָטיצן, וואָס ער האָט געמאַכט בעת זיינע באַזוכן אין מעדזשיבאָזש; 2) דערקלערן געניי די טעאָריע פון חסידות און אויפווייזן די פעלערן פון דער רבנות און פון אירע טרעגער. דאָס רוב

וואָס זיינען דערהרגעט געוואָרן איבער אונזערע גרויסע זינד אין דעם יאָר, דאָס יאָר תקי״ג, אין דער מדינה אוקראַינע״ — אַ רמז אויף דער עלילת־דם אין זשיטאָמיר אין יאָר 1753.

1 זע די מצבה פון מוכיח אין פולנאה פון יאָר תק״ל אין בוך פון האָראָדעצקי, „החסידים והחסידות״, כרך א׳, עמוד קל״ח.

2 נאָכדעם ווי עס זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן זיינע דריי ספרים (תק״מ — תקמ״ב) האָבן מיר מער קיין ידיעה ניט וועגן זיין לעבן. אויף דער מצבה אויף זיין קבר, וואָס איז פאַרבליבן אין פּאָלאָנע נעבן דער מצבה פון מוכיח, פעלט די דאַטע, ווארעם אין איין אָרט זיינען די אותיות אָפּגעריבן. איבערלייענען קאָן מען נאָר די ווערטער: „איש חי ר״פ (רב פעלים) חסיד ועניו איש אלהים קדוש יאמר לו ת״ח... אדמו״ר יעקב יוסף במ׳ צבי כ״ץ (כהן צדק) בעה״מ ספר תולדות יעקב יוסף בן פורת יוסף וצפנת פענח״. (געפינט זיך ביי מיר אין כתב־יד פון מ. ביבער פון אָסטרע).

פון דעם בעש"טס רייד ווערן געבראַכט אין דעם ספר „תולדות יעקב יוסף", אַ זאַמלונג פון דרשות לויטן סדר פון די פּרשיות פון דער תורה[1], וואו עס זיינען אַריינגעפלאָכטן געווען דעם רבינס רייד, אָן צו דערמאָנען זיין נאָמען, נאָר מיט דער פאַרצייכעניש „און איך האָב געהערט פון מיין רבין" אָדער „איך האָב געהערט אין מיין רבינס נאָמען"[2]. צום סוף פון ספר קומט אַ באַזונדער הוספה אונטערן קעפּל: „ואלה הדברים ששמעתי ממורי ז"ל וכתבתי רק ראשי פרקים, כי יראתי וגם מחמה השכחה" (דאָס האָב איך געהערט פון מיין רבין ז"ל) און האָב פאַרשריבן נאָר די ראשי פּרקים, וואָרעם איך האָב מורא און אויך מחמת איך האָב פאַרגעסן). דערפון איז געדרונגען, אַז דער מחבר איז געווען זייער געהיט ניט איבערצומאַכן דעם רבינס רייד, און ער האָט דורכגעלאָזן געוויסע זאַכן, ווייל ער האָט „מורא געהאַט": די מורא איז, קענטיק, געווען דערפאַר, מען זאָל אים ניט חושד זיין אין אפּיקורסות אָדער אַז ער פאַרדרייט זיין רבינס רייד. ר' יעקב יוספס דרשות אונטערשיידן זיך ניט לויט זייער פאָרם פון די איבעריקע רבנישע דרשות אין יענער צייט: עס זיינען אָנגעוואָרפן פּסוקים פון דער תורה און מאמרים פון תלמוד, מדרש, זוהר, גע־פּילפּולטע קשיות און תירוצים, און פון אָט דער מישענינע שטאַרצן אַרויס, ווי אינזלען אינמיטן ים, שפּראָכן און הנהגות, וואָס פאַר־שפּרייטן אַ שיין אויפן גרונט־געדאַנק. נאָר אין דעם אינהאַלט פון די פּירושים און די דרשות קאָן מען דערקענען אַ נייעם דרך, און די האַרבע רייד פון דעם מחבר קעגן די רבנים לאָזן באַזונדערס דער־קענען די טענדענץ פון דעם ספר. אין צוויי אַנדערע ספרים ר'

1 אין דעם כרוז פון די מתנגדים, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, נאָכדעם ווי דער ספר איז געוואָרן אָפּגעדרוקט, שטייט געזאָגט, אַז ער איז כולל „מוסרים און חידושים, וואָס זיי (די חסידים) דרשענען לויט זייער שטייגער אין דער תורה אין איטלעכער פּרשה שבת צו שלש סעודות" (כ"י „שבר פושעים" דף מ"ט). מען מעג משער זיין, אַז דעם גרעסטן טייל דרשות האָט דער מחבר אָנגעשריבן אין אַ צייט אַרום אין אַ נייער פאָרם, מיט הוספות און תיקונים, און אַ טייל זיינען געווען לכתחילה געשריבענע תורות.

2 דער נאָמען פון בעש"ט איז פאַרצייכנט נאָר אויף דער צווייטער זייט שער־בלאַט אין ערשטן דרוק, קאָרעץ תק"מ: „ויוסף (דער מחבר) דעת, ידיעת בית רב מובהק, איש אלקים... מהר"ר ישראל בעש"ט זכרונו לברכה". אין די שפּעטערע אויסגאַבעס איז די דאָזיקע הקדמה אַרויסגעלאָזט.

יעקב יוספס („בן־פּורת יוסף“ און „צפנת פּענח“) זיינען צונויפגעקליבן אָן אַ באַשטימטן סדר חידושי תורה, הלכה און אגדה, דעם רבס דרשות צו שבת הגדול און צו שבת תשובה, שאלות ותשובות און דין־תורהס. צום טייל גייען דאָרט אַריין זאַכן, וואָס זיינען שוין געווען אין דעם ספר „תולדות“, צווישן דעם אויך דעם בעש״טס תורה, אָבער מען קאָן דאָ געפינען אויך נייע ווערטלעך. צום סוף פון ספר „בן־פורת יוסף“ האָט דער מחבר אַריינגעשטעלט דעם באַרימטן בריוו פון בעש״ט פון יאָר תק״י וועגן דער „עלית נשמה“ און זיין שמועס מיט משיח (אויבן § 12). עס איז כמעט ווי זיכער, אַז אַ סך פון ר׳ יעקב יוספס שריפטן, בפרט די רייד פון בעש״ט, זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן חסידים אין אָפּשריפטן, איידער זיי זיינען געוואָרן געדרוקט אין די לעצטע יאָרן דעם מחברם[1]. שפּעטער פלעגט מען אָנרופן דעם מחבר לויט זיין ערשטן ספר: דער „בעל התולדות“, אָדער בקיצור דער „תולדות“. דעם דאָזיקן פּירסום האָט געבראַכט מער ווי די ליבשאַפט פון חסידים די שנאה פון מתנגדים.

דער ספר „תולדות יעקב יוסף“, דער גרעסטער לויט זיין פאַרנעם, איז דער עיקר אַ פּאָלעמישער ספר. דער מחבר איז לויט זיין מהות נאָך אַ „מוכיח“, אַ מוסר־זאָגער פאַר די מנהיגים פון דור. אין זיין דרשה צו פּרשה „בלק“ חזרט ער איבער עטלעכע מאָל דעם מאמר פון תלמוד (תענית כ׳, סנהדרין ק״ה — ק״ו): „בעסער איז די קללה, וואָס עס האָט געשאָלטן יידן דער נביא אחיה השילוני איידער די ברכה פון בלעם הרשע“, און פלייסט זיך אויפצווייזן, אַז יענער דרשן, וואָס דעקט אויף די זינד פון דור, כדי זיי צו פאַרריכטן, — ער איז דאָס דער אמתער נביא, און די צבועים וואָס חנפען און לויבן זייער דור זיינען די פאַלשע נביאים. דאָ זאָגט ר׳ יעקב יוסף אויס דעם סוד פון זיין רבין דעם בעש״ט און זאָגט עדות, אַז „אחיה השילוני איז געווען דער

---

1 וועגן דעם, ווי אזוי דער ספר „תולדות יעקב יוסף“ איז אָפּגעדרוקט געוואָרן און וואָס פאַר אַ רעש דאָס האָט אָנגעמאכט ביי די מתנגדים, ווערט דערציילט ווייטער (§ 22). — אַ שפּעטערדיקער ספר „כתונת פסים“ (לעמבערג תרכ״ו), וואָס גייט אונטער ר׳ יעקב יוספס נאָמען, זעט אויס ווי אַ פעלשונג: ער האָט אויסצוגן פון דרשות, וואָס זיינען געדרוקט אין ספר „תולדות“ און אין די איבעריקע ווערק פון פּאָלאָנער רב, מיט הוספות פון אַנדערע ספרים.

רבי פון אליהו הנביא און דער רבי פון מיין רבין (דעם בעש"ט) זכרונו לברכה" [1]. אין דער דאזיקער לעגענדע, וואס די מתנגדים האבן איינגעפונען אין איר א חילול הקודש, קאן מען געפינען אן אנצוהערעניש גיכער אויף דער נאטור פון תלמיד, איידער אויף דער נאטור פון רבין. ר' יעקב יוסף איז טאקע געווען נאענט אין גייסט צו יענעם צארנדיקן נביא, וואס האט נביאות געזאגט אויף דער צעשפאלטונג פון ישראל: ער אליין איז געווארן **דער נביא פון דער רעליגיעזער שפאלטונג**. אזוי ווי ער איז אלע יארן געווארן גערודפט פון די ארטאדאקסישע רבנים, האט ער אויסגעלאזן צו זיי גאר זיין גרימצארן אין זיינע דרשות און שריפטן. לעבן דעם בעש"טס רייד, וואס זיינען געווענדט צום הארצן, געפינען מיר אין דעם ספר „תולדות" שטראף־ אדער פארענטפער־רייד: דער מחבר שטראפט די אפיציעלע רבנים און פארענטפערט די פירערס פון די חסידים, „כשרע תלמידי חכמים" אדער „צדיקים".

אין דער שארפער קריטיק פון דעם פאלאנער רב איז פאראן א סך אמת. ער האט פיינט די רבנים, וואס האלטן זיך גרויס און זארגן ניט פאר די גייסטיקע באדערפענישן פון די „עמי הארצים", און ער רופט זיי אן מיט א נאמען גענומען פון „זוהר": „שדין יהודאין" (יידישע שדים), וואס טוען שאדן אין ווייגארטן פון ישראל [2]. דער מחבר רעכנט אויס דריי מינים גלות: יידן זיינען אין גלות ביי גויים, די לומדים זיינען אין גלות ביי די עמי הארצים, און די כשרע תלמידי חכמים זיינען אין גלות ביי חכמים להרע, ביי די „שדין יהודאין".

„אין משך פון דער צייט — באקלאגט זיך ר' יעקב יוסף — זיינען די הערצער קליין געווארן פון צו באנעמען און פארשטיין". דער גרעסטער טייל לומדים „מאכן פון דער תורה א קרוין אויף צו גרייסן זיך מיט איר. אז ער לערנט איין הלכה (אין תלמוד), בארימט ער זיך א ביסל, און אז ער לערנט פוסקים אדער קבלה, גרייסט

---

1 „תולדות יעקב יוסף" פרשת בלק (דף קנ"ו פון ערשטן דרוק פון יאר תק"מ); אין די שפעטערע דרוקן זיינען די דאזיקע שורות אויסגעלאזט, ווייל די מתנגדים האבן קעגן זיי פראטעסטירט.

2 דארט, פרשת וישלח, צו, ואתחנן, שופטים, כי תצא און נאך אין א סך ערטער, וואס אין זיי געפינען זיך די ציטאטן, וואס זיינען געבראכט ווייטער אין טעקסט.

ער זיך מער...׳ און דערמיט ווערט דערקלערט דער פסוק: „על מה תוכו עוד תוסיפו סרה" (ישעיה א׳ ה׳: וואָס מער איר ווערט געשלאָגן, אַלץ מער ווערט איר אָפּטריניק): וואָס מער זיי שלאָגן אָפּ זייערע פיס (מכתתים רגליהם) צו גיין אין דער ישיבה אַריין לערנען, אַלץ מער טוען זיי אָפּקערן זיך פון השם יתברך". דער מחבר רעדט מיט פאַראַכטונג וועגן די לומדים, „וואָס צירן זיך אויס מיטן פילפול, כדי זיי זאָלן האָבן אַ טייל און אַ שם צווישן תלמידי חכמים", און קריגן זיך צווישן אַנאַנד פון וועגן אַן איינגערעדטן כבוד. און ער קומט צו אַזעלכע „געפערלעכע" מסקנות: „פריער האָט מען געמיינט, אַז די עבודת השם איז נאָר ווען דער מענטש איז עוסק אין תורה און אין תפילה און אין פאַסטן און געוויין. און אַז מען האָט געזען מענטשן, וואָס פאַרנעמען זיך ניט דערמיט, זיינען (די לומדים אויף זיי) אין כעס געוואָרן און האָבן אַראָפּגעבראַכט אַ גרימצאָרן, ביז זיי האָבן באַמערקט, אַז דאָס אַלץ איז מער ניט ווי כדי צו ווייזן זיי אַ מער רעכטפאַרטיקן וועג, אַ וועג פון רחמים אין עבודת השם יתברך און אין אַלע פרטים פון דעם מענטשנס מעשים"...דערפאַר „ז אָ ל מ ע ן ז י ך נ י ט אַ י י נ ג ע װ י י נ ע ן צ ו ל ע ר נ ע ן ש ט ע נ ד י ק (להיות מתמיד בלמודו), נייערט מען זאָל זיך אויך צונויפקומען מיט מענטשן (יתערב עם בני אדם), און דאָרט זאָל אויך די מורא פאַר גאָט זיין פאַר זיינע אויגן, כדי מקיים צו זיין „שויתי ה׳ לנגדי ת מ י ד" (איך האַלט גאָט פאַר מיר שטענדיק)... און מען דאַרף פאַרשטיין, אַז השם יתברך איז פאַראַן אין אַלע מדרגות, און באַמיען זיך אין אַלע וועגן פון מענטשן, אַז עס זאָל זיין אין זיי די עבודה פון אייבערשטן, און דעמאָלט וועט מען ניט גרויס זיין ביי זיך, נאָר אדרבה מען וועט זיי (די פשוטע מענטשן) דן זיין לכף זכות" [1].

וואָס איז די אויפגאַבע פון אַן אמתן גייסטיקן פירער ביי יידן?— די דאָזיקע פראַגע פאַרנעמט באַזונדערס דעם רב, וואָס מען האָט אים גערודפט פאַר זיינע איבערצייגונגען, וואָס זיינען געווען אַנדערש פון די אַלטע רבנישע טראַדיציעס. און דערין שאַפט ער

1 תולדות יעקב יוסף, פרשת ויצא. דערויף זיינען די מתנגדים מער ווי פאַר אַלץ אָנגעפאַלן אין זייערע שריפטן („שבר פושעים" און „זמרת עם הארץ") אין די ערטער, וואָס ווערן ווייטער געבראַכט.

אַ גאַנצע שיטה. „דער מענטש איז באַשאַפן פון חומר און צורה (מאַטעריע און פאָרם), און זיי זיינען איינס דער היפוך פון אַנדערן, וואָרעם דער חומר גייט נאָך דעם קאַפּריז פון דער קערפּערלעכער מאַטעריע, און די פאָרם גלוסט נאָך גייסטיקע זאַכן. דער צוועק, צוליב וואָס דער מענטש איז באַשאַפן, איז, ער זאָל מאַכן פון דער מ אַ ט ע ר י ע אַ פ אָ ר ם, זיי זאָלן זיין איין איינהייט און די זאַכן זאָלן ניט זיין אָפּגעזונדערט. און אַזוי ווי דאָס איז דער צוועק פון איינציקן מענטשן, אַזוי איז דאָס מיטן כלל פון יידישן פאָלק, וואָס ווערן אָנגערופן המון=מענטשן, עמי הארצים, וואָרעם זייערע הויפּט=עסקים זיינען אין ערדישן חומר, און דערפאַר זיינען זיי דער חומר. פאַרקערט די צ ד י ק י ם וואָס פאַרנעמען זיך מיט תורה לערנען און דינען דעם אייבערשטן — זיי זיינען די פאָרם, און זייער הויפּט=צוועק איז, זיי זאָלן מאַכן פון חומר די פאָרם. און אַזוי ווי דאָס איז מיטן פרט פון יידישן פאָלק, אַזוי איז דאָס מיטן כלל פון דער וועלט, ווייל עס זיינען פאַראַן זיבעציק פאַרצייטיקע אומות, וואָס האָבן זיך אָנגעהאַלטן פאַר די צווייגן פון הייליקן בוים און יידן — וואָס זיי האַלטן זיך פאַרן וואָרצל פון בוים, און יידן באַדאַרפן דאָס צוציען שפע פאַר אַלע שבעים אומות". „די צדיקים זיינען די נשמה און די פאָרם און די פאָלקס=מאַסן זיינען דער חומר, די טרעגער פון גוף (בעלי=הגוף), און דער מענטש באַדאַרף זיך מיען צו מאַכן פון חומר אַ פאָרם". „כל=זמן זיי (די פאָלקס=מאַסן) האָבן אַ באַהעפטונג מיט צדיקים, וואָס זיי זיינען אַ פאָרם פאַר זייער חומר, דעמאָלט האָט דער גוף אַ חיות דורך דער נשמה, פאַרקערט, ווען דער גוף שיידט זיך אָפּ פון דער נשמה, דעמאָלט ווערט ער געוויס אָנגערופן „אַ טויטער", און דערפאַר שטייט טאַקע (ברכות י"ח): „רשעים ווערן ביים לעבן אָנגערופן טויטע" [1].

כדי אַריינצוברענגען אַ לעבנס=גייסט אין גוף פון פאָלק, מוז דער צדיק תמיד זיין באַהעפט מיט אים, שטיין א י ן א י ם און ניט א י ב ע ר א י ם, ווי עס טוען די אָרטאָדאָקסישע רבנים. אַזאַ רב, „אַז ער קומט דרשענען צו פאָלקס=מענטשן מינערווערטיקע, וואָס ער האָט מיט זיי קיין שייכות ניט, ווי קאָן ער זיך מיט זיי באַהעפטן, כדי צו דערהויבן זיי צו אונזער פאָטער אין הימל?"... און דערפאַר באַ=

1 דאָרט אין דער הקדמה; איבערגעחזרט עטלעכע מאָל אין פנים פון ספר: בראשית, יתרו, כי תצא, כי תבוא און נאָך.

דאַרף דער רב פאַרנעמען אַ מיטל־שטאַנד צווישן די לומדים און דעם המון, כדי ער זאָל קאָנען זיך באַהעפטן מיט אים און דערהייבן אים צו אַ העכערער מדרגה. אויף דעם גאַנג האָט ער געדרשנט דעם פסוק אין שיר השירים (ג', ג — ד): מצאוני השומרים הסובבים בעיר. את שאהבה נפשי ראיתם? כמעט שעברתי מהם, עד שמצאתי את שאהבה נפשי; אחזתיו ולא ארפנו עד שהביאתיו אל בית אמי ואל חדר הורתי (עס האָבן מיך געטראָפן די שומרים וואָס גייען אַרום אין שטאָט. צי האָט איר געזען וועמען מיין נשמה האָט ליב? קוים בין איך פון זיי אַוועק, ווי איך האָב געפונען וועמען מיין נשמה האָט ליב; איך האָב אים אָנגענומען און לאָז אים ניט אָפּ, ביז איך האָב אים געבראַכט אין מיין מוטערס הויז און אין מיין מאַמעס שטיבל). די שומרים דאָס זיינען די רבנים, און דער צדיק פרעגט ביי זיי, צי האָבן זיי געפונען אַ וועג צו דער פאָלקס־מאַסע און האָבן זיך דערנענטערט צו איר, אָבער ער קריגט קיין ענטפער ניט, וואָרעם זיי איז דאָס ניט געראָטן, און ערשט אַז ער איז אַוועק פון זיי, פון דעם וועג פון די פירער פון דור, האָט דער צדיק געפונען דעם וועג, ווי אַזוי זיך צו באַ־העפטן מיט די פאָלקס־מאַסן און אַריינצובריינגען זיי אין פּאַלאַץ פון קיניג, דעם קיניג פון דער וועלט[1]. „אַז דער צדיק געפינט זיך אין דער אייבערשטער מדרגה, האָט ער ניט קיין אָרט ווי זיך צו באַהעפטן מיטן המון־מענטשן, און נאָר אַז ער קומט צו דער אונטערשטער מדרגה קאָן ער זיי דערהייבן", און דאָס איז די בחינה פון „סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה" (אַ לייטער שטייט אויף דער ערד, און זיין שפּיץ גרייכט אין הימל אַריין), וואָס יעקב אבינו האָט געזען אין חלום (בראשית כ"ח, י"ב)[2].

צדיקים פון דעם מין ליידן צרות און רדיפות מצד די רבנים און פרנסים אין די קהילות, וואָרעם זיי זיינען מקנא אין דער הצלחה פון די חסידישע פירער, וואָס זיינען נאָענט צום המון. אויף זיי האָט יעקב־יוסף געדרשנט דעם פסוק (תהילים ב'): למה רגשו גוים... יתצבו מלכי ארץ ורוזנים נוסדו יחד על ה' ועל משיחו: ננתקה מוסרותימו ונשליכה ממנו עבותימו (וואָס שטורעמען די פעל־קער... עס שטעלן זיך אַוועק די מלכים פון דער ערד און די פירשטן

1 דאָרט, פרשת יתרו; זע אויך בראשית, תזריע.

2 דאָרט, פרשת שופטים, ויצא און נאָך.

נעמען זיך צונויף קעגן גאָט און קעגן זיין משיח: לאָמיר צערייסן זיינע פענטעס און לאָמיר אַראָפּוואַרפן פון זיך זייערע שטריק). פאַרוואָס ווערן אַלץ מער די רדיפות אויף יידן מצד די אומות העולם? ווייל די מלכים פון דער ערד, דאָס זיינען די רבנים, קויפן דאָס רעכט פון רבנות ביי די פוילישע שררות, און די תקיפים פון די קהילות האָבן זיך אין איינעם צונויפגענומען צו רודפן די צדיקים, „וואָס זיינען עוסק אין תורה און עבודה, זיי אַרויסצוטרייבן פון שטאָט און מבטל צו זיין זייערע מנינים, צו צערייסן די שטריק פון ליבשאַפט צווישן זיי און דעם רבונו־של־עולם, וואָרעם זיי (די חסידים) האָבן אַ באַזונדער אָרט צו לערנען און צו דאַוונען". דאָ רעדט דער מחבר פון זיין אייגענער איבערלעבונג: „און ווי מיינע אייגענע אויגן האָבן געזען און נית קיין אַנדערער, די דאָזיקע מלחמה שטענדיק קעגן דעם וואָס וויל דאַוונען אין אַ מנין פאַר זיך, ווי באַלד אַז מען קאָן ניט דאַוונען בציבור, וואָס זיי טוען דאָרט, ווי מענטשן וואָס זיינען איינגעווינט צו טאָן וואָס מען הייסט זיי... און אין אונזער צייט איז געווען אַ מסירה פאַרן שררה... און אויך דער שרייבער — מיט מיר האָט דאָס טאַקע געטראָפן... אין שאַריגראָד"[1].

וויבאַלד דער צדיק איז אַ פאַרמיטלער צווישן דעם בורא און דער פאָלקס־מאַסע, מוז ער האָבן פרייע צייט זיך מתבודד צו זיין און „זיך מתייחד זיין מיט זיין האַר", זיך משתדל זיין און זיין אַ פירבעטער פאַר יידן, דער אייבערשטער זאָל זיי באַפרידיקן אַלע זייערע באַדערפעניש, און מחמת דעם מוז דער צדיק אָנקומען צו מאַטעריעלער שטיצע מצד זיינע חסידים, זיי זאָלן אים באַזאָרגן מיט אַלץ וואָס ער דאַרף האָבן, כדי ער זאָל זיך ניט דאַרפן פאַרנעמען מיט די זאָרגן פון דער וועלט. „דעם באַשעפערס רצון איז, אַז זיי (די גבירים און די חכמים) זאָלן איינע אויף די צווייטע משפיע זיין: דער מיט עשירות און דער מיט תורה און מוסר"... „די מענטשן פון המון וואָס ווערן אָנגערופן חומר און די ערלעכע יידן (אנשי שלומי ישראל) בעלי צורה באַדאַרפן משפיע זיין איינע אויף די אַנדערע. און דורך דעם וואָס די רייכע צווישן דעם המון גיבן אַ טייל פון זייער געלט פאַר אָרעמע תלמידי חכמים, און די תלמידי חכמים זיינען משפיע מיט תורה אויף

1 דאָרט, פרשת נשא, בהעלותך, מסעי, ואתחנן.

די המון־מענטשן, זיינען זיי גורם אַרויפצוציען די שפע אויף אויבן".
„און דער געבער באַדאַרף וויסן, אַז ער איז אַ נעמער" (וצריך שידע
הנותן שהוא מקבל). „די וואָס זיינען מפרנס תלמידי חכמים —
זיי געבן, אין דער אמתן אָבער נעמען זיי די שפע פאַר זיך".
„אויב (די קהילות) וועלן מסכים זיין און זיי וועלן געבן די מעגלעכקייט
פאַרן פירער פון דור וואָס וויל זיך מתבודד זיין, כדי זיך
צו באַהעפטן מיט אים יתברך דורך תורה און תפילה, און אַז ער
זאָל זיין פריי פון צרכי צבור, וועט אוודאי זיין גוט אים און זיי, אַז
זיי וועלן אויך קאָנען זיך באַהעפטן מיט אים יתברך דורך אים (דורכן
צדיק). אויב זיי וועלן אָבער אים ניט לאָזן צו רו און זיי וועלן
אַרויפוואַרפן אויף אים צרכי ציבור, אוודאי טוען זיי אַ רעה אים און
זיך אַליין"[1]. אַזוי אַנטפּלעקט זיך די אויפגאַבע פון צדיק אין צוויי
געשטאַלטן: אין דער התבודדות מיט זיין גאָט און אין דער פאַרבינדונג
מיטן המון, נאָר כדי אַרויפצוברענגען זיינע בקשות אויף אויבן און
ניט כדי צו נעמען אַן אָנטייל אין די נויטן פון דער קהילה, וואָרעם
דער צדיק באַדאַרף זאָרגן אין די גרענעצן פון זיין גייסטיקן ווירקן מער
פאַר די נויטבאַדערפעניש פון דעם יחיד, איידער פאַר די נויטן פון
כלל. דאָ איז אַוועקגעלייגט געוואָרן דער צווייטער שיכט אין פונדאַמענט
פון טעאָרעטישן צדיקיזם, וואָס דעם ערשטן שיכט האָט אַוועקגעלייגט
דער מעזריטשער מגיד (אויבן § 15). דער פּראַקטישער צדיקיזם וועט
אין משך פון דער צייט דערגרייכן צו פולער הערשאַפט דווקא אַדאַנק
דעם מאמין דעם יחיד, וואָס זוכט אין אים ניט נאָר גייסטיקע באַ־
פרידיקונג, נייערט מער פון אַליץ אַ מיטל צו באַפרידיקן זיינע מאַטע־
ריעלע נויטבאַדערפעניש, „מקבל צו זיין השפעה" דורך דעם צדיקס
שתדלנות.

פונקט ווי דער מעזריטשער מגיד, איז ר׳ יעקב יוסף נאָר געווען
אַ טעאָרעטיקער אין צדיקיזם. ביידע זיינען זיי געווען נאָר ווענ־
וויזערס אין חסידות, איינער אין זיינע דרשות און שמועסן בעל פה,
דער אַנדערער אויך שריפטלעך, און זיי האָבן דורך זייער תורה געהויבן
די מדרגה פון צדיק. די לעגענדע דערציילט אָבער גאָרנישט מכוח
זייערע מופתים אין די ענינים פון דער וועלט: אַז זיי זאָלן האָבן גע־
געהיילט קראַנקע, געהאָלפן עקרות און געבראַכט שפע פון פרנסה

1 דאָרט, פרשת בראשית, נח, יתרו, ויקהל.

אָדער „עשירות“ פאַר זייערע מאמינים. אין זייער גייסט זיינען ביידע לערערס געווען נאָענט צו אַנאַנד, אָבער ווייט זיינען זיי געווען אין זייערע פערזענלעכע באַציִונגען. דער מגיד דערמאָנט ניט אין קיין איין אָרט פון זיינע דרשות דעם פּולנאָהער רב, און דער לעצטער דערמאָנט ניט בפירוש דעם מעזריטשער מגידס נאָמען, הגם ער רופט אָן אַ סך נעמען פון דעם בעש״טס חבורה (ר׳ נחמן האָראָ־דענקער, ר׳ נחמן קאָסעווער, דעם פּרעמישליאַנער מגיד מנחם מענדל, ר׳ ליב פּיסטינער, ר׳ יהודה ליב דעם מוכיח און אַנדערע). ווי עס ווייזט אויס, האָט די קנאה צעשיידט דעם בעש״טס הויפּט־תלמידים נאָך זיין טויט: דער מגיד, וואָס האָט זיך דערנענטערט צום גרינ־דער פון דער חסידות נאָר אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, איז געוואָרן זיין אָפיציעלער יורש, בעת ר׳ יעקב יוסף איז זיך געבליבן אָפּגעזונדערט אין זיין קהילה און האָט אַפילו ניט זוכה געווען אָפּצודרוקן זיינע ספרים ביז צום סוף פון זיין לעבן. אַ שפּעטערדיקע טראַדיציע [1] דערציילט, אַז ר׳ יעקב יוסף האָט ניט זוכה געווען צו זיין אַ מנהיג אויפן אָרט פון בעש״ט, ווייל ער איז געווען אַ כעסן. סימנים פון אויפגערעגטקייט און פאַרביטערטקייט זעען מיר טאַקע אין זיינע ספרים אויף שריט און טריט. די ברכה אויף יידן „ושמתי את זרעך כחול הים“ (איך וועל מאַכן דיינע קינדער ווי דער זאַמד פון ים) טייטשט ער אויס מיט ביטערער איראָניע: „אַזוי ווי בדרך הטבע קאָן מען ניט מאַכן פעדים פון זאַמד, אַזוי קאָן על פי טבע ניט זיין קיין אחדות צווישן איין יידן און דעם אַנדערן“[2].

---

1 געבראַכט אָן אָנווייזן פון מקור אין „ספר החסידות“ פון א. כהנא, 111—112.

2 תולדות יעקב יוסף, פרשת בא.

## § 17. די איבעריקע חברים פון בעש"ט און זיינע תּלמידים.

גאַליציאַנער אין בעש"טס חבורה. — ר' נחמן קאָסעווער, חשוד אויף שבּתאות, אַ קעגנער פון חסידות און צום סוף אַ פייערדי־קער חסיד. — ר' נחמן האָראָדענקער: זיין אָפּטימיזם, זיין נסיעה קיין ארץ־ישראל און זיין טענה צום הימל אין צייט פון סכּנה; אַ מחותּן מיטן בעש"ט. — ר' מענדל פּרימישליאַנער, דער פּאַטאַליסט, און זיין אָפּפאָר קיין ארץ־ישראל. — ר' אריה לייב דער מוכיח פון פּולנאה און זיין פּראָטעסט קעגן די פּאַר־שפּיצטע לומדים. — ר' פּנחס קאָרעצער דער שווייגער און זיין דרך אין חסידות; זיינע יידישע ווערטלעך.

חוץ די צוויי גדולים פון דעם בעש"טס חבורה — דעם מעזריטשער מגיד און ר' יעקב יוסף — האָט קיין איינער פון זיינע חברים אָדער תּלמידים ניט דערגרייכט צו אַן אַלגעמיינעם פּירסום, ניט אין דער אָנפירונג פון דער סעקטע און ניט אין דער ליטעראַטור. נאָר אין זיין אָרט און אין קרייז פון זיינע מקורבים פלעגט איטלעכער פון זיי פאַר־שפּרייטן די תּורה פון חסידות. די קדושה פון בעש"ט האָט איבער זיי געשוועבט, און דורך דעם זיינען זיי אויך פאַרהייליקט געוואָרן פאַר די קומענדיקע דורות.

די לעגענדע רעכנט אויס מער פון דרייסיק תּלמידים און חברים, וואָס האָבן זוכה געווען צו הערן תּורה פון דעם בעש"טס מויל [1], אָבער פון זיי זיינען נאָר ווייניק באַרימט געוואָרן. די עלטסטע פון דעם בעש"טס חבורה זיינען געווען גאַליציאַנער, וואָס האָבן קענטיק

1 דער מחבּר פון „סדר הדורות החדש" רעכנט אויס זיבּן און דרייסיק „קרובים און תּלמידים פון בעש"ט" (ז"ז 12—26), אָבער צווישן זיי זיינען גערעכנט מענטשן, וואָס זיינען קיינמאָל ניט געווען אין דער חסידישער סעקטע (ווי דער רב מאיר מרגליות) אָדער וואָס זיינען געוואָרן שפּעטער חסידים און האָבן זייער תּורה איבערגענומען פון מעזריטשער מגיד. מ. ל. ראָדקינסאָן גיט אין זיין ספר „אור ישראל" (ז"ז 30—45) אַ רשימה פון ניין און זעכציק תּלמידים פון בעש"ט און מיטגלידער פון זיין משפּחה. אין דער דאָזיקער רשימה זיינען אָנגערופן די נעמען פון אַלע מענטשן וואָס זיינען דערמאָנט אין „שבחי הבעש"ט" און אין „שם הגדולים החדש" אין צוזאַמענהאַנג מיט וואָסער עס איז לעגענדע וועגן דעם גרינדער פון חסידות, און אַפילו אַזעלכע וואָס האָבן קיין דירעקטע שייכות צו אים ניט געהאַט.

זיך דערנענטערט צו אים, בעת ער איז נאָך געווען אין טלוסט, און דערנאָך זיינען זיי געוואָרן „עולי רגל“ קיין מעדזשיבאָזש. איינער פון זיי, ר' נחמן קאָסעווער (פון שטאָט Kossow), איז געווען באַוואוסט פאַר אַ מקובל און איז געשטאַנען אויפן צד פון ר' יהונתן אייבשיץ אין זיין מחלוקת מיט ר' יעקב עמדין. דער דאָזיקער סעקטן־פרעסער האָט אויך אים חושד געווען אין שבתי־צביישער אפיקורסות און האָט געשריבן וועגן אים: „נחמן קאָסאָוו, אַן אפיקורס פאַר לייטן (מין בפ"ע) און אַ פוסטע כּלי (בור ריק). מען האָט אים געשיקט קיין אַפּט מטמא צו זיין דאָרט די הייליקע קהילה, און אַז די כשרע יידן האָבן דאָס באַמערקט, האָבן זיי אים מפרסם געווען אַן אַ מענטשן אַן אומנאַרמאַלן און אַן עם־הארץ (זר ובער), און דערויף האָבן די קורחים (די אָנהענגער פון דער שבתי־צביישער סעקטע) זיך אויפגערעגט און אָנגעמאַכט דאָרט אַ גרויסן רעש און אים צוליב האָבן זיי אָנגעצונדן אַ פייער פון מחלוקת“ [1].
נחמן קאָסאָווער איז, פונקט ווי אַ סך מקובלים פון זיין דור, פריער געווען אַ קעגנער פון דעם בעש"טס שיטה, אָבער שפּעטער איז ער צוגעשטאַנען צו אים און איז געוואָרן אַ פייעריקער חסיד. ער איז געווען פון די ערשטע וואָס האָבן געדאַוונט בפרהסיא פון אר"ים סידור. און אַז מען האָט בײַ אים געפרעגט, ווי אַזוי שטעלט ער זיך איין משנה צו זיין אַ מנהג פון די קדמונים, האָט ער געענטפערט: „און ווער זאָגט, אַז זיי זיינען אַלע אין גן־עדן?“ נחמן איז געווען אַ פּאָסעסאָר און אַ תבואה־סוחר און פלעגט אַרומפאָרן מיט סחורה איבער די שטעט פון גאַליציע און פּאָדאָליע [2]. דאָרט פלעגט ער צוציען מענטשן צו דער נייער תורה. יעקב יוסף ברענגט אָפטמאָל זיינע ווערטער אין ספר „תולדות יעקב יוסף“. איין מאָל האָט ר' נחמן אויפגעוויזן פאַר זיינע צוהערער, אַז דער מענטש איז מחוייב מקיים צו זיין דעם פסוק „שויתי ה' לנגדי תמיד“ פשוט ווי ער שטייט געשריבן: דאָס הייסט, ער באַדאַרף באַהעפטן זיין געדאַנק מיט גאָט אַפילו אין דער צייט ווען ער פאַרנעמט זיך מיט זיין געשעפט. און אַז מען האָט געפרעגט

1 „ספר התאבקות“ פון ר' יעקב עמדין, אַלטאָנע תקכ"ב (אין דרוק לעמבערג תרל"ז, דף פ' עמוד כ'). אפּטא דאָס איז די שטאָט אַפּטאָוו אין פּאָדאָליע.

2 „שבחי הבעש"ט, דף י"ח, כ"ט, ל"ב.

בײַ אים, ווי אַזוי קאָן מען דאָס טאָן, האָט ער געענטפערט: „בעת איר געפינט זיך אין בית־מדרש און דאַוונט, קאָנט איר דאָך טראַכטן וועגן פאַרשיידענע סחורות און געשעפטן, ממילא קאָנט איר טאָן אויך פאַרקערט". און נאָך האָט ער געזאָגט: „אל תפנו אל האובות (ווענדט זיך ניט צו די גײַסטער פון דער ערד; לײַען האבות): מען זאָגט מיר, פאַרוואָס האָב איך די דאָזיקע חסידות ניט געזען בײַ מײַן טאַטן און זיידן? צי האָט ער אַראָפּגעבראַכט משיחן?... אָבער אַז די טאַטעס וועלן וויסן, אַז זיי האָבן ניט געטאָן ווי עס געהער צו זײַן, וועלן זיי אויסקלײַבן דעם וועג פון די זין"[1].

איינער פון דעם בעש"טס געטרײַסטע פרײַנד איז געווען ר' נחמן פון האָראָדענקאָ (Horodenko). דער דאָזיקער חסיד, „וואָס זײַן אמונה איז געווען שטאַרק ווי אַן אײַזערנער זײַל", האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ גרויסער מאָס אָפּטימיזם: אויף יעדער טרעפעניש פלעגט ער זאָגן: גוט, גם זו לטובה, אויפן שטייגער פון נחום איש גמזו אין דער תלמודישער לעגענדע. איין מאָל האָט די מאַכט צעשטעלט זעלנער אין די יידישע שטיבער אין מעדזשיבאָזש. האָט דער בעש"ט צו אים געזאָגט: טו תפילה, מען זאָל מבטל זײַן די דאָזיקע גזירה. האָט ר' נחמן געזאָגט: דאָס איז אויך לטובה (אפשר אויף צו שיצן די אײַנוואוינער קעגן די האַידאַמאַקעס). האָט דער בעש"ט געלאַכט און האָט געזאָגט: „ווי גוט איז וואָס דו ביסט ניט געווען אין המנס דור, וואָרעם דעמאָלט וואָלסטו אויך אויף המנס גזירה געזאָגט, אַז זי איז לטובה". אין זײַנע טענות קעגן די אַסקעטן פלעגט ער זאָגן: „פאַראַן דאָקטוירים וואָס היילן מיט אַ ביטערן געטראַנק, נאָר בעסער איז אַ דאָקטאָר וואָס היילט דורך אַ זיסן געטראַנק; דורך די סיגופים ווערט דער מענטש פאַרביטערט און אַן אכזר צו באַשולדיקן די וועלט, און דורך אַ גוטער מחשבה געפינט ער אַ זכות אויף מענטשן". ר' נחמן האָראָדענקער איז געווען אין מעדזשיבאָזש אין דער צײַט פון דעם בעש"טס פטירה, און דערנאָך פלעגט ער קומען פון צײַט צו צײַט מתפלל זײַן אויף זײַן קבר. שפּעטער, אַז ער האָט זיך געגרייט פאָרן קיין ארץ־ישראל, האָט ער מתפלל געווען אויף זײַן רבינס קבר און האָט געבעטן בײַ אים רשות צו דער דאָזיקער

1 תולדות יעקב יוסף, פרשת וירא, בוא: „איך האָב געהערט אין באָמען פון דעם חסיד ר' נחמן קאָסאָווער".

נסיעה. אַז ער איז געקומען צוריק פון בית־הקברות, האָט ער מיט שמחה אָנגעזאָגט די בשורה: „דער בעש"ט האָט מיר געהייסן פאָרן קיין ארץ־ישראל"[1]. אין יאָר תקכ"ד (1764) האָט ער זיך געלאָזט אין וועג אַריין און איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל אין אַ שיף צוזאַמען מיט אַ קאָמפּאַניע גאַליציאַנער חסידים. אין וועג איז געווען אַ שטורעם אויפן ים, און די שיף האָט זיך געפונען אין סכנה. האָבן די רייזנ־דער זיך צונויפגעקליבן אין אַ מנין און ר' נחמן האָט גענומען אַ ספר תורה אין די הענט אַריין און האָט געזאָגט: „אויב עס איז חס־וחלילה נגזר געוואָרן אויף אונז אין בית־דין־של־מעלה, אַז מיר זאָלן אומ־קומען פון דער וועלט, זיינען מיר, בית־דין פון דער הייליקער עדה צוזאַמען מיט הקדוש ברוך און זיין שכינה, ניט מסכים צו דער דאָזיקער גזירה; און עס זאָל זיין דער ווילן, אַז די גזירה זאָל בטל ווערן!" די דאַוונער האָבן אַלע געענטפערט אמן, און לויט זיין באַפעל האָבן זיי געזאָגט תהילים, ביז דער שטורעם האָט זיך איינגעשטילט, און די שיף איז צוגעגאַנגען צו דער שטאָט חיפה[2]. אין אַ צען יאָר אַרום איז ר' נחמן האָראָדענקער נפטר געוואָרן אין טבריה. אין זיינע לעצטע יאָרן איז ער געוואָרן אַ מחותן מיטן בעש"ט: ר' נחמנס זון האָט גע־נומען פאַר אַ ווייב דעם בעש"טס אייניקל פון זיין טאָכטער, און פון דעם זיווג איז געבאָרן געוואָרן דער באַרימטער צדיק ר' נחמן בראַצלאַווער[3].

דער דריטער צווישן די גאַליציאַנער אין דעם בעש"טס חבורה איז געווען ר' מענדל פּרימישליאַנער, וואָס האָט זיך גערעכנט צווישן די עלטסטע חסידים פון ערשטן דור[4]. נאָכן בעש"טס טויט

1 שבחי הבעש"ט, דף כ"א, כ"ג, ל"ו און נאָך. אין תולדות יעקב יוסף, פרשת חיי שרה און נאָך אין אייניקע ערטער, איז דערמאָנט דער נאָמען פון ר' נחמן האָראָדענקער.

2 דעם דאָזיקן באַריכט האָב איך געפונען אין זעלטענעם ספרל „אהבת ציון" פון ר' שמחה בר' יהושע פון זאַלאָזשיץ ביי בראָד, וואָס האָט באַשריבן זיין רייזע קיין ארץ־ישראל אין יאָר תקכ"ד מיט אַ חברה חסידים פון גאַליציע, אוקראַינע און ליטע (אָן דרוק־אָרט און יאָר; אַן אַלטער דרוק, עמוד ו' און ט"ו).

3 דעם בעש"טס אייניקל, ר' משה־חיים־אפרים פון סודילקאָוו, ברענגט אין זיין ספר „דגל מחנה אפרים" אַ סך ווערטלעך אין נאָמען פון ר' נחמן האָראָדענקער און רופט אים אָן „מיין פאַרשטאָרבענער מחותן" (פרשה לך לך, תולדות, וישלח און נאָך).

4 אין די שבחי הבעש"ט ווערט ער אָנגערופן אויך מיטן צונאָמען „פרעמיסלער" (דף כ"א), דאָס הייסט פון דער שטאָט פּרעמישלע אין גאַליציע,

איז ער אַוועק קיין ארץ־ישראל אין דער זעלביקער קאָמפּאַניע וואָס זיין חבר נחמן האָראָדענקער, אין יאָר 1764 [1], און איז געבליבן דאָרט ביזן טויט. ווערטלעך אין זיין נאָמען זיינען אָפּגעדרוקט אין אַלטן זאַמלבוך „לקוטים יקרים״ (דף כ׳ — כ״ה, דרוק תקנ״ב), און דערנאָך אין אַ באַזונדער קונטרס „דרכי ישרים״ (זשיטאָמיר, תקס״ה). אין די דאָזיקע צוויי ספרים חזרט ער איבער על־פי־רוב דעם בעש״טס רייד. פון זיינע ווערטער קלינגט אַרויס אַ פולקומער פאַטאַליזם: „זאָל קיין מענטש ניט זאָרגן און זיך ניט מצער זיין אויף עפּעס וואָס ער האָט געקלערט טאָן און עס איז אים ניט געראָטן אויסצופירן דאָס, נאָר ער זאָל גלויבן, אַז דער רצון פון בורא איז געווען דערקעגן, און אוודאי אויב עס וואָלט דעם בורא געווען וואויל געפעלן, וואָלט ער אים איינגעאַנצן געשטיצט״. „נאָך אַ כלל, אַז מען זאָל ניט צופיל לערנען... וואָרעם אויב מיר וועלן מבטל זיין אונזערע געדאַנקען פון דער באַהעפטונג מיט השם יתברך און מיר וועלן אַ סך לערנען, וועלן מיר חס־ושלום פאַרגעסן יראת השם, און יראה איז דאָך די עיקר־זאַך״. די לעגענדע דערציילט, אַז פאַר זיין נסיעה קיין ארץ־ישראל פלעגט ר׳ מענדל זאָגן: „הלוואי זאָל מיר באַשערט זיין וויל איך לעב מתפלל צו זיין איין תפילה ווי געהעריק פאַרן בורא״; און אַז ער איז געקומען קיין ארץ־ישראל, האָט ער געשריבן: „הלוואי זאָל איך זוכה זיין צו זאָגן איין וואָרט ווי געהעריק פאַרן באַשעפער פון אַלע וועלטן״ [2].

איינער פון די נאָענטסטע תלמידים פון בעש״ט איז געווען אריה ליב מוכיח פון פולנאה. דער דאָזיקער אויסגעצייכנטער דרשן, וואָס האָט מיט זיינע שטראָף־רייד געוועקט דאָס פאָלק צו תשובה, האָט אָפּגעגעבן זיין טאַלענט צו פאַרשפּרייטן די חסידות. לויטן באַפעל פון בעש״ט פלעגט ער אַרומפאָרן איבער די שטעט פון אוק־

און עס איז שווער צו באַשטימען זיין אָרט. אין זאַמלבוך „לקוטים יקרים״ איז זיין נאָמען פאַרצייכנט אויפן שער־בלאַט צוזאַמען מיט די נעמען פון בעש״ט און דעם מעזריטשער מגיד (און נאָך אַמאָל אויף דף כ׳ עמוד ג׳). זע „סדר הדורות החדש״ 15—16.

1 אין דער באַשרייבונג „אהבת ציון״ ווערט ער צוויי מאָל דערמאָנט אונטערן נאָמען מענדיל מפרימישלא, לעבן נחמן האָראָדענקער און אנדערע ארץ־ישראל־פאָרערס.

2 דרכי ישרים, א׳—ב׳ (דרוק לעמבערג תרכ״ה); סדר הדורות החדש, 16.

ראַינע און גאַליציע און מעורר זיין צו „תשובה" לויט דער נייער תורה, צו דער עבודה אין האַרצן, צו דער באַהעפטונג מיט גאָט און צום גלויבן אין צדיקים. די לעגענדע דערציילט וועגן די ניצחונות וואָס ער האָט אָפּגעהאַלטן דורך זיינע דרשות אין לעמבערג און אַנדערע קהילות [1]. זיינע שטראָף־רייד זיינען געווען געווענדט קעגן די לומדים וואָס שאַרפן זייער מוח און לערנען תלמוד און פוסקים און מיינען, אַז דאָס איז דער עיקר פון יידישקייט. „בעוונותינו הרבים זיינען זיי אַלע חכמים און פאַרשטאַנדיקע און פרומע פון אויסוויינין, און אַז מען שטראָפט זיי, זאָגן זיי: דער עיקר איז אויף דער וועלט צו לערנען וואויל, צו זיין אַ חריף און בקי, צו זאָגן שאַרפע פשטלעך; (זיי גלויבן), אַז דורך דעם וועלן זיי זוכה זיין צו עולם הבא און מער דאַרף מען גאָרנישט, און זיי האַלטן זיך גרויס און באַרימען זיך אַנטקעגן יענע וואָס זיינען ניט מסכים מיט זיי" — אָט דאָס שרייבט דער מוכיח אין זיין ספר „קול אריה" [2]. קענטיק, אַז ער איז מיט זיין מיינונג געווען נאָענט צום גרויסן קעמפער יעקב־יוסף הכוהן, וואָס איז געוואָרן רב אין פולנאה נאָכן טויט פון מוכיח אין יאָר 1770, ווי עס איז געזאָגט אויבן (§ 16).

אַ באַזונדער אָרט האָט פאַרנומען אין קרייז פון דעם בעש"טס חברים ר' פנחס שפירא פון קאָרעץ (פנחס קאָרעצער), אַ געבאָרענער פון ליטע, וואָס האָט זיך באַזעצט אין וואָלין. ר' פנחס און זיין פאָטער אברהם זיינען געווען איינגייערס אין בעש"טס הויז, נאָר די חברה חסידים פלעגט קוקן אויף זיי מיט חשד, וואָרעם די „ליטוואַקעס" זיינען על־פי־רוב געווען שוואַך אין גלויבן און האָבן ניט אינגאַנצן געהאַלטן פון דעם בעש"טס קדושה [3]. אין משך פון דער צייט איז ר' פנחס געוואָרן צוגעבונדן צו חסידות, ער האָט זי אָבער פאַרשטאַנען אויף זיין אייגענעם שטייגער: גאָט באַווייזט זיך ניט אין שטורעם, ניט אין אויסווייניקסטער היציקייט, נייערט אין אינעווייניקסטער דביקות, אין דער תמימות פון האַרצן און אין הויכע מאָראַלישע

1 שבחי הבעש"ט, דף י"ט, כ"ב, ל"ד און נאָך.

2 אָפּגעדרוקט אין יאָר תקנ"ח (1798) אין קאָרעץ, און האָט צו קיין גרויסן פירסום ניט דערלאַנגט.

3 שבחי הבעש"ט, דף כ', עמוד ג—ג: „מען האָט אים (ר' אברהמען) געקענט, אַז ער איז אַ ליטוויק (ליטוואַק) און פעסט ביי זיין דעה, און מען האָט מורא געהאַט, ער זאָל דעם בעש"ט ניט מבלבל זיין".

מידות. איין מאָל האָט מען בײַ אים געפרעגט: פאַר וואָס הערט מען ניט זײַן קול בײַם דאַווגען און מען זעט ניט אויף אים קיין סימן פון באַוועגונג און התלהבות, האָט ער געענטפערט: „דער עיקר פון דער תפילה איז די באַהעפטונג מיטן באַשעפער פון די וועלטן, און דער עיקר פון דער דביקות איז דאָס אויסטאָן זיך פון דער גשמיות, וואָס איז ממש ווי די נשמה וואָלט אַרויס פון גוף"[1]. ער האָט אַליין מורא געהאַט, זײַן שכל זאָל זיך ניט שטאַרקן איבער זײַן געפיל פון גלויבן. מען פלעגט פון אים אָפט הערן דאָס דאָזיקע ווערטל אין יידיש: „איך האָב מורא, איך זאָל ניט זײַן קליגער ווי פרימער". ער איז שטענדיק געווען פאַררוקט אין זײַן ווינקעלע און האָט אַליין מודה געווען, אַז ער איז ניט מסוגל צו דרשענען פאַר אַן עולם: „אַ סך מאָל זײַנען געקומען צו מיר גרויסע מענטשן, און איך קאָן פאַר זיי קיין תורה ניט זאָגן, און איצט איז געקומען צו מיר איינער פון אוקראַינע, ניט קיין געהויבענער ייד, און איך זאָג פאַר אים... וואָרעם אַז די תורה קומט זיך צונויף מיטן צדיק, איז דאָס יחוד, און יחוד קאָן ניט זײַן פאַר מענטשן". ווײַטער איז פאַרשריבן פון אים אַ יידיש ווערטל: „איך האָב מער קונה שלימות געווען ווען איך האָב געלערנט אונטערן אויוון (בעת ער איז געווען אַ ישיבה בחור), און היינט, אַז איך זעץ זיך אויבנאָן לערנען, ווייס איך ניט וואָס שטייט". אין די לעצטע דורות, האַלט ער, גייט פרומקייט פאַר תורה: „אין דעם איצטיקן דור איז מען שוין ניט עוסק אין תורה ווי אין די פריערדיקע צייטן, וואָרעם איצט איז פאַרשפּרייט גרויס פרומקייט צווישן עולם, און אין די פריערדיקע צייטן איז אַזאַ פרומקייט ניט געווען, דערפאַר זײַנען זיי געווען פאַרטאָן אין תורה. פאַראַן עטלעכע ערטער וואו מען לערנט, נאָר דאָרט איז ניטאָ קיין פרומקייט" (דאָס הייסט חסידות — אַן אָנצוהערעניש אויף ליטע). אין דער מחלוקת צווישן חסידים און מתנגדים האָט ר' פנחס געעצהט, „מען זאָל גאָר ניט ריידן דערפון, נאָר שווייגן"[2].

---

1 סדר הדורות החדש, 14.

2 אלע די ציטאַטן זײַנען גענומען פון צוויי מקורים: א) „לקוטים מר' פנחס מקאָריץ", וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן ווי אַ הוספה צום ספר „נר ישראל" פון ר' ישראל קאָזעניצער (אָן דרוק־אָרט און יאָר, אַן ערך 1835), ב) „מדרש פנחס", וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַ שפּעטערדיקער צײַט מיט הוספות פון זײַן תלמיד, דעם צדיק רפאל בערשאַדער (וואַרשע, תרל"ו).

דער דאָזיקער שווייגער, וואָס האָט ניט פאַרנומען קיין שטעל פון אַ „צדיק“, רב אָדער מגיד (ווייזט אויס, אַז ער האָט זיך פאַרנומען מיט מלמדות), איז מפורסם געוואָרן פאַר אַ „קדוש“ צווישן די חסידים אין וואָלין. ר׳ פּנחס האָט געוואוינט אין קאָרעץ, אין אָסטרע און אין שעפּעטיווקע אין די יאָרן 1760 — 1790, און איז נפטר געוואָרן אַן ערך אין יאָר 1791. זיין תלמיד איז געווען דער צדיק ר פ א ל ב ע ר־ש אַ ד ע ר, וואָס האָט אין אַ שפּעטערדיקער צייט געגרינדעט אַ באַזונדער חבורה פון „בערשאַדער חסידים“ (אין פּאָדאָליע) און פלעגט זאָגן „תורה“ אין זיין רבינס נאָמען. דער זון פון ר׳ פּנחס שפּירא האָט אין דער שטאָט סלאַוויטע אין וואָלין געגרינדעט אַ דרוקעריי, וואָס האָט אַרויסגעלאָזט אַ סך ספרים, צווישן דעם אויך חסידישע ספרים. ר׳ פּנחסעס אייניקלעך, וואָס זיינען באַוואוסט אונטערן נאָמען „האחים המדפיסים מסלאַוויטא“, זיינען געוואָרן אַרעסטירט אין ניקאָלאַי דעם ערשטנס צייט, מחמת מען האָט אויף זיי געמסרט, אַז זיי דרוקן זאַכן וואָס זיינען פאַרבאָטן פון דער צענזור, און מען האָט זיי פאַרמשפּט צו האַרבע לייב־שטראָף און צו קאַטאָרגע[1].

---

ביידע ספרים זיינען פסעוודאָעפּיגראַפישע: ר׳ פּנחס האָט דאָס ניט געשריבן, נאָר אַנדערע האָבן געשריבן אין זיין נאָמען אָדער אין זיין תלמידס נאָמען (זע „שם הגדולים החדש“, אונטער „פּנחס“). האָראָדעצקי („החסידים והחסידות“, I, קמ״ד א״וו) ברענגט פראַגמענטן פון כתב־ידן פון ר׳ פּנחס און ר׳ רפאל בערשאַדער, וואָס פון זיי האָבן קענטיק גענומען די אַרויסגעבער פון די דערמאָנטע ליקוטים. דערפון איז געדרונגען, אַז אין אַ סך ליקוטים איז פאַראַן אַ קערן פון עכטקייט. אויך די ווערטלעך אין יידיש זאָגן עדות אויף אַ טראַדיציע פון מויל צו מויל. אין „מדרש פּנחס“ געפינען מיר די צייט־דאַטעס: תקמ״ו—תקמ״ח.

1 וועגן רפאל בערשאַדער און די „סלאַוויטער מדפיסים“ זע „זכרונות ימי נעורי“ פון גאָטלאָבער („הפקר אור“ תרמ״א, חוברת א׳). זע נאָך דעם „ספר החסידות“ פון א. כהנא, ז״ז 269 א״וו. דער „מכתב קודש“ פון ר׳ פּנחס שפּירא פון אוסטרהא צו ר׳ ישעיה דינאָוויצער, וואָס איז אָפּגעדרוקט צום סוף פון ספר „חסד לאברהם“ (תרט״ו), האָט נאָר געוויינלעכע חסידישע תורה.

### דריטער קאַפּיטל

# די ערשטע מחלוקת און אירע רעזולטאַטן

(1772 — 1780, תקל״ב — תק״מ)

## § 18. חסידים־קרייזלעך אין ליטע און רייסן.

דער קריזיס פון דער אווטאָנאָמיע אין פוילן און ליטע. — דער לעצטער צונויפקום פון דעם קהילות־פאַרבאַנד אין סלוצק (1761).— די מאַכט פון די רבנים. — דער גאון ר׳ אליהו פון ווילנע, אַ סימבאָל פון דער בוך־רעליגע; זיין געניאַליטעט אין תּלמוד און פּוסקים, זיין אָפּגעבן זיך מיט דעם לערנען. — די „חסידות״ פון אַ רב אַ מחמיר אין דינים און מנהגים, וואָס לאָזט ניט נאָך אַ פּינטעלע. — זיין שנאה צו דער פילאָסאָפיע, וואָס לייקנט אין דער אגדה, און זיין פאַנאַטיזם פאַר דער אָפיציעלער רעלי־גיע.— שטאַנד־סלופּ פאַר די וואָס זיינען חשוד אין אַפּיקורסות.— די סכנה פון דער נייער חסידות. — די חסידישע באַוועגונג אין ליטע און רייסן; די מיסיאָנערן פון מעזריטש און דעם מגידס תּלמידים. — קרייזלעך „מעזריטשער״ און „קאַרלינער״; ר׳ אהרן קאַרלינער. — די דרכים פון די חסידים. — די ראַדיקאַלן צווישן זיי: אברהם קאַליסקער און זיינע אַנהענגער. — ר׳ מענדל פון וויטעבסק און מינסק און דער ווילנער גאון. — די מחלוקת אין שקלאָוו (1771). — פאַרן שטורעם.

אַזוי ווי אין דעם בעש״טס צייט האָט די חסידישע באַוועגונג זיך פאַרשפּרייט אין די דרומדיקע פּראָווינצן פון אוקראַינע (פּאָדאָליע, וואָלין, מזרח־גאַליציע), אַזוי האָט זי אין דער צייט פון דעם מעזריטשער מגיד גענומען פאַרשפּרייטן זיך אויף יענער זייט אוקראַינישן גרענעץ: אין די צפונדיקע לענדער ליטע און רייסן (ווייסרוס־לאַנד). דאָ אָבער האָט די באַוועגונג זיך אָנגעשטויסן אָן דער רבנות־אָרדענונג, וואָס האָט דעמאָלט נאָך געהערשט אין איר פולער מאַכט אין דעם רוב קהילות, און בפרט אין „ירושלים דליטא״— אין ווילנע.

אין יענע טעג זיינען די יידישע קהילות געשטאַנען אויפן שיידוועג. אין יאָר 1764 (תקכ"ד) איז אַרויסגעגאַנגען אַ קיניגלע־כער דעקרעט צו פאַרמאַכן דעם „וועד ארבע ארצות" אין פּוילן, דעם וועד פון די הויפּט־קהילות אין ליטע און אַלע קהילה־פאַרבאַנדן אין די קרייזן (גלילות)[1]. עס זיינען איינגעריסן געוואָרן די צענטראַלע זיילן פון דער יידישער אויטאָנאָמיע אין איר גרעסטן צענטער, וואָס אים אַליין איז אין עטלעכע יאָר אַרום באַשערט געווען צעריסן צו ווערן דורך דער טיילונג פון דער פּוילישער מלוכה. דער לעצטער וועד פון די פינף הויפּט־קהילות אין ליטע (ווילנע, גראָדנע, בריסק, פינסק, סלוצק), וואָס האָט זיך צונויפגעקליבן אין סלוצק אין יאָר 1761 און האָט אָנגענומען תקנות אויף צו שטאַרקן די אויטאָנאָמיע[2], האָט ניט געשפּירט, אַז זיין סוף איז נאָענט. די דאָזיקע צעטרייסלונג פון דער מאַכט פון די קהילות האָבן אויסגענוצט די חסידישע קרייזלעך, כּדי זיך אָפּצושיידן פון קהל, אויסבויען זיך באַזונדערע קלויזן און פאַרשפּרייטן זייערע מיינונגען אין אַלע שיכטן פון דער געזעלשאַפט. אַזוי איז געווען דער מצב אין אוקראַינע, וואו דער כּוח פון די רבנים אין דער אָנפירונג פון די קהילות איז שוין פריער געווען אָפּגעשוואַכט, און אַ סך רבנים און מגידים זיינען פאַרכאַפּט גע־וואָרן פון דער חסידות. אין ליטע אָבער איז די אַלטע אָרדענונג נאָך ניט געווען אַזוי געפאַלן. די צענטראַלע פאַרוואַלטונג איז טאַקע צעש־טערט געוואָרן, די פאַרבאַנדן פון די קהילות לויט מדינות און גלילות (פּראָווינצן און קרייזן) זיינען בטל געוואָרן, אָבער אין איטלעכער קהילה באַזונדער איז נאָך גענוג שטאַרק געווען די מאַכט פון די רבנים, די לערערס און דערציערס פון פאָלק, די היטערס פון דער רעליגיע, ווי זי האָט זיך אויסגעפורעמט אין תלמוד און פּוסקים. און וויבאַלד דער חסידיזם האָט געשטרעבט צו צעטרייסלען די זיילן פון דער רבנות און צו שאַפן זיך אייגענע לערערס און דערציערס, זיינען די ליטווישע רבנים אַרויס אין קאַמף קעגן די „צעשטערער און פאַרוויסטער". בראש פון די קעמפער איז געשטאַנען דער גאון ר' אליהו פון ווילנע.

אין דעם דאָזיקן מאַן איז פאַרקערפּערט געוואָרן דער תמצית פון תלמודיזם און רביניזם; אין אים האָט דערגרייכט צו איר העכסטן

1 דובנאָוו, וועלט־געשיכטע דעס יידישן פאָלקעס (דייטש) באַנד VII, § 21.
2 ד"ז, פּנקס המדינה בליטא, אַריינפיר און ז"ז 265—273 (בערלין 1928).

שפּיץ די שיטה פון דער בוך=רעליגיע, וואָס איר מהות איז לערנען, קלאָר זיין אין אַ טויזנט=יאָריקער ליטעראַטור, אויסגעפונדן זיין אין אַלע דינים פון גרויס ביז קליין, אָפּהיטן זיי מיט אַלע זייערע קלענסטע פּרטים און דיקדוקים. פון קינדוויז אויף האָט אליהו זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שאַרפן קאָפּ און מיט זיין אויסנאַמלעכער בקיאות אין תלמוד. צו זיבן יאָר האָט ער געהאַלטן אין שול אַ דרוש מיט פּילפּול פאַר רבנים און באַרימטע גרויסע לומדים. אַז ער איז געוואָרן בר=מצווה, איז ער שוין געווען קלאָר אין מקרא, משנה, גמרא און אין זייערע מפרשים און האָט זיך גענומען פאַר שטודירן די פּוסקים, די ראשונים און אחרונים, לויט זייערע האָרצלען אין דער תלמודישער ליטעראַטור. זינט דעמאָלט האָט ר׳ אליהו זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן מיטן לערנען און האָט בפועל ממש מקיים געווען דעם פּסוק „והגית בה יומם ולילה" (זאָלסט אין דער תורה זיין אַריינגעטאָן טאָג און נאַכט, יהושע א׳ 8). שטענדיק פלעגט ער זיצן ביי זיך אין שטוב אין טלית און תפילין און פלעגט לערנען תורה. ער האָט זיך אַיינגעוויינט צו שלאָפן נאָר צוויי שעה אין אַ מעת=לעת, אי דאָס נאָר מיט קורצע הפסקות פון לערנען צווישן איין פּרק און דעם צווייטן. ער איז געווען אָפּגעהיט אויך, ער זאָל זיך פירן לויטן „דרך פון דער תורה" אויך מיטן עסן: „ברויט מיט זאַלץ און וואַסער צוגעמאָסטן" (פּת במלח ומים במשורה, פּרקי אבות). אויך נאָכדעם ווי ער האָט גענומען אַ פרוי, פלעגט ער זיך מתבודד זיין אין זיין חדר און באַהאַלטן זיך פאַר מענטשן, כדי זיי זאָלן אים ניט שטערן אין זיין לערנען[1]. זיין אויסערגעוויינטלעכע בקיאות אין אַלע צווייגן פון דער תורה האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט אויפצוטאָן נייסן אין דער תלמודישער הלכה; ער פלעגט די חידושים איבערענטפערן זיינע תלמידים און אַמאָל פלעגט ער זיי בקיצור פאַרצייכענען ווי הערות

1 „עליות אליהו": לעבנס-באשרייבונג פון ווילנער גאון, פון ר׳ העשיל לעווין, מיט הוספות פון דעם גאונס הויפּט-תלמידים, ז"ז 45—51 (ווילנע תרל"ה). איך האָב אויסגעלאָזן די גוזמאות פון דעם דאָזיקן ספר, וואָס מען מעג אים אָנרופן „שבחי הגר"א" אנטקעגן די „שבחי הבעש"ט". אָבער די פרומע מתנגדים דערציילן ניט אזוי פיל פאנטאסטישע מעשיות וועגן דעם גאון, ווי די חסידים דערציילן אין זייערע הייליקע לעגענדעס.

און הגהות צו די ספרים פון תּלמוד און פּוסקים. די גרעסטע רבנים האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע רייד און האָבן אים געקרוינט מיטן טיטל „גאון".

ר' אליהו האָט זוכה געווען צו נאָך אַ טיטל: „החסיד". זיין חסידות אָבער איז געווען גאָר אַן אַנדערע ווי די חסידות פון בעש"ט און פון מעזריטשער מגיד. אין דער צייט ווען דער בעש"ט האָט געעצהט „ניט צו פיל זיך אַריינטאָן אין איבעריקע דיקדוקים ביים מקיים זיין די מצוות", איז דער גאון ר' אליהו געווען אָפּגעהיט זיי מקיים צו זיין מיט אַלע חומרות און נאָך צוצוגעבן אַליין נייע חומרות. „גרויס זיינען געווען זיינע אויפטוען — לויבט אים זיין ביאָגראַף[1] — צו באַנייען אַ סך דינים, און אַפילו אַזעלכע וואָס זייער טעם האָט זיך אויסגעוועבט... און ער פלעגט נאָך זאָגן, אַז מען מוז זיין אָפּגעהיט אין אַלע רייד פון חז"ל, אַפילו ווען דער טעם איז בטל". „אין זיינע חיבורים האָט ער זיך געשטעלט פאַר אַ ציל נאָר די רייד פון די תּלמודים, כדי עס זאָל אַ ברעקל פון זייערע הייליקע ווערטער ניט פאַרפאַלן גיין, און וואו ער האָט געזען, אַז דאָס פאָלק איז מקיל קעגן די רייד פון חז"ל, האָט ער זיך באַמיט זיי אָפּצוהאַלטן דערפון". זיינע בני דור האָבן זיך באַקלאָגט אויף אים, אַז ער איז שטאַרק מחמיר אין דינים און מנהגים, ווײַבאַלד ער האָט נאָר געפונען אַ סמך דערויף אין תּלמוד, הגם דער „שולחן ערוך" איז דערין מקיל. מען דערציילט אויף אים, אַ שטייגער, אַז איין מאָל איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון אַ קאַרעטע, וואָס ער איז געפאָרן אין איר, בעת ער האָט דערזען, אַז זי איז אויסגעבעט מיט „שעטנז" — אַ צונויפוועב פון וואָל און פלאַקס.

דער קולט פון געזעץ, די הייליקייט פון טויזנטער דינים אָן אַ טעם וואָס זייער איינציקע באַרעכטיקונג איז, וואָס זיי זיינען לאָגיש געדרונגען פון תּלמודישע הלכות און זייערע מפרשים — דאָס איז, לויט דעם ווילנער גאונס מיינונג, דער יסוד פון יידישקייט. ניט די כוונה איז דער עיקר, נאָר דאָס טאָן — דאָס איז זיין דרך, פונקט דער היפּוך פון דעם בעש"טס דרך. נאָר אין דעם זיינעןביידע געווען גלייך, וואָס זיי זיינען ביידע געווען עקסטרעם, איטלעכער לויט זיין שטייגער:

1 דאָרט, 30—34, 37 א"וו.

דער האָט זיך איבערגעגעבן צו דער עבודה, ירא פון דינים, וואָס זייער טעם איז בטל געוואָרן, און דער האָט זיך אָפּט אָריינגעלאָזן אין אָבערגלויבענישן און מיסטישע פאַנטאַזיעס. איינער האָט געשטאַרקט דעם עלעמענט פון טרוקענער לאָגיק אין רעליגיע, דער צווייטער דעם עלעמענט פון געפיל. ביידע האָבן זיך פאַרהאַלטן מיט אָפענער שנאה צו דער רעליגיעזער פילאָסאָפיע פון די פאַרצייטיקע יידישע געלערנטע, צו איטלעכן פרווו פון קריטיק אַפילו אין די תלמודישע אַגדתות. ביי גאָר דעם יראת הכבוד, וואָס דער ווילנער גאון האָט געשפּירט צום רמב״ם, דעם מחבר פון דער „משנה תורה", האָט ער דאָך ניט אָפּגעהאַלטן זיך פון אָנצובייזערן זיך אויף דעם מחבר פון „מורה נבוכים", וואָס האָט געהאַלטן, אַז די אגדה פון תלמוד איז נאָר אַ זאַמלונג פון פריוואַטע מיינונגען, דערציילונגען און סתם וואָכעדיקע שמועסן. „דער רמב״ם איז נאָכגעגאַנגען נאָך דער פאַרשאָלטענער פילאָסאָפיע, — האָט דער גאון געזאָגט מיט גרימצאָרן צו זיינע תלמידים — האָט אים די פילאָסאָפיע מיט איר גערייד אַראָפּגעפירט פון וועג אָיינצוטייטשן די גמרא אויף רעטאָרישן וועג און אַרויסצורייסן זיי (די אגדתות) פון זייער פשט... אַלצדינג וואָס עס שטייט (אין דער תלמודישער אגדה) דאַרף מען טייטשן לויטן פשט, מער ניט וואָס עס איז אין זיי פאַראַן אויך אַ פנימיות, אָבער ניט קיין פנימיות פון די אָנהענגער פון דער פילאָסאָפיע, וואָס וואַרפן זיי (די אגדתות) אַרויס אויפן מיסטהויפן"[1]. דאָ איז פאַראַן אַן אָנצוהערעניש אויף דער פנימיות פון דער קבלה, און אין דער אמתן האָט דער גאון הויך געהאַלטן די אַלטע קבלה און האָט געשריבן פירושים צו עטלעכע קבלה-ספרים (ספר יצירה, ספרא דצניעותא און נאָך), אָבער אין זיינע פירושים איז ניטאָ קיין אייגענע טעאָסאָפישע שיטה. פון די וועלט-לעכע וויסנשאַפטן האָט דער גאון דערלויבט צו פאַרנעמען זיך נאָר מיט מאַטעמאַטיק און אַסטראָנאָמיע („תכונה") און אַליין האָט ער זיך אויך דערמיט פאַרנומען, געשעפּט זיינע ידיעות פון די ספרים פון די פאַרצייטיקע יידישע געלערנטע, ווייל ער האָט געגלויבט, אַז מען קאָן פון דעם לימוד האָבן נוצן צו פאַרשטיין געוויסע הלכות פון תלמוד. אָבער נאָך אַלעמען איז ער ניט אָפּגעטראָטן פון דעם

1 דאָרט, 24—25. זע נאָך ש. יאַצקאַן, „ר' אליהו מווילנא", 50, 60, 94 (וואַרשע, 1902).

וועג פון די מחמירים און איז געווען אַן עקסטרעמער פּאַנאַטיקער: דינים און מנהגים האָט ער געפּאָדערט אָפּצוהיטן ביזן לעצטן פּינטל.

וועגן דעם גאונס פּאַנאַטיזם בנוגע צו ענינים פון גלויבן באַווייזט אַזאַ מעשה. דער מגיד אבא הלוסקן (אַ געבוירטיקער פון הלוסק, אַ שטעטל אין מינסקער גובערניע), וואָס איז געווען אין בערלין און האָט זיך דאָרט דערנענטערט צום קרייז משכילים אַרום משה מענדעלסאָן, האָט געהערט וועגן ווילנער גאון, אַז ער איז ניט נאָר גרויס אין לערנען, נאָר אויך אין די וועלטלעכע חכמות, און איז געקומען אים באַזוכן. בעתן שמועס האָט זיך אַרויסגעכאַפּט ביים אורח אַ פראַזע, אַז דער גרויסער מפרש רש"י פּלעגט ניט שטענדיק אויסטייטשן דעם פּסוק לויטן פּשט און אויך די בעלי-המדרש זיינען ניט אויסן געווען אויסצוטייטשן לויטן דיקדוק. איז דער גאון געוואָרן אַ פּאַרציטערטער, אַז ער האָט געהערט אַזאַ אפּיקורסות, און האָט תיכף אָפּגעהאַקט דעם שמועס. וואָס עס האָט ווייטער פּאַסירט, דערציילט אבא הלוסקן אין זיין בריוו צו מענדעלסאָנען: „איך בין אַוועק אין מיין אכסניא. אָבער איידער איך בין געקומען צו מיין רו, האָבן זיך שוין געפּעדערט צוויי מלאכי חבלה און האָבן מיך גערופן צו קומען צו די פּרנסים פון שטאָט און זייער בית-דין... בין איך געגאַנגען און געשטעלט זיך פאַר זיי. זיינען פאַר מיר געזעסן זיבן זקנים אָנגעטאָן אין טלית און תפילין. האָט איין זקן זיך אויפגעשטעלט פאַר מיר און געזאָגט: דו ביסט דאָס יענער, וואָס דו האָסט מחרף ומגדף געווען אויף די חכמי המדרש ז"ל און אויף די רייד פון רש"י ז"ל? האָב איך געענטפערט: איך האָב ניט מחרף ומגדף געווען. זאָגט ער צו מיר: און וואָס האָסטו געזאָגט דעם גאון? דעמאָלט האָב איך געזאָגט, אַז זיי טייטשן ניט איין אויפן דרך הפשט. האָט דער אַלטער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, און די צוויי מחבלים האָבן מיך גענומען און אַרויסגעפירט אין דרויסן... און דער זקן איז אויפגעשטאַנען און האָט מיר פאַרגעלייענט דאָס קוויטל פון בית-דין, אַז איך מוז קריגן פערציק מלקות, ווי עס איז דער דין פון דעם וואָס איז מבזה תלמידי חכמים. און די צוויי מלאכי חבלה האָבן מיך געשלאָגן טאַקע די דאָזיקע קלעפּ. נאָר דערמיט האָט זיך זייער כעס ניט איינגעשטילט, נייערט זיי האָבן מיך געבראַכט פאַרן אַריינגאַנג אין שול און האָבן אַריינגעטאָן מיין האַלז אין אַן אייזערנער קייט, וואָס איז געווען איינגעפעסטיקט

אין וואַנט פון שול [1], איך זאָל שטיין אַזוי פאַרן עולם, און איבער מיין קאָפּ האָבן זיי צוגעקלעפּט אַ פּאַפּיר, וואו עס איז געווען אָנגעשריבן, אַז דער דאָזיקער מענטש ווערט באַשטראָפט, ווייל ער האָט געשפּעט איבער די רייד פון אונזערע הייליקע חכמים. און איטלעכער ווער עס איז געקומען דאַוונען מנחה, האָט מיך גערופן: פּושע ישראל! און מען האָט מיר קיין שפּיי אין פּנים ניט געזשאַלעוועט, און פון דעם וואָס מען האָט מיר אָנגעשפּיגן אין פּנים איז געוואָרן כמעט אַ טייכל ווי דער ירדן. דו ווייסט דאָך, אַז ווילנע איז ניט ווי בערלין, וואָרעם אין ווילנע קומט אַ גרויסער עולם אין דער צייט פון דאַוונען. אַז מען האָט געענדיקט דאַוונען מנחה, האָט מען מיך אַרויסגעפירט אויסן שטאָט און געהייסן גיין" [2].

אין אַזאַ פאַנאַטישער סביבה האָט די תורה פון חסידות געמוזט דערוועקן אי שרעק אי כעס: איז זי דאָך אויפגעשטאַנען קעגן די לומדים אין נאָמען פון די מאמינים. וואָרעם אין איר עצם מהות איז דאָך די חסידות אויסן געווען אָפּצושוואַכן דעם יסוד פון ל ע ר נ ע ן אין דער רעליגיע און אָנשטאָט דעם אויפצוריכטן דעם יסוד פון בלינדן ג ל ו י ב ן, אַוועקצושטעלן דעם געפיל און די דביקות ביים אָפּהיטן די מצוות, אָנשטאָט אָנצושיטן בערג מיט הלכות וועגן דעם. חוץ דעם דאָזיקן אינעווייניקסטן טעם, איז נאָך געווען אַן אויסווייניקסטער מאָטיוו צו וואַרפן אַ חשד אויף דער נייער סעקטע: אין יענער צייט איז נאָך ניט געווען געענדיקט די מעשה מיט פראַנק און זיין חבריה, וואָס אָנגעהויבן האָבן זיי מיט אָפּלייקענען דעם תלמוד און פאַרהייליקן דעם זוהר און געענדיקט מיט אָננעמען די „דת אדום" פון פראַנקן, וואָס איז דעמאָלט געזעסן תפוס אין „תרעא דרומי" (טויער פון רוים), אין טשענסטאָכאָווער פעסטונג (צווישן 1760 און 1772). אין דער ווייטער ליטע האָט מען געמעגט מורא האָבן, אַז אין אוקראַינע, פון וואַנען

---

1 דאָס איז די באַרימטע „קונע". Kuna איז דער טייטש אין פּויליש אַן אייזערנע קייט אָדער רינג, וואָס מען פלעגט אָנטון אויפן האַלז פון פאַר־משפּטן, ער זאָל ניט קאָנען רירן זיך פון אָרט. אַזאַ שאַנד־סלופּ איז געשטאַנען אין הויף פון ווילנער שול, און מיט דער קונע איז באַשטראָפט געוואָרן איינער פון די ערשטע פירער פון דער חסידישער סעקטע, ווי עס שטייט ווייטער (§ 19).

2 עליות אליהו, דף כ"ד — כ"ה, אין דער אָנמערקונג פון ר' יעקב צבי פון מעקלענבורג. דער משכיל וואָס איז באַשטראָפט געוואָרן איז געווען ניט שלמה מיימון, ווי מען האָט געמיינט על־פּי טעות, נאָר אבא הלוסק.

די פראַנקיסטן קומען אַרויס, ווערט איצט שטילערהייט צונויפגעשטעלט אַ פרישע פאַרשווערונג קעגן יידישקייט צווישן דעם קרייז „חסידים“, און אַז די אָנפירער פון דער פאַרשווערונג אַרבעטן אין מעזריטש אויס זייערע פּלענער און גרייטן זיך צו שטורעמען די פעסטונגען פון דער רבנות אין ליטע. אָט שטייט שוין דער שונא פאַר דער טיר: די „פלאָג“ פאַרשפרייט זיך שוין איבער דער וועלט, די מיסיאָנערן פון דער „כת“ שנאָרען אַרום אומעטום און פאַנגען נפשות, און כנופיות חסידים האָבן זיך שוין באַוויזן אין די „הייליקע קהילות“.

יענע יאָרן, צווישן 1765 און 1772, זיינען געווען אַ צייט פון אַ מעכטיקער באַוועגונג אין די יידישע קהילות פון ליטע און רייסן. די פּראָפּאַגאַנדע פון דעם מעזריטשער צענטער האָט געווירקט. פּראָפּאַגאַנדיסטן אַזעלכע ווי יענער ר׳ ישראל פּאָלאָצקער האָבן צוגעצויגן אַ סך „עולי־רגל“, וואָס זיינען געגאַנגען זען דעם „גרויסן מגיד“; געווען צווישן זיי אַזעלכע וואָס זיינען געקומען צו גיין און זיינען זיך אַוועק מיט גאָרנישט, אַזוי ווי שלמה מיימון (אויבן § 14), נאָר אַ סך זיינען פאַרכאַפּט געוואָרן דורך דער סעקטע. דעם מגידס תלמידים פון רייסן און ליטע פלעגן קומען אַהיים אָנגעלאָדן מיט רעליגיעזער התלהבות און פלעגן פאַרשפּרייטן די נייע תורה אין זייערע ערטער: ר׳ אהרן קאַרלינער האָט איינגעשטעלט אַ חסידישן צענטער אין קאַרלין, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער „הויפּט־קהילה“ פּינסק, ר׳ מענדל וויטעבסקער אין זיין געבורין־שטאָט און אין מינסק, ר׳ אברהם קאָליסקער (פון קאָליושקי) און ר׳ שניאור זלמן ליאָזנער אין זייערע שטעט אין וויטעבסקער גובערניע און אין דער נאָענטער קהילה שקלאָוו. אין פאַרשיידענע קהילות האָבן אַרויסגעשפּראָצט קרייזלעך חסידים, וואָס זיינען געווען באַוואוסט ביים פאָלק אונטערן נאָמען „מעזריטשער“ אָדער „קאַרלינער“[1]. אין איי־

1 זמיר עריצים וחרבות צורים, עמוד כ״ה (דרוק תקל״ב); כתב־יד „שבר פושעים“, סימן כ״ד, אין דעם ווילנער כרוז (תקנ״ח). נאָך אין יאָר 1800 רופט אָן די חסידים אין זיין קאַנט מיטן נאָמען „קאַרלינער“ דער רב אביגדור פון פינסק אין זיין מסירה־שריפט, וואָס ער האָט געשיקט צום קיסר פּאַוועל („יעזר. סטאַרינאַ“ 1910, ז׳ 280). מיט וואָס האָט קאַרלין דאָס זוכה געווען? מיר ווייסן זייער ווייניק פון לעבן פון ר׳ אהרן קאַרלינער, אָדער ר׳ אהרן „דער גרויסער“, ווי מען רופט אים בכדי אים אָפּצושיידן פון זיין אייניקל, וואָס האָט אויך אַזוי געהייסן. ער איז געשטאָרבן אין די מיטעלע יאָרן, צו 36 יאָר

ניקע ערטער פֿלעגן די חסידים אַוועקגיין פֿון די שולן און דאַווענען אין באַזונדערע מנינים אויף זייער שטייגער[1]: מיט התלהבות און דביקות, מיט קולות און משונהדיקע תּנועות; זיי פֿלעגן איבערמאַכן דעם נוסח פֿון די תּפֿילות לויטן סידור פֿון אר״י און שחרית דאַווענען שפּעט. אין די מנינים פֿלעגן די סעקטאַנטן זיך צונויפֿקלייבן אויך צו וואָכעדיקע שמועסן און צו הוליאַנקעס. דאָרט פֿלעגן זיי „פֿאַרטרייבן די עצבֿות“, אַזוי ווי דאָס פֿלעגן טאָן די מעזריטשער חבֿרה לויט אין שלמה מיימונס דערציילונג (אויבן § 14). בײַ די חסידים אין די הענט האָבן זיך געפֿונען כּתבֿים, קענטיק קאָפּיעס פֿון די שריפֿטן פֿון דעם בעש״טס און דעם מגידס תּלמידים, וואָס זײַנען נאָך ניט געווען געדרוקט. אַ סך געוועזענע לומדים האָבן אַוועקגעוואָרפֿן לערנען און פֿלעגן זיך פֿאַרנעמען מיט לייענען די נײַע כּתבֿים. אין די פֿאַרזאַמלונגען פֿון די חסידים האָבן זיך געלאָזט הערן האַרבע דיבורים קעגן דער אַלטער אָרדענונג, שפּאָט־רייד קעגן רבנים און תּלמודיסטן.

טיילמאָל פֿלעגן די חסידים דערגיין צו אַזעלכע עקסטרעמען, אַז עס איז פּשוט געווען אַ בזיון. ר׳ אבֿרהם קאָליסקער, וואָס לויט דער לעגענדע איז ער געווען פֿריער דעם ווילנער גאונס אַ תּלמיד און שפּעטער איז ער אַריבער צו דער שיטה פֿון מעזריטשער מגיד, איז געשטאַנען

אין יאָר 1772 (זע „סדר הדורות החדש“, עמ׳ 39, און אין דער הקדמה צום ספֿר „דבֿרי שלום“ פֿון ר״ש פּערלאָוו, עמוד 7 (ווילנע, תּרמ״ב). אין דער חסידישער לעגענדע זעען מיר אים אין דער ראָלע פֿון אַ „מוכיח“, וואָס פֿאָרט אַרום לויטן פֿאַרזאָג פֿון זײַן מעזריטשער רבין און דעקט אויף „חטאים“ אין די קהילות (שבֿחי הבעש״ט, דף י״ג). ר׳ אהרן האָט קיין ספֿר ניט איבערגעלאָזט נאָך זיך. אין דעם גרויסן ספֿר „בית אהרן“, וואָס עס האָבן ארויסגעלאָזט אין אַ שפּעטערער צײַט (תּרל״ח) די אייניקלעך פֿון די קאַרלינער און סטאָלינער צדיקים, זײַנען פֿאַראַן צווישן זייערע שריפֿטן שטיקלעך פֿון ר׳ אהרן „דעם גרויסן“: אַ זמר צו שבת („יה אכסוף נועם שבת“) און אַ צוואה אין גײַסט פֿון די בעלי־המוסר. אין דער צוואה ווערן דערמאָנט די „תּלמידים מובהקים פֿון אדמו״ר“ (דעם מעזריטשער מגיד), און עס שטייט געשריבן, אַז דער מחבר „איז אַליין געווען אַן ערלעכער ייד און האָט זיך אײַנגעשטעלט פֿאַר ערלעכע יידן, און אַ סך מאָל האָט ער זיך איבערגעגעבן מיט מסירת נפֿש“. צי איז דאָ ניטאָ קיין רמז צו די רדיפֿות אויף די חסידים פֿון יאָר 1772, וואָס האָבן אפֿשר גורם געווען צו ר׳ אהרנס קרענק און צו זײַן גיכן טויט?

1 זמיר עריצים וחרבות צורים, אין די בריוו פֿון די מנהיגים פֿון ווילנער קהילה צו אַנדערע קהילות פֿון יאָר 1772.

בראש פון אַ קרייזל חסידים, וואָס זייער שטייגער איז געווען „אָפּצו־שפּעטן פון אַלע לומדים און זיי מבזה צו זיין מיט אַלע מיני בזיונות, איבערקוליען זיך שטענדיק מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף אויף פלעצער און גאַסן, און אויך פאַרנעמען זיך מיט אַנדערע מינים שפּיל און שפּעטעריי אין די גאַסן פון קאַליסק און ליאָזנע"[1]. צו דעם דאָזיקן עדות זאָגן פון אַ חסיד קומט צו דאָס עדות זאָגן פון די ליטווישע מתנגדים, וואָס האָבן אָנגערופן אַזעלכע ליצנות־טרייבער מיטן נאָמען „דור תהפוכות", וואָרעם „זיי קערן זיך איבער פאַרן אָרון־קודש אויפן גוישן שטייגער (כמהפכת זרים ונכרים), מיט די קעפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף... זיי זיינען מבזה די וואָס לערנען די הייליקע תורה און שטענדיק טומלען זיי מיט געלעכטער און גע־שפּעט און מיט פאַרשייטער פרייד"[2].

אויך שלמה מיימון אין זיין לעבנס־באַשרייבונג זאָגט עדות — אפשר מיט אַ שטיקל גוזמא — וועגן די ווילדקייטן פון די קיצוניים אין יענער צייט: „אייניקע מיטגלידער פון דער דאָזיקער סעקטע האָבן אַריבערגעכאַפּט די מאָס... האָבן נאָכגעמאַכט די קינדער און זיינען אַריבערגעטראָטן אַלע געזעצן פון לייטישקייט: פלעגן אַרומלויפן נאַקעט איבער די גאַסן, האָבן אָפּגעטאָן זייערע באַדערפענישן פאַר אַלעמען אין די אויגן. ...אייניקע פון זיי האָבן זיך אַזוי פאַרטיפט אין רעיון פון „התפשטות הגשמיות" און „ביטול היש", ביז זיי זיינען אַראָפּ פון זינען... צום סוף איז נאָך צוגעקומען זייער גאווה און פאַראַכטונג צו אַלע מענטשן, וואָס געהערן ניט צו זייער חברה; באַזונדערס גרויס איז זייער פאַראַכטונג צו רבנים, וואָס זיינען, אמת, ניט פריי געווען פון חסרונות, אָבער מיט זייערע ידיעות און מיט זייער ווירקונג זיינען זיי געשטאַנען אַ סך העכער פון די דאָזיקע אומוויסנדיקע בטלנים"[3]. דאָס איז געווען אַ נאַטירלעכע רעאַקציע פון פריי געוואָרענע קנעכט קעגן דער אַלטער אָרדענונג, וואָס האָט אויף זיי געדריקט,

1 אין בריוו פון ר' שניאור זלמן ליאָזנער אין ספר „פרי הארץ" פון ר' מענדל וויטעבסקער צום סוף (קאָפּוסט, תקע"ח); אָפּגעדרוקט אינגאַנצן אין ספר „בית רבי", חלק א' 84—85.

2 זמיר עריצים וחרבות צורים, אין ווילנער בריוו פון יאָר תקל"ב, עמוד 3.

3 לעבנס־געשיכטע פון שלמה מיימון, סוף ניינצנטער קאַפּיטל.

קעגן דער אַסקעטישער דערציִונגס־סיסטעם, אַ מרידה פון דערשטיק־טע אונטערן „יאָך פון תורה און מצוות", וואָס האָבן געזוכט רעליגיעזע דערהויבונג אין ליצנות און שטיפעריי.

די בעסערע צווישן דעם מגידס תלמידים זיינען ניט צופרידן געווען פון דעם דאָזיקן פיר פון זייער חבר אברהם קאַליסקער, וואָס סוף כל־סוף האָט אויך זיין רבי פון מעזריטש אויף אים אָנגעשריען [1]. די מתנגדים אָבער האָבן ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן די און יענע, אַלע אָנפירער פון די „מעזריטשער" זיינען פאַר זיי געווען גלייך, און אַלע זיינען געווען שולדיק. דער עלטסטער פון זיי, ר' מענדל וויטעבסקער, האָט אין יענער צייט געפירט זיין קליינע עדה אין מינסק [2] און האָט זיך געמיט צונויפצורעדן מיטן ווילנער גאון און צו מאַכן אים קלאָר, אַז אין דער שיטה פון חסידות איז קיין אפיקורסות ניטאָ; צוליב דעם איז ער אום ווינטער תקל"א געקומען קיין ווילנע, נאָר עס האָט אים ניט אָפּגעגליקט צו זען דעם פאַנאַטישן גאון. דערווייל זיינען אָנגעקומען כתבים וועגן דער סעקטע קיין ווילנע פון דער שקלאָווער קהילה, וואָס דאָרט זיינען די חסידים געווען איבערגעענטפערט צום בית־דין פון די רבנים, און דער גאון האָט געפונען די געזוכטע אפיקורסות און האָט געפּסקנט: „דער דין איז ווי די הייליקע קהילה שקלאָוו, מחמת די משפחה (די סעקטע חסידים) זיינען אפיקורסים, וואָס מען דאַרף זיי אַראָפּוואַרפן און ניט אויפהויבן (מורידין ואין מעלין)" [3]. אין דער אסיפה פון די פירער פון דער שקלאָווער קהילה, וואָס אויף איר האָבן די רבנים געהאַט אַ וויכוח מיט די פירער פון די

1 „פרי הארץ", דאָרט; „בית רבי", דאָרט; האָראָדעצקי, „החסידות והחסידים" II, ל"ט—מ'.

2 מיטן נאָמען „ר' מענדל ממינסק" באַצייכענען אים מתנגדישע דאָקומענטן פון יאָר תקל"ב (זמיר עריצים וחרבות צורים), וואָרעם אין די לעצטע יאָרן דעם מעזריטשער מגידס איז ער געזעסן אין מינסק און האָט דאָרט איינגעפלאַנצט די תורה פון חסידות. שפּעטער האָט ער זיך אומגעקערט קיין וויטעבסק און האָט זיך באַזעצט אין דער נאָענטער שטאָט האָראָדאָק (זע „פרי הארץ" אין די בריוו און „בית רבי" I, ז' 12).

3 זמיר עריצים וחרבות צורים, 28: „אז דער רב מענדל פון מינסק איז דאָ געווען דעם פאַרגאַנגענעם ווינטער ביים גאון" אאַז"וו; און היות ווי דער ספר איז אָנגעשריבן און אָפּגעדרוקט סוף יאָר תקל"ב, איז דערפון געדרונגען, אַז דאָ גייט די רייד וועגן ווינטער תקל"א.

חסידים, „איז אַנטפּלעקט געוואָרן די שאַנד פון דער דאָזיקער כּת און מען האָט אויפגעדעקט און אויסגעשפּרייט זייערע מעשים און תּעתּועים, און מען האָט זיך ניט גערירט פון אָרט, ביז וואַנען מען האָט זיי געמאַכט פאַר פולקומע אפּיקורסים" — אַזוי זאָגט אָן מיט ניצחון אַ בריוו פון ווילנע אין יאָר תּקל"ב [1].

דאָס אַלץ איז נאָר געווען ווי אַ פאָרשפּיל צו יענעם שטורעם, וואָס האָט זיך צעבושעוועט אין ווילנע פרי־יאָר־צייט 1772.

---

## § 19. דער חרם אין ווילנע און די רדיפות אויף דער סעקטע אין די איבעריקע ליטווישע קהילות (1772).

א „קאַרלינער" מנין אין ווילנע. — די אָנפירער פון קרייזל ר' איסר און דער מגיד ר' חיים. — אַן איבערגאַנג אין שטאָט און „חטאים־זוכער". — אַ זיצונג פון בית־דין חול־המועד פּסח תּקל"ב. — צעטריבן דעם „קאַרלינער מנין". — חרם אויפן מגיד ר' חיים. — אַן אונטערזוך אין די מעשים פון דער סעקטע, אַנטפּלעקט באַהאַלטענע כּתבים און „מיאוסע מעשים". — דער פּסק פון בית־דין. — שאַנד־סלופּ אָדער קונע. — דער גאון דער קנאי. — די שטראָף פון ר' איסר. — פאַרברענונג פון די חסידישע כּתבים ביי דער קונע. — אויסגערופן אין שול אַ חרם. — בריוו פון ווילנע צו די הויפּט־קהילות. — חרם אין אַלע קהילות און צעטרייבונג פון חסידישע מנינים. — דער־ווייליקער ניצחון פון די מתנגדים.

דער „שונא" איז אַריינגעדרונגען אין דער פעסטונג פון רבנות, אין דער יידישער מעטראָפּאָליע — קיין ווילנע. דאָ אָבער האָט ער גע־מוזט זיך אויסבאַהאַלטן, כּדי די פירער פון דער קהילה זאָלן פון אים ניט געוואָר ווערן. די גרופּע חסידים אין ווילנע פלעגט זיך צונויפ־קלייבן דאַוונען אין אַ באַזונדער שטוב, וואָס האָט געהייסן דער „קאַר־לינער מנין" [2]. בראש פון דער גרופּע זיינען געשטאַנען צוויי מענטשן, וואָס האָבן קענטיק איבערגענומען זייער תּורה פון דעם „גרעסטן אין

---

1 דאָרט, 27: אין בריוו פון די ווילנער פּרנסים צו די איבעריקע הויפּט־קהילות אין ליטע.

2 זמיר עריצים וחרבות צורים, ז' כ"ח.

זייער חבורה", ר' מענדל פון מינסק אָדער וויטעבסק[1]: דער תלמודיסט ר' איסר, „וואָס איז פריער ביי יידן געריממט און געלויבט געווען", און דער מגיד פון דער ווילנער קהילה ר' חיים. דאָס וואָס אַזעלכע חשובע מענטשן האָבן זיך באַטייליקט אין די פאַרזאַמלונגען פון די „חשודים" (אַזוי פלעגן די „מתנגדים" מיט שפּאָט אָנרופן די חסידים) האָט דערוועקט אומרו ביי די רבנים, וואָס האָבן אָנגעהויבן זוכן און פאָרשן. און אָט איז געקומען אַ צופאַל צו הילף די פאַנאַטיקער.

אין ווינטער פון יאָר תקל"ב (1772 — 1771) איז איבער ווילנע אַרומגעגאַנגען אַ שווערע קרענק, וואָס פון איר זיינען געשטאָרבן עטלעכע הונדערט קליינע קינדער; האָבן זיך די פירער פון דער קהילה איבערגעשראָקן און האָבן לויטן שטייגער פון יענע צייטן אָנגעהויבן צו „זוכן חטאים" ביי יידן, כדי אויפצוּוועקן דאָס פאָלק צו טאָן תשובה און איבערצובעטן דעם אייבערשטן דורך באַשטראָפן די וואָס האָבן געזינדיקט קעגן די געזעצן פון רעליגיע און מאָראַל. האָט מען געזוכט און אויסגעפונען, פון וואַנען די צרה שטאַמט: דער אייבערשטער האָט אויסגעגאָסן זיין צאָרן אויפן פאָלק ישראל דערפאַר, וואָס די כנופיות חסידים זיינען מבטל דאָס לערנען תורה און מאַכן איבער רעליגיעזע מנהגים. האָט מען גענומען בודק זיין זייערע כתבים און מען האָט געפונען אין זיי סימנים פון געפערלעכער אפיקורסות; אויך אין דעם אויפפיר פון עטלעכע סעקטע־לייט זיינען אויפגעדעקט געוואָרן „מיאוסע מעשים". האָבן די פירער פון דער קהילה באַשלאָסן צו באַשטראָפן די אָנפירער פון דער „כת", וואָס מען האָט אויף זיי עדות געזאָגט שרעקלעכע זאַכן, אַ שטייגער: אַז דער מגיד ר' חיים זאָל האָבן געזאָגט עפנטלעך, אַז דער ווילנער גאון איז „שקר און זיין תורה איז שקר און זיין אמונה איז שקר". אום חול־המועד תקל"ב איז געווען אַ זיצונג פון די פרנסים פון דער קהילה און פון צוויי כיתות דיינים צו משפטן די חסידים, און זיי האָבן אַרויסגעטראָגן אַ פסק, אַז מען מוז תיכף פונאַנדערלאָזן דעם „קאַרלינער מנין" און צווינגען דעם מגיד ר' חיים, ער זאָל בעטן מחילה פאַרן ארון־קודש „אויפן כבוד פון אייבערשטן און אויפן כבוד פון

---

1 דאָרט ז' ח'. — אלץ וואָס ווערט געבראַכט ווייטער אין גענזנ־פיסלעך („......") איז גענומען פון דער דאָזיקער דאָקומענטן־זאַמלונג.

דער תורה און אויפן כבוד פון חסיד (דעם גאון"). אַז ר' חיים איז געקומען מיט נאָך צען מענטשן בעטן מחילה ביים גאון, האָט ער פון אים געהערט האַרבע רייד: „מיין כבוד איז דיר געשענקט, אָבער דער כבוד פון אייבערשטן און דער כבוד פון דער תורה — חלילה אויב די דאָזיקע זינד וועט אַייך פאַרגעבן ווערן, ביז איר וועט שטאַרבן". האָט דער מגיד געזאָגט אַ נידערגעשלאָגענער: „גיט אונז אַ תשובה". האָט דער גאון געענטפערט: „אַלע וואָס קומען צו איר קערן זיך ניט אום (כל באיה לא ישובון, משלי ב' 19) — דאָס איז די טבע פון אפיקורסות". דעמאָלט איז ר' חיים אָפּגעזאָגט געוואָרן פון מגידות און מען האָט אים באַהאַנדלט ווי אַ מוחרם. ער איז געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן די שטאָט[1].

דערנאָך האָט מען זיך גענומען אויספאָרשן די טועכץ פון דעם הויפּט-אָנפירער פון קרייזל, דעם „פאַרפירער" (מסית ומדיח) ר' איסר, וואָס אויך ער האָט „גערעדט שלעכטס" (דבר כרה) אויפן גאון. מען האָט געשיקט זוכן די ספרים און כתבים פון דער סעקטע און מען האָט געפונען „משונהדיקע כתבים". פון אויסהערן עדות זיינען די אויספאָרשער געוואָר געוואָרן, אַז אין „קאַרלינער מנין" זיינען אויך אָפּגעטאָן געוואָרן „מיאוסע מעשים", דהיינו: די דאַוונער פלעגן מפסיק זיין אינמיטן דאַוונען, אַריינשטעלן „דברי לעז", דאָס הייסט תפילות אין יידיש, און פלעגן אויך מאַכן „שטותערייען מיט די אייבערשטע אויף אונטן און די אונטערשטע אויף אויבן" (דאָס איז דאָס „קוליען זיך", וואָס איז דערמאָנט אויך ביי דעם קאָליסקער קרייזל). איינער האָט מודה געווען פאַרן בית-דין, אַז ער איז געווען טמא מיט משכב זכור, נאָר ער האָט גענומען אַ „תשובה" ביי ר' מענדל פון מינסק. אַז די פרנסים זיינען געקומען פרעגן דעם גאונס מיינונג וועגן דעם ענין, האָט ער געזאָגט, „אַז עס איז אַ מצווה צו רודפן די חסידים און צו פאַרטרייבן זיי פון לאַנד". דעמאָלט האָבן זיך אַוועקגעזעצט די פרנסים און צוויי כיתות בית-דין מיטן ווילנער שטאָט-רב און האָבן אַרויסגעטראָגן אַזאַ פסק: א) צו פאַרברענען די כתבים („ספרי דתיהם") פון די סעקטאַנטן פאַר קבלת שבת ביים אַריינגאַנג פון

1 דאָרט. קאָמבינירט די ידיעות פון דעם ערשטן דאָקומענט (בריוו פון ח' אייר תקל"ב) מיט דעם וואָס ווערט דערציילט צום סוף פון ספר, ז"ז 28—29.

שול לעבן שאַנד=קלאָץ, וואָס הייסט „קונע" [1]; ב) דער ראש פון דער חברה מוז שבת אינדערפרי בעתן דאַוונען אַרויפגיין אויף די אייבערשטע טרעפ פון דער בימה אין דער גרויסער שול און זיך מתוודה זיין לויטן נוסח ווי דער בית=דין וועט הייסן, און דערנאָך זאָל דער שמש אים מחרים זיין צוזאַמען מיט זיין גאַנצער חבריה; מען זאָל שיקן בריוו אין אַלע הויפט=קהילות, ד"ה קיין בריסק, גראָדנע, פינסק און סלוצק, און צו די קהילות פון שקלאָוו און מינסק, „וואָס דאָרט זיצט דער שורש פון דער טומאה" (אשר שם מושב סמל הקנאה, יחזקאל ח' 4). ביזן אויספירן דעם פסק האָט מען ר' איסרן אַריינגעזעצט אין תפיסה אין ווילנער שלאָס [2].

אַז מען האָט געלאָזט וויסן דעם גאון דעם פסק=דין (ער איז דעמאָלט געזעסן אין ווילנער פאָרשטאָט אַנטאָקאָליע), האָט ער געלאָזט רופן צו זיך די פרנסים און האָט צו זיי געזאָגט מיט גרימצאָרן: „פאַרוואָס האָט איר אַזוי גרינג באַשטראָפט די „כת"? וואָלט איך נאָר געהאַט כוח, וואָלט איך געטאָן ווי אליהו הנביא האָט געטאָן מיט די נביאים פון בעל" (ד"ה פשוט אויסגעשאָכטן). דער גאון דער פאַנאַטיקער האָט געפאָדערט, מען זאָל שטעלן איסרן אין קונע, אָבער די פרנסים האָבן דערצו ניט מסכים געווען און האָבן פאַרביטן די דאָזיקע שטראָף מיט אַן אַנדערער: פאַר קבלת שבת האָבן זיי דעם פאַרמשפטן געשלאָגן אין קהל=שטיבל מיט אַ קאַנטשיק, און דערנאָך האָבן זיי פאַרברענט די כתבים פון דער סעקטע ביי דער קונע [3]. פרייטאָג=צו=נאַכט איז ר' איסר געזעסן פאַרשפאַרט אין קהל=שטיבל,

---

1 זע אויבן § 18.

2 דער סדר פון די געשעענישן איז דאָ און ווייטער געשטעלט לויטן פאַרגלייך און קריטיק פון די צוויי דאָקומענטן, וואָס זיינען דערמאָנט אין קונטרס „זמיר עריצים", באַזייטיקט דעם פלאָנטער וואָס אין זיי.

3 וואָס זיינען דאָס פאַר אַ כתבים, וואָס זיינען פאַרברענט געוואָרן אין ווילנע? קיין ספק ניט, אַז צווישן זיי זיינען געווען אָפּשריפטן פון בעש"טס ווערטלעך און פון מעזריטשער מגידס דרשות, וואָס פלעגן ווערן איבערגעגעבן פון מויל צו מויל און זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן אין כתב=יד, איידער זיי זיינען געוואָרן צונויפגעקליבן אין די ספרים פון ר' יעקב=יוסף און פון מגיד. — און אפשר זיינען אַזעלכע זאַמלונגען געווען שוין אין יענער צייט באַוואוסט אונטערן נאָמען „צוואת הריב"ש", ווי מען האָט זיי שפּעטער אָנגערופן געדרוקטערהייט.

און אויף מאָרגן, שבת, בעת תּפילת שחרית, איז ער מיט זיינע חברים אַרויף אויף דער בּימה אין שול און האָט אויסגעהערט דעם נוסח פון חרם, וואָס איז אויסגערופן געוואָרן אויף דער סעקטע חסידים[1].

דער חרם אין ווילנע איז אויסגערופן געוואָרן אין יאָר תּקל״ב (1772) נאָך פּסח[2]. לויט דעם פּסק־דין זיינען תּיכּף געשיקט געוואָרן בּריוו צו די הויפּט־קהילות אין ליטע און רייסן מיט אַ ווענדונג אַריינצולייגן די חסידים אין חרם אויך אין יענע ערטער. אום ראש־חודש אייר דעם זעלביקן יאָר איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אַ בּריוו, גע־חתמעט דורך דעם גאון ר׳ אליהו, דעם ווילנער רב ר׳ שמואל (דאָס איז דער זעלבּער רב וואָס איז בּאַוואוסט דורך זיין מחלוקת מיט ווילנער קהל) און פופצן דיינים, צו דער בּריסקער קהילה אויפן נאָמען פון בּאַרימטן רב ר׳ אברהם קאַצינעלנבויגען. אין דעם קול־קורא איז געשטאַנען געשריבּן: „אחינו בּני ישראל, איר ווייסט מסתּמא פון דעם גיים וואָס איז געקומען אויף אונז ניט לאַנג, וואָס אונזערע טאַטעס האָבּן דאָס ניט משער געווען. עס האָבּן זיך צונויפגענומען אַ כּת חשודים (אַנשטאָט „חסידים״)... און זיי מאַכן קרייזלעך פאַר זיך, און זייער שטייגער איז אַנדערש ווי כּל ישראל אין די נוסחאות פון די תּפילות... און זיי טוען אויך שרייען אין דער תּפילה שמונה עשרה מיאוסע לע״ז־ווערטער (דאָס הייסט: אין יידיש) און פירן זיך מיט שגעון און זאָגן, אַז זייערע מחשבות שוועבּן אַרום אין אַלע וועלטן... און זיינען מבטל זיינגאַנצן דאָס לערנען תּורה, און זיי זיינען תּמיד געווינט וואָס ווינציקער צו לערנען און זיך ניט שטאַרק מצער צו זיין, ווען עס מאַכט זיך זיי טאָן אַן עבירה... אַלע טאָג איז בּיי זיי יום־טוב (כּל ימיהם כחגים)... אַז זיי שטייען אין זייערע געפעלשטע תּפילות, לאָזן זיי אַרויס (מראים) פאַרשיידענע קולות, און עס איז אַ געוואַלד אין שטאָט (וקול המון הקריה הומה)... און זיי דרייען זיך ווי רעדער, דאָס אייבּערשטע אויף אונטן און דאָס אונטערשטע אויף אויבּן ...אָט דאָס איז נאָר אַ טייל פון זייערע מעשים, אַ טויזנט־חלק פון זייערע מיאוסע דרכים... ווי די דאָזיקע חשודים האָבּן פאַר אונז זיך מודה געווען... און געלויבּט איז גאָט, וואָס מן השמים איז זייער זינד געוואָרן אַנטפּלעקט. דאָ

1 זמיר עריצים וחרבות צורים, פאַרריכט דעם סדר.

2 „זמרת עם הארץ״ צום סוף, אין בּריוו פון ר׳ דוד מאַקאָווער.

אין אונזער שטאָט: זיי האָבן מיטן אייגענעם מויל זיך מודה געווען נאָך אַ שאַרפן זוכן מיט חקירות ודרישות... דעריבער זיינען מיר געקומען מודיע צו זיין צו אַלע אונזערע ברידער, יידן, די נאָענטע און די ווייטע... אַלע עלטסטע פון פאָלק זאָלן זיך אָננעמען מיט הייליקן ברען, צו פאַרלענדן און אויסצוראָמען און צו לאָזן אויסרופן אויף זיי אַ חרם. און מיטן אייבערשטנס הילף האָבן מיר שוין זייער בייזע מחשבה אויסגעוואָרצלט פון אונזער אָרט, און אַזוי ווי זיי זיינען אויסגעוואָרצלט געוואָרן פון אונזער אָרט, זאָלן זיי ווערן אויסגעוואָרצלט פון אומעטום... און אַפילו אויב זיי וועלן (ביי אַייך) זיך בעטן, זאָלט איר ניט גלויבן... וואָרעם זיי זיינען דורכאויס פאַרדאָרבן אין האַרצן... ביז זיי וועלן אַליין תשובה טאָן מיטן גאַנצן האַרצן, מוז מען זיי צעשפּרייטן און צעטרייבן, כדי צוויי אפּיקורסים זאָלן ניט גיין אין איינעם. זייער צעשפּרייטונג איז גוט פאַר דער וועלט"[1].

חוץ דעם איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון ווילנע אַ צירקולאַר-בריוו, געחתמעט דורכן רב, די פּרנסים און דיינים, צו אַלע קהילות[2]. דאָרט זיינען איבערגעחזרט אַלע באַשולדיקונגען פון פריערדיקן בריוו און צוגעגעבן נאָך עטלעכע פּרטים פון די רעזולטאַטן פון דער אויספאָרשונג וואָס איז געוואָרן געמאַכט אין ווילנע. „מיר האָבן נאָכגעזוכט און מיר האָבן געפונען זייער אָנפירער מו' איסור (אַ זידל-נאָמען אָנשטאָט איסר)... און זיי דרייען זיך אַרום, ער און זיינע לייט, אין דעם דאָזיקן קרומען וועג. און מיר האָבן אויך געפונען ביי זיי אַ ספר אַ כתב-יד, וואָס ווייזט דייטלעך אויף אַלע זייערע מעשים... לויט די גביות עדות וואָס מיר האָבן גאַנצע בינט... און ווידליק עס איז געוואָרן עדות געזאָגט אויף מו' איסור, און ער האָט זיך מודה געווען פאַר צוויי כיתות דיינים אין אַלצדינג וואָס ער האָט געטאָן. און מיר האָבן אים געהייסן, ער זאָל דערקלערן זיינע זינד אין אַלע שולן און בתי-מדרשים אין אונזער קהילה, אַז פּוסטע זאַכן זיינען אַלע די מעשים-תעתועים וואָס עס טוען ער און זיין רבי און אַלע וואָס שטייען צו צו זיי, אַז זיי ריידן געמיינע רייד און ליצנות, און זאָגן, אַז עס שטעקט דערין אַ וואונדערלעכע כוונה עפ"י סוד... און זיי זיינען נשמה-פאַנ-

---

1 זמיר עריצים וחרבות צורים, ז"ז 22 — 25.

2 דאָרט, 25—28. די צייט איז ניט פאַרצייכנט, ובכן קענטיק, אַז דער בריוו איז אָפּגעשיקט געוואָרן נאָך דער אויספאָרשונג פון בית-דין אין ווילנע.

גערם און נאָך דמים טוען זיי לאָקערן, דמים אין צוויי טייטשן, סיי זיי פירן אַראָפּ פון וועג און פאַרלאָזן די תורה, סיי די נדן־געלטער פון זייערע יונגע תלמידים, וואָס זייער אייגנס ווערט געפּטרט אין די נסיעות פון שטאָט צו שטאָט און אין אויסבּרענגערישע סעודות"[1]; אויך אין דעם דאָזיקן צירקולאַר־בּריוו פאָדערן די ווילנער פאַנאַטיקער אויף, מען זאָל רודפן די חסידים אין אַלע קהילות, „ווי ווייט אַ יידישע האַנט קאָן דערלאַנגען" און צעשפּרייטן זיי, „כּדי זיי זאָלן זיך ניט צונויפנעמען אין אַ מנין" (אין בּאַזונדערע מנינים צו דאַוונען).

די געוואַלד־געשרייען וואָס האָבּן זיך געלאָזט הערן פון ווילנע האָבּן געווירקט: אין אַלע שולן פון די ליטווישע קהילות איז אויסגע־רופן געוואָרן אַ חרם אויף די חסידישע קרייזלעך, און אין אַ סך ערטער זיינען זייערע „מנינים" צעטריבּן געוואָרן. שלמה מיימון, וואָס האָט דאָס אַליין געזען, פאַר זיין אַרויספאָר פון ליטע קיין דייטשלאַנד, זאָגט עדות, אַז דורך דער השפּעה פון דעם גאון אליהו פון ווילנע האָט זיך די רבּנים איינגעגעבּן „אויפצודעקן די שוואַכקייטן פון די חסידים, שטערן זייערע פאַרזאַמלונגען און אומעטום זיי צו רודפן", און איז מוסיף, אַז „איצט קאָן מען קוים געפינען אייניקע שפּורן פון דער דאָזיקער גע־זעלשאַפט, צעזייט און צעשפּרייט אין אייניקע מדינות"[2]. פאַראַן דאָ אַ שטיקל גוזמא אין דעם אויסזאָג פון דעם עדות, וואָס האָט איינגיכן פאַרלאָזן זיין היים־לאַנד, אָבּער עס איז קיין ספק ניט, אַז אין די ערשטע יאָרן נאָכן חרם זיינען די קרייזלעך חסידים אין ליטע ווינציקער געוואָרן אָדער זיי האָבּן זיך אויסבּאַהאַלטן, און ערשט אין אַ צייט אַרום זיינען זיי געקומען צו זיך פון דעם קלאַפּ און האָבּן צוריק אויפגעריכט זייערע מנינים. בּפרט איז דאָס געשען אין די רייסישע קהילות, וואָרעם גראָד אין זעלבּיקן יאָר איז פאַרענדערט געוואָרן דעם גורל פון לאַנד: אין יאָר 1772 איז ווייסרוסלאַנד אָפּגעריסן געוואָרן פון פּוילן און בּאַ־העפט מיט רוסלאַנד (אונטן, § 21).

1 אַן אָנצוהערעניש אויף די יונגע־לייט, וואָס די סעקטאַנטן פלעגן זיי אַריבּערציען קיין מעזריטש און קאַרלין, ווי עס ווערט דערציילט אין שלמה מיימונס לעבּנס־בּאַשרייבּונג.

2 לעבּנס־בּאַשרייבּונג פון שלמה מיימון, סוף פון קאַפּיטל 19; כּ"י „זמרת עם הארץ" אין אויבּנגעבּראַכטן בּריוו.

## § 20. דער בראָדער חרם און די רעליגיעזע מחלוקת אין גאַליציע.

די חסידות אין גאַליציע. — בריוו פון ווילנע קיין בראָד. — גרויסער אויפרוף אין יריד־טאָג: מען טאָר ניט דאַוונען פון ארי״ס סידור, קוילען מיט געשליפענע חלפים, אָנטאָן ווייסע קליידער שבת און יום־טוב און בכלל משנה זיין מנהגים. — רייסערייען און קריגערייען אין דער קהילה לעשנאָוו און תקנות קעגן חסידים: מען מוז אויפפּאַסן אויף די לייט פון דער „כּת", זיי זאָלן ניט מחלל שם זיין בפרהסיא און ניט ארייַנציען אנדערע אין זייער נעץ. — דער חילוק צווישן ליטע און גאַליציע. — דער פּראָטעסט פון רבּ שמעלקע הורוויץ.

דער שטורעם וואָס האָט זיך צעבושעוועט אין ליטע האָט דער־גרייכט ביז צום גרענעץ פון גאַליציע. אין משך פון צענדליקער יאָרן, זינט דער צייט פון בעש״ט און דעם פּאָדאָליער צענטער, האָט די חסידות זיך פאַרשפּרייט דאָ אומגעשטערט: זי האָט איינגענומען דעם גרעסטן טייל קליינע קהילות און איז אַריינגעדרונגען אויך אין די גרויסע קהילות פון מזרח־גאַליציע, אין לעמבערג און בראָד, די צוויי הויפּטשטעט אין דעם פאַרבאַנד „וועדי הארצות", איידער ער איז בטל געוואָרן אין יאָר 1764. די שפּראָצונגען פון חסידות האָבן זיך באַוויזן דאָרט אין דער צייט פון מעזריטשער מגיד, בעת זיינע גאַליציאַנער תלמידים זיינען געקומען אַהיים און מיטגעבראַכט זיין תורה[1]. די רבנים און פּרנסים פון

1 דער געלערנטער ר׳ ישראל זאמאשץ, משה מענדלסאָנס לע־רער אין מאטעמאטיק (געשטאָרבן אין בראָד 1772), זאָגט עדות אויף די חסידים אין זיין ספר „נזר הדמע" (דיהרנפורט, תקל״ג, עמ׳ כ״ח — כ״ט) אין אַזאַ מליצה: „ווי געשריגן אויף אַ פאָלק מיט פליגל־גערויש (צלצל כנפים, ישעיה יח 1), די שטאָלצע קרוין פון שיכורים אין אפרים (עטרת גאות שכורי אפרים, ישעיה כ״ח 1), וואָס רייטן אין זייער גאווה אויפן הימל... און אויפן גאָט פון די געטער רעדן זיי חידושים און ווייסן דאָס וויסן פון אויבערשטן... זיי ווייסן און פארשטייען אויסצוקלייבן די פונקען פון הייליקייט... און אויך די האָבן דורך וויין אַ טעות געהאט און אין שיכור־געטראנק געבלאָנדשעט, דער כוהן און נביא און די בעלי שם (וגם אלה ביין שגו ובשכר תעו, כהן ונביא... ישעיה כ״ח 7). אלע טאָג איז ביי זיי יום־טוב, מען עסט און טרינקט און הוליעט... און איך האָב געזען פיינע לייט כאַפּן דעם שענקל און דאָס

דעם לאַנד, וואָס זיינען אַראָפּ פון זייער גדולה נאָך דער צעשטערונג פון דעם פּאַראייניקטן צענטער, האָבן ניט געהאַט דעם מוט זיך אַנטקעגנצושטעלן קעגן דער נייער באַוועגונג און האָבן באַדאַרפט קריגן אַ שטופּ פון אויסווייניק, מצד אַ שטאַרקערן נאַציאָנאַלן קיבוץ, בכדי זיי זאָלן אַרויסטרעטן קעגן די צעשטערער פון זייער רעליגיעזער אַחדות. דער דאָזיקער שטופּ איז געקומען פון ליטע, וואָס האָט פּראָקלאַמירט אַ מלחמה פאַרן גלויבן.

באַלד נאָך די געשעענישן אין ווילנע איז פון דאָרט אַרויסגעשיקט געוואָרן צו די פּירערס פון דער קהילה אין בראָד אַ „קנאות-בריוו“ (אגרת קנאות), אָנגעשריבן דורך „איינעם אַ מאַן, אַ געאַכפּערטן און גערימטן“, אַכט טעג אין אייר תקל״ב [1]. דער שרייבער לאָזט וויסן וועגן „דער מיאוסער מעשה, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן אין ישראל“ און ווי אַזוי עס זיינען אויפגעדעקט געוואָרן די זינד פון די חסידים אין ווילנער קהילה, ווי אַזוי עס זיינען באַשטראָפט געוואָרן זייערע אָנפירערס ר׳ איסר און ר׳ חיים און עס זיינען פאַרברענט געוואָרן זייערע ספרים („ספרי דתיהם“) פאַרן טויער פון שול און עס איז אַרויסגעלייגט געוואָרן דער גרויסער חרם אויף די אַלע „וואָס בויען פאַר זיך אַ במה, אָפּצושיידן זיך פון כלל“. דער מחבר פון בריוו דערציילט די שבחים פון דעם „אמתן גאון, דעם געטלעכן מקובל אליהו חסיד“, וואָס האָט געהייסן רודפן די סעקטע אָן רחמנות און שרייבט, ווי אַ מענטש וואָס האָט זיך אַליין באַטייליקט אין דעם דאָזיקן פרומען קריג: „און מיר האָבן געשריבן צו אַלע אלופים די ראשים פון יידישע קהילות, יידן זאָלן זיין גרייט זיך נוקם צו זיין

איבערשטע (שיריים) און קערן איבער די שיסל, און אנצושטאָפּן דעם גאָרגל נעמט ער בראָנפן א פעסל, און אז ער איז שוין פול איבער די ברעגעס, דרשנט ער מעשה מרכבה... ער הייבט אויף די אויגן צום הייליקן פון ישראל צו זאָגן וואָס גאָט טוט, און ברומט פון א הויפן פלייש ארויס, ווי אזוי צען מאָל צען טויזנטער וועלטן זיינען געמאַכט מיט אמת און מיט יושר... און זוכט די פארבאָרגענישן פון דער תורה און משיג צו זיין דעם וואָס זיצט אויבן דורך בהמהשע מעשים... מיין קינד, גיי ניט מיט זיי״. כדאי צו פארצייכענען, אז ר׳ ישראל זאמאָשץ, וואָס איז געשטאָרבן אין דער צייט פון די אויפרופן פון יאָר 1772, באנוצט זייער לשון. קענטיק, אז ער האָט גוט געקענט די דרכים פון די חסידים און צדיקים אין גאליציע.

1 זמיר עריצים וחרבות צורים, ערשטער בריוו (ז״ז 2—5).

אָן גאָטס פֿיינד, צו מאַכן אַ צאַם און סייג, אָפּצובויען דאָס צעשטערטע... עס זאָל חס־ושלום די דאָזיקע שלעכטע משפּחה ניט נאָך מער אַרויפֿברענגען דעם אייבערשטנס גרימצאָרן אויף יידן". דער בריוו איז אָנגעקומען קיין בראָד, און אום אסרו חג שבועות האָט דער קהל־שרייבער אים איבערגעשריבן, כדי אים צו פֿאַרשפּרייטן צווישן עולם. דעם רושם וואָס דער בריוו האָט געמאַכט אויף די מנהיגים פֿון דער קהילה שילדערט דער שרייבער מיט די ווערטער: „דערשראָקן זיינען מיר געוואָרן פֿון זען, פֿאַרקרימט פֿון הערן, אַז עס איז נאָך ניט אַיינגעלאָשן דאָס פֿייער וואָס פֿלאַקערט אַזוי פֿיל יאָרן, עס טאַנצן נאָך אַרום צווישן אונז חבורות רשעים וואָס טוען אין פֿאַרבאָרגעניש זיך קליגן צו פֿאַרדרייען זייערע וועגן, משנה צו זיין מנהגים—אַ יידישער מנהג איז דאָך אַ תורה,—און פֿאַרשוועכן דעם אייבערשטנס נאָמען אין פֿאַרבאָרגעניש און עפֿנטלעך". דעמאָלט האָבן זיך צונויפֿגענומען די פּרנסים און רבנים פֿון בראָדער קהילה און האָבן אויף זייער אסיפֿה באַשלאָסן אַרויסצולאָזן האַרבע תקנות, כדי צו פֿאַרהאַלטן די אויסשפּרייטונג פֿון דער סעקטע און פֿאַרעפֿנטלעכן אַ כרוז מיט אַ „גרויסן און שרעקלעכן חרם", צוואַנציק טעג אין סיוון בעתן גרויסן יריד אין בראָד, וואָס דעמאָלט קלייבן זיך צונויף יידן פֿון אַלע נאָענטע שטעט. אָט איז דער כרוז, וואָס איז אָנגעשריבן, ווי מען פֿלעגט געוויינטלעך שרייבן כרוזים אין יענער צייט, אין דער יידישער פֿאָלקס־שפּראַך, שטאַרק אויסגעמישט מיט לשון־קודשדיקע ווערטער און אויסדריקן[1].

„הערט צו כל הקהל הקודש, דאָ לאָזין כבוד הרוזנים נגידים מנהיגים, בצירוף הנגידים המפורסמים יחידי סגולה דמחוזא[2] [די פּייגע לייט פֿון קרייז], במוסכם אסיפה שלמה, מכריז ומודיע זיין: באשר הקול נשמע בכל מחנה העברים [עס לאָזט זיך הערן אַ קלאַנג אין גאָר דער יידישער וועלט], אז עש איז בעוונותינו הרבים ווידר חוזר זניעור [ווידער אויפֿגעוועקט] גיווארין בקרב עמנו כתות וחבורות, וואָס זענין נחלקים מתוך [טיילן זיך אויס פֿון] העדה השלימה והצדק(?),

---

1 דאָרט, ז"ו 6 — 11. דאָ איז ער איבערגעדרוקט כמעט אינגאַנצן; אויסגעלאָזן זיינען נאָר עטלעכע מליצות און איבערחזרונגען. די שווערערע לשון־קודשדיקע אויסדרוקן זיינען דאָ איבערזעצט אין יידיש אין קאַנטיקע קלאַמערן [...].

2 דאָס הייסט, אַז צו די מנהיגים פֿון בראָדער קהילה זיינען צוגעשטאַנען אויך די מנהיגים פֿון די קהילות פֿון קרייז, וואָס זיינען געקומען צום יריד.

מאכין זיך מנהגים חדשים וחוקים לא טובים, זענין פורק עול התורה מעל צואריהם ובהפקירא ניחא להו [וואַרפן אַראָפּ פון זייער האַלז דעם יאָך פון דער תורה, און זיי איז ניחא הפקרות].

„כאשר ראינו האגרת הכתובה מקריה נאמנה [אַז מיר האָבּן געזען דעם בריוו געשריבּן פון דער געטרייער שטאָט] ק"ק ווילנא, אַז דארטין האט מתנוצץ געווען איש זרה, כמה אנשים רעים וחטאים לה׳ בגופם [אויפגעשיינט אַ פרעמד פייער פון מענטשן שלעכטע און זינדיקע], וואש האבין זיך געמאכט מנהגים חדשים ומשונים, שונות מכל העם הישראלי, וואש זענין נגד תורתנו והגמרא והפוסקים ראשונים ואחרונים און האבין מלעיג געווען על דברי חכמים מצוקי ארץ [געשפּעט איבּער די רייד פון חכמים, די זיילן פון דער ערד]. און השם יתברך האט די רשעים מפרסם געווען בגלוי, וואש עד הנה איז געווען במחשך כל מעשיהם, און דאש וועט ווייטער נאָך מער נתגלה ווערין. באשר הקול נשמע, אַז כל הקהלות של מדינת ליטא מאכין איין אסיפה שלימה ללבוש בגדי נקם, קנאת ה׳ צבאות לחטט ולשרש אחריהם, להכרית מארץ זכרם ולהתות גחלים על ראשם בחרמות ושמתות ונידויים, כאשר החלו לעשות [אָנטאָן זיך מיט נקמה, זוכן און אויסוואָרצלען, פאַרטיליקן זייער אָנדענק פון דער ערד און אַרויפשיטן קוילן אויף זייערע קעפּ מיט חרמות, ווי זיי האָבּן דאָס אָנגעהויבּן טאָן].

„אונ די זעלבּיגה לייט וואש מאכין זיך מנהגים חדשים זענין בונים במות לעצמם להבדל מתוך העדה הקדושה [בּויען במות פאַר זיך אָפּצושיידן זיך פון דער הייליקער עדה], מאכין זיך באַזונדרה מנינים, זענין ניט מתפלל עם הצבור בבתי כנסת ובתי מדרש הקבועים, און זענין משנה ממטבע שטבעו חכמים גדולי הפוסקים כל תיקוני התפלות במדינות הללו [פון דעם וואָס גרויסע חכמים האָבּן אַיינגעשטעלט די תפילות אין די דאָזיקע לענדער]. און די זעלבּיגה לייט זענין מחרף ומגדף, מלעיבים [בּאַליידיקן] במלאכי אלקים, און זענין עובר זמן קריאת שמע ותפלה און דווקא בשינוי נוסחאות, ניט מנהג מדינות הללו, וואש אונזרה גאונים קדמונים האבין אונז מוסר געווען. וכהיום גיפינן זיך זעלכי רשעים פושעי ישראל בגופן, זענין פורק עול ומניחין חיי עולם, רק בנגינתם כל היום [וואַרפן אַוועק דאָס אייבּיקע לעבּן, רק זיי זינגען אַ גאַנצן טאָג], און מאכין זיך חבורות חבורות כתות כתות, זענין

מבזה כלל התורה שבע"פ [שבעל פה] און זאגין, זיא לער־גען רק קבלה און זענין מתפלל מתוך הסידור של איש אלקי קדוש האר"י ז"ל, וואש זיא זענין בוודאי קוצץ בנטיעות [האַקן אָפּ געוויקסן, ד"ה זיינען מקצר] דרינן. מצורף לזה מאַכין זיא זיך חלפים לשחיטה דווקא גישליפינה, וואָס מען געפינט ניט בכל התלמוד והפוסקים ראשונים ואחרונים, וואש כל השוחטים זאָ־גין, עש איז בלתי אפשר [אוממעגלעך] דרמיט צו שוחטן, מוז מען קומין לידי חלדא, הגרמה ועיקור [וואָס מאַכן די שחיטה טריף].

„זה כמה שנים איז געוועזין זעלכי רשעים בעולם, אַזוי זע־נין גיוועזין בעת ההיא חכמי הדורות, פרנסים ומנהיגים דארבע ארצות, האָבין זיא רודף גיוועזין ומפרסם קלונם [זייער שאַנד] ברבים גיוועזין, ביז מען איז פטור גיוואָרין פון זיא. וכהיום הוסר המצנפת והורם העטרה[1], אנשי אמונה אבדו ואין מי יקום לנו עם מרעים [היינט איז אַראָפּ די גדולה, געטרייע מענטשן האָבן זיך געפעלט, און ניטאָ ווער עס זאָל אונז בייִשטיין קעגן רשעים]. אַזוי האָבין זיך וידה מתעורר גיוועזין זעלכי רשעים, שורש פורה, ולמחיש מיבעי [מען באַדאַרף מורא האָבן], עש זאָל ניט ווידר ח"ו נתחלל ווערין בין העמים שם שמים, פן יאמרו, אַז אונזר תורה איז ח"ו כשתי תורות, מיר זאָלין ח"ו ניט זיין ללעג ולקלס בין האומות. עד מתי יהיה זה למוקש לבית ישראל? קומו מישרים לעזרת ה' בגבורים [צו שאַנד און שפּאָט צווישן די פעלקער. ביז ווי לאַנג וועט דאָס נאָך זיין אַ שטרויכלונג פאַר יידן? שטייט־אויף, רעכט־פאַרטיקע, צום העלדישן קאַמף]! איטלכר וואש האט יראת ה' בלבב; קער זיך מתעורר צו זיין בכל נפשו לקנא קנאת ה' צבאות, לכבוד שמו הנכבד והנורא לבל יתחלל, לגדור הפרצה ולהדוף את האנשים הרשעים הללו בכל מקום שהם או שמין מהם [מיט זיין גאַנצער נשמה זיך איינצושטעלן פאַר גאָטס כבוד וועגן, זיין געאַכפּערטער און פאַרכט־לעכער נאָמען זאָל ניט פאַרשוועכט ווערן, פאַרצאַמען דעם בראָך און אָפּשטופּן די שלעכטע מענטשן, וואו זיי זיינען אָדער אַ זכר

1 אַן אָנצוהערעניש אויף דעם, וואָס די רעגירונג האָט אָפּגעשאַפט דעם וועד ארבע ארצות אין יאָר 1764. אונטער „רשעים מכמה שנים" מיינט מען די פראַנקיסטן, וואָס דער וועד ארבע ארצות האָט מיט זיי מלחמה געפירט, ביז זיי האָבן זיך אויסגעשמדט.

פון זיי]. וואָרים דאש איז בוודאי איין שמץ מינות ואפיקורסות. עד מתי לעדה הרעה הזאת, וואַש זענין בודה מלבם [טראַכטן אויס פון קאָפּ] דברים עם מנהגים חדשים!... כל העובה עבירה בסתר מכריז עליו ה׳ בגלוי. [דער וואָס טוט אַן עבירה אין פאַרבאָרגעניש, לאָזט דער אייבערשטער וועגן אים וויסן עפנטלעך].

„בכן האָבן העדה הקדושה הנ״ל גוזר ווערין (געוועזין?) בחרם הגדול והנורא, בכל החרמות ושמתות ונידויים, בכל האָלות והקללות שבתורה... בחרם יהושע בן נון... ובחרמות שהחרימו אנשי כנסת הגדולה: אַז מהיום והלאה חלילה וחלילה לכל הבתי כנסיות והמניינים הקבועים שבקהלתנו, וואָס האָבין רשות מנין צו מאַכין בבתיהם, חס ושלום משנה צו זיין ממנהג שלנו, מנוסח התפילה האשכנזית. ופשיטא אַז קיינער טאָר זיך ניט דר וועגין מתפלל צו זיין מתוך הסידור של האר״י ז״ל ושאָר מקובלים, אשר בסודם לא באה נפשם של האנשים החטאים הללו [וואָס די דאָזיקע מענטשן זיינען צו זייער סוד ניט געקומען]. וכן חלילה לשום אדם מתפלל צו זיין רק בסדר תפילות האשכנזים, וואש מיר האָבין מקדמונים גאוני עולם, מלבד השרידים אשר ה׳ קורא (די איבערגעבליבענע, וואָס גאָט רופט] המתפללים תוך השטיבל הראשון שבצד הקלויז דקהלתנו, וואָש איז צלול וברור [דורכלויכטיק און קלאָר], אַז די לייט, וואַש דאָרטין האָבין קובע מקום געוועזין להתפלל זענין מלאים תורה הנגלית גמרא ופוסקים ויש להם יד ושם בסתרי הקבלה און זענין שוין מכמה וכמה שנים מתפלל מתוך סידור האר״י ז״ל, וואש האָבין נאָך געהאַט זייערע מנהגים בפני רבנים קשישאי [בּאַר די אַלטע רבנים], גדולי קהלתנו המפורסמים, די זעלביגי מפורסמים איז מותר להתפלל כמנהגם... וחוץ להשטיבל חס מלהזכיר לשום מנין לשנות מנוסח התפילה האשכנזית אף אות אחד... ולא כמנהגי הספרדים... וכל זה וואש מותר איז היינו דווקא לאנשים שהם מבן שלושים שנה ומעלה [פון איבער דרייסיק יאָר אַלט], אובר הפחותים מבן שלושים [יינציקער פון דרייסיק] חלילה וחלילה זיא מצרף צו זיין להשטיבל הנ״ל.

„גם איז מען גוזר בחרמות הנ״ל, עש זאָל קיינר ניט גיין בבגדי לבן [ווייסע קליידער] בשבתות וימים טובים, רק די עטליכי מפורסמים הידועים לנו, וואש זענין גדולי עולם בש״ס ופוסקים ויראַת שמים ועוסקים תמיד בתורה ומצוות... וואָרום ווער

עש וועט גיין מהיום אין ווייסה קליידער... וועט מען אים אָפּציהן באמצע הרחוב [אין מיטן גאַס] (און ער) וועט זיין ללעג ולקלס וכמופת לרבים [צו שפּאָט און שאַנד און אַ ביישפּיל פאַר אַלע־מען]. גם על אודות החלפים והסכינים של שחיטה, די גע־שליפינה חס מלהזכיר בכל גבול קהלתנו וסביבותיה, וואָרום דאָס איז בוודאי במעורבי שמץ מינות [אויסגעמישט מיט אַפּיקורסות]. שחיטת הסכינים גישליפינה ההם איז נבלה וטרפה, וכל אנשי קהלתנו זענין מוזהרים ועומדים [געוואָרנט], זאָלין ניט עסין משחיטת החלפים ההם. ובכל מקום ווא אחד מבני קהלתנו וועט קומין למקומות אחרים מוז ער חקירה האָבין: אויב מען איז דאָרטין נוהג לשחוט בחלפים ההם, אַז אָסור לו לאכול מזבח עכרם במקום ההוא... ולא שום תבשיל של בשר [טאָר ער ניט עסן פון דער טריפהנער שעכטונג אין יענעם אָרט... און קיין שום פליישיק געקעכטס], וואָרום די כלים זענין אלי נבלה וטריפה.

„ווען איין אורח וועט קומין לקהלתנו (און) וועט ניט וועלין עסין משחיטת השוחטים הקבועים בעיר, אודר ער וועט זיך נוהג זיין בשום מנהג חדש, אודר מתפלל זיין כמנהג הספרדים וסידור האר״י ז״ל, מוז דער בעל הבית מודיע זיין להגיד הפרנס־חודש להדוף ולגרש את האיש ההוא מן העיר [אַרויסצושטופּן און צו פּאַרטרייבן דעם מענטשן פון שטאָט]... גם איז תוקף גזרתנו [איז גילטיק אונזער פּאַרזאָג] על השוחטים דקהלתנו: זיא טאָרין ניט ווייזין זייערע חלפים לשום אדם אורח כלל, רק לאיזה רב מפורסם באיזה קהלה מפורסמת ובידיעת הפרנס־חודש.

„על כל הנזכר לעיל [וועגן אַלץ, וואָס אויבן דערמאָנט] איז אַזהרה גדולה בחמות הנ״ל על כל אנשי קהלתנו והסרים למשמעתנו [און די וואָס פאָלגן אונז]: חלילה להם לשנות מכל הנ״ל בעונש החרמות הגדולות והנוראות (הגדולים והנוראים). וכל זה האָט מען געטאָן לכבוד השם יתברך ותורתו הקדושה, עש זאָל ניט ח״ו נתחלל ווערין כבודו וכבוד תורתו, אַז איטלכר זאָל האַלטין זיינע מנהגים, וואָש איז מקדמונים... איטלכה מדינה מוז האַלטין זייערע מנהגים. הגם אַז קהלתנו האָט ניט קיין כוח לגזור אומר על שאר [צו באַפעלן די איבעריקע] קהלות, זאָלין ג״כ חקירה האָבין און חרמות דרוף געבין, רק עושים דרך בקשה... קערין זיך כל הקהלות מקנא צו זיין קנאת ה׳ צבאות, כמונג

כמוהם כלנו בני אב אחד, בנים לאל חי [זיי זיינען אַזוי ווי מיר, אַלע זיינען מיר איין טאַטנס קינדער, זין פון לעבעדיקן גאָט]. ובאשר אַז כהיום איז קהלתנו דער גרעסטער קיבוץ, עיר ואם בישראל בכל המדינה, מלאה חכמים וסופרים... מצאנו עצמינו מחוייבים להיות מן המעוררים [האָבן מיר זיך געהאַלטן פאַר מחוייב צו זיין די וועקערס]... און דעם כרוז וועלין מיר שיקן לכל גבול ישראל, להרים קול תרועת חרמות ושמתות ונדויים על האנשים הרשעים... מען זאָל ניט לאָזן טאָן זייערע מעשים רעים לפרוש מן הצבור בשום קלייזל או בית המדרש חדש וואָס ניט איז קבוע לרבים. ובזכות התורה והעבודה זו תפילה בלב שלם נזכה כולנו במהרה לעלות בהר ה׳ ולקום במקום קדשו, ויגאלנו גאולת עולם, לחבר את האהל להיות אחד. אמן״.

פון דעם וואָס איז געזאָגט אין כרוז לערנען מיר אָפּ אייניקע פּרטים אין דעם פיר פון די חסידים אין בראָד, וואָס שיידן זיי אָפּ פון זייערע חברים אין ליטע. אין ווילנע שטרייכן די מתנגדים אונטער באַזונדערס דאָגמאַטישע סימנים פון אַפּיקורסות אין די חסידישע דרכים: זיי זיינען מבטל לערנען תורה, זיי באַליידיקן תלמידי חכמים, פאַרשפּרייטן פאַרבאָרגענע שריפטן, מאַכן משונהדיקע תנועות ביים דאַווענען, טרייבן געשפּעט און שטיפעריי אויף צו פאַריאָגן עצבות; אין בראָד איז מען ברוגז צום מייסנט פאַר משנה זיין די מנהגים: וואָס מען דאַוונט פון אר״ים סידור, וואָס מען קוילעט מיט געשליפענע חלפים, ניט לויט די גענויע דינים פון שחיטה, וואָס מען טוט אָן שבת און יום־טוב ווייסע קליידער און כדומה אַזעלכע זאַכן. אויף ביטול־תורה האָט מען אין דעם לאַנד, וואו עס זיינען שוין סיי־ווי געווען ווייניק לערנערס, ניט מקפּיד געווען; אין די הייליקע כתבים פון דער סעקטע, וואָס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן אין אָפּשריפטן, האָבן די גאַליציאַנער קיין סכנה פון אַפּיקורסות ניט געפונען נאָך דער גרויסער סכנה, וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט בעת דעם שמד פון די פראַנקיסטן. דאָ איז נאָך געווען שטאַרק די האָפענונג, אַז די חסידים וועלן זיך דערנעענטערן צום אָנגענומענעם דרך, אויב מען וועט זיי סטראַשען מיט חרמות, בעת די ליטווישע פאַנאַטיקער האָבן געהאַלטן, אַז פאַר די „כופרים בעיקר״ איז שוין קיין תיקון ניטאָ.

דער בראָדער כרוז האָט, קענטיק, געהאַט אַן אָפּקלאַנג אין היפּש קהלות אין גאַליציע. אין זעלביקן יאָר זיינען געמאַכט געוואָרן באַזונדערע תקנות קעגן חסידים אויך אין דער קהלה לעשנאָוו, אַ קליין שטעטל אין בראָדער קרייז.[1] דאָרט האָבן זיך צונויפגעקליבן די „פיינסטע לייט פון דער קהילה" (יקירי הקהלה), אינאיינעם מיטן שטאָט=רב ר' מנחם מענדל בר' יעקב און דעם לודמירער רב ר' עקיבא, און האָבן זיך געחתמעט אויף די תקנות, וואָס מיר דרוקן דאָ איבער, מחמת פון זיי קאָנען מיר אָפּלערנען זאַכן בנוגע דעם שטייגער פון די חסידים אין מזרח=גאַליציע[2].

„היות מיר האָבן געזען, בעוונותינו הרבים, ווי עס האָבן זיך פאַרמערט רייסערייען און קריגערייען (קטטות ומריבות) מצד יענע לייט, וואָס ווערן אָנגערופן חסידים, וואָס אין זייער האַרץ האָט זיך איינגעגעסן אַ שטאָלצקייט צו פאַרענדערן די נוסחאות פון דער תפילה קעגן דעם, ווי דאָס איז געווען פריער, נוסח אַשכנז, און זיי מאַכן פאַר זיך קאָמפּאַניעס, און אויך אַז אַ פולע זיינען די, וואָס ווידערשפּעניקן, און זיי האָבן געשלאָגן איינעם פון די עלטסטע און פירערס, — האָבן מיר אַיינגעזען אַיינצושטעלן די זאַך פעסט, אַזוי ווי די פאַרצייטיקע האָבן באַשטימט... עס זאָל זיך ניט פאַרמערן די מחלוקת. און מיר האָבן געמאַכט עטלעכע תקנות, וואָס ווערן דאָ אויפגעקלערט, כדי אַיינצושטילן די קריגערייען, און עס זאָל זיין שלום על ישראל.

**א.** עס זאָל ניט זיין קיין שום מנין אין אונזער קהילה, חוץ ביים רבני מ' יואל; און אויך אורחים מעגן אין זייער אַכסניא. און מער פון דעם טאָר מען ניט מאַכן קיין מנין, נאָר אַלע זאָלן דאַווענען אין דער שטענדיקער שול אָדער בית=המדרש. און דער שליח ציבור וואָס דאַוונט פאַרן עמוד טאָר ניט משנה זיין קיין שום נוסח פון דער תפילה, ניט אין פסוקי דזמרא און ניט אין שמונה עשרה, קעגן די נוסחאות פון די אשכנזים, ווי דאָס איז (געווען) פון אַמאָל און פון פאַרצייטנס. מער ניט „שומר ישראל" און קטורת און „תפילה לדוד" און ווידוי נאָך שמונה עשרה אום דער

---

[1] ז' „זכרון טוב" פון נעסכיזער רב, וואָס איז געווען פריער רב אין לעשנאָוו, ז' 6, 99 (דרוק פעטריקאָוו, 1892).

[2] זמיר עריצים וחרבות צורים, דער לעצטער דאָקומענט, ז"ז 31—32.

וואָכן מעג מען דאַווענען לויט דעם מנהג אין די איבעריקע בתי־מדרשים.

ב. אין דעם קליינעם שטיבל לעבן בית־מדרש טאָר מען אויך חלילה ניט מאַכן קיין מנין. מער ניט אַמאָל, ווען מען פאַרשפעטיקט נאָענט צו „יוצר אור", מעג מען מאַכן אַ מנין, אָבער בתנאי, מען זאָל קיין שום נוסח ניט משנה זיין.

ג. בנוגע צו שלוש־סעודות אום שבת, און אויך אַנדערע סעודות, וואָס די לייט פון דער קהילה מאַכן פאַר זיך, טאָר מען צו זיי ניט פאַרבעטן פון די לייט פון דער כת מער פון צוויי, חוץ אַ ברית און אַ חתונה, וואָס דער בעל־הסעודה מעג זיי רופן ווי ער וויל. זיי טאָרן אָבער ניט זיצן צוויי צוזאַמען, נאָר אָפּגעשיידט ווייט איינער פון צווייטן. און זיי טאָרן אויך ניט איבערקוליען זיך לויט זייער שטייגער, די קעפּ אַראָפּ און די פיס אַרויף[1], ווי עס טוען די בלאַזנעס, און זיי טאָרן אויך ניט טאַנצן. און תיכף נאָכן בענטשן זיינען יענע לייט פון דער כת מחוייב צו גיין אַהיים. און שבת־צונאַכטס טאָרן די כת־לייט ניט גיין צום חזן, מער ניט צוויי מענטשן מעגן זיין ביי אים צו שלוש־סעודות, חוץ זיין הויזגעזינד.

ד. די דאָזיקע באַוואוסטע לייט טאָרן ניט צו פיל אויפהויבן זייער קול ביים דאַווענען, זיי זאָלן ניט שטערן די תפילה.

ה. ר' לייב מלמד פון טאַרנאָפּאָל טאָר פון היינט אָן און ווייטער בשום אופן אין משך פון אַ גאַנץ יאָר ניט גיין אויף קיין שום סעודה, און אויב ער וועט עובר זיין, וועט אויף אים בלייבן שטיין דער פסק ווי פריער.

ו. די דאָזיקע לייט זאָלן ניט גיין נאָך קיין שום נדבה, חוץ מלמדים, וואָס דער רב דער אב־בית־דין וועט הייסן. און דעם ש"ץ פון אונזער קהילה טאָר מען בשום אופן ניט אָנרופן מגיד, נאָר מער ניט ש"ץ, און ער מוז זיין נכנע צו די באַלעבאַטים, ווי עס איז דער מנהג אין אַלע קהילות".

ווער עס קאָן נאָר אַיינטייטשן דאָקומענטן, וועט דאָ געפינען אַן אויסגעצייכנט בילד פון לעבן פון די חסידים אין דער ערשטער

1 דאָס נעמלעכע „קוליען זיך" דערמאָנען די ווילנער בריוו.

תקופה, ווען זיי האָבן אין רוב קהילות זיך געפונען נאָך אין מצב פון „די לייט פון דער כת“ אָדער „יענע לייט“, מיט אַ טאָן פון פאַראַכטונג. אַט האָבן מיר פאַר אונז אַ קליין שטעטל מיט ווינציק חסידים. „זיי מאַכן פאַר זיך קאָמפּאַניעס“, און אַז די פירערס פון קהל שרייען אָן אויף זיי, „ווידערשפעניקן“ זיי טיילמאָל און שלאָגן אָן די וואָס טשעפּן זיך צו זיי. אויף דעם ווידערשפעניקן לייגט מען אַרויף אַ שטראָף, אַ שטייגער ווי אויף דעם מלמד לייב, פון טאַרנאָפּאָל, וואָס מען האָט אים פאַרבאָטן צו גיין אויף סעודות אין משך פון אַ יאָר צייט. „כדי אַיינצושטילן די מחלוקתן“ האָבן די פירערס פון דער קהילה זיך אויסגעקליגט צו מאַכן אַזעלכע תקנות, וואָס זיינען עלול מער ניט די מחלוקת נאָך מער פונאַנדער־צובלאָזן: מען פאַרבאָט די חסידים צו מאַכן אַ באַזונדער „מנין“ אַפילו אין שטיבל, וואָס ביי דער שול, און זיי טאָרן ניט משנה זיין דעם נוסח פון דאַוונען און מען שטעלט אַוועק די „כת־לייט“ אונטער אַ באַזונדער השגחה: מען טאָר זיי ניט פאַרבעטן אויף שלוש־סעודות אום שבת און צו סעודות־מצווה פאַר אַלע שטאָט־לייט ניט מער ווי צו צוויי אינאיינעם, און אויך די צוויי מוזן זיצן ביים טיש „אָפּגעשיידט ווייט איינער פון צווייטן“ און מוזן באַלד נאָכן בענטשן אַוועקגיין אַהיים. עס איז קענטיק, אַז בעת די סעודות־מצווה, ווען דער עולם פלעגט האָבן גענומען צו ביסלעך משקה, דעמאָלט פלעגן די „פאַרפירערס“ געפינען די פאַסיקע צייט מיט זיי אַיינצוטענהן און צו דערוועקן זיי צו „התלהבות און דביקות“ לויטן חסידישן שטייגער. מען האָט אויך געקאָנט חושש זיין, אַז בעת שלוש־סעודות, אויב עס וועט זיך צונויפקלייבן אַ גרעסערע גרופּע חסידים אינאיינעם, וועלן זיי זיך אויסטיילן באַזונדער, כדי צו הערן די דרשה פון זייער רבין, וואָס גראָד בעת שלוש־סעודות איז ער געוויינט צו „זאָגן תורה“, מחמת דער „רוח הקודש רוט אויף אים“. דער ש״ץ פון שטעטל (דער חזן) איז משמעות געווען חשוד דערין, וואָס ער וויל נעמען אויף זיך די ראָלע פון אַ „מגיד“, וואָס פאַרשפּרייט די נייע תורה. מען האָט „יענע לייט“ פאַרבאָטן צו דאַוונען אינדערהייך, צו מאַכן מיאוסע תנועות, „ווי עס טוען די בלאַזנעס“, פון גרויס התלהבות אין שול אָדער ביי אַ סעודת־מצווה.

אין די תקנות פון די קהלס־לייט אין בראָד און אין לעשנאָוו זעען מיר אַ באַשטימטע טאַקטיק: די מתנגדים זיינען אויסן ניט

צו פארבאטן אינגאנצן די סעקטע, ווי מען האט דאס געטאן אין דער רבנישער ליטע, ניט צו פארטרייבן די סעקטאנטן, „ארויסצו־שטופן זיי און פאריאגן" ממש, — זיי ווילן מער ניט באגרענעצן זייערע רעכט; מען איז גרייט צו טאלערירן זיי אין דער קהילה, בתנאי זיי זאלן ניט שטערן דעם דאווענען אין שול און ניט פאר־שפרייטן זייער תורה דארט, וואו יידן קלייבן זיך צונויף, זיי זאלן ניט מאכן קיין מנינים פאר זיך און ניט מאכן קיין עפנטלעכע סקאנדאלן. אין ליטע האבן די פאנאטיקער געוואלט אויסוואָרצלען די סעקטע, אין גאליציע אבער, וואו זי האט זיך שוין געהאט פארצווייגט אין דעם גרעסטן טייל קהילות, האט מען געוואלט זי מער ניט אוועקשטעלן אונטער א באזונדער השגחה, זי זאל אנדערע ניט שאדן און זאל צופיל זיך ניט אויסשפרייטן.

די גרויסע רבנים פון אומעטום האבן מסכים געווען צום בראָ־דער כרוז. מער ניט איינער פון זיי האט קעגן אים פראטעסטירט. דאס איז געווען ר' שמואל־שמעלקי הורוויץ, איינער פון די צוויי ברידער, וואס האבן געלערנט די חסידישע תורה ביים מעזרי־טשער מגיד. ער האט זיך געפונען באליידיקט פון די רייד פון כרוז און האט אנגעשריבן א פראטעסט־בריוו קעגן אים, געווענדט צו די פרנסים און רבנים פון בראדער קהילה. „א קלאנג האב איך געהערט — האט געשריבן ר' שמעלקי הורוויץ, וואס איז אינגאנצן בארימט געווארן אלס לאנד־רב אין ניקאלשבורג (מערן). — און איך בין געווארן פארציטערט: עס איז ארויס דער אויפרוף צווישן קהל, אן אויפרוף מבזה צו זיין אמתע פרומע לייט, וואס גייען לויט די מנהגים פון דעם אר"י ז"ל... צו זאגן, אז זיי זיינען חס־ושלום אויסן אראפצוווארפן פון זייער האלז דעם יאך פון תורה און עבודה... אויף זיי זאגט מען דאס, אז זיי פירן איין נייע מנהגים?"... דער שרייבער ווארפט־אויף די מנהיגים פון בראדער קהילה, „אז זיי זיינען געווארן אן אפצווייג, אפהענגיק פון די ווילנער לייט", וואס „פון זייער בריוו גופא איז קענטיק, אז זיי פלוידערן... און האבן ארויס־געלאזט א שלעכטן שם אויף א סך אמתע פרומע לייט". „אדרבא, אלע מענטשן, וואס זיינען געקומען צו דעם כלל חסידים, זיינען איבערגעגעבן מיט דער נשמה צו דער עבודה שבלב, דאס איז תפילה, און זיינען עוסק אין תורה אין א פרייער צייט... איין טאטן האבן מיר דאך אלע, פארוואס זאלן מיר פעלשן א ברודער קעגן א

ברודער? עס געשיקט זיך גראָד די שפּאַלטן צו פֿאַרפּעסטיקן, כּדי מיר זאָלן ניט ווערן ווי אַ צעשפּרייטע טעשערדע, דאָס פֿאָלק זאָל זיך ניט צעטיילן אין צווייען". דער שרייבער מאָנט בײַ די גאַליציאַנער רבנים, זיי זאָלן דערוויזן די ליטווישע קהילות, און בפרט די ווילנער, אַז זיי זײַנען מחויב צו פֿאַרלעשן דאָס פֿייער פֿון מחלוקת, און לאָזט וויסן, אַז ער איז אויך פֿון זײַן צד גרייט צו שרײַבן דאָס צו דער ווילנער קהילה, כּדי „צו פֿאַרצאַמען דעם אײַנרים פֿון דער מחלוקת" און צו מאַכן שלום בײַ ייִדן[1]. צו ר' שמואלס פּראָטעסט האָט אין גאַליציע זיך קיינער ניט צוגעהערט, און אין ליטע האָט מען אויף אים גאָר קיין אַכט ניט געלייגט.

---

## § 21. די רעזולטאַטן פֿון דער ערשטער מחלוקת.

(תקל"ג — תק"מ; 1772 — 1780).

דאָס יאָר פֿון אינעווייניקסטער און אויסווייניקסטער שפּאַלטונג (1772). — רייסן ווערט פֿאַרבונדן מיט רוסלאַנד. — די אויפֿרודערונג אין מעזריטש: די אסיפֿה פֿון די צדיקים אין ראָוונע, דער מגיד שרײַט אָן אויף די ראַדיקאַלן צווישן זײַנע תּלמידים, אַ שטילער קעגן־חרם, דעם מגידס טויט. — פֿאַרעפֿנטלעכונג פֿון קונטרס „זמיר עריצים וחרבות צורים"; די חסידים פֿאַרברענען די קונטרסים: די געשיכטע אין גראָדנע. די חברה פֿון ר' חיים חייקא אין אַמדור. — ר' יוסף שטיינהאַרט פֿון פֿירט און די באַוועגונג אין די מערבֿ־לענדער מחרים צו זײַן די חסידים. — גבֿיות עדות וועגן די מעשׂים פֿון די חסידים פֿון די יאָרן 1772—1774. — ר' מענדל וויטעבסקער, דער פֿירער פֿון די חסידים אין רייסן. — רדיפֿות מצד די מתנגדים און אַ ניט־געראָטענער פּרוּוו צו פֿירן אַ וויכּוח מיטן ווילנער גאון.— ר' מענדל און זײַנע חבֿרים מיט אַ גרופּע חסידים פֿאָרן אָפּ קיין ארץ־ישׂראל (1777). — שטראָף־בריוו פֿון הייליקן לאַנד. — דער חרם אין דער קהילה מאָהילעוו־פּאָדאָלסק (1778).

דאָס יאָר 1772 איז אַ באַטײַטפֿולע דאַטע אין דער ייִדישער געשיכטע: אין יענעם יאָר האָט זיך אָנגעהויבן די טיילונג פֿון

---

1 דער בריוו פֿון ר' שמואל שמעלקע איז אָפּגעדרוקט לויט אַ פֿאַרגרייזטער אָפּשריפֿט אין דעם קונטרס „ילקוט מנחם" פֿון מ. ביבער פֿון אָסטראָ (ווילנע 1903, ז"ז 16—18). בײַ דער חתימה פֿון שרײַבער איז דער אָרט און די צײַט ניט אָנגעוויזן. מער ניט אויף דער אָפּשריפֿט איז פֿאַרצייכנט די דאַטע תּקל"ב.

דער פוילישער מלוכה צווישן די שכנישע דריי גרויסע מלוכות: רוסלאַנד, עסטרייך און פּרייסן, דורך דעם האָט אָנגעהויבן פונאַנדערפאַלן דער גרויסער יידישער צענטער אין מזרח-אייראָפּע. דער אָנהייב פון דער רעליגיעזער שפּאַלטונג איז פאַרקייטלט מיטן אָנהייב פון דער פּאָליטישער צעשיידונג. אין די חדשים ניסן—סיון תקל״ב (1772) האָבן אָפּגעהילכט די חרמות קעגן די חסידים אין די הויפּט-קהילות פון ליטע און גאַליציע, און אין פיר חדשים אַרום איז פאָרגעקומען די ערשטע צעטיילונג פון פּוילן: פון דער זיך ברעקלענדיקער מלוכה האָט מען אָפּגעריסן דאָס לאַנד רייסן (ווייס-רוסלאַנד), וואָס איז באַהעפט געוואָרן מיט רוסלאַנד, און דאָס לאַנד גאַליציע, וואָס איז פאַראייניקט געוואָרן מיט עסטרייך. צוויי יידישע קיבוצים האָבן זיך אָפּגעשיידט פון אַנאַנד, איינער געווענדט קיין צפון, דער צווייטער קיין דרום, און אין דער זעלביקער צייט האָט די מחלוקת גענומען רייסן דעם צענטער פון דער נאַציע פון אינעווייניק אויף צוויי מחנות.

אין צענטער פון חסידות, אין מעזריטש, האָט מען זיך איבערגעשראָקן איבער דעם דונער פון די חרמות און כרוזים, וואָס זיינען געקומען פון צוויי זייטן, פון ליטע און גאַליציע. דער מגיד ר׳ דוב-בער און זיינע חברים האָבן דערשפּירט, אַז זיי אַליין זיינען אַרויסגעשטויסן פון דער יידישער געמיינשאַפט לויט אָט-דעם חרם, וואָס איז אַרויס פון דעם גאון מיט זיינע חברים. זומער 1772, באַלד נאָך דעם בראָדער אויפרוף, האָבן דעם מגידס תלמידים זיך צונויפגעקליבן אין ראָוונע, וואו זייער רבי האָט געוואוינט זיינע לעצטע יאָרן, זיך צו האַלטן אַן עצה, וואָס צו טאָן, כדי אין דער סכנה אויפצוהאַלטן די סעקטע. די הויפּט-דעה אויף דער אַסיפה האָבן געהאַט די צדיקים פון ליטע און רייסן: ר׳ מענדל וויטעבסקער, דער פירער פון חסידישן קרייזל פון יענער צייט אין מינסק, און דער יונגער ר׳ שניאור זלמן פון ליאָזנע. מיט זיי אינאיינעם איז געקומען זייער חבר ר׳ אברהם קאַליסקער, וואָס ער האָט דאָס דערוועקט דעם כעס פון די מתנגדים דורך זיין משונהדיקן אויפפיר צווישן די הוליענדיקע כנופיות חסידים (אויבן, § 18). דער מגיד האָט אָנגעשריען אויפן דאָזיקן תלמיד זיינעם, וואָס האָט איבערגעכאַפּט די מאָס. דער רבי איז ניט געווען קאָנטעט אויך פון די רעזולטאַטן פון דערמאָנטן וויכוח אין שקלאָוו, וואָס האָט זיך געענדיקט

מיטן נצחון פון די מתנגדים און האָט געבראַכט צו די שפּעטער־דיקע רדיפות אין אַ סך קהילות און בפרט אין ווילנע[1]. די לעגענדע דערציילט, אַז אויף דער ראַוונער אַסיפה האָבן דעם מגידס תלמידים אַרייגעלייגט אין חרם די רבנים, וואָס האָבן זיי מחרים געווען, אָבער זיי האָבן דאָס געטאָן בשתיקה, מחמת מורא פאַר די רדיפות. אַז דער מגיד איז דערפון געוואָר געוואָרן, האָט ער געזאָגט צו זיינע תלמידים: „קינדער מיינע, וואָס האָט איר געטאָן?" האָבן זיי געענטפערט: „ניטאָ מער קיין כוח אויסצוהאַלטן די יסורים". און

1 אין אַ בריוו פון ר' שניאור־זלמן פון אַ שפּעטערער צייט (דאָס איז דער בריוו, וואָס ווערט דערמאָנט אויבן § 18 אין אַ הערה) געפינען מיר דעם באַריכט פון אַן אָנטיילנעמער אין דער אסיפה: „איך בין געפאָרן מיט אים (מיט אברהם קאַליסקער) קיין ראַוונע צו אונזער גרויסן רבין נ"ע (דעם מגיד) זומער תקל"ב. און ער (אברהם) האָט מורא געהאַט פאַרן רבין אַריינצופאָרן גלייך אין שטאָט און האָט זיך אָפּגעשטעלט אין עק שטאָט, און מיך האָט ער געבעטן זיך זען מיטן פאַרשטאָרבענעם רב רמ"מ (מנחם מנדל וויטעבסקער), וואָס איז שוין לאַנג געווען אין דער דאָזיקער שטאָט, בעטן ביי אים, ער זאָל זאָגן אַ גוט וואָרט פאַר אים אונזער הייליקן רבין, ער זאָל אים געבן רשות צו קומען צו אים. און תיכף איז דער פאַרשטאָרבענער רב אַוועק צו אונזער הייליקן רבין און האָט ביי אים געפּועלט. און איך בין באַלד געגאַנגען אין עק שטאָט רופן אים (ר' אברהמען) און איך בין מיט אים צוזאַמען אַריין אין חדר פון אונזער גרויסן רבין, און מיינע אויגן האָבן געזען און מיינע אויערן האָבן געהערט, ווי ער האָט גערעדט מיט אים (דער מגיד מיט ר' אברהמען) האַרבע רייד פאַר זיין שלעכטן אויפפיר מיט די אנשי שלומנו אין דער מדינה רייסן, וואָס אַ גאַנצן טאָג נאָר זיי טוען זיך פאַרנעמען מיט שטיפעריי און געשפּעט, וואָס זיי שפּעטן אָפּ פון אַלע לומדים און זיינען זיי מבזה מיט כל מיני בזיונות, וואַרפן אַראָפּ פון זיך דעם יאָך און זיינען זיך נוהג מיט גרויס קלות, ווי עס איז באַוואוסט אַלעמען... און ווינטער תקל"ב נאָכן וויכּוח, וואָס איז געווען אין שקלאָוו, האָבן זיי קיין ענטפער ניט געפונען, און די חכמי שקלאָוו האָבן געשריבן צום פאַרשטאָרבענעם ווילנער גאון, ביז זיי האָבן אים איינגערעדט צו פּסקענען לויטן דין „מורידין" און לויטן דין פון אַן אפּיקורס, וואָס איז מבזה אַ תלמיד חכם... און מען האָט געשריבן פון ווילנע דעם קונטרס זמיר עריצים אין יענעם זומער, און עס איז געווען דערפון אַ גרויסע צרה פאַר אַלע וואָלינער צדיקים, און זיי האָבן ניט געקאָנט זיצן ביי זיך אין דער היים און זיי האָבן אַלע זיך צונויפגעקליבן אין ק"ק ראַוונע אין יענער צייט צו אונזער גרויסן רבין זיך צו האַלטן אַן עצה" (זע נאָך „בית רבי" I, 8—12 און 58; האָראָדעצקי, החסידים והחסידות, II, 40).

דער רבי האָט געענטפערט: „איך ווייס, אַז דאָס איז אַ סכנה, אָבער עס איז דאָך שוין אָפּגעטאָן, און מען קאָן ניט נעמען צוריק". דאָ האָט ער פאָראויסגעזאָגט זיינע תלמידים, אַז זיי וועלן דערפאַר געשטראָפט ווערן, „וואָס זיי וועלן פאַרלירן זייער קאָפּ", דאָס הייסט, אַז ער, דער מגיד, וועט אינגיכן נסתלק ווערן[1]. און אין דער אמתן איז דער מגיד אין אַ האַלב יאָר אַרום געשטאָרבן, 19 טעג אין כסלוו תקל"ג (דעצעמבער 1772).

צו יענער צייט זיינען אַלע בריוו און כרוזים, וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען אין יאָר תקל"ב קעגן די חסידים, פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַ באַזונדער קונטרס מיטן נאָמען „זמיר עריצים וחרבות צורים", וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער שטאָט אַלעקסניץ. דער קונטרס איז אַרויס לויטן באַפעל פון ווילנער גאון און די ליטווישע און גאַליציאַנער רבנים. זיין מחבר איז געווען דער קהל-שרייבער אין בראָד, אַריה לייב בר' מרדכי, וואָס האָט איבערגעשריבן די „אגרת הקנאות" און די איבעריקע בריוו פון ווילנע[2]. צו די דאָזיקע בריוו און צום בראָדער כרוז האָט דער מחבר צוגעגעבן זיין אייגענעם ביאור (אָדער ווי ער אַליין שרייבט אין זיין וואָרטשפּיל-מליצה: „תוספת ב י ע ו ה, ל ב ע ר קוצים מן הכרם" — אַ צוגאָב צום

1 די דאָזיקע לעגענדע ווערט דערציילט אין „שבחי הרב" (אויסגאַבע פון א. פרומקין, תרכ"ד) און אין דעם כתב-יד פון דער פאמיליע שניאורסאָן „תולדות אדמו"ר הזקן" (תרל"ט). איינע פון די סיבות פון דער צערייצטקייט איז געווען דאָס, וואָס די מתנגדים האָבן גערודפט דעם צדיק ר' לוי-יצחק (שפּעטער „בערדיטשעווער רב"), וואָס איז אין יענער צייט געווען רב אין פּינסק און מען האָט אים אַראָפּגעזעצט פון זיין שטול לויט די אינטריגעס פון זיינע שונאים. דער דאָזיקער צדיק האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער ראָווּנער אסיפה, לויט דער לעגענדע. דער מחבר פון דער אָפיציעלער ביאָגראַפיע פון הויז שניאורסאָן („בית רבי") האָט אין זיין דערציילונג דורכגעלאָזט די מעשה מיטן חרם, כדי ניט צו רייצן די רבנים.

2 דער כתב-יד „שבר פושעים", סימן ל"ג „... צום ספר, וואָס איז קעגן זיי שוין לאַנג אָפּגעדרוקט לויטן באַפעל פון אַלע גאונים פון ליטע און רייסן, זאַמעט און פוילן, וואָס ער הייסט ז מ י ר ע ר י צ י ם". אַזוי איז אויך אָנגעשריבן אויפן שער פון כתב-יד, „זמרת עם הארץ": „און דאָס איז דער צווייטער חלק פון דעם ספר זמיר עריצים וחרבות צורים, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין יאָר תקל"ב לויטן באַפעל פון די גאונים". — וועגן מחבר פון קונטרס זע ווייטער, צום סוף פון דעם ווערק, הוספה III.

ביעור (חמץ), כדי אויסצוראַמען די דערנער פֿון ווייַנגאָרטן. אין דער דאָזיקער מליצה באַקלאָגט זיך דער מחבר אויף „די וואָס צעשטערן און פֿאַרוויסטן אונזערע מנהגים" (מהרסים ומחריבים את מנהגינו), בפֿרט אין די דינים פֿון תּפֿילה און שחיטה, אויף די מענטשן, וואָס „זיי איז דערעסן געוואָרן דאָס ברויט פֿון דער תּורה שבעל־פּה" און זיי פֿאַרנעמען זיך מיט די פֿאַרבאָרגענישן פֿון דער קבלה, אָן צו פֿאַרשטיין איר מהות, אויף „די קעפּ און גדולים" פֿון דער סעקטע, זייערע צדיקים די בעלי־מופֿת. דאָ געפֿינען מיר אַ שילדערונג פֿון די פֿאַרזאַמלונגען פֿון די חסידים אין צדיקס שטוב, וואָס שטימט מער מיט זייערע דרכים אין גאַליציע און אוקראַינע: „און דער גרעסטער רוב פֿון זיי לאָזט הערן זיין קול פֿאַר זיין חייל (בשעתן דאַווענען און בעת אַ סעודת מצווה)... ער הייבט אָן און זיי ענט־פֿערן אָפּ... און ער איז דער פֿאַרזאָרגער אָנצוזעטיקן זיי מיט זיין גוטס. אָבער אַז ער ווערט מיד צו שפּייזן, ווייל אַ סך זיינען די וואָס עסן ביי זיין טיש און ברענגען אויס זיין פֿאַרמעגן, דעמאָלט ווענדט ער זיינע אויגן אויף געלט־מענטשן און הייבט אָן זיי צו שרעקן, אַז עס איז געזאָגט געוואָרן אַ שלעכטע נבֿואה פֿון הימל, בעת ער איז געפֿאַלן מיט אָפֿענע אויגן, אין אַ זעונג ביינאַכט זיינען אים אַנט־פּלעקט געוואָרן אַלע סודות... דער וואָס גלויבט אים ווערט פֿאַר־ציטערט, און דעמאָלט פֿאַרזיכערט ער (דער צדיק) אַרויסצו־צוהעלפֿן אים פֿון דער צרה: „פֿאַר דיינע זינד צדקה גיב, וועסטו ווערן אויסגעלייזט פֿון טיפֿן גרוב (חטאיך פּרוק בצדקה אָז תּנצל משוחה עמוקה). טראָג אַ פּדיון אַריין און ווער באַפֿרייט פֿון פּיין"[1].

דער מחבר, וואָס איז געווינט געווען צו זען אַזוינס ביי זיך אין גאַליציע, איז געוואָרן איבערגעטרייסלט פֿון דער ידיעה, אַז אויך אין דער מדינה ליטע „האָבן זיך באַוויזן די ליצנים", און געפֿינט אַ טרייסט נאָר דערין, וואָס אין ווילנע האָט מען „איבערגעדעקט זייער שאַנד און פֿאַרטריבן זיי פֿון לאַנד". אין אַן אַנדער אָרט[2] ציטירט ער אַ בריוו פֿון ווילנע, אַז דאָרט איז מען חושד די

1 זמיר עריצים וחרבות צורים, ז"ז 16—17.

2 דאָרט, ז' 30.

לייט פון דער כת אין דער שבתי־צביישער אַפּיקורסות, מחמת זיי שרייען בעתן דאַוונען „באַ—באַ", און דער גאון האָט דערקלערט, אַז אין דעם דאָזיקן געשריי שטעקט אַ „גרויסע קליפּה". דערצו איז דער מחבר מוסיף אַז אײנטײטש אין נאָמען פון „איינעם אַ חכם" פון בראָד, אַז אין דעם דאָזיקן אויסרוף באַדאַרף מען פאַרריכטן „בה" מיט אַ הא אָנשטאָט „באַ" מיט אַן אַלף, און דעמאָלט וועט ווערן קלאָר די שעדלעכע כוונה, וואָרעם אַז מען פאַרבייט די אותיות לויט א"ת—ב"ש קומט אַרויס, אַז די אותיות ב ה ווערן אומגעביטן אין ש"צ, די ראשי תיבות פון שבתי צבי. דערפון איז געדרונגען, אַז מיט די חסידים באַדאַרף מען זיך באַגיין ווי מיט די שבתי־צביניקעס.

די פאַרעפנטלעכונג פון דעם קונטרס „זמיר עריצים וחרבות צורים" האָט אויפגעהויבן אַ טומל אין לאַגער פון די חסידים, וואָס האָבן דערין געזען אַ סכנה פאַר זייער קיום. אין יענע צייטן האָבן די סעקטאַנטן זיך נאָך ניט איינגעשטעלט צו ענטפערן זייערע קעגנער מיט אַ האַרבן וואָרט און אַרויסצוטרעטן אין מלחמה קעגן דעם ווילנער גאון און די באַרימטע רבנים, און דערפאַר האָבן זיי אויסגעקליבן אַן אַנדער טאַקטיק: זיי פלעגן אומעטום אויפקלייבן די געפערלעכע קונטרסים און זיי פאַרברענען. אין די שריפטן פון די מתנגדים איז פאַראַן איין בריוו מיטן נאָמען „אגרת שלוחה מווילנא לק"ק בראָד הבירה"[1], וואָס פון אים איז צו זען, ווי אַזוי ביידע צדדים האָבן זיך געקליגט אין דער דאָזיקער מלחמה און האָבן אויסגענוצט אַלע מיטלען צו שעדיקן זייערע קעגנער. דער בריוו

1 דער דאָזיקער בריוו איז פאַראַן אין צוויי נוסחאות: אין כתב־יד „שבר פושעים" סימן ט' און אין כתב־יד „זמרת עם הארץ" סימן י"ט (אין מיין פולער אָפּשריפט). די דאַטע פון יאָר פעלט אין ביידע, אָבער די חתימות פון די ווילנער פּרנסים זיינען געבליבן (עלף חתימות אין ערשטן און ניין אין צווייטן). נאָכן פאָרשן די מקורים און נאָכן אַנאַליזירן דעם אינהאַלט בין איך געקומען צו דער מיינונג, אַז דער בריוו איז געשיקט געוואָרן קורץ נאָכן אָפּדרוקן דעם קונטרס „זמיר עריצים וחרבות צורים", ד"ה צווישן סוף תקל"ב און אָנהייב תקל"ג. דאָ ברענג איך פראַגמענטן פון דעם בריוו דורך אַ קאָמבינאַציע פון ביידע נוסחאות. ביידע זיינען זיי זייער שלעכט מחמת דער מאַסע פּוסטע מליצות און טונקעלע רמזים; אין אַ סך ערטער זיינען זיי פּשוט פאַרגרייזט, און נאָר ווען מען קאָמבינירט די גוטע טיילן פון ביידע, קאָן מען אַרויסקריגן דעם היסטאָרישן קערן.

פון די מנהיגים פון ווילנער קהילה איז רעדאַקטירט ווי אַ מין ענט־פער אויף דעם בריוו פון די בראָדער פרנסים מכוח דעם קונטרס „זמיר עריצים“, וואָס איז געדרוקט געוואָרן מיט דער באַטייליקונג פון ביידע קהילות. די ווילנער לאָזן וויסן, אַז די קונטרסים זיינען צעשיקט געוואָרן „אין אַלע תפוצות ישראל“, אָבער זיי זיינען מוסיף, אַז אין איין אָרט האָט געטראָפן אַ מיאוסע מעשה: „די לייט פון ג ר אָ ד נ ע (הראדני) זיינען אַראָפּ פון וועג, און די נידערטרעכ־טיקע יונגען צווישן זיי האָבן אויסגעשטרעקט זייערע הענט צו פאַר־ברענען אויפן פלאַץ פאַר אַלעמען, און עס איז געווען בזיון און פאַרדראָס אויף דעם מוראדיקן חילול השם. און עס וואָלט זיך גע־שיקט אָפּצוצאָלן זיי ווי זיי האָבן פאַרדינט... נאָר היות ווי זיי גייען אויף געדרייטע וועגן, און זיי האָבן אַ לשון צו קומען אין הויף (לערוב עירובי חצרות) צו זייער שר און מושל צו באַקלאָגן זיך פאַר אים, און טאָמער חס־ושלום קומט אַרויס עפּעס אַ מכשול פאַר אונזער קהילה, האָבן מיר באַקלערט, זיי אָפּצולאָזן די שטראָף (אמרנו אפאיהם להשבית מ ע ו נ ש זכרם — אַ וואָרט־שפּיל מיט דעם פסוק דברים ל״ב 26: אשביתה מ א נ ו ש זכרם), און מיר האָבן זיך אַרויפגעלייגט אַ שלאָס אויפן מויל... און איצטער שיקן מיר צו מעלת כבוד תורתם אָפּשריפטן פון ג ב י ו ת ע ד ו ת, צווישן דעם אַן אָפּשריפט פון בריוו פון ק״ק גראָדנע, געחתמעט דורך די אויס־געצייכנטע שמשים פון קהל. מחמת מורא צו שיקן איבער לאַנד, האָבן מיר די נעמען פון די געחתמעטע ניט איבערגעשריבן. און עס זאָל אייך ידוע זיין, ווער זיינען דאָס די, וואָס האָבן דערוועגט זיך מחרים צו זיין די הייליקע די ג ע ד ר ו ק ט ע ק ו נ ט ר ס י ם, און צו באַצאָלן זיי ווי זיי קומט... מחמת דעם איז אונזער בקשה פון רום כבוד תורתם, איר זאָלט ווייטער אָניאָגן שרעק און אויסגיסן אייער כעס אויף די דאָזיקע כיתות.... אָנצושרייען אויף די מענטשן, וואָס האַלטן זיי אונטער, און דעמאָלט וועלן זיי זיך אומקערן פון זייער שלעכטן וועג און וועלן זאָגן אַלע: מיר גע־הערן צום אייבערשטן“. צום סוף בריוו שטייט: „כבוד הרב הגאון[1]

1 אין צווייטן נוסח איז צוגעגעבן „אב״ד“, בכן גייט דאָ די רייד ניט וועגן גאון, נאָר וועגן שטאָט־רב ר׳ שמואל. וואָסער נוסח איז דאָ דער ריכטיקער? בכל אופן פעלט אויך די חתימה פון הרב שמואל בר׳ אביגדור (שמואל בן אליעזר, וואָס איז געחתמעט דער ערשטער, איז אַן אַנדער מענטש).

אינו בביתו" (און אין דעם צווייטן נוסח איז נאָך צוגעגעבן: „דער פּאַר פּעלט זיין חתימה"). געחתמעט זיינען עלף פּרנסים פון דער קהילה.

פון דעם דאָזיקן אומקלאָרן בריוו לערנען מיר אָפּ: אַז די מנהיגים פון די קהילות אין ליטע און גאַליציע האָבן זיך פאַרנומען מיט פאַרשפּרייטן דעם קונטרס „זמיר עריצים"; אַז אין דער ליטווישער גראָדנע האָבן „נידערטרעכטיקע יונגען" (פון די סעקטאַנטן) פאַרברענט די קונטרסים, און מען וואָלט באַדאַרפט זיי באַשטראָפן, נאָר עס איז פאַראַן דערין אַ סכנה, וואָרעם זיי האָבן אַ יד אין הויף פון דעם שר און מושל, און אַז די באַשטראָפטע וועלן קומען קלאָגן זיך פאַר אים, וועט ער זיך שטעלן אויף זייער צד, און עס וועט דערפון אַרויסקומען אַ „מכשול פאַר אַלע קהילות"; אַז אין גראָדנע האָט מען געמאַכט גביות־עדות איבער די מעשים פון די סעקטאַנטן און אַן אָפּשריפט דערפון און פון דעם בריוו פון גראָדנער קהילה איז צוגעשיקט געוואָרן פון ווילנע קיין בראָד, נאָר עס זיינען דורכגעלאָזן די נעמען פון די געחתמעטע „מחמת מורא צו שיקן איבער לאַנד" (אָט ווי עס האָט געהאַלטן); אין גאַליציע איז ניט געווען אַזוי שטאַרק די סכנה פון מסירה, און דערפאַר זאָגן די ווילנער פרנסים אָן זייערע בראָדער קאָלעגן, זיי זאָלן ניט אויפהערן צו רודפן די סעקטאַנטן אין זייערע מקומות.

ווער זיינען דאָס די „נידערטרעכטיקע יונגען" אין גראָדנע, וואָס האָבן די קונטרסים פאַרברענט? אין יענעם קאַנט ווייסן מיר נאָר פון איין שטאָט, וואו עס האָט זיך איינגעפעסטיקט אַ חבורה חסידים: דאָס איז אינדורה אָדער אַמדור, וואָס דאָרט איז געזעסן דער צדיק חיים חייקא אַמדורער, אַ תלמיד פון מעזריטשער מגיד און פון ר' אהרן קאַרלינער. די שריפטן פון די מתנגדים דערציילן פיל וועגן דער אַמדורער חבורה און איר רבין חיים חייקא, וואָס איז געווען אַ דם־שונא דעם ווילנער גאון און די רבנים[1]. עס איז כמעט ווי זיכער, אַז אָט־דער פאַנאַטיקער פון חסידות האָט דאָס אָנגערעדט זיינע חסידים אין גראָדנער קאַנט צו פאַרברענען די קונטרסים פון די פאַנאַטיקער פון רבנות, און האָט אויסגענוצט די

1 אין די לעצטע פּרקים פון כ"י „שבר פושעים" און „זמרת עם הארץ".

השפעה פון עפעס אַ רייכן חסיד אַ תקיף ביי אַ פוילישן פריץ אָדער הויכן באַאַמטן, כדי אָנצושרעקן די מתנגדים מיט אַ מסירה. פון דאַנען נעמט זיך די איינגעהאַלטענע שנאה צו די אַמדורהע חסידים און צו זייער פירער, וואָס וועגן דעם וועט נאָך גערעדט ווערן ווייטער (§ 24).

און ניט אומזיסט האָבן די חסידים זיך געמיט אויסצוראָמען דעם חרם-קונטרס „זמיר עריצים". דער דאָזיקער קליינער ספר האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף זיינע לייענער אין פוילן און אין אַנדערע לענדער. דער גאון יוסף שטיינהאַרט פון דער קהילה פירט אין דייטשלאַנד (פאַרצייטן ביי יידן: פיורדאָ) האָט אין דער הקדמה צו זיין תלמודישן ספר „זכרון יוסף" (פיורדאָ תקל"ג) געשריבן: „און אויך איבער דעם טויט ציטערן מיין האַרץ, אַז איך זע אין אַ קליינעם ספר, וואָס הייסט זמיר עריצים וחרבות צורים, געדרוקט ניט לאַנג אין לאַנד פוילן דורך די רבנים, אַז דאָרט איז אויפגעשטאַנען אַ כת, וואָס פון זיי איז קיין נחת ניטאָ, זי רופט זיך אָן עדה חסידים און פרושים, זיי שיידן זיך אָפּ מיט זייערע מעשים און מנהגים פון הייליקן קהל, פאַרברענגען דעם רוב פון זייערע טעג ווי אום יום-טוב, אין זייער תפילה טוען זיי ליאַרעמען און שרייען, לאָזן אַרויס משונהדיקע קולות און זיינען משנה אַ סך מנהגים... און מיט דער אמתער תורה טוען זיי זיך ניט פאַרנעמען און זיי-נען נאָך אַנדערע מבטל, גרויס און קליין פאַרנעמען זיך תמיד מיט ספרי קבלה, וואָס איז פאַר זיי אַן אומגליק... זיי ווילן ניט לערנען די יסודות פון תלמוד, ריידן שלעכטס אויף די גאונים און רבנים, וואָס זיינען עוסק אין תורה, אין מקרא, משנה און גמרא, אין פילפול און אין סברא... זאָלן די חכמים זיך מיען צו שטערן די עצה פון פאַלשע מענטשן; וועלן זיי הערן און פאָלגן, וועלן זיי דאָס גוטס פון דעם אייבערשטן לאַנד עסן, און אויב זיי וועלן ניט וועלן און ווידערשפעניקן, וועלן זיי פון חרם געגעסן ווערן צו חרפה און שאַנד... זיי וועלן פאַרשטויסן ווערן ביז צום פאַרשווינדן". דער רב, וואָס זאָרגט פאַרן גורל פון יידישקייט, שטעלט אַוועק די חסידישע סעקטע גלייך מיט זייערע בני-דור די פראַנקיסטן, וואָס זיינען אין פוילן אַרויסגעגאַנגען פון כלל-ישראל און זיינען גע-

וואָרן מוסרים און שונאי־ישראל. ווי עס ווייזט אויס, האָט ר׳ יוסף שטיינהאַרט מעורר געווען אויך די גרויסע רבנים אין אַנדערע קהילות פון מערב־אייראָפּע אַרויסצוטרעטן קעגן חסידיזם. אַן ערך אין דער זעלביקער צייט איז געשיקט געוואָרן אַ בריוו אין זיין נאָמען און אין נאָמען פון נאָך צען רבנים (פון אַמשטערדאַם, האַג, מעץ און פּראָג). אין דעם בריוו לאָזן די רבנים וויסן, אַז אויך זיי זיינען מסכים צו דעם חרם, וואָס איז אויסגערופן אויף די סעקטאַנטן „אין אַלע ערטער, וואו זיי זיצן", און „איצט, אַז זיי (די רבנים אין ליטע און פּוילן) האָבן אַרויסגעלייגט אַ האַנט אויפן מויל, מחמת דעם צאָרן פון באַדריקער און מחמת מקורבים צום קיניגלעכן הויף", האָבן די רבנים אין מערב באַשלאָסן „צו פאַרפעסטיקן די חרמות", און חלילה אַראָפּצונעמען פון זיי אפילו אַ „קוצו של יוד", כדי די „פעסט זאָל זיך ניט אויסשפּרייטן און ניט חרוב מאַכן „כל ישראל"".[1]

אָבער אויך די רבנים און פּרנסים פון די קהילות אין די „געשעדיקטע" לענדער האָבן ניט אויפגעהערט שאַרף אויפצופּאַסן אויף די סעקטאַנטן. אָפטמאָלס פלעגן זיי אויספרעגן באַגלויבטע מענטשן וועגן דעם אויפפיר פון די חסידים און לאָזן וויסן וועגן די רעוואָלטאַטן פון זייער אונטערזוך צו זייערע פריינד אין אַנדערע קהילות. צו אונז איז דערגאַנגען אַן אָפּשריפט פון אַ גאַנצער ריי אַזעלכע גביות־עדות, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אין די יאָרן 1772—1774 אין אַ קהילה מכוח די מעשים פון אַ מגיד און אַ רב, וואָס זייער נאָמען און דער נאָמען פון שטאָט איז ניט דערמאָנט געוואָרן

1 דאָס איז דער תמצית פון איין דאָקומענט אָן אַ צייט־דאַטע אין דעם כ״י „זמרת עם הארץ", סימן ל״ו (אין „שבר פושעים" איז איבערגעשריבן נאָר דער אָנהייב, ווי אַ מין הוספה צו דער אָפּשריפט פון דער דערמאָנטער הקדמה צום ספר „זכרון יוסף", סימן כ״ט). קענטיק, אַז דער בריוו איז געשריבן אַ יאָר אָדער צוויי נאָך די חרמות פון 1772. דער מאָטיוו, אַז ליטווישע און פוילישע רבנים האָבן אויפגעהערט צו רודפן די סעקטע, מחמת זיי האָבן מורא פאַר דער רעגירונג, באַשטעטיקט דאָס וואָס איז געזאָגט אין אויבנדערמאָנטן בריוו וועגן דער פאַרברענונג פון די קונטרסים „זמיר עריצים". איך לאָז איבער פאַר קומענדיקע פאָרשער קלאָר צו מאַכן די פראַגע: צי איז טאַקע אויסגערופן געוואָרן אַ חרם אויף די חסידים אין די מערב־אייראָפּעישע קהילות נאָכן יאָר תקל״ב. (די דאַטע תק״ל אין איין אָרט פון אונזער דאָקומענט איז געווים פאַרגרייזט).

„מחמת חילול השם"[1]. וואָס זיינען די זינד פון די חסידים, וואָס זיי=
נען אויפגעדעקט געוואָרן אין די דאָזיקע גביות=עדות? איין עדות
זאָגט אויס פאַר אַ בית=דין פון דריי דיינים (אויף יידיש): „איך
האָב געהערט ווי דער מגיד מקהילתנו האָט געזאָגט צו איין חשוב
פלוני=בן=פלוני: כל=זמן אַז מען האָט ניט אויסגערופן בחרם, אַז
מען זאָל ניט זאָגן כ ת ר (דאָס איז אַ באַזונדער תפילה אין דער
קדושה, וואָס די חסידים זאָגן), וועל איך זאָגן. אָבער איך זאָג
אייך: האָט דער רבי אייך פאַרברענט אייער שטאָט איין מאָל (דאָס
הייסט, אַז לויט דעם רבס תפילה איז די שטאָט געשטראָפט גע=
וואָרן מיט אַ שריפה), אַזוי היט אייך ווייטער". איין עדות דעקט=
אויף, אַז דער חשודיקער מגיד האָט געכשרט דאָס פלייש פון אַ
בהמה אַ „מסוכנת" (אַ קראַנקער) קעגן דין און האָט זיך פאַר=
ענטפערט דערמיט, וואָס אין דער בהמה איז מגולגל געוואָרן אַ
יידישע נשמה, וואָס איר תיקון איז דערין, וואָס ערלעכע יידן וועלן
עסן דאָס פלייש און מאַכן דערויף אַ ברכה; און אַז דער חזן האָט
קעגן דעם פראָטעסטירט, האָט דער מגיד אים מחרים געווען און
אַרויסגעטריבן. אַן אַנדערש מאָל האָט דער מגיד געהאַט די העזה
צו פאַרלאַנגען פון דעם שטאָט=רב, ער זאָל קומען צו אים בעטן
מחילה. ווידער אַמאָל האָט געטראָפן, אַז חסידים האָבן אין זייער
מנין אָפגעשפּעט פון אַ רב אַ מופלג אין תורה. דריי מענטשן
האָבן עדות געזאָגט, אַז זיי האָבן געזען, ווי חסידים האָבן אין
זייער מנין ביים דאַווענען „איבערגיוואָרפן זיך קולאָס" (לויט אַ
צווייטן נוסח: „זיך איבער געוואָרפן קאָשעלקעס") — דאָס איז

---

1 „שבר פושעים" סימן כ"ח; „זמרת עם הארץ" סימן ל"ד: „אָפשריפט
פון דעם כתב וואָס עס האָט געשיקט דער גאון (ר' יצחק) אב"ד דק"ק קראָקע
צו זיין זון דעם גאון (ר' מרדכי) אב"ד בק"ק ט י ק ט י ן, וועגן מיאוסע און פאַר=
דאַרבענע מעשים פון איינעם אַ מגיד אין אַ געוויסער שטאָט, וואָס איז מפורסם
געוואָרן מיט זיין שלעכטסקייט, ער און נאָך אַ רב אַ באַוואוסטער און באַרימ=
טער, נאָר זייערע נעמען וויל איך ניט אַרויסלאָזן פון מויל מחמת חילול השם".
אין די דאָקומענטן ווערן דערמאָנט דערך אגב די קהילות מינסק און גראָדנע,
און איך בין משער, אַז דער דאָזיקער מגיד איז איינער פון די אָנהענגער
פון דעם דערמאָנטן חייקא אַמדורער, וואָרעם אַמדור איז ניט ווייט פון
טיקטין. אין רוב גביות עדות איז פאַרצייכנט תשרי תקל"ד (סעפּטעמבער 1773)
און אין איינער — ניסן תקל"ב.

דאָס אויבנדערמאָנטע „קוליען זיך", און בשעת מעשה האָבן זיי געזאָגט: „פון גאָטס וועגן און פון רבי'ס וועגן"; דער עדות איז מוסיף: „איך האָב געהערט מכּל החסידים וואָס זענען ביים מנין, אַז עס קומט צום מענטשין גדלות, אַזוי מוז ער זיך איבערוואַרפן". וועגן אָט־דעם מיאוסן מנהג האָט שוין דער ווילנער גאון געזאָגט, אַז דאָס איז אַ מין געצנדינסט צום בעל־פּעור, וואָס שטייט אין דער תורה[1].

די רדיפות מצד די מתנגדים פלעגן אָפטמאָל צווינגען די מנהיגים פון דער סעקטע צו זוכן אַ בעסערן מזל דורך אומ־בייטן זייער וואוין־אָרט. דער ראש פון דער מינסקער חבורה, ר' מענדל וויטעבסקער, וואָס האָט זיך באַרדרייט אין אַ מחלוקת מיט די פאַנאַטיקער אין די יאָרן תקל"א און תקל"ב (אויבן § 18) און ווערט דערמאָנט צום שלעכטן אין קונטרס „זמיר עריצים"[2], האָט פאַרלאָזן די שטאָט מינסק און האָט זיך אומגעקערט צו זיך אַהיים. אַן ערך אין יאָר תקל"ג האָט ער זיך באַזעצט אין האָראָדאָק, וויטעבסקער גובערניע, און האָט גענומען פאַרשפּרייטן חסידות אין די צפונדיקע געגנטן פון ווייסרוסלאַנד. אים זיינען בייגעשטאַנען זיינע חברים, וואָס האָבן געלערנט מיט אים צוזאַמען ביים מעזריטשער מגיד: ר' ישראל פּאָלאָצקער, ר' אברהם קאַליסקער און ר' שניאור זלמן ליאָזנער. עס זיינען געגרינדעט געוואָרן נייע חסידישע מנינים אין גרעסטן טייל קהילות פון וויטעבסקער און מאָהילעווער גובערניע, און אַלע זיינען געווען פאַרבונדן מיט זייערע רביים: מען פלעגט פאָרן צו זיי, האַלטן זיך אַן עצה ניט נאָר אין רוחניותדיקע זאַכן, נייערט אויך אין לעבנס־פראַגן, מכּוח פּרנסה וכדומה אַזעלכע ענינים. ר' מענדל איז פאַר זיי געווען אַ לערער און עצה־געבער, אָבער ער האָט ניט אויסגענוצט דעם גלויבן פון דער מאַסע, כּדי זי אָפּצו־נאַרן מיט „מופתים", ווי דאָס פלעגן טאָן אַ סך אוקראַאינער צדיקים.

---

1 אין דעם בריוו פון ר' שניאור זלמן פון ליאָדי צו ר' אברהם קאַליסקער, וואָס איז אויבן דערמאָנט (פּרי הא־ץ, דער טייל פון די בריוו; זע „בית רבי" I, 85).

2 עמוד ח': „און אויך אויפן דאָזיקן ר' מענדל האָבן מיר געזען צוויי זאַכן וואָס באַטייטן אַ סך: אַ גביות עדות וועגן מיאוסע מעשים, וואָס מען טוט אַזעלכע ניט ביי יידן". וואָס זיינען דאָס פאַר אַ „מעשים", שטייט דאָ ניט געזאָגט.

אין אַ שפּעטערער צייט, אַז איינער פון זיינע חסידים האָט זיך געווענדט צו אים „מכּות קינדער", דאָס הייסט, ער זאָל אים אָדער זיין ווייב אויסהיילן פון עקרות, האָט אים ר' מענדל געענטפערט אין אַ בריוו: „אָבער אויף זיין עיקר בּקשה מכּוח קינדער, נאָכדעם ווי איך האָב געזען זיין גרויס געבעט און אויסגעהערט זיינע שטאַרקע טענות... האָב איך זיך שטאַרק פאַרשעמט: בּין איך דען אָנשטאָט גאָט? עס איז געווען גאָטס וואָרט בּיים בעל-שם (בעש"ט), ער האָט גוזר געווען, און עס איז געוואָרן; איינער איז ער געווען, און פון די אַלטע איז זיין גלייכן ניט גע-ווען, אָבער נאָך אים ווער וועט אויפשטיין אויף דער ערד? הגם אַ סך גרויסע צדיקים אין אונזער דור האָבן אַ מויל און ריידן און זאָגן נביאות, איך בּין אָבער ניט אַזוי"[1].

און פונדעסטוועגן איז ר' מענדל מיט זיינע חברים ניט פּטור געווען פון רדיפות מצד די פאַנאַטישע מתנגדים. די פעסטונג פון די פאַנאַטיקער פון דעם גאון ר' אליהוס תּלמידים איז אין יענער צייט געווען די קהילה שקלאָוו, וואָס איז נאָך דער ערשטער צעטיילונג פון פוילן געשטאַנען אויפן גרענעץ צווישן פוילן און רוסלאַנד. די שקלאָווער רבנים האָבן געהאַלטן פאַר אַ חוב צו טאָן אין ווייסרוסלאַנד דאָס, וואָס די ווילנער קנאים האָבן גע-טאָן אין ליטע, און האָבן גערודפט די סעקטאַנטן און אַרויסגעלאָזן אַ שלעכטן שם אויף זייערע פירער. ר' מענדל און זיינע חברים וואָס זיינען אַליין געווען קלאָר אין תּלמוד און האָבן הויך גע-שאַצט דעם תּלמודישן גאון ר' אליהו, האָבן זיך שטאַרק מצער געווען, וואָס אין זיין נאָמען האָט מען זיי געמאַכט צו שאַנד און שפּאָט, און דערפאַר האָבן זיי באַשלאָסן אַליין צו פאָרן קיין ווילנע און צו דערווייזן אים, אַז ער איז אומזיסט חושד ערלעכע יידן. אין יאָר תּקל"ז לערך זיינען געקומען קיין ווילנע ר' מענדל און זיין יונגער חבר ר' שניאור-זלמן. אין צוואַנציק יאָר אַרום דער-ציילט ר' שניאור זלמן וועגן דער דאָזיקער רייזע אין אַ בריוו צו זיינע ווילנער פריינד אָט וואָס:[2] „גלייך פון אָנהייב אָן האָבן מיר

1 פּרי הארץ, צווייטער בּריוו.

2 דער בּריוו, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין סוף פון וויכּוח „מצרף העבודה" (קיניגסבערג, תּרי"ח), איז אָנגעשריבן אין יאָר 1796 בּעת דעם ווילנער גאונס לעצטן אָנפאַל אויף די חסידים. אין די ערשטע שורות דערמאָנט ר' שניאור

דאָס געלאָזט וויסן און זיינען אַוועק צום גאון דעם חסיד (ר' אליהו) נ"י אין שטוב זיך מתווכח זיין מיט אים און אַראָפּצונעמען זיינע טענות פון אונז. בעת מיר זיינען געווען דאָרט מיט דעם רב און דעם חסיד דעם פאַרשטאָרבענעם ר' מענדל האראסנער[1] זצ"ל, האָט ער (דער גאון) צוויי מאָל פאַרשלאָסן פאַר אונז די טיר. און אַז די גרעסטע לייט פון שטאָט האָבן געטענהט צו אים: רבי, אָט איז געקומען זייער באַרימטער רב זיך מתווכח צו זיין מיט כת"ה [כבוד תורתו הרם], און אַז ער וועט באַזיגט ווערן, וועט געווים זיין שלום ביי יידן, האָט ער זיי אָפּגעשטופּט מיט תירוצים. און אַז זיי האָבן אָנגעהויבן שטאַרק צוצושטיין, איז ער אַוועק און אָפּגעפאָרן פון שטאָט, און האָט זיך דאָרט געזאַמט, ביז מיר זיינען אַוועקגעפאָרן, ווי עס איז באַוואוסט צו די זקנים פון זייער שטאָט (ווילנע)". שפּעטער איז געמאַכט געוואָרן נאָך אַ פּרווו צו מאַכן אַ וויכּוח מיט די מתנגדים אין שקלאָוו — און אויך אָן רעזולטאַטן. „און דערנאָך אין אונזערע קאַנטן (ווייסרוסלאַנד) — שרייבט ר' שניאור-זלמן — זיינען מיר געפאָרן קיין שקלאָוו אויך צו אַ וויכּוח, און עס איז אונז ניט געראָטן, און זיי האָבן אונז אָפּגעטאָן מעשים וואָס מען טוט ניט און זיי האָבן איבערגעביטן זייער האַלטונג און זייער הבטחה, וואָס זיי האָבן אונז צוגעזאָגט פריער אונז גאָרנישט צו טאָן. ערשט, אַז זיי האָבן געזען, אַז זיי האָבן ניט וואָס צו ענטפערן אויף אונזערע רייד, זיינען זיי געקומען מיט געוואַלד און האָבן זיך אָנגעהאַנגען אָן אַ גרויסן בוים, דעם גאון דעם חסיד נר"י (נרו יאיר — זיין ליכט זאָל שיינען)"[2].

---

זלמן די געשעענישן פון פריער, ווען דער פּרווו צו פירן אַ וויכּוח מיטן גאון האָט זיך ניט איינגעגעבן. ווען דער דאָזיקער פּרווו איז געוואָרן געמאַכט, שטייט אין דעם בריוו ניט, ס'איז אָבער בכל אופן קלאָר, אַז פאַר תקל"ז, וואָס דעמאָלט איז ר' מענדל אָפּגעפאָרן קיין ארץ-ישראל. אין „בית רבי" ווערט דערציילט, אַז אין ווילנע האָבן ר' מענדל און ר' שניאור זלמן זיך אָפּגעשטעלט אין שטוב פון דעם באַוואוסטן רב הקהלה, ר' שמואל, וואָס אויך ער האָט געוואָלט האָבן דעם וויכּוח, כּדי בטל צו מאַכן די מחלוקת. דאָס איז מסתּמא אַ טראַדיציע אין דער משפּחה שניאורסאָן.

1 דאָס איז אַ בפירושער דרוק-פעלער אָנשטאָט האָראָדאָקער.

2 אין דעם זעלביקן בריוו פון יאָר 1796. נאָך פריער, אין זיין בריוו פון יאָר 1784 צו די רבנים, וואָס האָבן זיך צונויפגעקליבן אין מאָהילעוו,

דעמאָלט איז אויפגעקומען בײַ ר' מענדלען אַ נײַער געדאַנק: צו פֿאָרן קיין ארץ ישראל, ווי דאָס האָבן געטאָן פֿריער עטלעכע תּלמידים דעם בעש"טס אין אוקראַינע (§ 17), און גרינדן דאָרט אַ צענטער פֿאַר דער חסידות, כּדי אַז די נײַע תּורה זאָל ווערן געהייליקט דורך דער קדושה פֿון לאַנד. זײַנע חברים ר' ישראל פּאָלאָצקער און ר' אברהם קאַליסקער האָבן דערצו מסכּים געווען, און אין חודש אדר תּקל"ז (1777) זײַנען זיי זאַלבעדריט אָפּגעפֿאָרן מיט נאָך אַ קאָמפּאַניע חסידים, וואָס האָבן אויך באַשלאָסן זיך צו באַזעצן אין ארץ ישראל. ר' שניאור־זלמן מיט נאָך עטלעכע פֿאָרשטייער פֿון דער סעקטע זײַנען אַוועק מיט זיי באַלייטן זיי ביז דער שטאָט מאָהילעוו־פּאָדאָלסק. די דאָזיקע קאָמפּאַניע חסידים, אַ דרײַ הונדערט נפֿשות, זײַנען אָנגעקומען אין חודש אלול תּקל"ז אין דער שטאָט צפֿת, דעם רו־אָרט פֿון דעם הייליקן אר"י, און האָבן דאָרט געפֿונען אַ סך הייליקע קבֿרים און „הײַזער וויסטע אָן אײַנוואוינער". אין דער דאָזיקער שטאָט, וואו מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק האָט געבליט די קבלה, האָבן די נײַע וואַנדערער גערעכנט אײַנצופֿלאַנצן דעם לעבנס־בוים פֿון חסידות און פֿאַרשפּרייטן פֿון דאָרט אַ נײַ ליכט איבער די ייִדן פֿון גאָר דער וועלט. אָבער זייער האָפֿענונג איז ניט מקוים געוואָרן. אויף דער חבֿרה חסידים זײַנען געקומען אַ פֿולע צרות: אין אַ שטיקל צײַט אַרום איז אויסגעגאַנגען בײַ זיי דאָס געלט; דאָס וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך האָבן זיי אויסגעגעבן ניט פֿאַר זיך אַליין, נאָר אויך אויף צו שפּײַזן די פֿיל אָרעמעלײַט אין ארץ ישראל, און עפּעס טאָן אַן עסק אין דעם וויסטן לאַנד, אָן צו קענען די שפּראַך פֿון לאַנד,

---

באַקלאָגט זיך ר' שניאור זלמן אויף די רדיפֿות (אונטן, § 25). דער מחבר פֿון דער ביאָגראַפֿיע פֿון הויז שניאורסאָן „בית רבי" איז מוסיף לויט אַ פֿאַמיליען־לעגענדע, אַז ר' מענדל האָט געשיקט קיין שקלאָוו זײַנע חברים ר' שניאור זלמן און ר' אברהם קאַליסקער, און אַז די מתנגדישע קנאים האָבן געכאַפּט די שלוחים און האָבן זיי געהאַלטן אײַנגעשלאָסן אין אַ קעלער אַ גאַנצע נאַכט און האָבן געוואָלט אינדערפֿרי „אָנטאָן זיי בזיונות", אָבער די שלוחים האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט און זײַנען אַנטלאָפֿן עטלעכע מײַל פֿון שטאָט, ביז זיי זײַנען געקומען אין אַ קרעטשמע; דאָרט האָבן די שלוחים זיך אָנגעשטויסן, אַז דער קרעטשמער איז אויך פֿון די פֿײַערדיקע מתנגדים, און זײַנען דעריבער פֿון דאָרט אַנטלאָפֿן, ביז זיי האָבן זיך אומגעקערט בשלום צו ר' מענדלען.

איז אויך געווען שווער. האָבן זיי דעריבער געשיקט אין יאָר תקל״ת דעם געניטן משולח ר׳ ישראל פּאָלאָצקער קיין חוץ־לארץ צו קלייבן דאָרט נדבות. אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל (סטאַמבול) האָט אים אָפּגעגליקט צונויפצוקלייבן אַ היפּשע סומע און איבערצושיקן צו זיינע חברים אין צפת, און דערנאָך איז ער געפאָרן ווייטער, ביז ער איז געקומען אַהיים קיין ווייסרוסלאַנד. דאָרט איז ער עטלעכע יאָר געווען די רעכטע האַנט פון דעם ראש פון די חסידים ר׳ שניאור זלמן און האָט אים געהאָלפן אָרגאַניזירן די חסידישע געמיינדעס. אַז ער האָט ווידער געהאַט בדעה זיך אומצוקערן אין הייליקן לאַנד, האָט אים פאַרכאַפּט דער טויט: ער איז געשטאָרבן אין דער אוקראַינישער שטאָט פּאַסטאָוו (אַן ערך אין יאָר תקמ״ה)[1].

אָבער אויך אין ארץ־ישראל האָט די חברה חסידים קיין רו ניט געהאַט פון זייערע פאַנאַטישע רודפים. די רייסישע און ליטווישע רבנים האָבן געשריבן צו די ספרדישע רבנים אין הייליקן לאַנד, זיי זאָלן גוט אַכטונג געבן אויף דעם אויפפיר פון די חברה־לייט, און האָבן זיי געשיקט גביות־עדות פון יאָר תקל״ז וועגן די מעשים פון דער „כת“, וואָס זיינען געפּערלעך פאַר דער טראַדיציאָנעלער יידישקייט. די ספרדים, וואָס זיינען געווען נוטה צום אַר״ים קבלה, האָבן דערויף ניט געקוקט, ווייל די פירער פון דער חברה ר׳ מענדל און אברהם קאָליסקער האָבן זיי באַטראַכט ווי מקובלים און אמתע פרומע לייט. די כתבים מיט די גביות־עדות האָבן זיי איבערגעגעבן ר׳ אברהמען און האָבן געבעטן, ער זאָל אָפּפּסקע־נען זיי צו פאַרברענען ווי פּאַסקוויל־שריפטן, און דער דאָזיקער פּסק־דין איז אויסגעפירט געוואָרן אין צפת פאַר אַן עולם מענטשן פון דער קהילה. צווישן די אַשכנזים אָבער, וואָס האָבן הייליק גע־האַלטן דעם ווילנער גאון, האָט מען גערעדט שלעכטס אויף די אורחים, וואָס אין דער היים איז אויף זיי געווען אַרויפגעלייגט אַ חרם. אין זיינע בריוו צו זיינע פריינד אין וואָלין, ליטע און רייסן באַקלאָגט זיך ר׳ מענדל אויף די מתנגדים, וואָס ווילן אָנצינדן דאָס פייער פון מחלוקת אויך אין הייליקן לאַנד: „מיך כאַפּט אָן אַ שרעק, ווען איך זע דעם אָרט, וואָס מיינע אָבות האָבן דאָרט

---

1 פּרי הארץ, אין די ערשטע בריוו; דובנאָוו „החסידים הראשונים בארץ ישראל“, אין ז״ב „פרדס“ צווייטער באַנד, ז״ז 206 א״וו (אָדעס 1893).

מתפלל געווען און זיינען ניטאָ איבער דער זינד פון שנאַת=חינם (דאָס איז אַן אָנצוהערעניש אויפן תלמודישן וואָרט, אַז ירושלים איז חרוב געוואָרן פאַר דער זינד פון שנאַת=חינם), און נאָך איצט זיינען מיר ניט ריין פון דער זינד פון געשפּאָלטענע הערצער... ליגנערס זיינען געקומען מאַכן אויף אונז מיאוסע בילבולים... איך וויל שלום און זיי זיינען פאַר מלחמה... וועמען רודפן דאָס די מלכים פון ישראל (די רבנים)? איין טאַטן האָבן מיר דאָך אַלע, איין גאָט האָט אונז באַשאַפן, פאַר וואָס זאָלן מיר אויפרייצן אַ ברודער קעגן אַ ברודער?" מיט שטראָף=רייד ווענדט זיך ר' מענדל אין אַ בריוו פון יענער צייט צו זיינע גוטע פריינד אין ווילנע, וואָס זיינען ניט צוגעשטאַנען צו דער סעקטע חסידים, נאָר האָבן געוואָלט ברענגען צו אַ פּשרה צווישן די קעמפנדיקע צדדים[1].

ער דערמאָנט זיי, אַז בעת ער איז געווען אין ווילנע צוליב דעם וויכוח מיטן גאון, האָבן די „מלאכי השלום" פון די געמעסיקטע אין דער קהילה אים געשטיצט, נאָר ס'האָט זיי ניט אָפּגעגאָלטן „מחמת די מלשינים, וואָס צעשיידן נאָענטע מענטשן און רייצן אויף קריגערייען צווישן ברידער". „דורך זיי (די מלשינים) — באַקלאָגט זיך דער שרייבער — איז פאַרגאָסן געוואָרן דאָס בלוט פון אָרעמע אומשולדיקע נפשות, און זיי האָבן דאָס געבראַכט צום שטרויכלען די צדיקים די תמימים (די רבנים) צו משפטן דיני־נפשות... אָבער גאָט ווייס, און יידן ווייסן, אַז מען האָט פאַלשע עדות קעגן אונז באַוויזן. איך שטיי איצט אויף הייליקער ערד און זאָל דער אייבערשטער זיין מיין עדות, איך שווער ביי אים, צי עס איז פאַראַן אין אונז און אין אונזערע מיינונגען און אין אונזער גלויבן, חס=ושלום, אַ זכר פון אַ פלעק אָדער ח"ו אַ כפירה אין דער הייליקער תורה שבכתב און שבע"פ, אַפילו אין וואָסער עס איז סייג אָדער צאַם פון אַ מצווה קעגן גאָט און קעגן זיין משיח...

אמת, יונגעלייט פון דער חברה טוען אַ סך קינדעריי (אַן אָנצוהערעניש אויף די יונגעלייט אין דער חסידישער סעקטע, וואָס האָבן

---

1 די צוויי בריוו ווערן דאָ געבראַכט פראַגמענטנווייז, מיט אויפקלערונגען אין קלאַמערן, זע פרי הארץ, דאָרט; „בית רבי" I, 15—18, און זע נאָך אין אויבנדערמאַנטן מאמר „החסידים הראשונים", ז' 206 א"וו.

גערייצט די רבנים דורך שטיפערייען), ווייל ווי נאר עס עפנט זיך פאר זייערע אויגן א שיין ווערן זיי חסידים, נאר וויסן און שכל פעלט זיי, אבער איך האב זיי אפגעשטופט מיט ביידע הענט. די אבער וואס האלטן די תורה, זיי קענען מיך און איך האב מיט זיי געלערנט אויף וויפיל דער אייבערשטער האט מיט זיין גוטס מיר איינגעטיילט... און גאט איז אן עדות צווישן אונז, אז מיר ווילן פארזען אליץ און מיר פארגעבן און זיינען מוחל אלעמען, ווער עס האט אונז גערייצט און דערצערנט און ווער עס האט אונז שלעכטס געטאן סיי אין גוף און סיי אין געלט, גאט דער גוטער זאל זיי מכפר זיין... נאר פון היינט און ווייטער זינדיקט ניט קעגן אונז... און אט זייט איר מיינע עדות און דער אייבערשטער איז מיין עדות, אז בעת איך בין געווען אין זייער לאנד, האב איך געוואלט זיין ריין פאר גאט און פאר יידן און איך בין געגאנגען (קיין ווילנע) צו געבן אן אויסטייטש פאר אלצדינג, נאר ס'איז ניט באשערט געווען (ווייל דער גאון האט ניט אנגענומען דעם וויכוח). און אט איצט, אז דער אייבערשטער האט מיך געבראכט אין זיין אייביק זיץ-ארט, דער וואוינונג פון אונזער פראכט, וואס איז וויסט און חרוב איבער דער שנאת-חינם, וואס איז געווען צווישן אונזערע עלטערן... בין איך געקומען צו בעטן שלום... און פון איצט, ברידער יידן, טו איך בעטן: שיידט זיך אפ פון דעם דאזיקן שלעכטס, און זאלן מיר ניט זיין צעטיילט אין פיר זייטן"... אזוי האט זיך געבעטן ביי זיינע יאגער דער פירער פון די חסדים, אבער אויך צו דעם קול פון הייליקן לאנד האט מען זיך ניט צוגעהארכט, ווייל עס האבן אים אריבערגעהילכט די קולות פון די פאנאטישע רבנים. אין דריי יאר ארום, 1781, האט זיך די מחלוקת נאך שטארקער צעפלאקערט.

פון יענער צייט איז דערגאנגען צו אונז א דאקומענט, וואס זאגט עדות, אז אויך אין פאדאליע, דער נעסט פון חסידות, איז געמאכט געווארן א פרווו צו פארהאלטן איר פארשפרייטונג. אין יאר 1778 זיינען זיך צונויפגעקומען אויסגעקליבענע פון דער קהילה מאהילעוו אויפן דנעסטער און האבן מיט א רוב שטימען אנגענומען אזעלכע תקנות: „היות ווי עס איז אן עת-צרה פאר יידן, איין צרה רוקט זיך נאך דער צווייטער: מיר האבן קוים באוויזן אראפצווארפן דעם שטויב פון אונזערע קעפ (דעם טרויער) נאך

די קדושים פון פּאָלק, וואָס זיינען געפאַלן פון שווערד (כי נפלו בחרב)[1] זיינען שוין ווידער ניין צדיקים אין זייער דור אומגעקומען (ט' צדיקים בדורם אבדו)[2]. אין אונזער שטאָט פון איין זייט האָבן זיך פאַרשפּרייט די אמונות פון שבתי צבי און זיין תלמיד ברכיה פראַנק ימ״ש (ימח שמם), און פון דער צווייטער זייט די חסידים פון בעש״ט און זייערע תלמידים. און אַזוי טאַפּן מיר אַרום ווי בלינדע אין דער פינסטער און מיר ווערן פון טאָג צו טאָג אַלץ שוואַכער (הולכים ודלים) און געשלעפּט ווי שאָף צו דער שחיטה, מען האָט אונז געמאַכט צו קאָפּ-שאָקלעניש פאַר פעלקער, מען וואַרפט אויף אונז גורל ווי אויף הפקר אין מדבר. בכן געשיקט עס זיך צו מאַכן די דאָזיקע תקנות צווישן אונזערע שטאָטלייט, כדי זיי זאָלן זיך ניט וואַרפן אין די אויגן (לקנאה ולמראית עין) צווישן די פעלקער, וואָס מיר זיינען ביי זיי אין ביטערן גלות, און אויסזען ווי פאַרפירטע נאָך אַ פאַלשן גלויבן. מחמת דעם איז אַרויס פון אונז, די אויסגעקליבענע פון אונזער קהילה און יחידי סגולה, וואָס האָבן באַשטעטיקט און אָנגענומען אויף זיך און אויף זייערע קינדער אַלץ, וואָס גייט אַרויס פון אונז, און עס ווערט פאַרשריבן אין אַ בוך צום אָנדענק, קיין זאַך זאָל ניט אויספאַלן:

א) עס איז פאַרבאָטן די טעכטער פון אונזער שטאָט אָנצוטאָן אום דער וואָכן אַ בגד פון זיידנס, און אַפּשיטא, אַז עס טאָר ניט זיין קיין שום זילבערנע אָדער גילדענע האַפט אויפן בגד;

ב) פאַר מאַנסביל איז דער זעלביקער דין ווי פאַר ווייבער, אויך זיי טאָרן ניט אָנטאָן קיין זיידענעם בגד, סיידן צו אַ סעודה פון ב״מ (ברית-מילה) און חתונה;

ג) היות מיר האָבן געזען דאָס גרויסע אומגליק, וואָס האָט אונז געטראָפן פון די פרעפלער און פאַרפירער פון די דערמאָנטע כתות, בכן זאָלן פון די דאָזיקע לייט ניט קומען צווישן אונזער חברה;

---

1 די צאָל פון די אותיות אין די איינגעקלאַמערטע ווערטער פון דעם אָריגינאַל-בריוו באַטרעפט 408 (ת״ח) און זיינען מרמז אויף די גזירות ת״ח (1648).

2 די צאָל פון די אותיות אין די איינגעקלאַמערטע ווערטער באַטרעפט 528—תקכ״ח, אַ רמז צו דער אומגעבער שחיטה און צו די אַנדערע הריגות אין אוקראַינע 1768.

ד) די שמשים פון דער חברה קדישא זיינען מחויב צו זיין וואך אַלע נאַכט ביי אַ חולה ב"מ (בר-מינן, ה"ה ניט אויף אונז געדאַכט), און אויב דער שמש וועט ניט האָבן קיין צייט צו קומען נעכטיקן ביים חולה, דעמאָלט איז ער מחויב צו דינגען אַן אַנדער מענטשן אויף זיין אָרט, ער זאָל באַדינען דעם קראַנקן, ווי ער דאַרף.

דאָס אויבן-געזאָגטע איז געציילט און אָנגענומען מיט אַ רוב שטימען... און זאָל דער אייבערשטער זען אונזער פיין און זאָגן גענוג צו אונזערע צרות, און אַז"וו. היינט 22 טעג אין אלול תקלמ"ד חי"ת לפ"ק דאָ אין מאָהילעוו אויפן נעסטער"[1].

הייסט דאָס, אַז סוף זומער תקל"ח (1778), צען יאָר נאָך דער „מעשה אומאַן ואוקריינא", האָבן די יידן פון דרומדיקן מאָ-הילעוו, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער השפעה פון בראָדער קהילה, מתקן געווען תקנות וועגן אַבילות, און דערין אויך אַ תקנה אויסצושליסן פון דער געזעלשאַפט די אָנהענגער פון די „כיתות", די שבתי-צביישע און חסידישע. אין אַזאַ אומבאַשטימטער פאָרם געפינען מיר נישט קיין שום חרם אין אַלע כתבים, וואָס מיר פאַר-מאָגן. די דרומדיקע מתנגדים האָבן צונויפגענומען ווי איין קייט פון צרות די גאַנצע ריי געשעענישן: די אוקראַינער שחיטה פון 1768, די מעשים פון די פראַנקיסטן און זייער שמד און דאָס פאַרמערן זיך פון די „חסידים פון בעש"ט און זייערע תלמידים", און האָבן באַשלאָסן צו דערווייטערן די „פרעפּלעדס און פאַרפירערס" פון זייער געזעלשאַפט. דאָס אַליין האָט ניט געהאָלפן. אין דרום-רוסלאַנד איז שוין געווען געקומען די שעה פון ניצחון פאַר דער חסידישער באַ-וועגונג.

---

1 די דאָזיקע תקנות, וואָס זיינען געווען פאַרשריבן אין אַלטן קהלשן פינקס פון מאָהילעוו, זיינען שפּעטער איבערגעשריבן געוואָרן אין נייעם פינקס, און פון דאָרט האָט זיי איבערגעשריבן פאַר מיר אין יאָר 1892 נחום ליטינסקי, דער מחבר פון בוך „קורות היהודים בפודוליה" (אָדעס, 1895). די ריכטיקייט פון דער אָפּשריפט פון דעם אַלטן פינקס האָט באַשטעטיקט דער רב פון דער קהילה מיט זיין חתימה. לויט מיין השערה שטאַמען די דאָזיקע תקנות פון דער „חברה קדישא", ווי עס איז צו זען פון דעם אינהאַלט פון דער פערטער תקנה און פון דעם אויסדרוק „לא יבואו בקהל ח ב ר ת נ ו", אָנשטאָט „לא יבואו בקהל". דער העברעיִשער סטיל פון די תקנות, וואָס קלינגט היפּש מאָדערן, האָט אַפילו דערוועקט ביי מיר אַ חשד, אָבער די באַשטעטיקונג פון דעם שטאָט-רב, וואָס האָט זיך געחתמעט אויף דער אָפּשריפט, וואָס געפינט זיך ביי מיר, צווינגט אויך דעם סקעפּטיקער זיי אָנצונעמען פאַר ריכטיק.

## פערטער קאַפּיטל

# די צווייטע מחלוקת (1780 — 1784)

## § 22. אָנהייב פון דער חסידישער ליטעראַטור און דער טומל אין ווילנע.

**חסידישע דרוקערייען. — געדרוקט דעם ספר „תולדות יעקב יוסף“ (1780). — דעם מחבּרס ענטפער אויף די רדיפות פון יאָר 1772. — די אַפּיקורסות וואָס די מתנגדים האָבן געפונען אין דעם ספר „תולדות“: אויפרייצונג פון המון קעגן די רבנים און וואויל-לערנערס און דעם סוד וועגן אַרויפברענגען די ניצוצות פון דער טומאה. — די אויפרעגונג אין ווילנע. — דער גאון מיט זיין קאָמפּאַניע רופן אויס אַ נייעם חרם אויף דער חסידישער סעקטע אין די ווילנער שולן (20 טעג אין אָב 1781). — אַ באַשלוס צו פאַרטרייבן די סעקטאַנטן.**

אויף די רדיפות פון יאָר 1772 האָט דער חסידיזם געענט־פערט אין אַכט יאָר אַרום, אין יאָר 1780. אין יענעם יאָר איז אָפּגעדרוקט געוואָרן דער ערשטער ספר פון דער חסידישער תורה — „תולדות יעקב יוסף“. ביז אַהער האָבן די סעקטאַנטן געהאַט אַ געשריבענע ליטעראַטור. געשריבענע קונטרסים פלעגן זיך געפי־נען אין אָפּשריפטן ביי איינציקע מענטשן; איצט האָבן זיי באַקומען שוין אַ געדרוקטע ליטעראַטור. אין די חסידישע קיבוצים אין או־קראַינע און גאַליציע זיינען געגרינדעט געוואָרן דרוקערייען, וואָס האָבן געדאַרפט באַדינען די פּראָפּאַגאַנדע פון חסידות. אין דער שטאָט קאָרעץ וואָס לעבן מעזריטש פלעגט מען דרוקן זינט תקל״ו (1776) אַ סך קבלה־ספרים: זוהר, ספר יצירה, „פּרדס רמונים“ פון ר׳ משה קאָרדאָווערא, „עץ חיים“ פון ר׳ חיים וויטאַל און די שריפטן פון אר״י, וואָס מען האָט זיי פריער ניט געטאָרט דרוקן[1].

1 א. טויבער, דפוסי קאָרעץ — „קרית ספר“ I, ז״ז 302 א״וו; II, ז״ז 64 א״וו (ירושלים תרפ״ה — תרפ״ו).

אינגיכן זיינען אַזעלכע דרוקערייען געוואָרן אויך אין זשאָלקווע־גאַליציע און אין סלאַוויטע־וואָלין, און אַמאָל פלעגן דרוק־פרעסן ווערן אַריבערגעפירט פון אָרט צו אָרט, און ביכער פלעגן ווערן געדרוקט אין קליינע שטעטלעך ווי מעדזשיבאָזש, מעזשיראָוו וכדומה. אַזוי־אַרום איז דער ספר „תולדות יעקב יוסף" אָפּגעדרוקט געוואָרן אין איין יאָר (תק"מ) אין צוויי ערטער: אין מעדזשיבאָזש און אין קאָרעץ[1].

---

1 פון די ערשטע אויסגאַבן האָב איך געהאַט פאַר זיך נאָר דעם ק אָ־ ר ע צ ע ר ד ר ו ק פון תק"מ (202 בלעטער אין פאָליאָ). דער נאָמען פון מחבר איז פאַרצייכנט אויפן שער מיט דער ברכה „נרו יאיר ויופיע" (זיין ליכט זאָל לייכטן און שיינען), און וועגן זיין וואוין־אָרט שטייט, אַז נאָך איצט איז ער אַ רב און ראש־ישיבה אין פולנאה און זיין ווירקונג איז אויסגעשפרייט אין נעמיראָוו („לעת עתה איתן מושבו לאב"ד ור"מ בק"ק פולנאי ומצודתו פרושה בק"ק נעמרוב"). דערפון איז געדרונגען, אַז דער ספר איז געדרוקט פאַרן לעבן פון מחבר. — נאָך שטייט דאָרט: „געבראַכט צום דרוק דורך ר' אברהם שמשון כ"ץ, וואָס איז געווען רב אין ראַשקאָוו, דעם זון פון מחבר נרו יאיר, וואָס האָט זיך באַזעצט (דער זון) אין הייליקן לאַנד, און דורך ר' אברהם דוב דעם רב פון כמעלניק, דעם מחברס איידעם". — אויף דער צווייטער זייט פון שער־בלאַט איז דערמאָנט צום ערשטן מאָל דער נאָמען פון בעש"ט מיט דער הוספה: „און ישראל (דער בעש"ט) האָט ליב געהאַט יוספן" (דעם מחבר יעקב יוסף). די דרוקערס פאַרענטפערן זיך, „אַז מחמת די שוועריקייטן פון דרוקן האָבן מיר ניט געקאָנט קריגן קיין הסכמות פון די גאונים פון לאַנד, נאָר מיר זיינען זיכער, אַז זיי וועלן אַלע מסכים זיין צו דעם דאָזיקן פיינעם חיבור". אין דער אמתן האָבן זיי ניט געקאָנט בעטן קיין הסכמות, וואָרעם זיי זיינען ניט געווען זיכער, אַז די „גאונים" וועלן געבן זייער הסכמה צו אַזאַ ספר.

דערויף, אַז עס איז פאַראַן אַ מעדזשיבאָזשער דרוק פון זעלביקן יאָר (תק"מ), זאָגט עדות בן־יעקב אין „אוצר הספרים" אונטער „תולדות יעקב יוסף". עס איז כמעט ווי זיכער, אַז מיר האָבן דאָ באמת איין דרוק, און אַז דער דרוקער־פרעס איז מער ניט אַריבערגעפירט געוואָרן פון קאָרעץ קיין מעדזשיבאָזש, בכדי אַרויסצוגעבן דעם ספר אין דעם בעש"טס אָרט, אָדער אַז איבער אַ באַהאַלטענעם טעם האָט מען געשטעלט אויפן שער דעם נאָמען „מעדזשיבאָזש" אָנשטאָט קאָרעץ (אין אַ שפּעטערער צייט האָט מען אַזעלכס געטאָן, כדי אויסצובאַהאַלטן דעם ספר פון דער צענזור). דער מחבר פון „מגלה טמירין" (1819) זאָגט עדות אין זיין הקדמה, אַז אין יאָר תקע"ו (1816) איז דער ספר „תולדות יעקב יוסף" געוואָרן אָפּגעדרוקט אַ צווייט מאָל אין מעדזשיבאָזש, אָבער אויפן שער איז געבליבן דאָס יאָר פון ערשטן דרוק (תק"מ), און בכלל איז דער שער ניט געענדערט געוואָרן, אפילו אין אַזעלכע זאַכן, וואָס האָבן זיך יאָ געביטן („נרו יאיר", „לעת עתה מושבו בפולנאה" בנוגע צום מחבר וואָס איז שוין געווען דעמאָלט געשטאָרבן). יוסף פּערל וויצלט זיך איבער דעם. — פון

אין די נאָענטסטע צוויי יאָר זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין קאָרעץ נאָך צוויי ספרים פון דעם ליטעראַרישן אַפּאָסטאָל פון חסידות, ר׳ יעקב יוסף פּולנאָהער: „בן פּורת יוסף“ (תקמ״א) מיטן באַוואוסטן בריוו פון בעש״ט וועגן זיין „עלית נשמה“ און „צפנת פענח“ (תקמ״ב). אַלע זיינען זיי אַרויס אָן הסכמות פון די רבנים.

אַ גרויסן רושם האָט געמאַכט דער ערשטער ספר מיט זיין שאַרפן סטיל, געווענדט קעגן די רבנים. קיין ספק ניט, אַז די האַרבסטע ווערטער פון דעם מין האָט דער מחבר צוגעגעבן מיט זיין האַנט נאָך די חרמות פון יאָר 1772, וואָס האָבן אים באַוואויגן צו פאַרברייטערן דעם פּאָלעמישן טייל פון זיין ספר (זע אויבן § 16). אַלץ וואָס דאָרט איז געזאָגט וועגן אונטערשייד צווישן „אַ תלמיד חכם אַ רשע פון די יידישע שדים“ (די רבנים) און צווישן „אַ כשרן תלמיד חכם“ פון דער חסידישער חברה, דעם מחברס באַווייזן, אַז די פאָלקס־מאַסע באַדאַרף זיך דערווייטערן פון דעם ערשטן און זיך באַהעפטן צום צווייטן[1], — דאָס אַלץ זעט אויס, ווי אַ מין אויפרייצונג פון דער מאַסע, זי זאָל מורד זיין קעגן דער ממשלה פון אירע פריערדיקע גייסטיקע פירערס. זיינען די רבנים דערשראָקן און דערצערנט געוואָרן אויף דער דאָזיקער „חוצפה“, בפרט אין ליטע, וואו זייער תקיפות איז נאָך ניט געוואָרן אָפּגעשוואַכט. אין יענער צייט איז אָנגעקומען קיין ליטע אַ בריוו, וואָס איז קענטיק געשיקט געוואָרן פון אוקראַינע, וואו דער „געפערלעכער“ ספר איז געדרוקט, און אין בריוו איז געשטאַנען[2]: „ווער־

וואגען נעמט דאָס דער ביבליאָגראַף א. טויבער (קרית־ספר I 305), אז ר׳ יעקב יוסף איז געווען געצוואונגען צו דרוקן זיין ספר א צווייט מאָל אין קארעץ, מחמת דער רב יחזקאל לאנדא פון פראָג, דער מחבר פון „נודע ביהודה“ „האָט אויפגעקויפט די גאנצע (?) ערשטע אויפלאגע פון יענעם יאָר, דרוק מעדזשיבאָז, און האָט זי פארברענט אין פראָג אינמיטן גאַס“?

1 „תולדות יעקב יוסף“, פרשה שופטים, כי תצא און נאָך פיל ערטער. כדאי צו נעמען אין אכט, אז די הארבסטע רייד פון דעם מין זיינען אָפּגעדרוקט אין די לעצטע פרקים פון ספר, וואָס זיינען באצייכנט אין קאָרעצער דרוק מיטן נאָמען „השמטה“ (פון מיטן פרשה שופטים און ווייטער); אפשר איז דאָ פאראַן אַן אָנצוהערעניש, אז דאָס האָט דער מחבר צוגעגעבן נאָכן יאָר 1772.

2 כ״י „שבר פושעים“ נומער 30; „זמרת עם הארץ“, קורצער נוסח נומער 25, און לאנגער נוסח נומער 37. דער נאָמען פון שרייבער איז אין בריוו ביט אָנגערופן. פון דעם, וואָס ער שטייט לעבן דעם כתב פון דעם אויבנדערמאָנטן

ליג עס לאָזט זיך הערן, קלאָגט אַייער נשמה איבער דעם ספר, וואָס איז געקומען צו אַייך אין לאַנד, אין חודש מנחם (אָב) תקמ״א, וואָס עס האָט פאַרפאַסט דער רב פון דער קהילה פולנאָה יעקב יוסף, און זיין אינהאַלט זיינען מוסר־רייד און חידושים, וואָס עס דרשנען (די חסידישע רביים) לויט זייער שטייגער אין דער תורה איטלעכס מאָל (אָדער איטלעכע פרשה; אין אָריגינאַל שטייט בכל פ׳: פעם אָדער (פרשה) שבת צו שלוש־סעודות. דאָס איז אַ נייער דרך, וואָס זיי האָבן אים איבערגענומען ביי זייער רבין, וואָס ווערט גערופן ישראל בע״ש (בעש״ט), און וועגן אים שטייט געשריבן „שמעתי ממורי״ (איך האָב געהערט פון מיין רבין); און זיי האָבן וועגן אים אַ קבלה, אַז זיין רבי איז געווען אַחיה השילוני. און זיין ציל איז איבערצוריידן און צו פאַרפירן אַלע יידן, זיי זאָלן גיין אין זייערע וועגן, און זאָלן מער ניט גיין אין וועג פון דער הייליקער תורה און אין וועג פון אונזערע קדמונים, זכרונם־לברכה. און זיי האָבן דער עיקר זיך אָפּגעלייגט דערויף, מבטל צו זיין דאָס לערנען די תורה, סיי נגלה און סיי נסתר... און זיי האָבן אָנגערופן דעם דאָזיקן ספר „בית (תולדות) יעקב יוסף״ אָן שום הסכמה״.

דאָ טייטשט דער מחבר אויס עטלעכע מאַמרים פון ר׳ יעקב יוספס ספר, וואָס ער האַלט זיי פאַר באַזונדערס געפערלעך און „פאַר ראוי פאַרברענט צו ווערן״. למשל, דער באַרימטער מאַמר וועגן לערנען מיט התמדה (אין פרשה „ויצא״; זע אויבן § 16) ווערט אין בריוו איבערגעגעבן אַזוי: „מען דאַרף זיך ניט אַיינגעוויינען צו זיין אַ מתמיד אין לערנען, נאָר מען זאָל פאַרקערן מיט מענטשן (דורכגעלאָזן „גם־כן״ — אויך) און זאָל גאָרניט לערנען, ווארעם דאָס לערנען ברענגט צו גדלות״ (דער אָנהייב פון לעצטן זאַץ פעלט אין ספר „תולדות״ און דער סוף שטייט אין אַן אַנדער נוסח: „ואָז לא יגיס דעתו״ — און דעמאָלט וועט ער זיך ניט

---

פירטער רב, דעם מחבר פון „זכרון יוסף״ (§ 21), קאָן מען ניט דרינגען, אַז ער האָט אויך דעם בריוו געשריבן, וואָרעם מיר ווייסן, אַז דער דאָזיקער רב איז געשטאָרבן אין יאָר 1776 און האָט דעם ספר „תולדות״ ניט געזען. — איך האַלט, אַז דער דאָזיקער בריוו איז געשיקט געוואָרן פון אוקראַינע ווי אַן ענטפער אויפן אָנפרעג פון די ליטווישע רבנים מכוח דעם אָפּשטאַם פון דעם ספר „תולדות יעקב יוסף״.

האַלטן גרויס בײַ זיך). קעגן אָט-דעם זאַץ ברענגט דער שרײַבער פֿון בריוו דעם פּירושן פּסוק (יהושע א' 8): „והגית בו יומם ולילה" (און זאָלסט זײַן אַרײַנגעטאָן אין דער תּורה טאָג און נאַכט), און דערציילט אַ פֿײַנע מעשׂה, וואָס ער האָט געהערט: „עס גייט אַ קלאַנג ווי אַ גלאָק וועגן איינעם אַ מענטשן פֿון זייער כּת ימ"ש (ימח שמם), ליב כּהן צדק צו אַ פֿרעמדן גאָט ס"מ, וואָס האָט געזאָגט פֿאַר עם-ועדה בזה הלשון: „רצונך לעשׂות חפצתי, רבונו של עולם, (איך האָב געוואָלט טאָן דײַן ווילן), אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אַז ותורתך בתוך מעי (דײַן תּורה איז אין מײַנע געדערים)[1] — די גמרא ליגט מיר אין די געדערים! צוליב דער גמרא, וואָס איך האָב געלערנט, קאָן איך ניט טאָן דעם אייבערשטנס רצון". דאָס האָט געוויס געזאָגט איינער אַ פֿײַערדיקער חסיד בעת אַ שאַרפֿן וויכּוח, און דער שרײַבער פֿון אונזער בריוו האָט זיך פֿאַרגונען צו ווײַזן מיט דעם בײַשפּיל, ווי ווײַט עס האַלט שוין מיט די דאָזיקע „כּופֿרים", און ער איז מוסיף: „דער וואָס הערט אַזוינס, דעם טוט אין בײדע אויערן קלינגען" (כּל שומעו תּצילינה שתּי אָזניו, שמואל א ג' 11). ער פּראָטעסטירט קעגן דעם שאַרפֿן מאמר פֿון דעם מחבר פֿון דעם „תּולדות" וועגן די ישיבה-לײַט די לערנערס, וואָס ער האָט אויף זיי געדרשנט דעם פּסוק פֿון ישעיה (א' 5): „על מה תוכו עוד תוסיפו סרה" (אויף וואָס זאָלט איר נאָך געשלאָגן ווערן, אַז איר טוט אַלץ מער זינדיקן?): „וואָס מער זיי שלאָגן אָפּ (מכתּתין) די פֿיס צו גיין אין ישיבה אַרײַן לערנען, אַלץ מער טוען זיי זינדיקן, זיך דערווײַטערן און אָפּקערן פֿון השם יתברך"[2]. אַ באַזונדער אַפּיקורסות געפֿינט דער שרײַבער אין דעם געדאַנק פֿון אַרויספֿרענגען די „מחשבות זרות" אין דאַווענען בכּדי „אַרויסצוקלײַבן די הייליקע פֿונקען פֿון דער קליפּה", וואָס דאָס נוצן די חסידים, כּדי צו כּשרן כּלערליי אומרײנע געדאַנקען און צו פֿאַרמעקן דעם גרענעץ צווישן אַ מצווה און אַן עבירה.

ווידער אַמאָל איז מען אויפֿגעשטאַנען אין דער „געטרײַער שטאָט" ווילנע אַרויסצוטרעטן אין מלחמה צו באַשיצן ייִדישקייט, וואָס

---

1 א פּסוק אין תּהילים מ' 9.

2 תּולדות יעקב יוסף פּ' „ויחי", און ניט פּרשה „ויצא", ווי עס שטייט על-פּי-טעות אין אַלע אָפּשריפֿטן פֿון כּתב-יד.

שטייט אין סכנה. איצט האָבן דער גאון ר׳ אליהו און זיינע חברים איינגעזען אויף קלאָר, אַז ניט אומזיסט האָבן זיי מיט ניין יאָר צוריק אָנגעוויזן אויף דער אַפּיקורסות, וואָס שטעקט אין חסידות: איצט באַהאַלט זיך די אַפּיקורסות שוין ניט אין פאַרבאָרגענע שריפטן, זי שטעלט זיך אַרויס אָפן אין אַ געדרוקטן ספר, וואָס אין אים ווערן געבראַכט הונדערטער שפּראָכן אין בעש״טס נאָמען און וואָס זיין מחבר האָט פיינט די רבנים וואָס לערנען תורה און רייצט אָן קעגן זיי די פאָלקס-מאַסן. זיינען די מנהיגים און רבנים פון דער ווילנער קהילה זיך צונויפגעקומען אויף אַן אסיפה און האָבן אָנגענומען צוויי באַשטימונגען: א) אויסצורופן אַ חרם אויף די חסידים אין זייער קהילה, ב) צו שיקן שלוחים אין אַנדערע קהילות, זיי זאָלן אויך טאָן דאָס גלייכע. אום שבת, צוואַנציק טעג אין אָב (פּרשה „עקב״) פון יאָר תקמ״א איז אויסגערופן געוואָרן אין דער גרויסער שול און אין אַנדערע ווילנער שולן אַזאַ כרוז[1]:

„הערט-צו כל הקהל הקדוש (הקדוש), דאָ לאָזן האַלופים הרוזנים ונגידים קציני קהילתנו מודיע דעם עולם זיין, בצירוף הרב הגאון הגדול אב״ד ור״מ דקהילתנו, ובצירוף הרב הגאון החסיד המפורסם (ר׳ אליהו), ובצירוף מי שהיו ראשים) ובצירוף מורי הוראות:

„אַזוי ווי אַלעמען איז באַוואוסט פון דעם גרויסן חרם, וואָס איז אויסגערופן געוואָרן מיט גרויס פּירסום אין שול פון אונזער קהילה[2] בנוגע די לייט, וואָס רופן זיך אָן מיטן נאָמען חסידים, און זיינען משנה תפילות און מאַכן מיאוסע מעשים און מאַכן פאַר זיך חבורות. און עס איז אין יענעם גרויסן חרם דערקלערט פאַר איטלעכן מענטשן, מען זאָל מיט זיי זיך ניט חברן און ניט אונטערהאַלטן זיי און ניט גלויבן אין זייערע רייד, און אַפּשיטא שוין ניט פירן זיך לויט זייערע מנהגים, און אַז קיינער זאָל ניט

---

1 געפינט זיך ביי מיר אין פיר נוסחאות: אין כ״י „שבר פושעים״ נומ׳ 31; אין קורצן „זמרת עם הארץ״, נומ׳ 27; אין לאַנגן „זמרת עם הארץ״ נומ׳ 38 און אין אַן אָפּשריפט פון די שריפטן פון ר׳ שלמה דובנא, וואָס ד״ר כאַזאַנאָוויטש האָט מיר צוגעשיקט און וואָס דער אָריגינאַל געפינט זיך איצט אין ירושלימער ביבליאָטעק. דער ערשטער און דער לעצטער נוסח זיינען די פּינקטלעכסטע.

2 געמיינט איז דאָ דער כרוז פון 1772.

פאָרן אין אַן אָרט, וואו עס זיינען פאַראַן קאָמפּאַניעס פון די דאָזיקע לייט, הן קיין ק״ק מינסק (פינסק?) הן קיין ק״ק קאַרלין[1] אָדער אין אַנדערע ערטער. און עס איז אַריינגענומען אין דעם דאָזיקן חרם אויף די מענטשן, וואָס זיינען חשוד אין זייער קאָמפּאַניע, אַז אַלע זינדיקע זאָלן צעשיידט ווערן און זאָלן זיך ניט צונויפקומען (צוויי) אינאיינעם. דער דאָזיקער חרם איז פאַרשפּרייט געוואָרן כמעט אין אַלע אונזערע מדינות, ליטע און רייסן און זאַמעט און פוילן.

„איצט בעוונותינו הרבים איז די אָנשיקעניש אויפגעשטאַנען און פאַרמערט געוואָרן אין כל־תפוצות ישראל אין די דאָזיקע מדינות, און בפרט אין דער מדינה אוקראַינע זיינען פאַהאַן צענדליגער טויזנטער אַזעלכע אומריינע מענטשן[2], וואָס זיי האָבן גענומען אַרויסשפּראָצן, ווי פריער, פון פאַרסמטן וואָרצל. און ניט נאָר יענע אַליין, וואָס אין זייער האַרץ איז דאָס שלעכטס געווען פאַרבאָרגן, האָבן עובר געווען אויף דעם חרם, נייערט זיי האָבן אויך אָנגעהויבן פאַנגען ריינע נשמות, זיי אָנצורייצן און אַראָפּצופירן פון דעם וועג, וואָס די קדמונים זכרונם לברכה האָבן אויסגעלייגט לויטן געזעץ פון אונזער הייליקער תורה. און מיט זייער גלאַטן צונג האָבן זיי פאַרפירט, זאָגנדיק זיי: דאָס איז דער וועג, גייט אויף אים. און ווער עס איז אַ נאַר קערט אָפּ אַהער, ווי אַ פויגל איילט אין נעץ אַריין, און ער ווייסט ניט, אַז עס גייט אום זיין נשמה. (די פאַרפירערס טוען דאָס אַלץ), כדי זיי אָפּצושיידן פון לערנען אונזער הייליקע תורה (און צו פירן זיי) צו זייער געפעלשטער עבודה, וואָס זיי באַהאַלטן אין איה דעם שקר, ביז זייערע אויגן (פון די פאַרפירטע) ווערן פאַרקלעפּט פון צו זען און זייערע הערצער פון צו פאַרשטיין, און זיי גלויבן זיי אין דעם גאַנצן ליגן... ביז זיי האָבן פאַרלאָזן זייער האָב־און־גוטס און זייערע קינדער און ווייבער און זיינען אַוועק זוכן דאָס, וואָס נוצט ניט, ווי עס איז אויפגעדעקט און באַוואוסט געוואָרן זייער שאַנד און זייער פעלשונג אין זייער נייעם ספר (אין די נייע ספרים), וואָס האָבן זיך

1 דאָס צעוואָרפענע געפינט זיך נאָר אין דער אָפּשריפט פון ר׳ שלמה דובנא.

2 דאָס צעשפּרייטע געפינט זיך נאָר אין כ״י „שבר פושעים“.

ניט לאַנג באַוויזן... און זיי האָבן אויסגעקלערט (און זיי האָבן אָנ־געהערדט) פאַלשע רייד אויף אונזער הייליקער תורה...

„מחמת דעם זיינען אויפגעשטאַנען די אַלופים, די עלטסטע פון אונזער קהילה, צוזאַמען מיט די אויבנדערמאָנטע גאונים, און האָבן זיך אָנגעגאַרטלט מיט גבורה צו שטאַרקן דאָס געזעץ פון אונזער הייליקער תורה און אויסצוראָמען די דערנער פון וויינגאָרטן פון דער יידישער עדה און האָבן באַנייט דעם דאָזיקן גרויסן חרם יב״ן (יהושע בן נון) לויט דעם חרם, וואָס איז דערקלערט אין כל־בו. און אַלע אָרורס און אַלע קללות, וואָס זיינען אויסגערעכנט אין תורת כוהנים און אין משנה תורה (זאָלן פאַלן) אויף דער כת פון די דאָזיקע לייט, אומעטום וואו עס זיינען פאַראַן חברות פון די דאָזיקע לייט, און אויך אויף די יחידים, וואָס זענען זיך נוהג[1] לויט זייערע מעשים און מנהגים, אין דער היים און אין די מנינים (און אין באַהעלטענישן); און די סניפים, און די וואָס זענען מחזיק ידיהם און גיבן עצות און זענען מחפה אויף זיי (באַשיצן זיי), און פשיטא די וואָס זיינען מאַמין אין זיי, איז חל כל החרמות הנ״ל.

„גם האָבן זיי מוסיף געווען גדרים וסייגים: אַז איטליכער מענטש זאָל זיי מרחיק זיין בשתי ידים, צא תאמר לו (גיי אַרויס, זאָלסטו זאָגן צו אים). און (זיי) זענען מוחרם ומנודה און מופרש ומובדל מכל עדת ישראל, און פשיטא מעג מען זיך ניט מדבק זיין און הייזן מיט זיי. גם די לייט וואָס זענען מכת הנ״ל בקהלתנו אין חרם גדול, אַז זיי מוזן עוקר דירה זיין מקהלתנו עם נשיהם ובניהם (זיי מוזן אַרויס־פאָרן פון אונזער קהלה מיט ווייבער און קינדער). גם זה איז בחרם, אַז קיינר הן מקהלתנו או משניפישאָק ואַנטאָקאָלי והסרים למשמעתנו טאָר זיי קיין דירה ניט פאַרדינגען, און ווער עס וועט עובר זיין איז מוחרם ומנודה, און אַלע אָרורס און קללות זאָלן פאַלן אויף זיין קאָפּ. און דער וואָס פאָלגט וועט אים זיין וואויל און עס וועט קומען אויף אים די ברכה פון גוטס“.

דאָס הויפּט־נייס פון דעם דאָזיקן כרוז אין פאַרגלייך מיט דעם כרוז פון יאָר 1772 באַשטייט אין די „גדרים וסייגים“, וואָס זיינען צוגעגעבן געוואָרן צום סוף. דאָ האָבן מיר ניט סתם אַ חרם, ווי די פריער־

1 פון דאַנען ביזן סוף איז דער כרוז געשריבן יידיש.

דיקע, נאָר האַרבע גזירות, וואָס רירן אָן ניט נאָר די קרייזלעך, נייערט אויך יחידים, און ניט נאָר אין רעליגיעזע ענינים, נייערט אויך אין אַלע ווינקעלעך פֿון לעבן. די חסידים האָבן געמוזט פֿאַרלאָזן מיט זייערע משפּחות ווילנע און אירע פֿאָרשטעט, און די באַלעבאַטים האָבן ניט געטאָרט פֿאַרדינגען זיי קיין דירות; עס איז אויך פֿאַרבאָטן געוואָרן צוצוגיין נאָענט צו זיי און צו ריידן מיט זיי... עס איז ווידער געגעבן געוואָרן אין ווילנע אַ סיגנאַל פֿאַר רעליגיעזע רדיפֿות, און אַלע ליטווישע קהילות האָבן געפֿאָלגט און געטאָן וואָס מען האָט געהייסן פֿון דער דאָזיקער פֿעסטונג פֿון רבנות.

---

## § 23. דער ווילנער קול קורא און די חרמות אויפֿן זעלווער יריד (1781).

די משולחים פֿון ווילנע: „קול ספר" (כ"ג—כ"ד אב). — דער צונויפֿקום פֿון די ראשי הקהילות אויפֿן זעלווער יריד. — דער גרויסער חרם אויפֿן זעלווער מארק־פּלאַץ (ראש־חודש אלול). — דער אויפֿרוף צום גראָדנער קרייז פֿון דעם קרייז־רב און זיינע חברים; פֿאַרבאָט צו פֿאָרן קיין אַמדור און אין די וואוין־ערטער פֿון די צדיקים. — דער כּרוז פֿון בריסקער רב ר' אברהם קצינלנבויגן. — די אויפֿרופֿן צו די קרייזן פּינסק און סלוצק. — דאָס אויסרופֿן דעם חרם אין אַלע קהילות. — אַ צווייטער חרם אין ווילנע.

נאָכדעם ווי די ווילנער האָבן אָפּגעריכט דעם חרם אין זייער קהילה, האָבן זיי באַלד גענומען זאָרגן דערפֿאַר, אַז אויך די איבעריקע הויפּט־קהילות פֿון ליטע זאָלן טאָן דאָס זעלביקע. צוליב דעם צוועק האָבן זיי אויסגעקליבן צוויי „שלוחים פֿאַר דער מצווה": איינעם פֿון די ווילנער מורי־הוראות ר' דוד און אַ צווייטן ר' יהושע זעליג, און האָבן אויף זיי אַרויפֿגעלייגט אַרומצופֿאָרן איבער גאַנץ ליטע און אָנצווייזן דעם יידישן עולם אויף דער סכּנה, וואָס עס שטעקט אין דער סעקטע חסידים. און דאָס איז דער קול־קורא, וואָס מען האָט מיטגעגעבן די משולחים, געחתמעט פֿון גאון ר' אליהו און אַלע ווילנער רבנים און פּרנסים[1]:

---

1 דעם דאָזיקן קול־קורא האָב איך אָפּגעדרוקט פֿון דעם כּתב־יד „מחשבות כּסילים" אין דעם זאַמלבוך „דביר" ב. I, ז"ז 297—299 (בערלין תרפּ"ג). אָבער

„צו די מעכטיקע גרונט־פעסטן פון דער ערד...[1] די אויגן פון דער עדה, וואָס פאַרכטן זיך און זיינען ציטערדיק פאַר גאָטס וואָרט... די עלטסטע, פּרנסים און מנהיגים, די פירערס פון די יידישע קהילות... צו די בּכבודיקע רבנים, די גרויסע ליכט, גאונים... אב"ד און ר"מ אין יעדער אָרט, פון די הויפּט־קהילות...

„אַ קול פון רעש אין שטאָט, ווי פון מלחמה, אויף דער כת פון די אָנהיידערס און פאַרפירערס... אַ קול רופט אין מדבר: ראַמט אויף דעם וועג, טוט אָפּ שטרויכלונגען! דאָס זיינען קינדער, וואָס ווילן ניט הערן גאָטס תורה...

„אַ גרויסער געשריי, וואָס הערט ניט אויף: וויי געשריען אויף די וואָס באַהאַלטן זייערע פּלענער און טוען אין דער פינסטערניש זייערע מעשים: די שלעכטע מחשבה באַהעפט זיך מיט זייער מועכיץ, נישטיקע מענטשן פאַלן אַריין אין זייער טומאה אין געדאַנק[2].

„מיר האָבן געהערט דעם קול פון ספר[3] און מיר האָבן זיך דערשראָקן פאַר אונזערע נשמות. עס האָט אונז געטראָפן דער רוף פון אַ חוב־מלחמה, אַ בראָך אויף אַ בראָך האָט געטראָפן. אַלע וואָס קומען אַריין צו איר (צו דער אַפּיקורסות) קערן זיך שוין ניט אום, און קיין היילונג איז ניטאָ צו איר ווייטאָג. פּלוצים ווערן חס־ושלום אויסגערויבט די געצעלטן פון דער תורה שבעל־פּה, אַן אויגנבליק — און אָט באַהאַלט זיך די שיין פון דער תורה שבכתב...

„דער קול פון דיינע זעערס, די חכמים און גאונים פון דער צייט... זיי האָבן אַלע צוזאַמען אויפגעהויבן אַ קול אָנצושרייען אויף די דאָזיקע אויפהעצערס, אויסצוראָמען די דערנער פון וויינגאָרטן,

---

דער כ"י איז געווען שטארק פארגרייזט. דאָ ווערט דער דאָקומענט איבערגעדרוקט לויט אַ בעסערער אָפּשריפט פון ר' שלמה דובנאס שריפטן, וואָס עס האָט מיר געגעבן ד"ר יוסף כאַזאַנאָוויטש, איידער ער האָט עס אַוועקגעשיקט אין דער ירושלימער ביבליאָטעק.

1 איך לאָז דורך אין דעם דאָקומענט אַ טייל פון די פוסטע מליצות און באַצייכן די דורכלאָזן מיט פינטעלעך.

2 אַן אָנצוהערעניש אויף דעם סוד פון דערהויבן די „מחשבות זרות", ווי עס איז אָנגעוויזן אויבן.

3 געמיינט דער ספר „תולדות יעקב יוסף". דאָס איז אַ וואָרט־שפּיל אָנשטאָט דעם ביבלישן אויסדרוק „קול שופר".

אַראָפּצושניידן די טיראַנען, אָנצושפּאַנען אויף זיי פֿייל און בויגן, אויסצורייסן און אויסצוואָרצלען זייערע לינגערישע מיינונגען און געדאַנקען... מיר האָבן טיילווייז שוין געזען זיין כּישוף טרייבן זיין חיבור[1], וואו אויפֿן אָרט שטייט פֿעסט דער פֿלעק פֿון דער בייזער צרעת, וואָס ווי שלאַנגען־גיפֿט טוט זי ברענען... און אַזעלכע לייט זיינען ווי פּרעס־מילבן פֿאַר אפֿרים און ווי פֿוילעניש פֿאַרן הויז יהודה... זיי האָבן געבראַכט יידן צו ווערן אומגעטריי, און אַ צווייג איז פֿון זייער שטאַם אַרויס און אַ שפּראָצונג האָט אַרויסגעבליט פֿון זייער וואָרצל, אַ וואָרצל, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט גיפֿט־פֿלאַנצונגען ביי אונז אין שטאָט.

„און מיר זיינען איפֿגעשטאַנען און האָבן זיך געשטאַרקט צו אייפֿערן און מיר האָבן זייער שולד זיי אומגעקערט אויף זייערע קעפּ און מיר האָבן זיי מחרים ומנדה געווען אין אַלע גרויסע שולן און בתי־מדרשים פֿון אונזער קהילה[2]. און מיר האָבן זיי דערווייטערט פֿון אונזער גבול און מיר האָבן זיי אויסגעוואָרצלט... העריבער הערט זיך צו צו גאָטס שטרייט: שווייגט ניט, קליידט זיך אָן אין קליידער פֿון נקמה, צו אייפֿערן פֿאַר גאָטס כּבוד וועגן, לאָמיר זיך שטאַרקן פֿאַר אונזער פֿאָלק און פֿאַר דער תּורה פֿון אונזער גאָט... וואָרום אַ סך טויטע האָט זי (די חסידישע אַפּיקורסות) אַריינגעוואָרפֿן אין גרוב אַריין: מיט זייערע טיפֿע ווינקעגישן און פֿאַרפֿירערישע אָנצוהערענישן און מיט זייערע דערשרעקנדיקע תּנועות און מיט זייערע טייוולאָנישע שפּרינגענישן און מיט זייערע אומריינע מחשבות און מיט זייערע גלאַטיקע צוריידענישן און מיט זייער אויסגעשפּרייטער נעץ... דעריבער באַדאַרף דעם אייבערשטנס אייפֿער דאָס טאָן, צו פֿאַרלענדן די זינד און דעם פֿאַרברעך...

„און מיר אונטן־געחתמעטע... ווען נקמה נעמען פֿאַר וואָס זיי האָבן פֿאַרשוועכט דעם אייבערשטנס נאָמען עפֿנטלעך. מען דאַרף זיי מחרים און מנדה זיין מיט אַלע די האַרבסטע חרמות און דערווייטערן זיי פֿון יידישן גבול און קהל, אָפּשיידן זיי און אָפּצאַ־

1 חובר חבר במחברתו — דאָס איז דער ספר וואָס איז דערמאָנט אין דער פֿריערדיקער הערה.

2 דאָס איז דער דערמאָנטער חרם פֿון 20טן אב תקמ״א.

מען מיט צאַמען און סייגים... כּדי זיי זאָלן זיך ניט צונויפחברן לויט זייער שטייגער און זאָלן נים טאָן לויט די עקלדיקע מעשים, וואָס זיי האָבן געטאָן, ביז זיי וועלן האָרכן און פאָלגן אַלע די געבאָטן און וואָרענונגען און צאַמען, וואָס עס וועלן אויף זיי אַרויסלייגן די חכמי הדורה און די חשובע לייט פון די הויפּט־קהילות... און אויך מיר, די אונטן־געחתמעטע, האָבן אויסגעטיילט פון צווישן אונז פירנעמע לייט, זיי זאָלן זיין משולחים צוליב דער מצווה, פירצוטראָגן זייערע רייד פאַר אַייער הויכער הדרת הכּבוד און צו האַלטן זיך מיט אַייך אַן עצה: דאָס זיינען דער רבני המופלג ומפורסם מו"ה דוד, אַ מורה־הוראה פון אונזער קהילה, און זיינס גלייכן הרבני המופלג ומפורסם מו"ה יהושע זעליג נ"י, זיי האָבן דעם זעלביקן כּוח און מאַכט, ווי אַלע עלטסטע פון די מדינות, וואָס זיינען געקליבן פון די הויפּט־קהילות, זייער מאַכט גילט אין דעם ענין ווי די מאַכט פון די שבעה טובי העיר פון אונזער קהילה. און דער אייבערשטער, וואָס מאַכט שלום אויבן בּיי זיך, זאָל אויסשפּרייטן דאָס ביידל פון זיין שלום איבּער זיין פאָלק, עס זאָל זיין שלום אין זייערע וואוינונגען, אין זייערע הויפן און שלעסער.

„דאָס זיינען אונזערע רייד, מיר די עלטסטע פרנסים און מנהיגים פון אונזער קהילה, אין איינעם מיטן רב דעם גאון מאוה"ג דער מפורסם אב"ד ור"מ פון אונזער קהילה און אין איינעם מיט כּבוד הרב הגאון החסיד המפורסם מו"ה אליהו נ"י, און אין איינעם מיט צוויי כּיתות דיינים און מיט די געוועזענע עלטסטע און יחידי סגולה פון דער היגער הייליקער קהילה, דער אייבערשטער זאָל זי באַשיצן. מיר האָבן געחתמעט אין דעם טאָג, וואָס בּיי אים שטייט געזאָגט צוויי מאָל כּי טוב (דינסטאָג) כ"ג מנחם (אָב) תקמ"א[1], דאָ אין דער הייליקער קהילה ווילנא יצ"ו. נאום שמואל

1 דאָ איז פאַרריכט געוואָרן לויטן אָפּשריפט פון ר' שלמה דובנא די פאַרגרייזטע דאַטע, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דעם זאַמלבוך „דביר". אַזוי אַרום איז אונז קלאָר דער סדר פון די געשעענישן: שבת, 20 טעג אין אָב (פּרשה עקב) איז אויסגערופן געוואָרן אין די ווילנער שולן דער אויבנדערמאָנטער כרוז (§ 22); דינסטאָג דעם 23טן אָב האָבן געחתמעט דער ווילנער רב ר' שמואל בן אביגדור און נאָך צוואַנציק רבנים און פרנסים אויפן דאָזיקן בריוו, וואָס איז געגעבן געוואָרן ביידע משולחים; אויף מאָרגן, דעם 24טן, האָט אויף אים געחתמעט דער גאון ר' אליהו.

החונה פק"ק ווילנא... (און נאָך צוואַנציק חתימות)... און כאָטש עס איז ניט מיזן שטייגער אַרויסצוגיין פון מיין גדר, פונדעסטוועגן בעת מען האָט פאַרשטערט זיין תורה, איז אַ צייט צו טאָן אַז"וו. דערפאַר וועל איך אויך חתמען, יום כ"ד מנחם תקמ"א לפ"ק. נאום אליהו במוה' הש"ז זלה"ה. היות ווי מיר האָבן געזען, אַז די שענסטע לייט ביי יידן זיינען אַרויסגעגאַנגען צו פירן גאָטס מלחמה, און ווער איז דאָס אַזוינער, ווער עס זעט די דאָזיקע אַרויסגיין און וועט ניט אַרויסגיין... מחמת דעם האָבן אויך מיר, בית-דין, זיך געשטאַרקט צו אייפערן פאַרן אייבערשטן קעגן דער שעדיקונג פון דער תורה. דאָס איז די רייד פון פיר כיתות דיינים דאָ פון אונזער קהילה. נאום הקטן ישראל בהגאון מו"ה שמואל אַבד"ק קלווין (און נאָך זיבן חתימות)".

באַוואָפנט מיטן דאָזיקן כרוז, וואָס אויף אים האָבן געשיינט די חתימות פון גאון און פון די גרעסטע ווילנער רבנים, האָבן ביידע משולחים זיך געלאָזט אין וועג אַריין — און אין צוויי וואָכן אַרום איז גאַנץ ליטע געווען אויף. די משולחים האָבן ניט נייטיק געהאַט צו פאָרן אין איטלעכער פון די פיר הויפּט-קהילות באַזונדער, וואָרעם גראָד אין יענער צייט האָבן זיך צונויפגעטראָפן די רבנים און פרנסים פון די פיר קהילות — בריסק, גראָדנע, פינסק און סלוצק — אויף דעם גרויסן יריד אין דער שטאָט זעלווע, גראָדנער קרייז. נאָכדעם ווי דער פאַרבאַנד פון די קהילות איז בטל געוואָרן אין יאָר 1764, פלעגן די ראשי-קהילות זיך נאָך אַליץ צונויפקומען פון צייט צו צייט אויף די ירידים אין זעלווע און אין אַנדערע ערטער, און דאָרט פלעגן זיי אַרומקלערן פאַרשיידענע ענינים, וואָס זיינען שייך צו דער מדינה. אַזאַ צונויפקום איז געווען אַ סוראָגאַט פון דעם גרויסן וועד, וואָס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן, און די פראַגע פון דעם חסידיזם איז געווען אַזאַ וויכטיקער ענין פאַר דער גאַנצער מדינה, אַז אַלע פאַרזאַמלטע האָבן מסכים געווען זי אַרויפצוברענגען „אויפן ריינעם טיש" פון דעם וועד. געוויס האָבן די ווילנער משולחים געווירקט אויף די ראשי-קהילות, זיי זאָלן זיך צונויפקומען אין זעלווע דאָס יאָר אין אַ גרויסער צאָל, כדי צו באַשיידן די האַרבע פראַגע וועגן דער אַפּיקורסות, וואָס פאַרשפּרייט זיך צווישן יידן. אין די ערשטע טעג פון חודש אלול תקמ"א (1781) האָבן אַלע זיך צונויפגעקליבן אין זעל-

ווע און האָבן אַרומגעקלערט דעם ווילנער פאָרשלאָג. איטלעכע פון די הויפּט־קהילות האָט געהאַט צו טאָן מיט דער צרה פון דער „כּת“ אין איר געגנט. אין גראָדנער קרייז איז די „צרעת אויסגע־וואַקסן“ אין דער קהילה אַמדור, וואָס דאָרט האָט געוועלטיקט דער אָנפירער פון עקסטרעמען פליגל פון חסידיזם, ר' חיים חייקא (אָדער חייקל) און האָט צוגעצויגן צו זיך חסידים פון דער גאַנ־צער סביבה. לעבן דער פּינסקער קהילה איז געשטאַנען די חבורה חסידים אין קאַרלין, דעם צענטער פון דער „כּת קאַרלינער“, וואָס איז שוין מפורסם געוואָרן אין יאָר 1772. אין בריסק איז געזעסן דער רב דער פאַנאַטיקער ר' אברהם קצינלבויגן, וואָס האָט שוין געהאַט גענומען אַן אָנטייל אין דער ערשטער מחלוקת אין יאָר 1772 און פלעגט פירן וויכּוחים מיט די חסידישע פירערס. אויף דער זעלוועער אַסיפה האָבן די ראשי־הקהילות מסכּים געווען צו דעם ווילנער קול־קורא און האָבן אָנגענומען אַ טאָפּלטע החלטה: אויסצורופן טאַקע שוין דאָ אויפן אָרט אויפן יריד אַ חרם אויף די חסידים אין נאָמען פון אַלע פאַרזאַמלטע און צו שיקן באַזונדערע אויפרופן אין נאָמען פון די הויפּט־קהילות צו די קלענערע קהילות, וואָס געהערן צו זיי.

דעם צווייטן טאָג ראש־חודש אלול תּקמ"א האָט זיך צונויפ־געקליבן אַ גרויסער עולם אויפן מאַרק־פּלאַץ אין זעלווע („בּראש מרומים עלי דרך ליד שערים של כּל החנויות“ — אַזוי שרייבט דער שרייבער אין זיין מליצה[1]) און האָט זיך צוגעהערט מיט ציטערניש צום חרם, וואָס איז דאָרט אויסגערופן געוואָרן אין נוסח פון דעם כּרוז פון ווילנער קהילה, אָבער נאָך מיט נייע חומרות. „און מען האָט מיטן גרויסן חרם מוסיף געווען, אַז זיי (די חסידים) טאָרן ניט האָבן קיין שום מנין צום דאַווענען, אַז מען זאָל זיי ניט לאָזן אַ נאַכט איבערנעכטיקן, מען טאָר ניט עסן פון זייער שחיטה, און מען טאָר מיט זיי קיין געשעפטן ניט מאַכן און ניט זיך מתחתן זיין מיט זיי און ניט זיך מתעסק זיין אין זייער קבורה“.

1 „שבר פושעים“ נומער 32; „זמרת עם הארץ“ נומער 38, אין דער הוספה צו ווילנער כּרוז פון 20טן אָב. אין לעצטן מקור שטייט: „מען האָט זיי מחרים געווען (אין זעלווע) מיט באַזונדער שטאַרקייט, מיט שופר בלאָזן און מיט פאַרלאָשענע ליכט און מיט צעבּראָכן פלעשער“.

דערנאָך האָבן די פֿאָרשטייער פֿון איטלעכער פֿון די פֿיר הויפּט־קהילות געשיקט אַן אויפֿרוף צו די קהילות פֿון איר קרייז און האָבן אויף זיי אַרויפֿגעלייגט צו טאָן אין זייערע מקומות, אַזוי ווי מען האָט געטאָן אין ווילנע און אויפֿן זעלווער יריד[1]. די ערשטע זיינען אַרויסגעטראָטן די אָנפֿירערס פֿון גראָדנער קרייז, וואָס אונטער זיי האָט זיך געפֿונען די זעלווער קהילה, און בראש פֿון זיי דער רב הגליל ר׳ אליעזר, און האָבן געשיקט צו די קהילות, וואָס געהערן צו זיי, אַזאַ כרוז:

„היינט איז געווען פֿאַר אונז אַ געשריפֿטס פֿון צדיקים פֿון די עלטסטע פֿון דער הייליקער קהילה ווילנע, צוזאַמען מיט די גאונים מאוה״ג, דעם אמתן גאון דעם געטלעכן חסיד מו״ה אליהו נ״י און מיט די רבנים פֿון דער דערמאָנטער הייליקער קהילה בנוגע צו דער כת חסידים[2], וואָס האָבן זיך פֿאַר קורצן צונויפֿגענומען אין חברות און בינטלעך און רופֿן זיך מיטן נאָמען חסידים...דער גרעסערער טייל פֿון זייערע מעשים איז נישט, די חכמים זיינען פֿון זיי ניט צופֿרידן, ווייל זיי פֿאַרענדערן אונזער אַשכּנזישן נוסח פֿון דאַווענען אויף דעם ספֿרדישן נוסח, און עס קלייבן זיך אָן ביי זיי פּירושים, וואָס פֿאַרדאַרבן און מאַכן קאַליע די וועלט, און די ערד שפּאַלט זיך פֿון זייער געשריי... אין דער אויבן דערמאָנטער הייליקער

1 אין די דערמאַנטע דאָקומענטן־זאַמלונגען איז ניטאַ קיין זכר פֿון די דאָזיקע כרוזים, וואָס זיינען ארויסגעגאנגען פֿון זעלווע. דער ערשטער האָט זיי פֿארעפֿנטלעכט צווייפֿעל אין זיין בוך „שלום על ישראל״ צווייטער באנד, 37—42. שפּעטער האָב איך געפֿונען דריי פֿון זיי מיט אנדערע נוסחאות אין דער געשריבענער זאַמלונג „מחשבות כסילים״, וואָס איז אָפּגעדרוקט מיט מיינע הערות אין צווייטן באנד „דביר״ נומ׳ 5—7. צווייפֿלס נוסחאות זיינען זייער לאַנגע און מער פֿאַלעמיש, איידער די וואָס געפֿינען זיך ביי מיר, און דערפֿאַר איז מכוח זיי פֿאַראַן אַ חשד פֿון ליטעראַרישער באַאַרבעטונג: אפשר זיינען געקומען שפּעטערע איבערשרייבער און האָבן צוגעלייגט פֿון זיך שטאָך־ווערטער; נאָר עס זיינען פֿאַראַן אין זיי אויך צוגאָבן, וואָס שטימען מיט די געשעענישן. דאָ באַנוץ איך די קורצע נוסחאות פֿון „מחשבות כסילים״ און בין מוסיף אין קלאַמערן אָדער אין די הערות דאָס וויכטיקסטע און דאָס בעסערע פֿון צווייפֿעלס נוסחאות.

2 אין דעם נוסח פֿון „שלום על ישראל״ איז צוגעלייגט: ימ״ש (ימח שמם) — ס׳קאָן זיין אַ הוספה פֿון אַ פֿאַנאַטישן איבערשרייבער.

קהילה (ווילנע) האָט זיך געפונען אַ וואָרצל, וואָס ברענגט אַרויס גיפטיקע פּירות פון דער דערמאָנטער כּת, האָט מען זיך אָנגע־גורט מיט קראַפט צו פאַרשטעלן דעם אַיינבראָך, צו פאַרריכטן די שטרויכלונג, אַז די אָנשיקעניש זאָל זיך ניט פאַרשפּרייטן צווישן יידן, די מענטשן פון זייער קהילה, אויסצוראָמען די דאָזיקע כּת צבועים. און מען האָט באַשטימט מיטן גרויסן חרם יב"ן (יהושע בן נון) און מיט דעם חרם, וואָס איז אויסגעטייטשט אין ספר כּל־בו, און מיט אַלע חרמות און פאַרשילטונגען און קללות, וואָס זיינען געשריבן אין דער משנה תורה אויף איטלעכן פון זיי: מען טאָר זיך מיט זיי ניט חברן און ניט אונטערשטיצן זיי, און אַז קיין מענטש פון זייער קהילה זאָל ניט פאָרן אין דעם אָרט פון דער דערמאָנטער כּת חסידים זיך צו באַהעפטן מיט זיי (און ער זאָל ניט שטיין אין זייערע דלת אַמות, און אַפּשיטא אַז מען טאָר ניט זען דעם פּנים פון דעם רשע דעם כּוהן פון זייער עדה[1], וואָס דינט צו אַן אומגאָט, און צו גילדענע געצן טוט ער רוכן: דאָס זיינען דיינע געטער ישראל. און קיין מענטש זאָל ניט משנה זיין פון דעם, וואָס די חכמים האָבן אַיינגעשטעלט אין דעם נוסח פון דאַוו־נען, פון אשכנזישן נוסח אויפן ספרדישן נוסח. און אַוודאי האָבן די אויבנדערמאָנטע עלטסטע און גאונים גוט גערעדט, ווייל אַלע זייערע רייד זיינען געוואויגן ריכטיק לויטן דין פון אונזער תורה...

דעריבער ווילן מיר זיי נאָכטאָן צו מאַכן צאַמען און סייגים, ווי די אויבנדערמאָנטע חכמים האָבן געמאַכט, אויך אין די שטעט פון אונזער קרייז, צו באַשטעטיקן פאַר זיי און פאַר זייערע קינדער די גילטיקייט פון דעם כּרוז, וואָס איז דאָ אויסגערופן געוואָרן פאַר־דער גאַנצער עדה, מיט זייער מלך אין זייער שפּיץ דעם (גראָד־נער) קרייז־רב, וואָס האָט אַ דעה אין אַלע יידישע שטעט. ער האָט געהייסן בלאָזן אין גרויסן שופר, כּדי עס זאָל זיין פיל פּירסום, אַז זיין באַשטימונג איז גילטיק פאַר אַלע שטעט פון אונזער קרייז, וואָס געהערן צו אים, אַז קיין מענטש טאָר ניט משנה זיין אין דעם נוסח פון דער תפלה בציבור פון דעם אשכנזישן מנהג אויף דעם ספרדישן מנהג, און אַז קיין שום מענטש זאָל ניט פאָרן פון אונ־

1 געמיינט איז ר' חיים הייקל פון דער שטאָט אַמדור, וואָס איז אונטן דערמאָנט בפירוש.

זער קהילה אין אַן אָרט, וואו עס איז פאַראַן אַ כּת חסידים ימ"ש, די פאַרשאָלטענע און די עקלדיקע, כּדי זיך צו באַהעפטן מיטן אומ-ריינעם, און בפרט אַז מען טאָר ניט אומענדערן אין דער הייל-קער קהילה אַמדור קיין זאַך, וואָס מיר האָבן אויף זיי גוזר געווען. און ווער עס וועט דערויף עובר זיין, אויף דעם זאָלן פאַלן אַלע חרמות און פאַרשילטונגען און פאַרשטויסונגען, און ער זאָל זיין מוחרם ומנודה אין ביידע וועלטן. נאָך מער איז אויסגעטייטשט אין דעם צוגעהעפטן פּאַפּיר.

„דאָס איז די רייד פון די עלטסטע און נגידים און געוועזענע ראשים פון אונזער הייליקער קהילה גראָדנע, אין איינעם מיטן הרב הגאון פון ק"ק גראָדנע און דעם בית-דין צדק, וואָס געפינען זיך איצט דאָ צוזאַמען אויפן גרויסן יריד אין זעלווע: נאום אליעזר החונה בק"ק הוראָדנא והגלילות[1]. היום יום ד' (ראש חודש) אלול שנת תקמ"א[2].

נייע רייד הערן מיר אין דעם אויפרוף-בריוו פון דעם גרויסן בריסקער רב, ר' אברהם קאַצינעלנבויגן, וואָס איז אויך געחתמעט געוואָרן אין זעלווע די ערשטע טעג פון חודש אלול:

„הערט זיך צו צו דעם אייבערשטנס שטרייט און טוט אַ קוק, צי איז פאַראַן אַ ווייטאָג ווי מיינער. וואָרעם אין הויז ישראל האָב איך געזען אַ גרויליקע זאַך: עס איז אויסגעוואַקסן די אָנשיקעניש ביי יידן, און עס איז אויפגעשטאַנען אַ דור זינדיקע לייט, וואָס זיינען געוואָרן אומגעטריי צו גאָט און זיין הייליקער תורה, די לייט פון דער כּת חסידים ימ"ש, וואָס האָבן זיך אָפּגעשיידט און זיך אַנגעם געטאָן צום צד פון מינות (כּת פון שבתאי צבי) און אַפּיקורסות, און האָבן מבטל געווען דעם כּבוד פון חכמים אין דעם דין פון דער תורה. טאַקע דערויף טוט ציטערן איטלעכס האַרץ און ווערט אויפגעטרייסלט פון אָרט, און דאָס גאַנצע הויז ישראל טוי-

1 דערנאָך קומען נאָך צוועלף חתימות (אין דעם נוסח פון „שלום על ישראל").

2 אין דעם כּתב-יד איז די דאַטע פאַרצייכנט ד' אלול, און אין צווייפלס נוסח ר"ח אלול. די לעצטע דאַטע לייגט זיך מער אויפן שכל.

ען וויינען (איבער דער לעסטערונג און שענדונג). ווי דאָס איז באַוואוסט אין גאַנץ דער וועלט, האָב איך געהאַט אַ וויכוח אין האָב מנצח געווען יצחק דעם זשעלעכאָווער אין דער שטאָט וואַרשע,[1] דעם ריש בריוני זייערן וועגן דעם ברינעם, וואָס די שרי התורה האָבן אים געגראָבן, וואָס עס האָבן אים געעפנט די בעסטע פון פאָלק, די מיט וויסן און פאַרשטאַנד, אונזערע אַלטע חכמים, אויסצוגלייכן דעם וועג מיט ריכטיקע תיקונים און מנהגים און סייגים, און איצט האָט מען דעם ברונעם פאַרשטאָפּט, פאַרשאָטן אויף אַ מיאוסן אופן. און אָט דער דאָזיקער מענטש — ביי אים האָט אָפּגענומען לשון און די רייד פון זיינע לעפצן זיינען פאַרקרימט געוואָרן (און זיינע לעפצן זיינען געשלאָסן געוואָרן), און ער איז געווען ווי אַ שטומער, וואָס עפנט ניט זיין מויל (און ווי אַ שווייגעדיקער שטיין) איבערגעשראָקן און געפלעפט, בעת איך האָב זיין שאַנד אויפגעדעקט עפנטלעך פאַר אַ גרויסן עולם אין שול פון דער שטאָט פּראַגע, און אַז איך האָב אויסגעטייטשט און אויפגעזעצט מיינע געשמאַקע רייד אין דעם כרך, וואָס ווערט אָנגערופן מלחמות השם[2], צו דערציילן זייער שאַנד, עפּעס פון זייערע נישטיקע און פוסטע מעשים.

„און גוט האָבן גערעדט די עלטסטע פון דער הייליקער קהילה גראָדנע[3] אין איינעם מיט דעם רב דעם גאון אב״ד (זייער רב הגליל)

---

1 אין „שלום על ישראל״ שטייט: „פון דעם וויכוח, וואו איך האָב דערוויזן דעם יצחקן אין דער שטאָט וואַרשע דעם ריש-בריוני״. דאָ גייט די רייד וועגן דעם וויכוח צווישן בריסקער רב און דעם צדיק ר׳ לוי יצחק פון פינסק-זשעלעכאָוו, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מינדלעך פאַרן יאָר תקמ״א און האָט זיך געענדיקט שריפטלעך אין יאָר תקמ״ד (זע אונטן § 24).

2 אין „שלום על ישראל״ שטייט: „איך האָב זיי אויסגעקריצט (חקקתים) אין אַ ספר, אין פרק מלחמות ה׳״. אַזאַ ספר פון בריסקער רב איז קיין מאָל ניט געדרוקט געוואָרן. ווי עס ווייזט אויס, האָט דער שרייבער געהאַט אין זינען צו פאַרעפנטלעכן זיין ערשטן וויכוח אין דרוק, נאָר עס האָט אים ניט אָפּגעגאָלטן. זיין שפּעטערדיקער שריפטלעכער וויכוח איז פּובליקירט געוואָרן אין אָפּשריפטן.

3 דאָס איז דער פריער געבראַכטער כרוז, געחתמעט פון דעם גראָדנער קרייז-רב ר׳ אליעזר. אין צווייפלס נוסח שטייט: „ווילנע און גראָדנע״. נאָר ווילנע ווערט דערמאָנט ווייטער, און דאָ איז ניט דער אָרט פאַר איר.

און האָבן געפּסקעט אויפֿצודעקן זייערע מיאוסע מעשים פֿאַר אַלעמען, און די שריפֿט איז אַ געטלעך געשריפֿטס. נאָר איך האָב צו זיי טענות, פֿאַרוואָס זיי האָבן אין זייער דערמאָנטן בריוו און אין זייער כּרוז ניט אויפֿגעטאָן צו אַסרן אויף זיך מיט חרמות און פֿאַרבאָטן, אַז זיי זאָלן ניט קוילען קיין זאַך וואָס דאַרף ווערן געקוילעט מיט געשליפֿענע חלפֿים, און דאָס נעמלעכע פֿעלט דער דאָזיקער איסור אויך אין דעם בריוו פֿון דער הייליקער קהילה ווילנע בצירוף מיט דעם דאָרטיקן גאון. דאָס איז דאָך בײַ אונז אַ מסורה פֿון אונזערע עלטערן זינט די צײַטן פֿון משה רבנו ע״ה. דעריבער בין איך אויך מסכּים גוזר צו זײַן מיט אַ חרם און באַקרעפֿטיקן מיט אַ נידוי ושמתּא אויף אַלע, וואָס עסן פֿון זייער שחיטה, און באַזונדערס אויף די, וואָס קוילען מיט געשליפֿענע חלפֿים. און אַלע, ווען עס האָט אָנגערירט גאָטספֿאָרכטיקייט אין האַרצן, זאָלן אָנגורטן ווי אַ העלד זייערע לענדן אַרויסצוגיין אין מלחמה מיט קריגס-געצייג און מיט געשאַרפֿטע פֿײַלן, זיי אָפּצושיידן און אָפּצושטופּן און צו רודפֿן, ביז וואַנען אַ יידישע האַנט גרייכט. און מיטן גרויסן חרם פֿון יהושע בן נון (איז אַ חוב) אויף איטלעכער קהילה, וואו ס׳דערגייט דאָס וואָרט פֿון קיניג, דעם קיניג פֿון דער וועלט, אַז אויב עס וועלן זיך צונויפֿקלייבן די דאָזיקע מענטשן, די ריקים ופוחזים, און די לײַט פֿון דער דאָזיקער כּת[1], און עס וועט זיך צונויפֿקניפֿן אַ בינטל רשעים צו מאַכן זיך אַ באַזונדער מנין לויטן שלעכטן מנהג, דעמאָלט זאָל מען זיך צונויפֿנעמען, בכדי זיי צו פֿאַרטומלען און פֿאַרלענדן. וואָרעם עס איז אַ מצווה אויסצווואָרצלען און אויסצורייסן אַן עבודה זרה פֿון איר אָרט און צו צעשפּרייטן זיי אין אַלע זײַטן אַזוי ווי מעקענע, וואָס דער ווינט צעטרײַבט, צו אָפּהיטן דעם אייפֿער פֿון דעם אייבערשטן און זײַן תּורה, זיי זאָלן קיין שלעכטס ניט טאָן און ניט פֿאַרדאַרבן. און אין דעם זכות וועלן מיר אינגיכן זוכה זײַן צו זען די פּראַכט פֿון אונזער שטאַרקייט און אַז די גוואַלד-הערשאַפֿט וועט אָפּגעטאָן ווערן פֿון דער ערד און די וועלט וועט ווערן אויפֿגעריכט אין גאָטס קיניגרײַך...

1 אין „שלום על ישראל" איז צוגעלייגט: „תלמידי ימ״ש בעש״ט (ימח שמו בעל שם-טוב) עוכר ישראל".

„דאָס זיינען די רייד, וואָס רעדט אין אייפער פאַר אונזער גאָט, היינט, דאָנערשטאָג, צוויי טעג אין אלול[1] כל העולה יקפין פיה לפ"ק (תקמ"א), פה ק"ק זעלווע. נאום אברהם קאַצין אלין בויגן חונה בק"ק בריסק דליטא עיר ואם בישראל".

די ראשי־קהילות פון פינסק און סלוצק, וואָס זיינען דעמאָלט געווען אין זעלווע, האָבן געשיקט אין זייערע גלילות קורצע צירקולאַר־בריוו: די פינסקער האָבן מסכים געווען צום פאָרשלאָג פון די צוויי ווילנער שלוחים, ר' דוד און ר' זעליג, וואָס האָבן זיי געוויזן די „גלענצנדיקע שריפט" (כתב תועפות) מיט דער חתימה פון גאון ר' אליהו. „מיר גיבן אונזער הסכמה צו דער גילטיקייט פון גרויסן חרם, וואָס איז געגעבן אין דער גערימטער הייליקער קהילה ווילנע, און צו די רייד, וואָס זיינען געזאָגט און געהערט געוואָרן אין ק"ק זעלווע אויפן יריד, און דער וואָס הערט זאָל פאָלגן, און דער וואָס וועט ניט פאָלגן זאָל זיין אָפגעשיידט (בדול ומבודל) פון דעם אייבערשטנס עדה". געחתמעט האָבן זיבן טעג אין אלול זיבן „אַלופים רוזנים ומנהיגים דק"ק פינסק", אָן דעם רבס חתימה. די סלוצקער ראשי קהל (אויך זיבן געחתמעטע) האָבן פון זייער צד מוסיף געווען אַ באַזונדער חרם אויף „די וואָס עסן טריפה פלייש" פון בהמות, וואָס ווערן געקוילעט „מיט געשליפענע מעסערס און חלפים לויטן מנהג פון די חסידים"[2].

---

1 אין „שלום על ישראל" איז פאַרצייכנט די דאַטע יום ה' כ' אלול. אָבער כ' אלול איז ניט געפאַלן אום דאָנערשטאָג. ווי עס ווייזט אויס, איז דאָס אַ גרייז פון שרייבער אָנשטאָט ב' אלול.

2 דער בריוו פון די פינסקער מנהיגים געפינט זיך אין אויבנדערמאָנטן כ"י און אויך אין „שלום על ישראל" (II, 41—42). דער סלוצקער בריוו איז אָפגעדרוקט נאָר אין „שלום על ישראל" מיט אַ הקדמה (ז"ז 39—40), וואָס אין איר שטייט, אַז מען האָט באַדאַרפט צונויפקלייבן אין אַ „גרויסער אסיפה" אַלע ראשי הקהילות, „אָבער מחמת דער פאַרנומענקייט פון יריד, וואָס איטלעכער ווענדט זיך צו זיינע עסקים, איז ניט מעגלעך זיי צונויפצוקלייבן אין אַ גרויסער און גאַנצער אסיפה" — אַן אָנצוהערעניש אויף די ווילנער ראשי־קהל, וואָס זיינען אין זעלווע ניט געווען. צום סוף פון דאָקומענט האָבן זיך אויסגעמישט די רייד פון די סלוצקער פאָרשטייער וועגן די ווילנער און גראָדנער אויפרופן און וועגן דעם זעלווער חרם פון ראש חודש אלול מיט שטיקער פון דעם ווילנער כרוז און דעם ווילנער גאונס ווערטער ביי זיין חתימה פון 24טן אָב (אָפגעדרוקט עפ"י טעות: „ה' אָב"): „אף שאין דרכי לצאת

אַז די זעלווער כּרוזים זיינען אָנגעקומען צו די קהילות אין אַלע שטעט פון ליטע, זיינען אומעטום אויסגערופן געוואָרן שאַרפע חרמות אין די שולן. אין דער ווילנער קהילה, וואָס אירע פּנקסים האָבן איבער אַ סיבה וואָס איז אונז ניט באַוואוסט ניט גענומען קיין אָנטייל אין דער זעלווער אַסיפה, האָט מען ווידעראַמאָל מחרים געווען די חסידים אין אַ נייעם נוסח שוין מיט די הוספות, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן אין זעלווע (מאָנטאָג, 13 טעג אין אלול תקמ״א). די רבנים האָבן גוזר געווען אויף אַלע חסידים, וואָס זיינען געווען אַוועקגעפאָרן צו זייערע רביים, זיי זאָלן אין משך פון זיבן טעג זיך אומקערן אַהיים. אַ סך חסידים אין ליטע האָבן זיך דערשראָקן פאַר די חרמות און האָבן תשובה געטאָן[1].

---

## § 24. די יאָגערס און די געיאָגטע אין ליטע.

**די רעליגיעזע שפּאַלטונג און אירע רעזולטאַטן אין לעבן פון דער געזעלשאַפט און פון יחיד. — ר׳ לוי יצחק אין פּינסק און זשעלעכאָוו צווישן „רייסערייען און קריגערייען״. — זיין ערשטער וויכּוח מיטן בּריסקער רב ר׳ אברהם קצינלבויגן. — זיין צווייטער שריפטלעכער וויכּוח פון יאָר 1784; דער שטראָף־בּריוו צו אים פון בּריסקער רב; זיבן פּראַגעס; דעם צדיקס שווייגן און זיין שפּעטערדיקער נצחון. — ר׳ שלמה קאַרלינער פאַרלאָזט קאַרלין און קלייבט זיך אַריבּער קיין לודמיר. — סיכסוכים אין פּינסק און קאַרלין. — ר׳ חיים חייקא פון אַמדור און זיינע חסידים. — די חבורה אין אַמדור; דעם „רבּינס הויף״; אַ טיפּ פון אַן אוקראַינער רבּי אין אַ ליטווישער סביבה.**

די רעליגיעזע מחלוקת האָט זיך פאַרשפּרייט אין אַלע קהילות. ניט נאָר קהל, נאָר איטלעכער איינציקער איז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם קריג. דער חרם האָט געהעצט איין מענטשן קעגן צווייטן,

---

חוץ מגדרי עפ״ז לעת הפרו תורתך עת לעשות לה׳״. די חתימות פון גאון און פון דעם ווילנער רב ר׳ שמואל צום סוף פון דאָקומענט (דאָרט 40—41) פירן אַריין אין אַ טעות, און דער פאַרשער בּאַדאַרף זיין געהיט פון דער דאָזיקער צעמישעניש.

1 „שבר פושעים״, נומ׳ 32; דער פולער „זמרת עם הארץ״ נומ׳ 38 צום סוף.

איין משפחה קעגן דער אַנדערער. עס איז נאַטירלעך שווער גע־
ווען צו פאַרווירקלעכן דעם אַלגעמיינעם גירוש פון חסידישע קיבוצים
אין פאַרשיידענע שטעט, אָבער זייער אָפט האָט פּאַסירט, אַז באַ־
לעבאַטים מתנגדים האָבן געצוואונגען חסידישע משפחות צו פאַר־
לאָזן זייערע דירות. דאָס וואָס האָט מען ניט געטאָרט האָבן
קיין משא ומתן מיט די לייט פון דער „כת“, האָט געבראַכט שאָדן
אין דער פּרנסה אַ סך סוחרים, בעלי־מלאכות, מלמדים און אַנ־
דערע יידן, וואָס ציען חיונה איינע פון די אַנדערע. דאָס, וואָס עס
איז פאַרבאָטן געוואָרן זיך מתחתן צו זיין, האָט געבראַכט דערצו,
אַז אַ סך שידוכים זאָלן זיך צעגיין. זינט יענער צייט איז אָנגע־
נומען געוואָרן אין די מתנגדישע משפחות אין ליטע און רייסן זיך
ניט מתחתן צו זיין מיט קיין חסידים. אין דער זעלבער צייט איז
אין אוקראַינע און אין די דרומדיקע קאַנטן דער נאָמען ליטוואַק
געוואָרן אַ סינאָנים פון אַ מענטשן אַ געלערנטן מיט אַ שאַרפן
קאָפּ, אָבער וואָס האָט ניט קיין געפיל פאַר אמונה און קאָן אָנטאָן
שאָדן אין אַ משפחה פון חסידים תמימים. עס זיינען געשטאַנען קעגן
אַנאַנד צוויי לאַגערן, באַוואָפנט מיט די חרמות פון „גאונים“ פון
איין זייט און מיטן גלויבן אין „צדיקים“ פון דער אַנדער זייט.

קודם כל זיינען אָנגערירט געוואָרן פון די רדיפות די אָנ־
פירערס פון דער סעקטע. אין יענער צייט איז אויפגעגאַנגען דער
שטערן פון ר' לוי יצחק, דעם מעזריטשער מגידס אַ תלמיד,
וואָס האָט שוין געהאַט געליטן פון די רדיפות פון יאָר 1772.
אין יענער צייט איז ר' לוי יצחק, ווי עס איז שוין געזאָגט אויבן
(§ 21), געזעסן פאַר אַ רב אין פּינסק, אַ שטאָט פון איינגעגע־
סענע מתנגדים, וואָס איז אַ ביסל געכאַפּט געוואָרן אין חסידות
דורך דער שכנישער שטעטל קאַרלין וואו חסידות האָט גע־
הערשט. ווי עס ווייזט אויס, האָבן זיך דאָ צונויפגעטראָפן ניט
כּתּם אַזוי דורך אַ צוטראַף דער קאַרלינער רב רבי אהרון, דער
גרינדער פון דער גרופּע „קאַרלינער“, און זיין חבר פון מעזריטשער
בית־מדרש, לוי יצחק, נאָר עס איז געווען אַ מין שטילע „פאַר־
שווערונג“ צווישן זיי מיטן מיין איינצונעמען די קהילה. נאָר איי־
דער די „פאַרשווערערס“ האָבן באַוויזן אַריינצוציען די פּינסקער קהילה
אין נעץ פון חסידות, זיינען אַרויס די חרמות פון יאָר 1772.
ר' אהרן איז אין זעלביקן יאָר געשטאָרבן, און אויף ר' לוי יצחק

האָט זיך אויסגעגאָסן דער גרימצאָרן פֿון די פֿאַנאַטיקער אין דער צייט, ווען ער האָט געוויילט ביי זיין רבין דעם מגיד פֿאַר זיין טויט. קענטיק, אַז זיין רבנות אין פּינסק האָט ניט לאַנג געדויערט. אין דער צייט צווישן 1772 און 1781 איז ער אַוועק פֿון פּינסק און אָנגעקומען פֿאַר אַ רב אין זשעלעכאָוו (לאָמזשער קרייז). אָבער אויך דאָרט זיינען קעגן אים אויפֿגעשטאַנען „רייסעריין און קריגערייען"[1]. עס האָט זיך מיט אים פֿאַרטשעפּעט דער פֿאַנאַטישער בריסקער רב, רב אברהם קצינלנבויגן, און אַז זיי האָבן זיך איין מאָל ביידע צונויפֿגעטראָפֿן אין וואַרשע (פֿאַר אלול תקמ"א), האָבן זיי זיך אַריינגעלאָזן אין אַ רעליגיעזן וויכוח אין דער שול פֿון דער שטאָט פּראַגע ביי דער הויפּט-שטאָט. אין זיין בריוו פֿון זעלווע פֿון צווייטן אלול, וואָס איז דערמאָנט אויבן (§ 23), האָט דער בריסקער רב זיך באַרימט מיט זיין נצחון איבער ר' „יצחק (לוי) דעם זשעלעכאָווער" אין דעם וויכוח און געשריבן, אַז דער חסידישער פֿירער האָט שוין מער קיין טענות ניט געהאַט און „איז געווען ווי אַ שטומער, וואָס עפֿנט ניט זיין מויל". אָבער ר' לוי יצחק פֿון זיין זייט האָט זיך געהאַלטן פֿאַרן זיגער און האָט זיך באַרימט, אַז ער האָט געענטפֿערט אויף זיין קעגנערס פֿראַגעס און איז אים בייגעקומען[2]. אין יאָר 1781 איז דער בריסקער רב בייגעקומען זיין שונא אַדאַנק די חרמות, וואָס זיינען אויסגערופֿן געוואָרן אין זעלווע, אָבער ער האָט זיך דערמיט ניט געוואָלט באַפֿרידיקן. ער האָט ניט אַנדערש געוואָלט באַזיגן די חסידים אין אַ צווייטן וויכוח אין וואַרשע, וואָס דערביי זאָלן זיין חשובע מענטשן פֿון ביידע צדדים. ר' לוי יצחק האָט דערויף ניט איינגעוויליקט, ער האָט מער ניט מסכים געווען צו אַ שריפֿטלעכן וויכוח, דאָס הייסט, אַז זיין קעג=

1 אגרת הקדש אין ספר „נועם אלימלך" פון דעם ליזענסקער רבי, צום סוף: „בנוגע דער מחלוקת וואָס איז אויפגעשטאַנען אויפן רב... דעם חסיד דעם מפורסם אב"ד פון ק"ק זשעלעכאָוו נ"י" (לבוב, תקמ"ח).

2 אין דעם קונטרס „זמיר עריצים" (תקנ"ח) שטייט: „איך האָב געהערט, אַז דער פאַרשטאָרבענער רב (דער בריסקער) האָט זיך מתווכח געווען מיט אים (מיט ר' לוי יצחק) און דער דאָזיקער חסיד אין זיין גרויסער גאווה האָט אים גאָרנישט געענטפערט, נאָר ער האָט מעיז געווען קעגן אים מיט געלעכטער און ליצנות, ווי עס געשיקט זיך ניט בנוגע אַזאַ זקן און רב ווי ער" (דף י"ג).

נער זאָל אים אָנשרייבן זיינע פראַגעס און ער וועט אויך ענטפערן אויף זיי שריפטלעך. אַזוי־אַרום איז דאָס געקומען צו אַ ליטעראַרישער פּאָלעמיק אין יאָר 1784.[1]

אַכט טעג אין תמוז פון יאָר תקמ"ד האָט דער קרייז־רב ר' אברהם קאַצינעלנבויגן אָנגעשריבן פון וואַרשע דעם דאָזיקן בריוו צו ר' לוי יצחק קיין זשעלעכאָוו:

„דער אמת שפּראָצט פון דער ערד אַרויס און גערעכטיקייט קוקט פון הימל אַראָפּ... וואָסער פעלער געפינט זיך אין אונזערע צלמערן, אַז עס האָבן זיך פון זיי דערווייטערט אַ טייל מענטשן פון אונזער דור און ווילן ניט גיין נאָך די גערימטע גאונים, די מוסטער־מענטשן, אונזערע חכמים, וואָס זיי האָבן אַרויסגעגעבן פאַר דער וועלט גוטע חוקים און רעכטפאַרטיקע מנהגים?... און ווער איז דאָס אַזוינס, וואָס דערוועגט זיך צו פאַרנעמען זיך, אויף אַן אַנדער זייט צו טאָן ווילדע מעשים און דורכצוברעכן אַ בראָך אין דעם גרענעץ, וואָס די אַלטע האָבן אָפּגעגרענעצט? און ווער איז דאָס אַזוינס, וואָס שטעלט זיך איין זיך אַריינצורייסן אין היילקטום צוזאַמען מיט נאָך מענטשן אָן אַ נאָמען, זיך צו גרייסן און

1 דאָס אַלץ, וואָס איך האָב דאָ אויסגעשטעלט אין דעם סדר פון די געשעענישן, איז באַגרינדעט אויף צוויי דאָקומענטן: 1) דער דערמאָנטער בריוו פון ר' אברהם קאַצינעלנבויגן פון זעלווע צום בריסקער גליל, וואָס דערין ווערט דערמאָנט דער וויכּוח אין וואַרשע מיטן „זשעלעכאָווער" פאַר אלול תקמ"א; 2) דער וויכּוח־בריוו, וואָס ר' אברהם האָט געשיקט צו ר' „לוי יצחק אב"ד דק"ק זעליכאָווע" און איז געחתמעט אין וואַרשע ה' תמוז תקמ"ד. די דאָזיקע דאַטע איז פאַרצייכנט נאָר אין דער אָפּשריפט פון בריוו אין דער זאַמלונג „מחשבות כסילים" (זע „דביר" I, 297) און איז דורכגעלאָזן אין די איבעריקע נוסחאות, וואָס געפינען זיך ביי מיר: אין כ"י „שבר פושעים" נומ' 24; אין קורצן „זמרת עם הארץ" נומ' 19 און אין פולן „זמרת עם הארץ" נומ' 32. איך באַנוץ דאָ די דריי נוסחאות, וואָס שטימען אין דער עיקר זאַך: פון כ"י „מחשבות כסילים", פון „שבר פושעים" און פון קורצן „זמרת עם הארץ". אין דעם פולן „זמרת עם הארץ" האָט דער איבערשרייבער צוגעלייגט פון זיך גראָבע זידלערייען אויף ר' לוי יצחק און אַלע חסידים, וואָס עס פּאַסן גאָרניט צום סטיל פון בריוו. איך לאָז אויס, ווי מיין שטייגער, פון דעם לאַנגן בריוו די איבעריקע מליצות און דערגאַנץ אין קלאַמערן דעם זאַכלעכן טייל לויט די דריי נוסחאות. — דעם דאָזיקן בריוו דערמאָנט אויך, ווי געזאָגט, דער מחבר פון „זמיר עריצים" (פון יאָר תקנ"ח, דף י"ג).

צו דערהויבן, זאָגנדיק: איך וועל קיניגן, און צו געוועלטיקן מיט גדלות, אויסצוקלערן פון קאָפּ נייע געזעצן און מנהגים, וואָס אונזערע עלטערן האָבן פון זיי ניט געוואוסט, און צו מאַכן אונזער תורה ווי צוויי תורות? און עס גייט דערפון אַרויס אַ גרויסער שאָדן, ווייל די זאַך ווערט אַ שטיין־אין־וועג און אַ שטרויכל־פעלז פאַר יידן, חס־ושלום. עס געשיקט זיך אַוועקצונעמען די שטרויכלונג פון דעם וועג פון די קינדער פון מיין פאָלק, אויסצוגלייכן דאָס געקרימטע און פאַרריכטן דעם שטעג, וואָס פירט אַרויף צו גאָטס הויז. און פון אים איז דאָס געווען באַשערט, אַז (בעת איך בין דאָ געווען) האָט זיך געמאַכט, אַז מעלתו איז געקומען אַהער[1], און אויף אים האָבן די לייט פון דער כת געווענדט זייערע אויגן, אויסצוקלייבן זיינע שטעגן און צו גיין אין זיינע וועגן. אָבער דאָרט, וואו עס גייט אום חילול־השם, גיט מען ניט אָפּ קיין כבוד (קיין רב). בין איך צו אים אַראָפּ צו ריידן מיט אים האַרבע רייד, מחמת מיר איז געווען קשה, וואָס ער איז זיך נוהג אין כמה געגנט און ענינים, וואָס זיינען ניט געפעלן ניט מיר און ניט אַלעמען, וואָס זעען דעם אמת... און אַז איך האָב אויסגעזעצט מיינע רייד און איך האָב געפרעגט און געזוכט און געפאָרשט אים, וואָס האָט ער דאָס אַיינגעזען און וואָס איז געווען די נייטיקייט, וואָס האָט אים געבראַכט צו פאַרלאָזן דעם קוואַל פון לעבעדיקע וואַסער, דעם אַלטן מנהג פון אונזערע עלטערן, וואָס איז אָנגענומען ביי אונז, און אויסצוקלייבן אַן אַנדער וועג, האָב איך ניט געקאַרגט מיט שטראָף־ווערטער אים, אין פנים אַריין און געפאָדערט, ער זאָל מיר ווייזן טאָן זיינע דרכים. נאָר איך האָב ניט געפונען אין די רייד פון זיין ענטפער קיין שום זאַך, וואָס זאָל זיך לייגן אויפן שכל, און זיין ענטפער איז ניט אָנגענומען געוואָרן ניט ביי מיר און ניט ביי קיין מענטשן מיט ווישן. און איך האָב געהערט זאָגן וועגן אים, אַז ער באַרימט זיך, אַז ער האָט געגעבן אַ גוטן ענטפער. און אַז איך האָב אים דאָס פירגעהאַלטן, איז ער מיר מרוצה געוואָרן, אַז איך זאָל אים שרייבן דעם תוך פון די פראַגעס, און ער וועט אויף אַלץ ענט־

1 דאָס הייסט קיין ווארשע, דאָרט וואו דער בריוו ווערט געשריבן.

פערן שריפטלעך, אויפצושרייבן איטלעכע פראַגע, און ביי דער זייט אַן ענטפער אויף איר. און דאָס זיינען די פראַגעס:

„א). פון וואַנען איז דאָס צו זיי געקומען מבטל צו זיין דעם פריערדיקן מנהג אין די נוסחאות פון דאַווענען, וואָס אונזערע הייליקע אָבות האָבן זיי מסדר געווען, און זיך אויסצוקלייבן די נוסחאות פון די ספרדים?... הלוואי וואָלט איך דאָס געוואוסט, מיט וואָס איז יענער שטייגער בעסער, און וואָס איז דער וועג, ווי אַזוי עס איז אַנטפּלעקט געוואָרן דאָס, וואָס איז געווען פאַרהוילן און פאַרבאָרגן פון אַלע גרויסע גאונים. וואָס איז דער שאָדן, וואָס וואָלט זיי געטראָפן, אויב זיי וואָלטן געבליבן ווי די איבעריקע יידן, און וואָס האָט זיי געצוואונגען אויסצוקלייבן זיך אַ נייעם מנהג?...

ב). פון וואַנען איז דאָס צו זיי געקומען משנה צו זיין (אין דאַווענען) אַפילו אין די זאַכן, וואָס זיינען גאָרניט איינגעפירט ביי אַלע ספרדים, ווי זיי זיינען, למשל, פאַרפירט ניט צו זאָגן (זיי פאַרמיידן צו זאָגן) אין דער ברכה יוצר אור: „אור חדש על ציון תאיר". ווען אַפילו אין די רויד פון רמב"ם זכרונו לברכה געפינט זיך, אַז מען זאָל דאָס ניט זאָגן, פונדעסטוועגן וויבאַלד אַז אין אַלע תפוצות ישראל איז מען שוין לאַנג זיך נוהג דאָס צו זאָגן, באַדאַרף דער, וואָס וויל משנה זיין, ברענגען אַ ראיה און אַ ריכטיקן טעם, וואָס איז אָבער געבליבן אַ סוד פאַר אַלע חכמים פון אונזער דור און פון די פריערדיקע דורות, וואָס זייער קליין פינגערל איז גרעבער פון אונזערע לענדן.

„ג.)... אונזערע חכמים ז"ל האָבן געזאָגט: ווער עס לאָזט הערן זיין קול בעת זיין תפילה, דער געהער צו די קליין־גלויביקע, און דער וואָס הייבט אויף זיין קול אין זיין תפילה, דער איז פון די פאַלשע נביאים. אָבער זיי (די חסידים) — שרייען ווי לייבן און זיינען מרעיש עולם, כדי אָנצושרעקן די, וואָס זעען די קולות און זיך אַרויסצושטעלן ווי אַזעלכע, וואָס הייליקן און כשרן זיך און זיינען נעענטער צום אייבערשטן מער פון אַלע יידן. און עס שטייט דאָך געשריבן: באַשיידן זאָלסטו אומגיין מיט דיין גאָט. און באַזונדערס וואָס זיי מאַכן זיך משוגע און ווילד מיט זייערע תנועות צו טאַנצן און צו שפרינגען ווי די בעק, זיך צו בייגן רעכטס און לינקס, מיטן פנים צו דער ערד טוען זיי זיך בוקן, טיף אַראָפּ אָדער הויך

אַרויף, שטייגן אויף אין די הימלען, נידערן אַראָפּ אין די אָפּגרונטן, פּאַטשן מיט די הענט צו גאָט אין הימל. און אַלץ כּדי צו מאַכן ציטערן און וואונדערן דעם המון מיט די הייבער... געוויס שטייט וועגן דעם געזאָגט (ירמיה י״ב 8): נתנה עלי בקולה על כן שנאתיה (זי האָט אויף מיר אויפגעהויבן איר קול, דערפאַר האָב איך זי פיינט). און הגם (חז״ל האָבן געזאָגט) אויף רבי עקיבא, אַז אַ מענטש האָט אים געלאָזן אין איין ווינקל (בעת דער תּפילה) און האָט אים געפונען אין אַ צווייטן, האָט ער, דאָס געטאָן נאָר ווי אַ יחיד; אָבער צווישן עולם בציבור פלעגט ער מקצר זיין, און אויך ווי אַ יחיד איז דאָס געווען נאָר מחמת קניען און בוקן. עס האָט נאָך ניט געטראָגן ביי מענטשן, זיי זאָלן טאָן אַזאַ ווילדקייט און נאַרישקייט צו מאַכן אַ געפילדער און אַ רעש, ביז עס וועלן זיך צונויפקלייבן אַרום זיי צוקוקערס צו באַוואונדערן זייערע מעשים. עס איז דאָך באַוואוסט, אַז אַ מענטש דאַרף זיין רויק אין זיינע תּנועות (ביים דאַוונען), אַזוי ווי ער וואָלט געשטאַנען פאַר אַ קיניג.

„ד.) ווען איך נעם דאָס אַרומקלערן, געפין איך דאָס פאַר אַן עוולה, וואָס זיי מאַכן דעם טפל פאַר אַן עיקר און דעם עיקר פאַר אַ טפל, ניט צו פאָלגן דעם קיניג פון דער וועלט, וואָרעם נאָענט צו דער צייט פון דאַוונען טאָר מען זיך ניט פאַרנעמען (אַפילו) מיט הלכה, און זיי זיינען מיט עזותקייט און פאַרשייטקייט עובר די צייט פון קריאַת שמע ו תפילה, און זינדיקן אַליין און מאַכן זינדיקן דעם עולם. דערמיט גיבן זיי אַ שטרויכלונג פאַר די, וואָס שלעפן זיך נאָך זיי און שטייען צו צו זיי צו דאַוונען אין זייער מנין.

„ה.) איך וואָלט דאָס זייער געוואָלט וויסן, וואָס באַטייט דאָס און פאַרוואָס גיט ער די געלעגנהייט צו באַקלאָגן זיך אויף אים, ווען ער טוט משונהדיקע און מאָדנע זאַכן, וואָס ער חזרט איבער דעם שם (צוויי מאָל) און דריי מאָל, און טיילמאָל זאָגט ער א״ד א״ד (אד״ני). עס איז דאָך באַוואוסט, אַז אַפילו דער, וואָס זאָגט צוויי מאָל „מודים“, הייסט מען אים שווייגן, און אַפּשיטא שוין ביים אַרויסזאָגן דעם הייליקן נאָמען דעם איינציקן. אויך איז פאַר אים ניט פאַרהוילן, אַז דער וואָס שטייט און דאַוונט באַדאַרף האַלטן די אויגן אַראָפּ און דעם זינען אַרויף; טאָ פאַרוואָס

טוט ער קוקן אויף אַהינטער, בעת ער שטייט פאַרן קי־ניג פון דער וועלט, און קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן. מען האָט מיר אויך געזאָגט, אַז פאַר קריאַת־שמע האָט ער אַראָפּגעוואָרפן זיינע שיך פון די פיס, און איך קען גאָרניט פאַרשטיין דעם טעם פון די אַלע זאַכן, וואָס זיינען אַזוי ווי פרעמד.

„ו.) די זיילן פון הימל ווערן אויסגעטרייסלט און פאַרחידושט פון קול, וואָס גייט אַרום... אַז עס האָבן זיך צונויפגעקליבן די חסידים צו מאַכן אַ מום אין די הייליקייטן און אַרויסצולייגן אַ שענדונג אויף אונזערע מעסערס, וואָס זיינען ביי אונז אָנ־גענומען פון אייביקע צייטן הזה נאָך דוה און וואָס קעגן זיי האָט קיינער פריער קיין מויל ניט געעפנט. זיי אָבער (די חסידים) אין דער גאַווה פון זייער האַרץ פסלען זיי (די מעסערס) און ווילן ניט עסן פון דער שחיטה פון די כשרע חלפים און האָבן פאַרביטן גוט אויף שלעכט און שלעכט אויף גוט, צו קוילען אָנשטאָט דעם מיט די גע־שליפענע, שאַרפע חלפים... וואָרעם עס קאָן זייער גע־מאָלט זיין, אַז זייער שחיטה איז נבילה, מחמת דאָס מעסער קאָן גרינג קריגן אַ פגימה אָן דער הויט. און אויב זיי שטעלן אַן אויס־רייד, אַז דער שוחט איז בודק דאָס מעסער נאָכן קוילען, איז וואָס דאַרפן זיי פטרן יידיש געלט אומזיסט און אויסקלערן פון קאָפּ אַ נייע זאַך, וואָס אונזערע עלטערן האָבן דאָס ניט געוואוסט, און מאַכן זיי ווי איינגעווייגט צו עסן פון אַ שחיטה, וואָס איז ניט ווי געהעריק?... ווי אַזוי קומען זיי צו דער דאָזיקער נאַרישקייט, אויב ניט צו באַרימען זיך און צו גרייסן זיך פאַר דעם המון עם, אַז זיי זיינען מדקדק אין מצוות.

„ז.) אַ חידוש איז מיר, העכער פון מיין פאַרשטאַנד, איך קאָן זייער מיין ניט טרעפן, ווי אַזוי איז אים גרינג דורכצוגיין דורך דעם שמאָלן וועג פון די חרמות, וואָס זיינען אויסגע־הופן געוואָרן פאַר דער פאַרזאַמלונג פון דעם פאָלק עפנטלעך אויפן יריד פון ווּסאָקע (אין ליטע) און אויפן יריד פון זעלווע, מיטן ווּסן פון אַ סך רבנים און גאונים און אַ סך לומדים מופלגים פון די מדינות ליטע און פוילן און אויך בראָד (און די הייליקע קהילה) ווילנע, וואָס האָבן אויסגעשפרייט נעצן פון חרמות, אַז מען טאָר ניט משנה זיין קיין זאַך פון די נוסחאות פון דאַוונען, וואָס זיינען איינ־

געפירט אין די דאָזיקע מדינות פון קדמונים אָן, און אויך אַז מען טאָר ניט קוילען מיט געשלפענע מעסערס... און ווער וועט דאָס קומען נאָך זיי מבטל צו זיין זייערע רייד, און וועט קיין אַכט ניט געבן זיך צו היטן פון ווערן אָפגעברענט אָן זייערע פייערדיקע קוילן און פון ווערן געפאַנגען אין די נעצן פון די גרויסע ח ר מ ו ת? און וואָס איז די נויט, וואָס האָט אים געצוואונגען אַריינצוגיין אין אַזאַ גרויסער סכנה, אַז דער, וואָס פאָרכט זיך פאַר גאָטס וואָרט און דער וואָס היט זיין נשמה, באַדאַרף זיך דערווייטערן דערפון, כדי דאָס אומגליק זאָל אים ניט טרעפן? ניט אַנדערש ווי אַז אַן איבערמוט שטעקט אין אים און אַ האָפערדיקייט האָט אים געכאַפּט, וואָס ער פירט זיך אויף מיט גאווה און גדלות צו זאָגן: ווער איז צו מיר גלייך... עס געשיקט זיך על כל פנים פאַר דעם, וואָס וויל זיך פירן לויט די מידות פון חסידות, ער זאָל זיין אַ געפאַלענער (שפל־רוח) אַנטקעגן איטלעכן מענטשן, און ניט זיך אַרויסווייזן און זיך אויסשטעלן און באַרימען פאַר דער וועלט. און דער חכם האָט דאָך שוין געזאָגט: זאָל דיך לויבן אַ פרעמדער, און ניט דיין אייגן מויל".

אין צווייטן טייל פון בריוו[1] גייט דער בריסקער רב איבער פון דעם נוסח פון אַן אויספאָרשער און שופט צום טאָן פון אַ שטראָפער און זאָגער, וואָס דערוועקט דעם זינדיקן תשובה צו טאָן. ער דערווייזט, אַז די גאַנצע שיטה פון חסידות קומט נאָר פון דער עצה פון יצר־הרע, וואָס פאַנגט חכמים מיט פאַלשקייט, כדי צוצוריידן צו אַן עבירה" אונטער דעם אויסרייד פון דינען גאָט. „בעוונותינו הרבים זיינען געפאַנגען געוואָרן אין נעץ (פון דעם יצר־הרע) אַ סך ריינע נשמות, וואָס געפינען זיך אונטער די פליגלען פון די חסידים". די נייע תורה איז געקומען ניט מער ווי צעשטערן די דריי זיילן, וואָס אויף זיי שטייט די וועלט. די סעקטאַנטן פאַראַכטן דער מיאוסן די ת ו ר ה שבעל־פה, און „די מפרשים פון ש"ס זיינען ביי זיי פאַררעכנט פאַר גאָרנישט", און דערפאַר „ווערט אויסגעוועבט די תורה און עס גייט אַרויס אַ פאַרקרימטע זאַך". זייער ע ב ו ד ה

1 דער דאָזיקער טייל געפינט זיך נאָר אין קונטרס „מחשבות כסילים" און פעלט אין די איבעריקע כתב־ידן.

איז ניט קיין תפילה, נאָר אַ תיפלה, אַ שקאָצעריי, בפרט די תפילה ,,כתר", וואָס די חסידים שטעלן אַריין אין קדושה און וואָס לויט דער קבלה באַדאַרף מען זי זאָגן נאָר אין ארץ-ישראל, אָבער ניט אין חוץ-לארץ. אָנשטאָט דעם זייל פון אמת האָבן זיי אַוועקגעשטעלט צווישן פאָלק ,,דעם שקר, וואָס האָט קיין פיס ניט". דער זייל פון שלום איז אינגאַנצן צעשמעטערט געוואָרן דורך דער מחלוקת, וואָס האָט געמאַכט ,,די גאַנצע ערדה ווי אַ בראַנדפייער". אין סוף פון זיין בריוו טענהט דער רב אַיין מיטן חסיד:

,,און איך בין זיך מתנצל, קיינער זאָל מיך ניט חושד זיין, אַז איך בין געקומען מחמת וואָסער שנאה צי קנאה אָדער צוליב וואָסער עס איז אַנדער פניה, חס-ושלום. דער אייבערשטער אין הימל איז מיין עדות, אַז מיין גאַנצע כוונה איז נאָר, זיין גרויסער נאָמען, געלויבט זאָל ער זיין, זאָל ניט פאַרשוועכט ווערן, און גאָטס שונאים האָב איך פיינט און קעגן די וואָס ווידערשפעניקן שטיי איך אויף. וואָרעם עס איז באַוואוסט און מפורסם, אַז פון שטענדיק אָן האָב איך פיינט און רודף די לייט פון דער דאָזיקער כת. און איך וואַרף מיין געבעט פאַר אים, ער זאָל ניט טאָן צוליב נצחון און זאָל מודה זיין אויפן אמת, אַז עס איז געווען אַ טעות פון זיין זייט, און ער זאָל אָפּטרעטן, ער און די וואָס זיינען צוגעשטאַנען צו אים, פון צו גיין ווייטער אין דעם דאָזיקן וועג. און הערט זיך צו צו מיר, און אַייערע נשמות וועלן אויפלעבן: טוט ניט קיין שלעכטס אַייך און אונז, קומט, איר מענער, און דינט צו גאָט מיט אַ גאַנצן הארצן, פאַראייניקט ווי איין מאַן... און זאָל דאָס פאָלק מער ניט זיין צעטיילט אין צוויי כיתות. און דער אייבערשטער זאָל צונייגן אונזער האַרץ צו זיין ליבשאַפט און פאָרכטיקייט, און מיר זאָלן זוכה זיין צו דינען צו אים צוזאַמען אַ פולע עבודה און מיר זאָלן זוכה זיין צו זען די טרייסט פון ציון און ירושלים".

עס האָבן ניט געהאָלפן דעם רבס רייד, ניט די האַרבע, ניט די ווייכע. איינער פון די בני-דור זאָגט עדות, אַז דער בריוו פון בריסקער רב ,,איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם רב דעם חסיד אב"ד דק"ק זשעלעכאָוו אין האַנט אַריין, ער האָט זיך אָבער גאָר

ניט צוגעקערט צו די רייד פון דאָזיקן גאון"[1]. ערשט אין יאָרן אַרום האָט ער געגעבן זיינע קעגנער אַן ענטפער, וואָס האָט געמאַכט שטומען אַלע זייערע טענות: דער זשעלעכאָווער רב איז געוואָרן דער באַרימטער באַרדיטשעווער צדיק, וואָס האָט גע־וועלטיקט איבער די הערצער פון טויזנטער חסידים אין זיין דור און איז געוואָרן דער העלד פון לעגענדעס אין די קומענדיקע דורות (זע דעם ווייטערדיקן קאַפּיטל).

פונקט ווי די רדיפות האָבן פאַרטריבן ר' לוי יצחק פון פינסק, אַזוי איז ר' אהרן קאַרלינערס תלמיד, ר' שלמה קאַרלינער, געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן זיין שטאָט, די פאָרשטאָט פון פינסק. דאָס איז, ווייזט אויס, געשען אַרום 1781. דער אָנפירער פון די קאַרלינער חסידים, וואָס די חסידישע לעגענדע דערציילט זיך אָן גוזמאות פון זיין קדושה, איז געווען געצוואונגען צו פאַר־

1 „שבר פושעים", דאָרט, די הערה פון מחבר (דוד מאַקאָוו) צום סוף בריוו. דער שפּעטערדיקער איבערשרייבער פון דעם כ"י „זמרת עם הארץ", וואָס האָט צוגעגעבן צו אים פאַרשיידענע זילזולים, שרייבט: „אָפּשריפט פון עצם אָריגינאַלן כּתב, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן זייער רבין לוי יצחק אבד"ק זעלחאב... און ער האָט אים געלייענט איין מאָל און נאָך אַמאָל, אָבער ער איז פון זיינע וועגן ניט אָפּגעטראָטן; ער האָט זיך גאָר ניט גענומען אין זינען אַריין צו ענטפערן, ווי אַ שטומער הונט וואָס קאָן ניט בילן... מאָל נאָך מאָל פלעגט ער חנפענען דעם דערמאָנטן גאון (בריסקער רב) און האָט געשריבן צו אים, אַז ער וויל קומען ריידן מיט אים אויג אויף אויג, נאָר דער גאון האָט אים אָפּגעשטופּט און געענטפערט, אַז מען טאָר ניט אָנקוקן אַ מענטש אַ רשע, און האָט געזאָגט „שקץ תשקצנו". דער ליגן איז דאָ בולט קלאָר, דער שרייבער איז זיך אַליין סותר אין די רייד. בכלל איז דער לעצטער איבער־שרייבער פון „זמרת עם הארץ" אַ פּסולער עדות מחמת זיינע הוספות און שינויים אין טעקסט פון די דאָקומענטן. אין דעם בריסקער רבס בריוו האָט ער באַזונ־דערס פלייסיק געמאַכט פעלשונגען. למשל, אין דער זיבעטער פראַגע האָט ער אַריינגעלייגט אין רבס מויל אַזעלכע זידלערייען: „און ווער ביסטו, טויטן־פליג, פגר צעטראָטענער, וואָס בעמט ניט אַריין אין זינען זיך צו היטן... נאַר, שוטה, שטיצסטו זיך אויף דער הילף פון די אפּיקורסים און ווייבער?... אויב מכּוח דעם בעש"ט האָבן מיר ניט געוואוסט, וואו ער איז געבאָרן און וואו ער איז געווען אין זיין יוגנט־צייט, ביסטו דאָך אונז ניט אומבאַקאַנט פון דיינע יונגע יאָרן, דו און דיין טאַטע" [הלא לא נכחד מאתנו אותך (?) מנעוריך ואת אביך]... און נאָך אַזעלכע זידל־רייד.

לאָזן די מתנגדישע ליטע און האָט זיך באַזעצט אין דער שטאָט לודמיר אין וואָלין. ר׳ שלמה האָט געהאַט אַ סך תּלמידים. די פּרטים פון זיין לעבן זיינען אונז ניט באַוואוסט. זיין נאָמען ווערט ניט דערמאָנט אין דער פּאָלעמישער ליטעראַטור פון די מתנגדים, וואָרעם אין דער אינעווייניקסטער מלחמה האָט ער קיין אָנטייל ניט גענומען. אַ סוף צו זיין לעבן האָט געמאַכט אַן אויסווייניקסטע מלחמה: אים האָט דערהרגעט אַ רוסישער קאָזאַק בעת דעם רוסיש־פּוילישן קריג פון יאָר 1792. אַזוי־אַרום האָט ער זוכה געווען צו ווערן אַ „קדוש“[1].

---

1 זע סדר הדורות החדש, 41, 74; „דברי שלום“, אין דער הקדמה; בוצינא דנהורא, 44. — פאַראַן ביי מיר אַן אָפּשריפט פון אַ בריוו פון יאָר תּקמ״ד (איך האָב זי געקראָגן פון ר׳ שמחה אסף אין ירושלים), וואָס איז געשיקט געוואָרן פון ווילנע צו די ראשי־הקהל אין פּינסק מיט דער חתימה פון גאון און פון רב ר׳ שמואלן. דאָרט ווערט גערעדט וועגן „דעם מענטשן, וואָס איז געשטעלט געוואָרן אין זייער קהילה (פּינסק) פאַר אַ רב און גאון, און האַלט אונטער די וואָס טוען שלעכטס... דאָס זיינען די כּת פון די חשודים וואָס גיבן זיך אַרויס פאַר חסידים“ (החשודים המתחסדים). די ווילנער פּנאַטיקער באַשולדיקן די מנהיגים פון דער פּינסקער קהילה, אַז זיי גיבן זיך אונטער דער השפּעה פון די שיצער פון דער סעקטע (ידי מחזיקי הכּת תּקיפה עליהם), און זיינען גוזר אויף זיי „אַראָפּצונעמען די קרוין פון דעם אויבנדערמאָנטן רב, דעם אַב־בית־דין פון אייער קהילה, און זאָל ער ניט לערנען און ניט פּסקענען, און מען זאָל אים אינגאַנצן אַרויסטרייבן“. מיטן כּוח פון די חרמות, וואָס זיינען אויסגערופן געוואָרן אין ווילנע און אין דער גאַנצער מדינה ליטע, פאָדערן זיי, „מען זאָל אויסרופן אין זייער קהילה (פּינסק) און אין קהל קאַרלין און אין קרייז, וואָס געהערן צו זיי, אַז מען טאָר ניט גיין אין די וועגן פון דער כּת און ניט האַלטן מיט זיי, בפרט מיט יענע וואָס רופן זיך אַן רבי“. „און דער ראש פון די אַלע זינדיקער (הערשט) אין אייער קהילה און אין דער הייליקער קהילה קאַרלין און אין די איבעריקע קהילות וואָס געהערן צו זיי“. ווער איז דאָס „דער רב דער גאון“ פון פּינסק און דער „ראש פון די זינדיקע“ אין דער דאָזיקער שטאָט און איר קרייז? זייער נאָמען ווערט אין בריוו ניט דערמאָנט. עס איז שווער משער צו זיין, אַז דאָ רעדט זיך וועגן ר׳ לוי יצחק און ר׳ שלמה קאַרלינער, וואָרעם דער ערשטער האָט שוין געהאַט פאַרלאָזן זיין שטעלע אין פּינסק און אין די יאָרן תּקמ״א — תּקמ״ד ווערט ער אָנגערופן אין די דאָקומענטן „דער זשעלעכאָווער רב“, און דער צווייטער האָט זיך געפונען אין יאָר תּקמ״ד אין לודמיר (אַזוי האָט ער געחתמעט זיין הסכּמה צום ספר "כּתר שם טוב", דרוק זשאָלקווע תּקמ״ד: „שלמה מקרלין ולע״ע בק״ק לאדמיר“). דער טעות שטעקט, לויט מיין מיינונג, אין דער דאַטע, וואָס איז אָנגעצייכנט

די רדיפות מצד די מתנגדים האָבן געשטאַרקט דעם פֿאַנאַטיזם אויך אין לאַגער פֿון די חסידים און האָבן געשאַפֿן דעם טיפּ פֿון אַ „צדיק" אַ מורד, וואָס האָט פֿיינט די רבנים מיטן גאַנצן הארצן. אַזאַ מורד איז געווען ר' חיים חייקא (חייקל) פֿון אַמדור, וואָס זיין השפּעה אין גראָדנער קרייז האָט אַרויסגעוואָרפֿן אַ שרעק אויף די מתנגדים און האָט זיי געצוואונגען צו פֿאַרבאָטן יידן צו פֿאָרן אין דעם געפֿערלעכן אָרט (אויבן, § 23). זיין תּורה האָט ר' חייקל איבערגענומען פֿון מעזריטשער מגיד, און שפּעטער פֿון די קאַרלינער ר' אהרון און ר' שלמה. אין דער לעבנס־צייט פֿון מגיד האָט ער געהערט צו ר' ישׂראל פּאָלאָצקערס גרופּע „מיסיאָנערן" און פֿלעגט צוציען קיין מעזריטש יונגעלייט, כּדי זיי דאָרט צו מאַכן פֿאַר חסידים[1]. אַז ער איז אַליין געוואָרן אַ „רבי" אין אַמדור, פֿלעגט ער אַרומשיקן מיסיאָנערן צו קלייבן מאַמינים פֿאַר דעם נייעם צענטער. דאָ איז ער געווען דער ראש צווישן פֿייערדיקע חסידים, וואָס זיינען נאָך שטאַרקער צוגעבונדן געוואָרן צו זייער רבינס תּורה, ווען עס האָבן זיך געשטאַרקט די רדיפות אויף דער פֿאַרשטויסענער סעקטע. אין אַמדור פֿלעגט מען פֿאַרשפּרייטן שנאה פֿאַר שנאה, און ר' חייקל אַליין איז ניט געווען אָפּגעהיט אין זיינע רייד קעגן די פֿאַנאַטישע רבנים. אין די קרייזן פֿון די מתנגדים פֿלעגט מען ריידן שלעכטס אויף ר' חייקלען און זיינע חסידים:[2] „זייער רבי ר' חייקא אין אַמדור, וואָס איטלעכער וואָס איז ניט פֿון זייער „כּת" וועט אויף אים עדות זאָגן, אַז ער איז אַ שוטה, אַ רשע, אַן עם־הארץ און גראָבער יונג". „חייקא פֿון אַמדור איז געווען אַ מלמד און האָט זיך מפרנס געווען מיט גרויס מי. וואָס האָט געטאָן דער דאָזיקער אָרעמאַן? איז ער אַוועק קיין קאַרלין און האָט זיך דאָרט אויסגעלערנט דעם סדר

אויפֿן בריוו: „יום ד' ו' תמוז תקמ"ד" — דאָס איז אַ פֿאַלשע דאַטע, מחמת אין יאָר תקמ"ד איז ו' תמוז געפֿאַלן אויף פֿרייטאָג, ניט אויף מיטוואָך. און דערפֿאַר איז אויך מעגלעך, אַז די צאָל פֿון יאָר איז פֿאַרגרייזט. אַז עס וועט אויפֿגעקלערט ווערן, אַז דער בריוו איז אָנגעשריבן צווישן די יאָרן תקל"ב און תקמ"א, וועלן מיר האָבן נאָך אַ פֿאַקט פֿון דער לעבנס־געשיכטע פֿון די צוויי חסידישע גדולים.

1 סדר הדורות החדש, ז"ז 32, 34, און אין די כּתב־ידן וואָס זיינען אָנגעוויזן אין דער ווייטערדיקער הערה.

2 שבר פּושעים, נו' 35—41; זמרת עם הארץ, נו' 42 א"וו.

פון דער עבודה... און ער האָט אָנגעהויבן פאַנגען נשמות מיט זיין גלאַטער צונג, און עס האָבן זיך צונויפגעקליבן אַרום אים מענטשן ליידיקגייער און פוסטעפּאַסניקעס (ריקים ופוחזים), און ער האָט גענומען זאָגן פאַר זיי זיין תורה. ער האָט אַרומגעשיקט פאַרפירערס אין די איבעריקע קהילות, און אין דער לעצטער צייט האָט ער געשיקט זיין משרת איבערצורעדן און צו פאַרפירן... (און זיין משרת האָט געזאָגט), אַז אויב ער וועט טרעפן דעם גאון, דעם חסיד, דעם מפורסם מו"ה אליהו פון דער הייליקער קהילה ווילנע, וועט ער אַריינשטעכן אַ מעסער אין זיין בויך".

דער בן־דוה דערציילט נאָך, ווי אַזוי ר' חייקל האָט זיך געפירט צווישן זיינע חסידים: דער אַמדורער צדיק פלעגט נעמען „פדיון־נפש" פון אַלע, וואָס זיינען צו אים געקומען, און דערפון פלעגט ער האָבן פרנסה „מיט גרויס כבוד אָן שום מי. ער פלעגט נאָר זיצן אויף אַ שטול אַרומגעקלעפּט מיט גאָלד־פּאַפּיר אין זיין חדר מיוחד, און זיינע תלמידים זיינען געשטאַנען אַרום אים רעכטס און לינקס"... „אמת איז—איז דער מתנגדישער מחבר מודה—אַז פון דעם געלט, וואָס ער נעמט ביי די גבירים אויף פדיונות, גיט ער אַוועק און איז מפרנס אָרעמעלייט, וואָס זיצן ביי אים. וואָרעם דאָס איז זייער שטייגער: אַז אַ מענטש קומט צו זיי, פאַרהאַלט ער זיך אַ יאָר אָדער אַ האַלב יאָר, ולכל הפּחות אַ פערטל יאָר, און וואָס מער עמעצער זיצט ביי זיי, אַלץ מער האַלטן זיי פון אים... און די אָרעמעלייט צווישן זיי קריגן הספקה לויט זייער מעלה נאָך, ווער אַ האַלבן גילדן און ווער צוואַנציק גדולים (גראָשן) פויליש, און דער באַזונדערס חשובער נעמט אַ גילדן. און זיי גיבן אַלע אַוועק וויפיל זיי האָבן דעם ר' חייקלס שווער, וואָס ער איז באַרימט פאַר אַ גרויסן עם־הארץ, און ער קאָכט פאַרן געלט אַ גרויסן קעסל געקעכץ, וואָס ווערט אָנגערופן „קרופּניק", און אַלע עסן צוזאַמען. און דערפון האָט אויך זיין שווער פרנסה מיט גרויס כבוד פאַר זיין טירחה ביים געבן זיי עסן. און אַלע קלייבן זיך צונויף ביינאַכט און שלאָפן אויף איין בוידעם".

די דאָזיקע שילדערונג, וואָס איז דאָ איבערגעגעבן בקיצור, דורכגעלאָזן אַ סך פּרטים[1], זאָגט עדות אויפן צושטאַנד פון דער

---

1 די פּרטים וועלן קומען ווייטער אין אַ באַזונדער קאַפּיטל וועגן לעבן פון די חסידים.

אַמדורער חברה אין דער קורצער צייט צווישן 1772 און 1787, וואָרעם אין יאָר 1787 איז געשטאָרבן ר׳ חיים חייקא[1]. דערפון איז צו זען, אַז אַפילו אין דער שווערער צייט, בעת די רדיפות, האָבן די חסידים נישט אויפגעהערט זיך אַיינצופעסטיקן אין די קליינע שטעטלעך, וואו עס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן די סעקטאַנטן, וואָס זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דער גרויסער שטאָט. ר׳ חיים חייקא איז געווען, אמת, אַן איינציקער אין זיין מין: אַ טיפּ פון אַן אוקראַינישן צדיק אין אַ ליטווישער סביבה, אַ „רבי" מיט אַ „הויף",

1 אַזוי שטייט אין דער הקדמה פון דעם מחברס אייניקל צו זיין ספר „חיים וחסד" (וואַרשע תר"ן), גענוי דער טאָג און דער חודש: כ"ג אדר תקמ"ז. אויפן שער פון ספר שטייט געזאָגט, אַז ער ווערט אָפּגעדרוקט לויט אַ כ"י פון יאָר תק"ן, וואָס איז געווען באַהאַלטן ביים צדיק אהרון קאַרלינער דעם צווייטן. דאָס איז אַ זאַמלונג פון ר׳ חיים-חייקאס דרשות-פראַגמענטן, וואָס זיינען, משמעות, אָנגעשריבן דורך איינעם פון זיינע מקורבים, מיט שפּעטער-דיקע הוספות, וואָס זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין דעם אָריגינאַל-טעקסט, — און אַזוי אַרום איז דאָס אַן אַפּאָקריפער ספר. צום סוף זיינען אין אים אָפּגע-דרוקט צוויי בריוו פון ר׳ חיימען און כללים צום לעבנס-פיר, וואָס עס איז אין זיי פאַראַן אַן אָנצוהערעניש אויף די געשעענישן פון יענער צייט: „אַ כלל גדול איז, אַז אויב מענטשן וועלן אים זידלען פאַר דער עבודה אין דאַוונען און פאַר אַנדערע זאַכן, זאָל ער זיי ניט ענטפערן, כדי עס זאָל ניט קומען צו מחלוקת". „פאַראַן אַ סך צווישן אונזערע יידן, וואָס קוקן אויף זיך ווי חכמים און קענערס פון דער תורה, און האָבן פון איר מער ניט דאָס געלערנט, אַז אַ פאַרזען אין לערנען באַשטייט אַנטקעגן אַ מוטוויליקייט" (שגגת תלמוד עולה זדון). „איך האָב געזען אַ סך פון אונזערע יידן, וואָס האָבן דורכגעבראַכן דעם צאָם... צו ריידן אויף די וואָס דינען השם יתברך, און זיי האָבן אויפגעריסן זייערע מיילער אויסצוטראַכטן אויף זיי בילבולים, אויף די צדיקים וואָס זינט זיי לעבן האָבן זיי נאָך ניט פאַרזוכט דעם טעם פון אַ זינד און האָבן פון עולם הזה קיין הנאה ניט געהאַט... און זיינען זיך מוסר נפש מיט לייב און לעבן און געלט נאָר צו הייליקן זיין נאָמען געלויבט זאָל ער זיין". עטלעכע פראַגמענטן פון ר׳ חיים חייקאס תורה זיינען אָפּגעדרוקט אין דער זאַמלונג „אגרת הקודש" צוזאַמען מיט פראַגמענטן פון די ספרים פון ר׳ מענדל וויטעבסקער, אברהם קאַליסקער און אלימלך ליזענסקער (וואַרשע תר"י). קיין פּרטים פון דער לעבנס-געשיכטע פון אַמדורער צדיק זיינען אונז ניט באַוואוסט, נאָר איין זאַך קאָן מען פעסטשטעלן גענוי, אַז זיין „ממשלה" האָט לאַנג ניט געדויערט. פון אָפּשריפטן פון אַמדורער פּינקס וואָס געפינען זיך ביי מיר, איז צו זען, אַז נאָך אין יאָר תקכ"ד איז ער געווען אַ פּשוטער חבר אין דער חברה קדישא און ווערט אָנגערופן: „ה ר ב נ י מ׳ חיים-חייקא בר׳ שמואל".

מיט גבאים, וואָס נעמען „פדיונות“, מיט אַ חברה חסידים לײדיק־גייער, וואָס טרינקען בראַנפֿן, כּדי צו הייבן די שטימונג, הערן סודות־התורה פֿון רבין שבת צו שלוש־סעודות, זינגען, דאַווענען, מאַכן זיך פֿריילעך. —

## § 25. דער חסידיזם אין ווייסרוסלאַנד און דער אויפשטייג פֿון ר׳ שניאור זלמן ליאָזנער.

די פירער פון די ווייסרוסישע חסידים אין דער היים און אין ארץ־ישראל. — „הייליקע בריוו“ פון הייליקן לאַנד. — די פטירה פון ר׳ מענדל וויטעבסקער. — די אָנפירונג פון דער סעקטע אין די הענט פון ר׳ שניאור זלמן ליאָזנער. — פאַרשטאַרקונג פון די רדיפות נאָך 1781. — דער חרם אין שקלאָוו און די פאַרזאמלונג פון קהלס־לייט אין דער גובערניע־שטאָט מאָהילעוו (1784). — ר׳ שניאור־זלמנס בריוו צו דער אַסיפה: באַשולדיקונג און פאַרטיידיקונג, תּביעות, טענות און געבעט. — דערוויליקער אָפּשטעל פון די רדיפות.

די כרוזים און די חרמות פון יאָר 1781 זיינען דערגאַנגען אויך אַריבער דעם פויליש־ליטווישן גרענעץ, קיין ווייסרוסלאַנד, וואָס איז דעמאָלט שוין געווען אונטער דער ממשלה פון רוסלאַנד. די רייסישע גרופּע חסידים האָט געהאַט צוויי צענטערס, פונוואַנען זי איז געוואָרן געפירט: איינער אין ארץ־ישראל, וואָס אַהין זיינען אַוועקגעפאָרן אין יאָר 1777 די צדיקים ר׳ מענדל וויטעבסקער און ר׳ אברהם קאַליסקער (אויבן, § 21), און דער צווייטער אין ווייסרוסלאַנד גופא, וואָס דאָרט זיינען געשטאַנען בראש פון דער סעקטע דריי חברים: ר׳ שניאור זלמן ליאָזנער, ר׳ ישראל פּאָלאָצקער און ר׳ ישכר בער לובאַוויטשער. דער עלטסטער פון דער חברה, רבי מענדל, וואָס איז געזעסן אין צפת און דערנאָך אין טבריה, פלעגט שיקן צו זיינע חסידים אין חוץ־לארץ „הייליקע בריוו“, וואָס אין זיי פלעגט ער זיי לערנען דעם וועג פון חסידות און ענטפערן אויף זייערע פראַגעס אין אמונה־זאַכן און אויך אין וואָכעדיקע אינטערעסן[1].

---

1) „פרי הארץ“ פון ר׳ מענדל וויטעבסקער צום סוף; ליקוטים פון די בריוו אין כתב־יד, אין ספר „בית רבי“ I 18—28; דובנאָוו „החסידים הראשונים בארץ ישראל“ (פרדס באַנד 1, תרנ״ב).

אין זיינע בריוו באַקלאָגט ער דעם חורבן און פאַרוויסטונג אין הייליקן לאַנד. ער גיסט אויס זיין פאַרביטערט האַרץ אויף די ווילדע מעשים פון די טערקישע באַאַמטע, וואָס זיי באַגזלען יידישע אָרעמעלייט און אויך אויף די רדיפות מצד די פאַנאַטישע רבנים און די אַסקעטישע מקובלים, וואָס זיי איז ניט געווען צום האַרצן די נייע חסידות. אין דער זעלביקער צייט טרייסט ער די געיאָגטע אין רוסלאַנד און גיט זיי אונטער מוט מיט דער האָפענונג, אַז סוף־כל־סוף וועט די נייע תורה גובר זיין. די חסידים האָבן זיך טאַקע פעסט געהאַלטן קעגן זייערע שונאים, און אַז ר׳ מענדל איז נפטר געוואָרן אין טבריה (ראש־חודש אייר תקמ״ח), האָט שוין די אָנפירונג פון דער סעקטע אין רוסלאַנד זיך געפונען אין די הענט פון אַ מאַן, וואָס איז געווען ראוי דערצו: אָנשטאָט דעם ראַט פון דריי איז געוואָרן דער איינציקער פירער ר׳ שניאור זלמן, וואָס איז באַשטימט געוואָרן דערצו פון פריער, אין די בריוו פון זיינע חברים פון הייליקן לאַנד.

ר׳ שניאור זלמן איז אין יענער צייט געזעסן אין זיין געבוירן־שטעטל ל י אָ ז נ ע, וואָס געפינט זיך אויפן גרענעץ פון צוויי ווייסרוסלענדישע גובערניעס: מאָהילעווער און פּאָלאָצקער (שפּעטער וויטעבסקער). אין די קליינע שטעטלעך איז די צאָל חסידים אַליץ געוואַקסן, אָבער אויך אין די גרויסע קהילות — שקלאָוו, מאָהילעוו ביים דניעפּר, פּאָלאָצק, וויטעבסק — זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן חסידישע „מנינים״ צווישן אַ רוב מתנגדים. די חרמות אין ליטע פון יאָר 1781 האָבן דאָ געפונען אַן אָפּקלאַנג ביי די פאַנאַטיקער פון דער רבנות. אין שקלאָוו איז אויסגערופן געוואָרן אַ חרם אויף דער כת חסידים און מען האָט גוזר געווען „זיי אָפּצושיידן פון עדת ישראל״. די רעזולטאַטן פון דעם חרם זיינען געווען שרעקלעכע. ר׳ שניאור זלמן זאָגט עדות אין זיין בריוו, אַז דער המון האָט אויסגענוצט די אויפרופן פון די רבנים, כדי אָנצוטאָן צרות די חסידים: „מען האָט זיי געמאַכט פאַר נידערטרעכטיקע מענטשן און פאַר אַפיקורסים גמורים, וואָס איטלעכער, וואָס פעדערט זיך צו הרגענען זיי, פאַרדינט אַ מצווה און מאַכט גליקלעך די וועלט... און עס זיינען אָפּגעטאָן געוואָרן מעשים אשר לא יעשו, און מען האָט מתיר געווען, זיי צו דערגיין די יאָרן (והותרה הרצועה לירד לחייהם) און אָפּשניידן זיי די פרנסה מיט וואָס עס איז נאָר

מעגלעך". און די יאָגערס האָבן זיך נאָך אַליין ניט באַרויִקט. אין יאָר 1784 האָבן זיך צונויפגעקליבן די ראשי הקהילות אין דער גובערניע-שטאָט מאָהילעוו ביים דניעפּער[1], בכדי אַרומצורייִדן דעם ענין חסידים, און זיי האָבן גערופן דעם חסידישן רבין ר' שניאור זלמן, ער זאָל קומען פאַר זיי, ווי אַ באַשולדיקטער. דער בריוו איז אים איבערגעגעבן געוואָרן מיט דער וואָרענונג, אַז אויב ער וועט ניט קומען מיטן גוטן ווילן, וועט מען אים ברענגען איבערגע-וואַלד, „בחזקת היד" (מיט דער שטאַרקער האַנט). דאָס האָט שטאַרק באַליידיקט ר' שניאור זלמנען, און דערפאַר האָט ער באַשלאָסן ניט צו קומען צו דער אַסיפה, נאָר צו שיקן צו איר אַ פּראָטעסט- און פּאַרענטפער-בריוו. אין דעם דאָזיקן אויסגעצייכנטן בריוו טרעט דער חסידישער פירער אַרויס צוגלייך ווי אַ פּאַרטיידיקער און ווי אַ באַ-שולדיקער, און זיינע הייד דערגייען צום האַרצן. אָט איז דער דאָקו-מענט, וואָס איז אָנגעשריבן געוואָרן אין יאָר 1784, לויט דריי נוסחאות[2]:

---

1 נאָכדעם ווי רייסן איז געוואָרן פאַראייניקט מיט רוסלאַנד (1772), זיינען געגרינדעט געוואָרן אין די צוויי גובערניע-שטעט, מאָהילעוו און פּאָלאָצק, גובערניאַלע קהילה-פאַרוואַלטונגען (Губернскіе кагалы), וואָס די רעגירונג האָט זיי געגעבן די מאַכט צום משפּטן אין רעליגיעזע ענינים און אין געלט-זאַכן און צו האָבן די אייבער-השגחה איבער די קהילות אין די קרייז-שטעט, וואָס איטלעכע פון זיי האָט געהאַט אַ קרייז-קהל (уѣздные кагалы).

2 די אומבאַשטימטע דאַטע תקמ"ד, אָן דעם טאָג און דעם חודש, געפינט זיך צום סוף פון אָפּשריפט פון בריוו, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין אַ קליינער זאַמלונג פון איינעם אַ חסיד פון די חב"ד, ברוך יפית: „אגרות השלום", ז"ז 19—25 (פּעטערבורג, תרמ"ג). קענטיק, אַז דער מחבר האָט באַ-שטימט די צייט לויט דער טראַדיציע וואָס איז געבליבן אין זיין זיכרון, און דערפאַר האָט ער פאַרצייכנט נאָר דאָס יאָר. אויך די חתימה פון ר' שניאור-זלמן האָט ער אריינגעשטעלט לויט אַ שפּעטערער פאָרמע: שניאור זלמן שניאור-סאָן פון ליאָזנע (דער פאַמיליע-נאָמען איז אָנגענומען געוואָרן ערשט לויטן מלוכה-געזעץ אין אַ שפּעטערדיקער תקופה). און פונדעסטוועגן דאַרף מען ניט זיין מסופק ניט אין דער עכטקייט פון דאָקומענט און ניט אין דער דאַטע פון יאָר, וואָס איז אין אים פאַרצייכנט. איין חבדישער שרייבער, א"ש היילמאַן, דער מחבר פון ספר „בית רבי", באַנוצט אַן אַנדער נוסח פון זעלביקן בריוו און זעצט אַראָפּ זיין צייט אויף שפּעטער, אויפן יאָר תקנ"ח (1798), צו דער צייט פון דער דריטער מחלוקת נאָכן ווילנער גאונס טויט (חלק א', ז' 45), ער גיט אָבער ניט קיין גענוגן טעם דערפאַר. זיינע ביידע טעמים, אַז אין דאָקומענט ווערן דערמאָנט חסידישע ספרים און דעם גאונס נאָמען ווערט ניט דערמאָנט,

„צו די פורעה פון גובערניע-קהל מאָהילעוו... אין דעם אָרט פון וועד, וואו עס זיצן די מענער פון פאַרזאַמלונג (בעלי אַסופות), אײַנצושטעלן געזעץ און משפט אין ישראל... און זייערע מלכים בראש, די עלטסטע אַלופים פון ישראל, באַשטימטע פון דער עדה, פורער פון דער רעכטפאַרטיקער קהילה (קהל גובערסקי) מאָהליב... זיי זאָלן געבענטש ווערן מיט דער ברכה פון באַרעמהאַרציקייט און לעבן און שלום.

„אחדש״כ (אחרי דרישת שלום כבודם — נאָכן גרוס צו דער בכבודיקער פאַרזאַמלונג) קום איך צו מאַכן וויסן דעם ריינעם אמת (קושט דברי אמת), צו ענטפערן די, וואָס האָבן געשיקט נאָך מיר, איך זאָל קומען שטיין פאַר דער עדה, און איך האָב ניט געפאָלגט נאָך דעם רוף. דער אייבערשטער איז מיין עדות, אַז ניט מחמת ווידערשפעניקייט און אומגעטרייקייט האָב איך דאָס געטאָן, נאָר מחמת מיך האָט פאַרדראָסן דער בריוו, וואָס איז געשיקט געוואָרן צו אונזערע שונאים[1], צו ברענגען מיך איבערגעוואַלדה, אַזוי ווי איך וואָלט שוין געווען פאַרמשפט ווי איינער פון די ריקים און

---

זיינען אָפגעפרעגט פון זיך אליין: 1) „די ביי אָפגעדרוקטע ספרים" זיינען ר׳ יעקב יוספס ספרים, וואָס זיינען אָפגעדרוקט אין די יאָרן תק״ם—תקמ״ב, און ניט דער ספר „תניא" פון ר׳ שניאור-זלמן, וואָס האָט דערשיינט אין יאָר תקנ״ז (מחמת דעם דאָזיקן גרונט זעצט דער מחבר אראָפּ די צייט פון בריוו); 2) דעם ווילנער גאונס נאָמען געפינט זיך יאָ אין דעם נוסח פון „אגרות השלום", און דווקא אָן דער טויטן-ברכה (ז״ל), ווי מיר וועלן זען ווייטער — און דאָס איז א בפירושע ראיה, אַז דער בריוו איז אָנגעשריבן, בעת דער גאון האָט נאָך געלעבט. מרדכי טיטלבוים אין זיין בוך „הרב מלאדי ומפלגת חב״ד" (חלק א׳, ז׳ 62 אין דער הערה, ווארשע תר״ע) וויל אויף דעם סמך מאַכן א פשרה, אַז דער בריוו איז אָנגעשריבן אין תקנ״ז, פארן גאונס טויט; אָבער אויב מיר נעמען שוין אָן א פריערדיקע דאַטע, באַדאַרפן מיר זי אײַנזעצן צו דער ריכטיקער צייט, צו דער תקופה פון דער צווייטער מחלוקת, אין די יאָרן תקמ״א—תקמ״ד, און דורך דעם עפנט זיך פאַר אונז א נייער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון צפונדיקן חסידיזם.

חוץ די צוויי געדרוקטע נוסחאות פון ר׳ שניאור זלמנס בריוו, האָב איך נאָך אין כ״י א פראַגמענטאַרישן נוסח, אָן אָפּשריפט וואָס עס האָט מיר צוגעשיקט איינער פון דער פאַמיליע שניאורסאָן (זע ווייטער, אין דער רשימה פון די מקורים נומ׳ 16).

1 דאָס הייסט: דער בריוו וואָס איז געשיקט געוואָרן פון מאָהילעוו צו די שונאים פון דער סעקטע, די מתנגדים, אין ר׳ שניאור-זלמנס שטאָט.

פושעים, חס=ושלום... ניט אַנדערש ווי מען האָט מיך געתופֿן נאָך מסכים צו זיין מיט זיי צו דעם, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן... און איבערגעוואַלד צו ענטפֿערן אָמן.

„נאָר לאָמיר אָקערשט זיך דורכשמועסן: מען וואָלט געדאַרפֿט פֿריער שיקן נאָך מיר אין דעם טאָג פֿון דער פֿאַרזאַמלונג, איידער ס'איז אַרויס דער גרימצאָרן פֿון זיי און עס זיינען געשיקט געוואָרן בריוו דורך שליחים אין אַלע אויעזדן מיט באַפֿעלן און שרעקלעכע וואָרענונגען. צו וואָס זאָל איך קומען און טענהן קעגן דעם, וואָס איז שוין געשען? פֿון מיין זייט וואָלט זיך באמת געשיקט, איך זאָל גאָרניט ענטפֿערן, אָבער איך האָב געטראַכט: עס איז געקומען דער טאָג, עס איז ביי אייך אַ צייט פֿון פֿאַרזאַמלונג, בכדי גאָר דער קהל זאָל הערן מיינע רייד און זאָל וויסן, אַז דער אייבערשטער איז מיט אונז, און דאָס וואָס אונזערע בייזגינער ווילן וועט ניט זיין און איז קיינמאָל ניט געווען.

„איך בין ניט קיין רעדנער, מיט אַ ברייטן מויל און אַ גרויסריידערישער צונג, נאָר בקיצור (וועל איך זאָגן)... איך קום בעטן פֿאַר זיך און פֿאַר מיין פֿאָלק, וואָרעם לעבעדיקערהייט זיינען מיר פֿאַרקויפֿט געוואָרן (לויט דער מליצה אין מגילת אסתר ז' 4), און ניט פֿאַר געלט וועלן מיר ווערן אויסגעלייזט, נאָר מיט באַרעמהאַרציקייט און געבעט, וואָס מיר טוען פֿירברענגען פֿאַר אייער הייליקייט, איר זאָלט קיינעם פֿון אונז ניט פֿאַרשטויסן (און ניט) דערווייטערן אונז פֿון יידישן גבול מיט פֿאַרשיידענע אַרויסשטויסונגען, ווי דאָס איז אַרויסגעקומען פֿון טייל חכמים אין ש ק ל אָ ו, וואָס האָבן געמאַכט דעם פֿעלער צו משפּטן דיני=נפשות אַ סך מענטשן, זיי אָפּצושיידן פֿון דער יידישער עדה, און זיי אָנצורופֿן אָפּשפּעטער פֿון די רייד פֿון אונזערע חכמים זכרונם לברכה. און דאָס איז אַ שקר, אַן אָפֿענער און באַוואוסטער אַלעמען, וואָס ווייסן און קענען אונז, וואָרעם מיר זיינען מאַמינים בני מאַמינים, און מיר האָבן אַלע איין תורה און איין געזעץ.... איצט איז באַוואוסט אַלע קענער פֿון דער הלכה (נודע בשערים, שערי=ציון המצוינים בהלכה), אַז אין דיני=נפשות פּסקענען מיר ניט לויט אַ השערה (בתר אומדנא), נייערט נאָר לויט עדות, וואָס האָבן אַליין געזען. און די תורה שוינט יידיש געלט... און מען נעמט גאָר קיין עדות=זאָגן ניט אָן, ווען דער בעל=דין איז

ניט דערביי... און ווי האָט מען דאָס ניט געשווינט און ניט רחמנות געהאַט, (ניט צו) לאָזן לעבן אַזוי פיל מענטשן? מען האָט צעריסן זייערע נשמות, פאַרביטערט זיי דאָס לעבן און אָפּגעפּסקנט זיי אונטער די אויגן, ניט אויסצוהערן פון זיי קיין טענות און פאַרענטפער. נאָר ערשט, אַז מען האָט אָפּגעטאָן, גייט מען זיך מיישב זיין (כתר דעבדין מתמלכין) און מען שיקט נאָך מיר, איך זאָל אויסשטרעקן מיין האַנט צו זיי בנוגע דעם, וואָס זיי האָבן שוין אָפּגעטאָן! די עלטסטע פון דער עדה האָבן זיך פאַרלאָזן אינגאַנצן אויף גביות=עדות ניט אין די אויגן פון בעל=דין... און אַפּשיטא שווין אין אונזער פאַל, וואָס איז דיני=נפשות און שפיכות דמים, אין צוויי טייטשן (בלוט און געלט), וואָס אונזער בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן ווי וואַסער לויט עדות, וואָס זיינען באַשאַפן געוואָרן נאָר צו זאָגן ליגן. ווער האָט אַזוינס געהערט, און ווער האָט אַזוינס געזען!...

„און אַפילו אויב עס וואָלט אויסגעוויזן, אַז דער דור איז פאַרשייט, קאָנען מיר און אונזערע אַנשי שלומנו ניט באַשולדיקט ווערן אין דער זינד פון דור... וויבאַלד אַז אויך מיר האָבן כשרע און באַגלויבטע עדות אין די הונדערטער און טויזנטער, וואָס האָבן געזען מיט זייערע אייגענע אויגן, אַז מיר זיינען ריין פון דער דאָזיקער זינד, אַז מיר האַלטן די תורה שבכתב און די תורה שבעל=פה מיט אונזער גאַנצן גוף און מיט אַלע קרעפטן מער פון די איבעריקע יידן, וואָס זיינען כשר און באַגלויבט אין די אויגן פון די דערמאָנטע חכמים...

„די ערד קאָן ניט אויסטראָגן דעם גרויסן חילול השם און דעם בזיון פון דער תורה אין די אויגן פון דער פאָלקס=מאַסע!... עס איז אָפן פאַרן גאַנצן פאָלק אַרום אונז, אַז אַפילו ווען מען רעדט אויף אונז שלעכטס, איז דאָס נאָר מחמת קנאה, וואָס איינער האָט אויפן אַנדערן, וואָס האָט אָנגערירט זיין כבוד, און ריידן טוט מען, ניט מחמת מען ווייס, נאָר מען פאַררופט זיך אויף דעם, וואָס אַנדערע ווייסן, וואָס מען רופט זיי די עלטסטע פון דער עדה. און די עלטסטע, ווערדליך מען הערט, פאַררופן זיך אויף אַ גרויסן מענטשן (תולין באילן גדול) דעם גאון דעם חסיד מהור"ה אליהו פון ווילנע. ווי עס איז באַוואוסט, איז ער איינער אין זיין דור, אָבער דער איינער קאָן ניט איבערוועגן די פיל, וואָס זיינען מיט אונז, מיינע

חברים, די תלמידים פון הייליקן רבין המ"מ (מגיד מישרים) מהור"ר דוב בער נ"ע (נשמתו עדן) פון מעזריטש...

„און אויף די חכמים פון דער דערמאָנטער קהילה[1] טוען מיר זיך באַזונדערס וואונדערן, ווי אַזוי האָבן זיי דאָס געהאַט אַ האַרץ צו פסלען די עדות פון טויזנטער און צענער טויזנטער פון אונזערע מקומות, וואָס ווערן ניט גערופן מיטן נאָמען „חסידים", און האָבן ניט געשיקט נאָך זיי חוקר־ודורש צו זיין און אויסהערן זייער עדות־זאָגן פאַר אַ בית־דין. אַלע מענטשן וואָלטן עדות געזאָגט וועגן אונזער ערלעכקייט, און ערשט דערנאָך וואָלטן זיי (דער בית־דין) באַדאַרפט אָפּוועגן איטלעכן עדות פאַר אונז אַנטקעגן איטלעכן עדות קעגן. נאָר זיי (די דיינים) האָבן באַלד לכתחילה אָנגעהויבן פון באַשולדיקונג, און זיי ווילן גאָרניט אונז געבן גערעכט אין משפט... אַפילו אויב עס איז צווישן אונז פאַראַן איינער, וואָס האָט געזינדיקט, וועט ער, דער רשע, פאַר זיין זינד שטאַרבן, און מיר האָבן אונזער נשמה געראַטעוועט. און ווער איז דאָס, וואָס וועט זיך איינשטעלן אָפּצולערנען (אַרויסצודרינגען) פון דעם, וואָס איז אַרויס פון כלל אויף דעם גאַנצן כלל?....

„און דאָס, וואָס זיי חידושן זיך אויף אונז הן בנוגע די ספרים, וואָס זיינען ניט לאַנג געוואָרן געדרוקט[2] און הן בנוגע אַנדערע זאַכן דאָ איז צו ווינציק אָרט (צו שרייבן וועגן דעם), און ווי קאָן איך ברענגען אין בריוו דעם גאַנצן האַרבן ענין מיט אַ תשובה דערויף? נאָר מיר קאָנען פאָרלייגן אַזאַ פלאַן: זאָלן זיך אַוועקזעצן יידן (ישבו פה אחי) און זאָלן משפטן צווישן אונז ביידן אין אונזער גובערניע אָדער אין אייער גובערניע אָדער ערגעץ אינמיטן צווישן די צוויי גובערניעס[3], פאַר די חשובסטע מענטשן פון

---

1 ווי עס ווייזט אויס, איז דאָ אַן אָנצוהערעניש אויף דער שקלאָווער קהילה, וואָס האָט פאַרמשפּט די חסידים, ווי עס שטייט געזאָגט אין אָנהייב בריוו.

2 דאָ איז, ווייזט אויס, אַן אָנצוהערעניש אויף „תולדות יעקב יוסף", „בן פורת יוסף" און „צפנת פענח", וואָס דער ערשטער פון זיי האָט געבראַכט צום חרם פון 1781. „ספרים" אין מערצאָל, און ניט „ספר" אין איינצאָל (קעגן דער השערה מכוח דעם שפּעטערדיקן ספר „תניא").

3 אין דעם נוסח פון „בית רבי" שטייט טאַקע „גובערניע" אָנשטאָט „פלך". „אונזער גובערניע" מיינט מען פּאָלאָצק (אָדער וויטעבסק), וואו עס איז אין יענער צייט געזעסן ר' שניאור זלמן און זיינע מקורבים, און „אייער גובערניע" איז דאָס מאָהילעוו, וואָס צו איר האָט געהערט אויך שקלאָוו.

לאַנד, וואָס קאָנען די תורה, און פֿאַר זיי וועל איך ענטפֿערן אַלץ, וואָס מען וועט ביי מיר פֿרעגן... און אויך אַלץ, וואָס איז קשה אין די אויגן פֿון די דערמאָנטע חכמים וועגן דעם, וואָס עס געפֿינט זיך געשריבן אין די דערמאָנטע ספֿרים, וועל איך דאָס גוט אַיינטייטשן פֿאַר די עלטסטע פֿון לאַנד... און זיי וועלן דייטלעך דערזען, אַז מיר האָבן ניט קיין נייע תורה... אויף אייך ליגט דער חוב צו באַשטימען די צייט און דעם אָרט פֿאַר די געהיימע מענטשן, גערופֿענע צו דער פֿאַרזאַמלונג, וואָס וועלן פֿאָרגעשלאָגן ווערן דורך אונז ביידן, און זאָלן זיי אָנגערופֿן ווערן מיט זייערע נעמען צו קומען צום באַשטימטן טאָג...

„נאָר איצט, איר געבענטשטע פֿון גאָט, ביז וואַנען אונזער גערעכטיקייט וועט אויפֿשטיין צו דער ליכטיקער שיין, זאָל פֿון אייך אַרויסגיין אַ באַפֿעל (דבר מלכות) געשריבן און צעשיקט אין אַלע אויעזדן, אַז מען זאָל מקרב זיין די דערווייטערטע לויט די באַשלוסן, וואָס זיינען אַרויסגעגאַנגען פֿון די איבנדערמאָנטע חכמים, און וואָס אויף זיי האָבן געקוקט און נאָכגעטאָן דער המון-עם, זיך באַגאַנגען מיט אונז שלעכט און געמאַכט אונז פֿאַר נידערטרעכטיקע יונגען און פֿולקומענע אַפּיקורסים, אַז ווער עס פֿעדערט זיך זיי צו הרגענען פֿאַרדינט אַליין אַ מצווה און ברענגט אַנדערע צו אַ מצווה. אויב ניט די מורא פֿאַר מלכות, וואָלט איינער דעם אַנדערן לעבעדיקערהייט איינגעשלונגען (פּרקי אָבות)... איז דאָך פֿאַרבאָרגענערהייט (בהצנע לכת) שוין אָפּגעטאָן געוואָרן אַ זאַך, וואָס מען טאָר ניט, און מען האָט זיך געמאַכט אַ היתר (הותרה הרצועה) צו דערגיין זיי (די חסידים) די יאָרן און אָפּשניידן זייערע פּרנסות, ווי וויט דאָס איז מעגלעך, חוץ דעם, וואָס מען האָט אונז פֿאַרשעמט עפֿנטלעך און פֿאַרגאָסן אונזער בלוט...

„ערד, ערד, זאָלסט אונזער בלוט ניט פֿאַרדעקן, און זאָל זיין אַן אָרט פֿאַר אונזער געשריי, ביז דער אייבערשטער וועט אַראָפּקוקן פֿון הימל און וועט אונז געבן צו לייטזעליקייט פֿאַר אונזערע ברידער יידן, רחמנים בני רחמנים, צו דערוועקן זייער רחמנות אויף אונז און אויף אונזערע עפֿהלעך קינדער און צו לאָזן פֿון אונז אַ נאָמען און אַ רעשט אויף דער ערד... און דער, וואָס דער שלום איז זיינער, זאָל אַריינטאָן אין זייער האַרץ שלום און ברודערשאַפֿט און פֿריינטשאַפֿט מיט אונז... אויב אַפֿילו מען האָט ביי

איינציקע (פון די סעקטאַנטן) עפּעס אַרויסגעצויגן פון מ׳יל און זיי האָבן אויסגעזאָגט זאַכן, וואָס זיינען ניט לייטיש, איז דער אייבערשטער אַן עדות, אַז זיי האָבן ניט גערעדט מיטן באַוואוסטזיין... און אַ מענטשן טאָר ניט ווערן אויפגעוואָרפן, וואָס ער טוט פון ווייטאָג (אין אָדם נתפס על צערו)... און אויך גאָט דער גוטער זאָל פאַר אונז מכפר זיין און זאָל אונז געבן צו לייטזעליקייט פאַר אונזערע פאַנגערס... און זאָל צואַיילן און פאַרגיכערן אונז אויסצולייזן בקרוב"...

פון דעם דאָזיקן בריוו איז קלאָר צו זען, ווי גרויס דעמאָלט איז געווען די סכנה פאַר די גרופּעס חסידים אין רייסן. ר׳ שניאור־זלמן באַקלאָגט זיך אויפן האַרבן פּסק־דין, וואָס עס האָבן אַרויסגעטראָגן די ראשי־קהל אין שקלאָוו און מאָהילעוו אויף זיינע פריינד, אויף דער אַכזריות פון המון, וואָס רודפט די סעקטאַנטן, נעמט ביי זיי צו די פּרנסה און באַליידיקט זיי גראָב, זיי און זייערע אָנפירער. ער רופט זיינע שונאים צו אַ משפּט פאַר בוררים, וואָס זאָלן צווישן זיי אויסגלייכן, און ער בעט זיך, אַז דערווייל, ביז עס וועט קלאָר ווערן, אַז די גערודפטע זיינען אומשולדיק, זאָלן זייערע שונאים אויפהערן זיי צו רודפן. ער איז זיכער, אַז אים וועט געראָטן צו באַווייזן, אַז די חסידות קומט ניט אַראָפּצונעמען עפּעס פון דער רעליגיע, נאָר מוסיף צו זיין. אַ מאַן ווי רבי שניאור־זלמן, וואָס איז געווען גרויס אין תורה, ווי איינער פון די גרעסטע רבנים, און ווייט פון צדיקיזם פון די בעלי־מופת, האָט דאָס געקאָנט זאָגן מיטן אויפריכטיקן האַרצן און אָפּוואַרפן מיט פאַראַכטונג דעם בילבול פון „אַפּיקורסות", וואָס די מתנגדים האָבן אויסגעקלערט.

וואָס האָט געטאָן די מאָהילעווער אַסיפה, נאָכדעם ווי עס איז אָנגעקומען דער פאַרענטפער־בריוו פון באַשולדיקטן? מיר האָבן ניט קיין שום ידיעה, אַז זיין פאָרשלאָג: צו באַטראַכטן דעם ענין אין אַ בוררים־געריכט, זאָל זיין פאַרווירקלעכט געוואָרן. נאָר עס ווייזט אויס, אַז די האַרציקע רייד פון דעם חסידישן פירער האָבן יאָ אָנגערירט די פּרנסים און רבנים און האָבן אויף זיי געווירקט, זיי זאָלן אויף דערווייל אָפּשטעלן די רדיפות, אָדער לכל־הפּחות מבטל זיין די האַרבסטע גזירות. אָבער עס האָט קיין סך צייט ניט געדויערט, און די רדיפות אין שקלאָוו האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן (זע ווייטער § 33). די דאָזיקע פאַרשלעפּטע מחלוקת האָט

איבערגעלאָזט אירע שפּורן אין ביידע קעמפנדיקע לאַגערן. די באַציִונגען צווישן חסידים און מתנגדים זיינען קאַליע געוואָרן אויף דורות־לאַנג.

---

## § 26. די רדיפות אין גאַליציע.

דער ספר „תולדות יעקב יוסף" ווערט פאַרברענט אין בראָד. — דער פּראָטעסט אויף יענער וועלט. — דער ספר ווערט פאַרברענט אין פּראָג; ר' יחזקאל לאנדא קעגן די „פושעים". — אַ כלומרשטער וויכוח צווישן פּראָגער רב און דעם צדיק יעקב שמשון שעפּעטיווקער. — דער חרם אין דער קהילה קראָקע און אין אירע קרייז־שטעט (תשרי תקמ"ו, סעפּטעמבער 1785). — די חסידות נעמט איין מזרח־גאַליציע.

די רדיפות פון יאָר 1781, וואָס האָבן געשטעלט אין סכּנה דעם וואוקס פון דער סעקטע אין ליטע און רייסן, האָבן ניט געקאָנט פאַרהאַלטן איר אויסשפּרייט אין אוקראַינע און גאַליציע, וואו די צאָל חסידים איז שוין געווען גרויס. נאָר אין די גרויסע גאַליציאַנער קהילות, אין בראָד, לעמבערג און קראָקע, וואָס האָבן זיך געגרייסט מיט זייער לאַנגער קיום באַרימטע רבנים פון אַ סך דורות, האָט מען געמאַכט פּרווון צו פאַרשטעלן דעם וועג דער חסידישער באַוועגונג, אָבער עס איז ניט געראָטן. די בראָדער קהילה, וואָס האָט זיך אָפּגערופן אויפן ווילנער קול־קורא אין יאָר 1772, האָט דאָס נעמלעכע געטאָן אויך אין יאָר 1781, אַז עס איז אָנגעקומען דער „קול ספר" — דער כרוז פון ווילנע מכּוח דער סכּנה פאַר דער יידישער רעליגיע, וואָס שטעקט אין דעם ספר „תולדות" פון יעקב־יוסף פּולנאָהער. לויטן באַפעל פון בית־דין און פון קהל איז דער דאָזיקער ספר — דער חסידישער חומש — פאַרברענט געוואָרן אינמיטן גאַס, פאַרן שטוב פון דעם מגיד ר' מיכל זלאָטשעווער, דעם מחברס חבר[1]. אַ חסידישע לעגענדע דערציילט, אַז די פאַרברענונג פון די „הייליקע ספרים" האָט אויפגעהויבן אַ גרויסן טומל אין דער „פמליא־של־מעלה": ר' מיכל האָט די הימלען געשפּאָלטן מיט זיין תפילה און מיט זיין פּראָטעסט קעגן דעם חילול

---

1 וועגן דעם זאָגט עדות ר' יוסף פּערל, וואָס האָט אין יענער צייט געוואוינט אין בראָד, אין אַ הערה צו זיין הקדמה צום ספר „מגלה טמירין" (הערה ד').

הקודש. ר׳ יעקב־יוסף איז אַרויף אין „אייבערשטן היכל״ און האָט געשריען מיט „געוויין און מיט גרויסע טענות דערויף, וואָס מען וויל פאַרברענען זיינע ספרים״; און אויך דער בעש״ט אַליין איז אויפגעריררט געוואָרן פון זיין רו, דערהערט דעם רעש, און איז אַריין אין היכל צו מאָנען אַ גערעכטן דין פון פאָטער אין הימל[1]. נאָר דער דאָזיקער פּראָטעסט האָט, משמעות, ניט געהאָלפן, און אַז אין יאָר תקמ״ד זיינען אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער זאַמלונג „כתר שם טוב״ ליקוטים פון דעם בעש״טס רייד, וואָס געפינען זיך אין ר׳ יעקב־יוספס ספרים, האָבן בראָדער יידן צעשניטן דעם ספר אויף שטיקלעך, איינגעטונקט זיי אין שוועבל און געמאַכט דערפון „שוועבילך״[2].

די פאַרברענונג פון דעם ספר „תולדות יעקב־יוסף״ האָט געבראַכט צו אַ וויכוח, וואָס האָט פּאַסירט מער אויפן פּאַפּיר איידער אין דערווירקלעכקייט[3]. איינער פון די פאַנאַטיקער פון

1 „שבחי הבעש״ט״, צום סוף פון ספר. די לעגענדע האָט חידושדיקע פּרטים: ר׳ מיכלס קראַנקער זון האָט געחלשט און איז געלעגן אין צושטאַנד וואָס מען רופט „הינערפלעגט״, און ער האָט דאָס אַלץ געזען אין אייבערשטן היכל.

2 מגלה טמירין, הקדמה, דף ג׳, עמוד ב (לבוב תרכ״ד).

3 „ויכוח (מעשה) שהיה בין הרב הצדיק משיפיטובקה ובין הגאון ר׳ יחזקאל לנדא בעל המחבר נודע ביהודה״ — אין כתב יד און אין נייע דרוקן (זע ווייטער, הוספה I: קריטיק פון די מקורים, נומער 15). דער דאָזיקער וויכוח איז, לויט מיין מיינונג, קיין מאָל ניט געווען אין דער אמתן, עס איז נאָר אַ שיינע מעשה, וואָס עס האָט פאַרפאַסט איינער אַ חסיד וואָס איז געווען קלאָר אין תלמוד און פוסקים, און ער האָט געוואָלט באַווייזן די ריכטיקייט פון חסידות אויפן שטייגער פון רבנישן פילפול. עס איז שווער אפילו לערך צו באַשטימען די צייט, ווען דער „ויכוח״ איז אָנגעשריבן געוואָרן (די אָפּשריפט וואָס געפינט זיך ביי מיר איז אַ נייע, אָן ערך פון יאָר 1878). אין „סדר הדורות החדש״ איז דער וויכוח ניט דערמאָנט, נאָר עס שטייט דאָרט, אַז ר׳ יעקב שמשון „פלעגט פאָרן פארקויפן דעם הייליקן ספר תולדות יעקב יוסף אין פּראָג ביים גאון דעם בעל שו״ת נודע ביהודה, וואָס איז געווען נשתומם איבער זיין גרויסער חריפות און בקיאות״ (ז׳ 40). דער מחבר פון „שם הגדולים החדש״ (ערשטער טייל 31) דערציילט, אַז אין זיינע לעצטע יאָרן האָט דער שעפּעטיווקער צדיק זיך באַזעצט אין ארץ ישראל און דערמאָנט גאָר ניט וועגן זיין באַגעגעניש מיטן פּראָגער רב. דער וויכוח איז פאַרשפּרייט אין פאַרשיידענע נוסחאות אין כתב יד, און די אָפּשריפט וואָס געפינט זיך ביי מיר אונטערשיידט זיך שטאַרק פון דעם טעקסט, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין אַ שפּעטערער צייט. בכלל באַדאַרף מען דעם דאָזיקן קליינעם קונטרס אַריינשטעלן צווישן דער חסידישער אַפּאָקריפישער ליטעראַטור.

דבנות, דער גרויסער רב ר׳ י ח ז ק א ל ל אַ נ ד א פון פּראָג, וואָס איז פריער געווען אַ רב אין בראָדי און אין יאַמפּאָלי אין פּאָדאָליע, האָט געקעמפט גלייכצייטיק סיי קעגן דער בערלינער שיטה פון משה מענדלסאָן און סיי קעגן דער תורה פון בעש״ט און זיינע תלמידים. אין זיין באַרימטן ספר „נודע ביהודה״ (שאלות ותשובות אין דינים פון „שולחן ערוך״, פּראָג, תקל״ו) האָט ער אַריינגעשטעלט צום סוף פון איין תשובה (סימן צ״ג) מכוח די ברכות פון דאַווענען אַ פסוק פון הושע הנביא (י״ד 10), נאָר ער האָט אין אים איבערגעשטעלט איין וואָרט: „כי ישרים דרכי ה׳, צדיקים ילכו בם ו ח ס י ד י ם יכשלו בם״ (דאָס איז טייטש: גאָטס וועגן זיי- נען גלייכע, צדיקים גייען אין זיי, און חסידים ווערן געשטרויכלט אין זיי; אין טעקסט פון פסוק שטייט „פושעים״ — זינדיקע ווערן געשטרויכלט). ר׳ יחזקאל האָט דאָ געגעבן אַ שאַרפן שטאָך די חסידים, וואָס ער האָט זיי צוגעגליכן צו פושעי ישראל. אַז צום פּראָגער רב איז אָנגעקומען דער ספר „תולדות יעקב-יוסף״, איז ער שטאַרק אין כעס געוואָרן און האָט אים פאַרמשפט צו פאַר- ברענען; מען דערציילט, אַז פאַר כעס האָט ער אַראָפּגעוואָרפן דעם ספר אויף דער ערד און גענומען טרעטן אים מיט די פיס. דאָס — דערציילט ווייטער די חסידישע לעגענדע — האָט פאַרשאַפט גרויס צער דעם מחבר פון דעם ספר, דעם פּולנאָהער צדיק, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען „אויף דער אמתער וועלט״, און ער איז געקו- מען צו חלום זיין תלמיד ר׳ י ע ק ב ש מ ש ו ן ש ע פּ ע ט י ו ו ק ע ר און האָט אויף אים גוזר געווען, ער זאָל פאָרן קיין פּראָג, כדי מנצח צו זיין אין אַ וויכוח דעם שונא פון חסידות. דער שעפּעטיווקער צדיק איז געווען מפורסם פאַר אַ גרויסן למדן, און דערצו איז ער געווען איינער פון דעם מעזריטשער מגידס בעסטע תלמידים. אַז דער ספר „תולדות״ איז אָפּגעדרוקט געוואָרן, פלעגט ער אַרומ- פאָרן איבער די אוקראַינישע שטעט און פאַרקויפן אים, און אפשר דערפאַר האָט ער געהאַלטן פאַר נייטיק צו באַווייזן דעם פּראָגער רב, אַז ער פאַרנעמט זיך ניט חלילה מיט פאַרשפּרייטן אפיקורסות.

אַז ר׳ יעקב-שמשון איז געקומען קיין פּראָג, האָט ער אָנ- געטאָן צעריסענע קליידער, ווי אַן אָרעמאַן, וואָס גייט אַרום איבער די הייזער, און איז אַריין אין שטוב פון ר׳ יחזקאל לאַנדא. דער רב, וואָס איז געווען אַריינגעטאָן אין לערנען, האָט ניט באַמערקט דעם

פֿרעמדן אָרעמאַן, וואָס איז געשטאַנען אַ שטיק צייט בײַ דער טיר, און האָט אויף אים אַ קוק געטאָן נאָר דעמאָלט, בעת ער האָט דערהערט דעם אורחס קול: „פֿאַרוואָס גיט דער רב ניט אָפּ כּבֿוד דעם, וואָס שטייט לעבן מיר?" דער רב איז געוואָרן אויפֿגעציטערט און געפֿרעגט: „ווער שטייט דאָס לעבן דיר?" האָט אים דער אָרעמאַן געענטפֿערט: „עס איז אַ בפֿירושער פּסוק אין תהילים: „כּי יעמוד לימין אביון" (גאָט שטייט בײַ דער רעכטער האַנט פֿון אָרעמאַן, ק"ט 31). דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן אַ לאַנגער שמועס צווישן רב און דעם אָרעמאַן, וואָס האָט צוערשט ניט אויסגעזאָגט, ווער ער איז, און האָט נאָר מודה געווען, אַז ער געהער צו די חסידים. אין דעם שמועס האָט זיך דער אורח געמיט קלאָר צו מאַכן דעם מהות פֿון חסידות אויפֿן דרך פֿון רבנישן פּילפּול מיט אַ סך מאַמרים פֿון תלמוד און פּוסקים, און האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ חריפֿות און בקיאות, אַז דער רב איז נשתומם געוואָרן. אַז דער שמועס האָט זיך געענדיקט, האָט דער אורח אויסגעזאָגט זײַן נאָמען און האָט געזאָגט צום רב: „איך בין דער קלענסטער צווישן די קלענסטע תלמידים פֿון דעם פּולנאָהער צדיק, דעם מחבר פֿון ספֿר „תולדות יעקב-יוסף", און וועדליק איך בין, קאָן דער רב פֿאַרשטיין די גרויסקייט פֿון דער חריפֿות און בקיאות פֿון אונזער הייליקן רבין. און מיר האָבן געהערט, אַז דער פּראָגער רב האָט בדעה צו פֿאַרמשפּטן זײַן ספֿר אויף פֿאַרברענען". דעמאָלט — ענדיקט די לעגענדע — האָט ר' יחזקאל גענומען דעם ספֿר „תולדות", אים אַ קוש געטאָן און צוגעזאָגט, אַז ער אַליין וועט אַרומפֿאָרן איבער דער גאַנצער סביבה פֿון פּראָגער קרייז און וועט זען צו פֿאַרריכטן דאָס קאַליע געמאַכטע. אין דער דאָזיקער לעגענדע איז פֿאַראַן אַ שטיקל שטאָך דער רבנות, וואָס זי קאָן תּופֿס זײַן אַ רעליגיעזן ענין נאָר דורך שאַרפֿע און געדרייטע פּילפּולים און גיט אָפּ כּבֿוד נאָר די, וואָס פֿאַרנעמען זיך מיט לערנען די תורה צוליב לערנען, און ניט צוליב דערהויבן די נשמה.

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז דער פֿאַנאַטישער פּראָגער רב האָט ניט איבערגעביטן זײַן מיינונג וועגן חסידות, און אויך די רבנים פֿון די גאַליציאַנער גרויסע קהילות האָבן ניט אויפֿגעהערט חושד צו זײַן די חסידים אין אַפּיקורסות. אינאָנהייב פֿון יאָר תקמ"ו (סעפּטעמבער 1785) זײַנען די רבנים און פּרנסים פֿון דער קראָקער קהילה, וואָס

פאַרצייטן האָט דאָרט געוואוינט איינער פון די שאַפערס פון דעם „שולחן ערוך“, דער רמ״א, געקומען צו דער דעה אויסצורופן אַ חרם אויפן נייעם „שולחן ערוך“ פון דעם בעש״טס תלמידים. אין דעם צענטער פון מערב=גאַליציע און איר פּראָווינץ האָט די חסידות נאָך ניט געהאַט זיך אַזוי פיל פאַרשפּרייט, ווי אין מזרח=גאַליציע, און דערפאַר האָבן די רבנים און פרנסים געגלויבט, אַז זיי זיינען בכוח אָפּצושטעלן דעם רעליגיעזן „בונט“ דורך גזירות, וואָס פאַרזאָגן, ניט צו דאַוונען אין באַזונדערע „מנינים“, ניט צו פאַרענדערן דעם נוסח און די מנהגים פון דאַוונען וכדומה אַזעלכע זאַכן. דאָנערשטאָג, כ״ה תשרי פון יאָר תקמ״ו (סעפּטעמבער 1785) האָבן די ראשי=קהל, אונטערן אָנפיר פון קראָקעווער קרייז=רב ר׳ יצחק הלוי, באַשלאָסן אויסצורופן וועגן דער סכנה, וואָס עס שטייט פאַר דער טראַדיציאָנעלער יידישקייט מצד „די וואָס בויען במות פאַר זיך“. און שבת בראשית איז אויסגערופן געוואָרן אין די שולן פון קראָקע און פון אַלע קהילות אין קרייז אַזאַ „חרם“:[1]

„הערט צו כל הקהל הקודש. דאָ לאָזן כבוד רוזני נגידי מנהיגי קהילתנו בצירוף הרבנים המופלגים בית=דין צדק ואדמו״ר הרב הגאון אַב״ד דקהילתנו מכריז ומודיע זיין: בהיות עס איז גלוי וידוע לכל באי עולם, אַז קהילתנו המפוארה איז מעולם [פון שטענדיק אָן] גיוועזן כלילת יופי משוש כל הארץ, ומעולם אַנשי השם בתוכה, גאונים מפורסמים, אשר מהם יצאה תורה והוראה לכל באי עולם, ובתוכם אַנשי מידות [אויסגעצייכנט מיט שיינקייט, אַ פרייד פאַר גאָר דער וועלט, און פון שטענדיק אָן זיינען אין איר מענטשן מיט גרויסע נעמען, באַרימטע גאונים, וואָס פון זיי איז אַרויס=

1 „שבר פושעים“, סימן י״א און י״ב; זמרת עם הארץ סימן כ״א און כ״ב. אויפן באשלוס-כתב האָבן זיך געחתמעט, חוץ דעם קרייז-רב און זיבן מענטשן פון די ראשי-הקהל, נאָך א הונדערט מיט פופציק באַלעבאַטים פון דער קהילה. מיר דרוקן דאָ איבער נאָר דעם חרם-כרוז, ווייל אין אים זיינען איבערגעחזרט די זעלביקע זאכן וואָס אין באשלוס-כתב אין אַ שפּראַך, וואָס איז פאַרשטענדלעך פאר דער מאַסע. — דער דאָקומענט איז אויך אָפּגעדרוקט לויט אַן אָפּשריפט פון קראָקעווער פינקס אין דעם זאמלבוך „אוצר הספרות“ פון ש. גרעבער, ב. IV, ז״ז 638 א״ו (קראָקע תרנ״ב). — די שווערערע העברעישע אויסדרוקן זיינען דאָ איבערזעצט אין קאַנטיקע קלאַמערן [.....].

געגאַנגען תורה און לערנונג פאַר גאָר דער וועלט, און צווישן זיי מענטשן פון גוטע מידות], וואָס האָבּן מתנהג בחסידות געווען. ולא שמענו מעולם, אַז עס זאָל ווער האָבּן משנה געווען מן נוסח התפילה שיסדו לנו קדמונינו עפ"י מנהגו של מאיר עינינו הגאון אמיתי רמ"א ז"ל, וואָס איז נתפשט הוראתו [פאַרשפּרייט געוואָרן זיין לערנונג] געוואָרין בכל העולם, און מען האָט מקבל געווען פסקי דיניו כאילו ניתנו מסיני [אַזוי ווי זיי וואָלטן געגעבן געוואָרן פון סיני]. וגם לא נשמע מעולם, אַז עס זאָל ווער האָבּן גימאַכט תנועות שונות ומשונות בתוך התפילה לבלבל דעת העם השומעים. וכהיום חדשים מקרוב באו, צעירים לימים ורכים בשנים, אשר לא ראו אור החכמה מימיהם [פאַרשיידענע משונהדיקע תנועות אין מיטן דאַוונען צו שטערן דעם עולם, וואָס הערן. און איצט זיינען געקומען נייע, יונגע אין יאָרן, וואָס האָבּן קיינמאָל די שיין פון חכמה ניט געזען] און זייא זיינען פון זיך פורק עול תורה, זיינען זיך בונה במה לעצמם לשנות ממטבע שטבעו חכמים ז"ל להכות כף אל כף ושארי דברים משונים אשר לא ראינו מימינו ואבותינו ספרו לנו. וכדי שלא תקשה המספחת, [משנה צו זיין פון דעם, וואָס די חכמים זכרונם לברכה האָבּן אַיינגעשטעלט, צו פּאַטשן אין די הענט ביים דאַוונען און נאָך משונהדיקע זאַכן, וואָס ניט מיר האָבּן דאָס געזען און ניט אונזערע טאַטעס האָבּן אונז דערציילט. און כדי די קרעץ זאָל זיך ניט אויסשפּרייטן], איז מען גוזר... בחרם יב"ן (יהושע בן נון), אַז מהיום והלאה [פון היינט און ווייטער] זאָל זיך ניט דערוועגין שום אחד מאַנשי קהילתנו צו מאַכין מנין בכדי לשנות נוסח התפילה אודער צו מאַכין תנועות שונות. וכמו כן איז החרם חל, אַז קיין שום בעה"ב מאַנשי קהילתנו זאָל זיך ניט הערוועגין צו לאָזין מאַכין בתוך ביתו מנין לבני קהילתנו בכדי לשנות איזה דבר מסידור התפילה שלנו, און לעשות איזה הויות (העוויות) שונות. ולשומעים יונעם ותבוא עליהם ברכת טוב". [און די, וואָס הערן זאָל זיין וואויל, און עס זאָל קומען אויף זיי אַ ברכה פון גוטס].

מיט גזירות פון דעם מין האָט מען געקאָנט פאַרהאַלטן אויף אַ ווייל די „קרעץ", די מגפה פון חסידות אין אַזעלכע גרויסע שטעט ווי קראָקע און בכלל אין די קהילות פון מערב-גאַליציע. אָבער אין לעמבערגער און בראָדער קרייז, אין מזרח-גאַליציע,

זיינען שוין דער גרעסטער רוב קהילות געווען איינגענומען פון די חסידים — און עס האָבן ניט געהאָלפן קיין שום השבעות, חרמות און קללות קעגן דעם רייסנדיקן שטראָם. מזרח־גאַליציע איז גע־בליבן פאַרבונדן מיט די שכנישע פּראָווינצן, וואָלין און פּאָדאָליע, אַפילו נאָכדעם, ווי זי איז אָפּגעריסן געוואָרן פון פּוילן און פאַר־אייניקט מיט עסטרייך. אין אַלע דריי פּראָווינצן האָט געהערשט אין דער חסידות דער „אוקראַינישער שטייגער". דאָ האָבן באַרימטע „צדיקים", דעם מעזריטשער מגידס תלמידים, „געפירט אַ הויף" אין פאַרשיידענע צענטערס. צענדליקער טויזנטער מאַמינים האָבן גע־שטראָמט צו אָט די נייע פירערס און לערערס, וואָס האָבן געצויגן צו זיך די הערצער פון די מאַסן־מענטשן דורך דעם האַרצנס־גלויבן, דורך יענעם גלויבן, וואָס ווערט ניט געשטיצט דורכן שכל, נאָר וואָס גייט קעגן דעם שכל און צעברעכט אַלע זיינע צאַמען... די חסידות האָלט אָפּ איין ניצחון נאָכן אַנדערן אין מזרח־אייראָפּע, בעת אין מערב איז גובר די ראַציאָנאַליסטישע רעליגיע, אין צוזאַמענ־האַנג מיט דער אויפקלערונגס־באַוועגונג פון 18טן יאָרהונדערט.

מיר גייען איצט איבער פון דער תקופה, ווען די חסידות איז אויפגעקומען און האָט דורכגעמאַכט איר ערשטן קאַמף פאַרן קיום, צו דער תקופה פון וואוקס און ניצחון, וואָס וועגן דעם וועט ווערן דערציילט אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

---

# וויכטיקסטע דרוק-פעלערן

| זייט | שורה | פון | שטייט | דארף זיין |
|---|---|---|---|---|
| 15 | 4 | אויבן | בעל-מלאכות, | בעלי-מלאכות |
| 20 | 5 | " | בעל מלאכות | בעלי-מלאכות |
| 20 | 16 | " | זיי | פון זיי |
| 29 | 7 | " | אָרגאַניזאַציעס | אָרגאַניזאַציע |
| 40 | 2 | אונטן | שפעטע | שפעטער |
| 60 | 1 | " | צווייטן | דריטן |
| 66 | 13 | אויבן | באַגייסטערט | באַגייסטערטע |
| 66 | 2 | אונטן | II | III |
| 70 | 17 | אויבן | בעל-טובות | בעלי-טובות |
| 84 | 4 | אונטן | ליקוטי | ליקוטים |
| 90 | 8 | " | דעגות | דאגות |
| 102 | 6 | אויבן | שיר | שיער |
| 106 | 15 | אונטן | צווייטן | דריטן |
| 121 | 6 | אויבן | איר | אים |
| 133 | 14 | אונטן | שיר | שיער |
| 142 | 13 | אויבן | סקנה | סכנה |
| 146 | 7 | אונטן | וועלט | וועלטן |
| 158 | 8 | אויבן | ז"ל) | ז"ל |